

פֿון רעכטס אויף לינקס: גיטל גאָטעסמאַן, לוסיע גאָטעסמאַן, יונה גאָטעסמאַן,ביילע שע.
סימע פֿרישמאַן, יאַנקל פֿרישמאַן, טויבע גאָטעסמאַן, ליפּשע, מאָטעלע און בנימין שעכטער





די מחברטע און אירע צוויי קינדער: ביילע און מרדכי שעכטער

ליבע שעכטער-ווידמאַן

# דורכגעלעבט אַ וועלט

זכרונות



ניו־יאָרק 1973

# DURKHGELEBT A VELT

## ZEKHROYNES

LIFSHE SHEKHTER - WIDMAN

דרוקרעכט 1973 מרדכי שעכטער

רעדאַקטירט :ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן און מרדכי שעכטער

שער־בלאַט און אילוסטראַציעס : ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן

אַרויסגעגעבן פֿונעם

ליפֿשע ווידמאַן־בוך־קאָמיטעט

Printed in U. S. A. by
KNIGHT PRINTING CORPORATION
382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003
96

# וועגן ליפשע שעכטער־ווידמאַן און אירע זכרונות

מיר ווארטן מיט אומגעדולד אויפֿן בוך זכרונות פֿון דער זעלטענער פֿאָלקזינגערין, דערציילערין און פֿארגעדענקערין — אַזעלכע מינים זכרונות זײַנען זייער נייטיק אונדזער פֿאָלקלאָר־ און שפּראַך־וועלט.

וואָלף יונין, „שפּראַכווינקל״, פֿאָרווערטס,
דעם 15טן יאַנואַר 1973

•

(...) זכרונות וואָס לייענען זיך מיט שפּאַנונג און מיט גרויס הנאָה. שוין איר ייִדיש פֿארכאַפּט מיט די אָריגינעלע ווערטלעך און אויסדריקן, מיט דער זעלטענער אידיאָמאַטיק פֿון יענעם קאַנט (זווי־ניעטשקע, בײַם נעסטער). ס'גלייבט זיך גאָר נישט, אַז די פֿעיִקע מחברטע פֿון אָט די זכרונות איז די זעלבע פֿעיִקע סוחרטע פֿון יענע יאָרן.

יצחק פּאַנער, לעבנס־פֿראַגן, תּל־אָבֿיבֿ, יאַנואַר 1970

•

לאָמיר נעמען ווי אַ דוגמא ליפשע שעכטער־ווידמאַן, אַ פּרעכטיקע טראַדיציאָנעלע זינגערין. לייבל כּהן און איך האָבן בײַ איר רעקאָרדירט איבער 200 לידער, און מיר רעכענען, אַז זי קען אַ היפּש ביסל מער ווי 250. פֿון זיי קערן מער ווי 100 זײַן ייִדישע פֿאָלקסלידער לכל־הדעות. דער רעשט זענען ייִדישע און ענגלישע טעאַטער־לידער, אוקראַיִנישע פֿאָלקסלידער און דײַטשע קונסטלידער פֿון קאָמפּאָזיטאָרן ווי שובערט. דאָס הייסט, אַז איר רעפּערטואַר איז זייער אַ פֿאַרשיידענער. פּאַקטיש נעמט זי אָנטייל אין עטלעכע מוזיקאַלישע טראַדיציעס אין פֿינעף שפּראַכן, פּונקט ווי זי רעדט מער ווי איין שפּראַך און איז באַקאַנט מיט מער ווי איין קולטור.

פּראָפֿ' ברײַנדל קירשנבלאַט, אויסצוג פֿונעם רע־פֿעראַט „דאָס ייִדישע פֿאָלקסליד — אַ לעבעדיקע ירושה״, געהאַלטן אויפֿן ייִוואָ־באַנקעט, ניו־יאָרק, דעם 5טן נאָוועמבער 1972.

•

גרויס איז געווען די באוווּנדערונג וואָס י.־נ. שטיינבערג האָט געהאַט פֿאַר מײַן מוטער. ער האָט אין איר געזען שיִער ניט דעם אידעאַלן טיפּ פֿון אַ פֿאָלקסמענטש, דעם טיפּ פֿון אַ געטרײַער מאַמע, דעם טיפּ פֿון דער האָרעפּאַשנער ייִדישער פֿרוי וואָס האַלט אויס די משפּחה (דער פֿאָטער מײַנער איז אומגעקומען אין סיביר און די מוטער איז געבליבן דער שפּײַזער פֿונעם הויזגעזינד אין די יאָרן פֿון חורבן). ער האָט אין איר געזען כּל־המעלות און איז אַלע מאָל גרייט געווען צו דערציילן אירע שבֿחים. צו אונדז, אירע ביידע קינדער, האָט י.־נ. שטיינבערג געהאַט אַ טענה, אַז מיר דערשאַצן ניט דאָס גרויסקייט פֿון אונדזער מאַמע.(...) עטלעכע וואָכן נאָך דער חתונה האָט י.־נ. שטיינבערג געפֿרעגט, צי כ׳ווייס וועגן וואָס ער האָט געוואָלט רעדן בײַ דער חתונה. „ליפּשע" האָט געזאָלט זײַן די טעמע פֿון זײַן דרשה.

פּראָפֿ׳ מרדכי שעכטער, „אַ בינטל זכרונות", יצחוק־נחמן שטיינבערג: דער מענטש, זײַן ווערק, זײַן אויפֿטו, ניו־יאָרק 1961, זז׳ 138־139.

# דין־וחשבון פֿון די רעדאַקטאָרן

ליפֿשיץ שעכטער־ווידמאַנס זכרונות זענען ניט נאָר אַ פּערזענלעך און קולטור־היסטאָריש אינטערעסאַנטער דאָקומענט, זיי זענען אויך אַ זעלטן ראַיעלער אָפּשפּיגל פֿונעם מיזרח־גאַליציש און צפֿון־בוקעווינער ייִדיש פֿון סוף 19טן י״ה. בײַם צוגרייטן דעם טעקסט צום דרוק האָבן מיר זיך געפֿלײַסט אויפֿצוהיטן אַ מאַקסימאַלע אויטענטישקייט. ניט נאָר האָבן מיר בדרך־כּלל געלאָזט דעם ווערטער־אוצר אומגעביטן, נאָר בכּלל די שפּראַכיקע סטרוקטור (אַ שטייגער „געוואַלדעם און קולות האָט שוין נישט געפֿעלט"). אויב דער לייענער וועט, למשל, געפֿינען **בינען, געבונען; צינען, געצונען**, ד״ה בינדן אאַז״וו, דאַרף ער געדענקען, אַז דאָס איז אַן אייגנקייט פֿונעם גאַליציש־פּאָדאָליש־רומענישן ייִדיש. אַזוי אויך צענדליגער אַנדערע גוטע ייִדישע ווערטער און פֿאָרמעס, וואָס זיי האָבן צו דער כּלל־שפּראַך אָדער לכל־הפּחות צו דער שרײַבשפּראַך קיין מזל ניט געהאַט און זענען געבליבן מחוץ איר, דיאַלעקטיזמען, כאָטש טייל פֿון זיי האָבן זוכה געווען צו אַ קאָלאָסאַלן פֿאַרשפּרייט אין דער רעדשפּראַך. זאָל דער לייענער ניט צו גרינג אָפּפּסקענען „אַ גרײַז", די זאַך איז לחלוטין ניט אַזוי פּשוט. פֿאָלקס־עטימאָלאָגישע איבערפֿורעמונגען פֿון לומדישע אויסדריקן, ווי אויך קאָנטאַמינאַציעס (קודם־כּלל) האָבן מיר אויך געלאָזט אומגעטשעפּעט. בלויז די אָרטאָגראַפֿיע האָבן מיר דערהײַנטיקט בהסכּם מיט די תּקנות פֿון אייגהייטלעכן ייִדישן אויסלייג און דעם ייִדישן אָרטאָגראַפֿישן וועגווײַזער. במילא האָבן מיר געביטן „רעכטן זיך", „הויעך", „שטײַטש", „דעמלס" אויף **ריכטן זיך, הויך, סטײַטש, דעמאָלט** (חוץ אין דיאַלאָג). געבליבן איז דאָס וואַקלעניש צווישן דער מאַמען און דער מאַמע (דאַטיוו), **אונדז האָ'מיר און מיר האָבן, פּלוצעם** און **פּלוצלינג, צווישן** און **צישן**, אד״גל, ווײַל אַט די אומאויסגעהאַלטנקייטן זענען דאָך אויך אַן אינטערעסאַנטער פֿאַקט.

אינעם גלאָסאַר צום סוף פֿונעם ביכל טײַטשן מיר אויס ווערטער און פֿאָרמעס, וואָס ניט אַלע לייענערס, בפֿרט פֿונעם ייִנגערן דור, וועלן זיי אפֿשר פֿאַרשטיין. אַן עצה־טובֿה: איידער מע נעמט זיך לייענען די זכרונות, זאָל מען זיך קודם באַקענען מיטן גלאָסאַר, וואָרן טייל ווערטער, וואָס מע קען מיינען, אַז זייער פּשט איז קלאָר ווי דער טאָג, האָבן גאָר — אַן אַנדער פּשט.

דורכגעפֿירט די תּוכיקע און צום טייל די שפּראַכיקע רעדאַק־טיר־אַרבעט, און אויסטיפּירט דעם גאַנצן כּתבֿ־יד האָט ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן. דורכגעפֿירט אַ גרויסן טייל פֿון דער שפּראַ־כיקער רעדאַקציע און צונויפֿגעשטעלט דעם גלאָסאַר און די זוכ־צעטלען האָט מרדכי שעכטער.

**ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן**

**מרדכי שעכטער**

ניו־יאָרק, יאַנואַר 1973

# מײַן לעבן — אַ קורצע הקדמה

איך בין געבוירן געוואָרן אויף דער זשיניעטשקע, אַ קליין שטעטעלע אין דער בוקעווינע, דעם 26סטן יאַנ' 1893. איך בין דאָס יינגסטע פֿון פֿינעף קינדער. מײַן טאַטע האָט געהייסן יונה פֿישבאַך, מײַן מאַמע — טויבע גאָטעסמאַן. דאָס שטעלן אַ חופּה איז געווען מער ווי געוואָג. ווער האָט עס אין זינען געהאַט צו פֿאַרשרײַבן זיך אין די אָפֿיציעלע אַמטן? אַבי מע האָט חתונה געהאַט כּדת משה וישׂראל.

די קרוינשטאָט פֿון דער בוקעווינע איז געווען טשערנעוויץ, און כאָטש עס איז אין גאַנצן געווען זעקס מײַל פֿון אונדז, האָב איך ביז מײַן צענטן לעבנסיאָר טשערנעוויץ נישט געזען און אַז אָסור צי מע האָט מיר אויסגעפֿעלט. מע האָט זיך וועגן מײַן שטעטל געוויצלט: אַז מע פֿאָרט אַרײַן אַ וואָגן, בלײַבט ער שטיין מיטן דישל אין איין זײַט שטעטעלע און מיט די רעדער פֿון דער צווייטער; אָדער: אַז דער הימל איז פֿאַרשטעקט מיט שטרוי, און נאָך און נאָך.

אָבער בײַ מיר איז זשיניעטשקע געווען און פֿאַרבליבן ביזן הײַנטיקן טאָג שענער און טײַערער ווי בוקאַרעשט, ווין און אַפֿילו ניו־יאָרק, די שטעט ווו כ'האָב שפּעטער געלעבט. האָב איך דאָך מײַנע שענסטע יאָרן דאָרט פֿאַרבראַכט, מײַנע קינדערישע חלומות אויסגעחלומט. צו פֿרי בין איך אַרויס פֿון די קינדערשיכלעך: צו דרײַצן יאָר האָב איך מיך אַרומגעקוקט, אַז איך מוז פֿאַר זיך אַליין זאָרגן. האָב איך מיך אײַנגעשפּאַנט אין וואָגן — אַ שווערער זאַמדיקער באַרג־אַרויף איז עס געווען. אָבער אַ דאַנק מײַן גוטן הומאָר און מײַן זינגען האָב איך עס צוגעשלעפּט.

# די כאָלערע

דאָס איז געשען אין יאָר 1899, ווען די גרויסע כאָלערע האָט געבושעוועט. מײַן טאַטע האָט געשטאַמט פֿון ייִגאָלניצע. אַזוי ווי יעדער איז פֿאַר דער מגפֿה אַנטלאָפֿן, האָט מײַן טאַטע גענומען זײַן גאַנצע משפּחה, די מאַמע מיט אונדז פֿינעף קינדער און איז אַוועק קיין ייִגאָלניצע, געהאַלט אַנטלויפֿן פֿאַרן טויט. ווען ס'האָט זיך אײַנגעשטילט, האָט דער

רבי געהייסן אַהיימפֿאָרן: „שוין גענוג זיך אַרומגעוואַלגערט אין דער פֿרעמד". מײַן טאַטע איז געווען אַ האָרעדענקער חסיד, האָט קיין שריט נישט געטון חלילה אָן דעם רבינס עצה, האָט ער אַזוי געטון.

ווען זיי זענען אַהיימגעקומען האָט די מאַמע נישט געלאָזט „די מויד"* זאָל די קי אויסמעלקן. זי אַליין האָט געוואָלט האָבן דאָס פֿאַר־געניגן. איך אַליין געדענק דאָס אַלץ נישט, נאָר די מאַמע פֿלעג דאָס אונדז דערציילן, געוואָלט נעבעך אירע ווערטער באַקרעפֿטיקן, אַז זעכצן יאָר איז זי געווען אַ האָרינטע און אין איין מינוט איז איר גליק צעבראָכן געוואָרן און אַ סוף האָט גענומען צו דעם גוטן לעבן אירן. ווײַל דרײַ טעג ווי דער טאַטע איז געווען אין דער היים, איז דאָס אומגליק געשען.

מײַן טאַטע איז געפֿאָרן באַלייטן דעם בעל־עגלה מיט אַ כּלי בראָנפֿן קיין סוכעווערכע, אַ דאָרף לעבן קיצמאַן, צון אַ רענדאַר. דאָס איז געווען זײַן פּרנסה. מײַן זיידע מאַמעס צד, נפֿתּלי גאַטעסמאַן, האָט געהאַט מיט זײַן ברודער עליע אַ לײַטערהויז. (מע פֿלעג נעמען רויען בראָנפֿן און אים איבערקאָכן מיט פֿאַרשידענע בשׂמים. דאָס האָט געהייסן לײַטערן. אויף דײַטש האָט מען עס גערופֿן דעסטילירן. דערנאָך פֿלעג מען דעם בראָנפֿן אַרײַנלאָזן אין אַזוינע גרויסע הילצערנע פֿעסער, וואָס מע האָט גערופֿן כּלים, און דאָס צעשיקן צו די קרעטשמעס). אַזאַ כּלי בראָנפֿן האָט געקאָסט פֿינעף ביז זעקס הונדערט גילדן. דאָס האָט אין יענער צײַט באַטײַט אַ גרויס פֿאַרמעגן און מע האָט נישט געקענט יעדן געטרויען אַזוי פֿיל געלט. מײַן טאַטע איז געווען בײַ דעם געשעפֿט דער נאמן: ער פֿלעג אַכטונג געבן, מע זאָל דעם בראָנפֿן גוט לײַטערן, דערנאָך פֿלעג ער פֿאָרן מיטן בעל־עגלה איבערגעבן דעם בראָנפֿן און איבערנעמען דאָס געלט. עס איז געווען אַ גאַנץ גוטע פּרנסה. און מײַן מאַמע פֿלעג זאָגן: „איך האָב אָפּגעלעבט מיט אײַער טאַטן זעכצן יאָר און נישט געוווּסט פֿון קיין שלעכטן טאָג. אַ האָרינטע, אַ גראַפֿיניע בין איך דאָך געווען".

ס'איז געווען דעם דרײַ און צוואַנציקסטן טאָג אין חשוון, אַ קאַלטער, בלאָטיקער טאָג, ווען מײַן טאַטע איז אַוועק קיין סוכעווערכע אָפּפֿירן דעם בראָנפֿן. ווי ער איז נאָר אין קרעטשמע אַרײַן, האָט די רענדאַרקע פֿאַרבראָכן די הענט: „ר' יונה, וואָס האָט איר געטון! פֿאַר וואָס זענט איר געקומען?" אָבער עס איז געווען פֿאַרפֿאַלן. גיך אָפּגעפּאַרטיקט, באַצאָלט און — דאַוונען מוז מען דאָך! — קוים אָפּגעדאַוונט, געוואַשן זיך צו המוציא, בעט די באַלעבאָסטע: „נעמטס כאָטש אַ ביסל פֿרישע סמעטע־נע, איר דאַרפֿט צוריקפֿאָרן אַזאַ ווײַטן וועג און ניכטער?" ווי מײַן טאַטע האָט אַראָפּגעשלונגען דעם ערשטן ביס, האָט ער זיך אײַנגעצויגן אין דרײַען און מיט געפֿערלעכע בויכווייטיקן האָט מען אים אײַנגעוויקלט אין אַ קאָלדרע און אַהיימגעבראַכט. ער איז שוין געווען אַ חולה־מסוכּן.

---

* אַזוי האָט מען דענסטמאָל גערופֿן אַ דינסט. קיין גויִישע האָט מען נישט געהאַלטן צוליב כּשרות. האָט מײַן מאַמע תּמיד געהאַלטן אַ ייִדישע דינסט.

אַז דער וואָגן איז פֿאַרפֿאָרן צון אונדזער שטוב איז געוואָרן אַ גרויס געוואַלד. די גאַנצע משפחה האָט זיך צונויפֿגעלאָפֿן. קיין דאָקטער האָט מען נישט געטאָרט רופֿן, ווײַל מע וואָלט דעם קראַנקן פֿאַרקלאָפּט אין שטוב ביז צום אויסגיין און קיינעם פֿון די נאָענטע נישט צוגעלאָזט. העלפֿן האָט דער דאָקטער דאָך סײַ ווי סײַ נישט געקענט אָבער די אייגענע האָבן געטון כּל־הרפֿואות: געמאַכט הייסע ביטלעך איינס נאָך ס׳אַנדערע, געוואַשן אים מיט שליש (זעקס־און־נײַנציקער בראַנפֿן).

אָבער מײַן טאַטע האָט געזען ווי ער האַלט, האָט ער צוגערופֿן די מאַמע און געזאָגט: „וואָס שטייסטו? דינג אַ וואָגן, אַנטלויף צום רבין!“ דער מאַמען האָט מען צוויי מאָל נישט געדאַרפֿט זאָגן. זיך אויפֿגעזעצט, ווי זי פֿלעג זאָגן „אין געהאַקטע ווונדן“ — און אַרײַנגעפֿאָרן קיין האָ־רעדענקע צום רבין. מיטן רבינס הויזגעזינט איז זי גוט באַקאַנט געווען, ווײַל דער הויף איז געווען מײַן טאַטנס צווייטע היים. ווו אַ שׂימחה, גלאַט אַ שבת — אַלץ בײַם רבין. געבוירן געוואָרן אַ קינד — צום רבין, חלילה קראַנק — אויך צום רבין. אַ קינד הייבט אָן לייגן תּפֿילין, האָט דער הייליקער צדיק געמוזט אים אָנטון און די ערשטע ברכה מאַכן. אַזוי, אַז אַ גרויסער טייל פֿון זײַן צײַט און פֿאַרדינסט איז אַוועק פֿאַרן רבין. מײַן מאַמען האָט דאָס אָבער נישט געהאַרט. ווײַל ער איז געווען אַ זייער גוטער מאַן, האָט זי אים מיטן גאַנצן האַרץ פֿאַרגונען זײַן פֿאַרגעניגן. און דאָס איז געווען דאָס העכסטע בײַ אים.

אָנגעקומען דעם אומגליקלעכן אינדערפֿרי און געוואָלט אַרײַן גלײַך צום רבין, האָט מען זי נישט געלאָזט. די קעכין האָט זי אַרײַנגענומען אין קיך: „דערוואַרעמט זיך, איר וועט איבערבײַסן“. די מאַמע האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען, פֿאַר וואָס מע לאָזט זי נישט צו צום רבין. איז די רביצין אַרײַנגעקומען און געבעטן די מאַמע זיך צו באַרויִקן. ס׳נאָך פֿרי, דער רבי זאָל לעבן האָט נאָך נישט געדאַוונט. ער וועט זי שפּעטער אַרײַנרופֿן צו פֿראַווען זיך. אָבער מײַן מאַמע האָט געוויינט און געשריגן, זי האָט איבערגעלאָזט אַ זייגקינד אין דער היים און אַ שלאָפֿן מאַן, וועלכער וואַרט אויף אַ ברכה פֿונעם הייליקן צדיק, און דאָ לאָזט מען זי שעהען וואַרטן און מע לאָזט זי נישט צו צום רבין.

פּלוצעם האָט זי דערזען, ווי דער רבי דרייט זיך אום בײַם פֿענצטער מיט פֿאַרבראָכענע הענט. איז איר פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן און זי האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, אַז ס׳איז נישט גוט: דער רבי וויל נישט זען די צעבראָכענע יידענע, ווײַל ער קען איר גאָרנישט העלפֿן אין איר גרויסן אומגליק. זי איז געבליבן אַ פֿאַרחלשטע און נישט געקענט מער בעטן, מע זאָל זי צולאָזן צום רבין. דער גבאי איז באַלד אַרײַנגעקומען, געגיבן איר אַ שמירה, זי זאָל זיך אָנטון און איר איבערגעגיבן, אַז דער הייליקער צדיק האָט געזאָגט, דער חולה האָט שוין אַ רפֿואה און זי זאָל

געזונטערהייט אַהיימפֿאָרן, ווײַל ס׳איז ערבֿ שבת, זאָל זי נישט פֿאַרשפּעטיקן ליכט־בענטשן.

מע האָט זי אויפֿן וואָגן שוין אַרויפֿגעטראָגן. זי איז געווען אַזוי פֿאַרטומאַנעט, אַז דער בעל־עגלה, אַ ייִד וואָס איז געווען אַ סך יאָרן בײַם זיידן, האָט זי געהאַלטן אין איין טרייסטן דעם גאַנצן טאָג.

פּלוצעם, פֿאַרן אַרײַנפֿאָרן אין שטעטל, ווען מע האָט געדאַרפֿט אַראָפּפֿאָרן דעם גרויסן באַרג, ווו ס׳איז געווען דאָס הייליקע־אָרט, האָט די מאַמע דערזען מענטשן גייען פֿון בית־עולם. האָט זי אָנגעהויבן שרײַען צום בעל־עגלה: — „ראָובֿעלע, קוקטס, סע גייען מענטשן פֿון פֿעלד!״. ער האָט זי באַרויִקט, אַז מען האָט אוודאי עמעצן געשטעלט אַ מצבֿה.

אָבער אַז מע איז נענטער צוגעקומען און די מאַמע האָט דערזען דעם טאַטנס שוועסטער פֿון יגאָלניצע, ווי מען פֿירט זי, מיט אַ פֿאַרבונדענעם קאָפּ, האָט זי נישט מער ווי אַ געשריי געטון: „רייזיע, ווו איז יונה?״ און איז אַרײַן אין אַ חלשות. ווען זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, איז זי מיט די קינדער געזעסן אין דער טרעפּאַרניע.

די טרעפּאַרניע — דאָס איז געווען בײַ אונדז אויף דער זוויניעטשקע אַ פּוסטע הויז, וואָס בײַ נאַכט האָט מען מורא געהאַט דורכצוגיין דאָרטן. קינדער האָבן זיך דערציילט, אַז דאָרטן טאַנצן שדים בײַ נאַכט און אויך גרויסע האָבן זיך נישט געשעמט דאָס צו זאָגן.

דאָס הויז האָט מען גענוצט פֿאַר באַזונדערע פֿאַלן: אַז איינער איז משוגע געוואָרן אָדער עפּעס אַ פֿאַרברעכן אָפּגעטון, האָט מען אים דאָרט פֿאַרשפּאַרט. ביזן הײַנטיקן טאָג איז געבליבן דאָס ווערטל, אַז מע קומט אַרײַן אין אַ הויז, ווו ס׳איז קאַלט אָדער סקוטשנע, זאָגט מען „ס׳איז פּוסטע ווי אין אַ טרעפּאַרניע״ אָדער „ס׳איז קאַלט ווי אין אַ טרעפּאַרניע״.

אין יענער צײַט האָט מען דאָרט פֿאַרשפּאַרט אויף דרײַ וואָכן די מענטשן, וואָס זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום אַ כאָלערע־קראַנקן. ווען מ׳האָט זיך דערוווּסט, האָט מען אויך דעם קראַנקן אַהין אַרײַנגעטון. אָבער דאָס איז זעלטן פֿאָרגעקומען, ווײַל מ׳אָט קיין דאָקטער נישט גערופֿן, האָט קהל נישט געוווּסט. אָבער ווען דאָס אומגליק איז געשען און דער קראַנקער איז געשטאָרבן, האָט מען שוין נישט געקענט באַהאַלטן. די שטאָט האָט זיך גערעשט און די פּאָליציי האָט געטון איר אַרבעט: ווי מען איז נאָר אַראָפּגעקומען פֿון פֿעלד, האָט מען צונויפֿגענומען די נאָענטסטע און פֿאַרמאַכט זיי דאָרטן.

מײַן מאַמע איז געווען אַ פּחדליווע און האָט מורא געהאַט בײַ נאַכט אין דער פֿינצטער אַליין אַ שריט צו טון. און אַז אונדזער משפּחה האָט געזען, וואָס מע טוט מיט אונדז, האָבן זיך אַ פּאָר העלדן מוטיק אָנגעשלאָסן אין אונדזער אַרעסט. אַ פּלימעניצע פֿון דעם טאַטן, דער מומע רייזיעס אַ מיידל, הינדע, וואָס איז געווען דעמאָלט בײַ אונדז צו גאַסט

(זי פֿלעג מיר דאָס דערציילן ווי אַ גרויס איבערלעבעניש, ווען מיר האָבן זיך שפּעטער מיט יאָרן דאָ געטראָפֿן, אין ניו־יאָרק), נתן גאָטעסמאַן און לייבוש, דער מאַמעס ברודער אַהרן. זיי אַלע האָט מען צוזאַמען מיט אונדז אַרײַנגעזעצט, ווײַל זיי האָבן אַליין געזאָגט, אַז זיי האָבן באַדינט דעם קראַנקן. די צײַט האָט געדאַרפֿט זײַן אויף דרײַ וואָכן, אָבער אַזוי ווי די גאָטעסמאַנס זענען געווען אי די פּאַן אי זיי האָבן געהאַט אַ האַנט אין דער געמיינדע, האָט מען געפּועלט, אַז מע זאָל אָוועקקוקן און צו אַכט טעג, ווען מע שטייט אויף שיבֿעה און מע גייט באַלייטן די נשמה, האָט מען אונדז אַרויסגעלאָזט. נאָר אַז מיר זענען געקומען אַהיים, איז אויף אונדז געפֿאַלן אַ פּחד; נישט צו דערקענען איז געווען אונדזער קליין ציכטיק הײַזל. אַלץ צענעמען, דאָס בעט מיטן בעטגעוואַנט — ווו דער טאַטע איז געשלאָפֿן — פֿאַרברענט, די טיר און פֿענצטער און דאָס גאַנצע הויז באַשפּריצט מיט קאַלך — אַזוי ווי נאָך אַ חורבן.

ווי די מאַמע האָט דאָס דערזען, האָט זי זיך גענעמען צון איר „ירושה“, אַזוי פֿלעג זי שפּעטער רופֿן איר חלשן. אַחוץ דעם איז קיין סך נישט געבליבן נאָכן טאַטנס טויט.

# די מאַמע

נאָכן טאַטנס טויט, אַז סע איז אַריבער דער רעש מיטן רחמנות, האָבן זיך אָנגעהויבן נײַע זאָרגן: „וואָס טוט מען מיט דער ביטערער אַלמנה און מיט אירע פֿינעף יתומים?“ דאָס הײַזל איז נישט געווען אונ־דזערס, און די קו, וואָס מיר קינדער האָבן זיך געדאַרפֿט פֿון איר אויפֿ־כאַוועז, האָט מען געמוזט פֿאַרקויפֿן. איך געדענק, אַז קליינערהייט פֿלעג איך לײַדן קאַפּוויטיק. צי ס'איז מיר געבליבן פֿון מײַן גרויסער קרענק צי פּשוט אַזוי אַ קאַפּוויטיק? אָבער מײַן מאַמע פֿלעג זאָגן: — „פֿון וואַנען זאָל דאָס קינד זײַן געזונט? זי האָט דאָך בײַ מיר, מישטיינס גע־זאָגט, קיין גוטן טאָג נישט געהאַט! די אַנדערע קינדער זענען געווען פֿאַרקאָכעט מיט אַלעם גוטן און זי איז דאָך געווען זשעדנע דאָס ביסל מילעך. זי האָט דעם טאַטן נישט זאַזײַעט און מיט אים זענען אַוועק די גוטע צײַטן, סײַ פֿאַר מיר סײַ פֿאַר מײַנע קינדער“.

אונדז'אַ'מיר מיט אַ מאָל באַקומען אַ סך טאַטעס: דער זיידע נפֿתּלי, דער פֿעטער בעריש — דעם טאַטנס יינגסטער ברודער (וואָס איז אַליין געבליבן אַ יונגער יתום בסך־הכּל פֿערצן אָדער פֿופֿצן יאָר אַלט, ווען זײַן טאַטע איז געשטאָרבן אין יאַגאָלניצע. און אַזוי ווי מײַן טאַטע האָט תּתונה געהאַט, מיט אַ גוטן צושפּאַר און אַ זייער גוט ווײַב, האָט מען באַשלאָסן, אַז יונה — מײַן טאַטע — דאַרף נעמען בערישן צו זיך און פֿון אים מאַכן אַ לײַט. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. בעריש איז אויסגע־

וואַקסן בײַ אונדז אין שטוב און מײַנע עלטערן האָבן אים צו שטאַנד געבראַכט. אַפילו אַ שידוך אויסגעזוכט און אים חתונה געמאַכט).

נו, איצט אַז די מאַמע איז געבליבן אַליין, האָט מען דאָך געדאַרפֿט ווײַזן דער וועלט, אַז בלוט איז נישט קיין וואַסער און אַז מע קען נישט העלפֿן מיט אַנדערע זאַכן, איז כאָטש מיט אַ דעה זאָגן. אַזוינע דעה־זאָגערס האָט די מאַמע געהאַט אַ סך. מיט דעם נײַעם נאָמען „יתומים" וואָס מיר האָבן באַקומען נאָכן אַוועקגיין פֿון אונדזער פֿאַרזאָרגער, זײַנען מיר געוואָרן אַ שווערע לאַסט פֿאַר דער גאַנצער משפּחה און יעדער האָט אָנגעהויבן קלערן: וואָס טוט מען מיט די קינדער?

דעמאָלט איז געווען אײַנגעפֿירט אין דער פֿאַמיליע, אַז טאָמער האָט זיך געטראָפֿן אַן אומגליק ווי בײַ אונדז, האָט מען די קינדער אַוועקגעגעבן צו די עלטערן פֿונעם טאַטן אָדער פֿון דער מאַמע און אַזוי אַרום דער אַלמנה אויפֿגעבונדן די הענט. געבליבן נאָר מיט איינעם אָדער צווײי קינדער, איז עס שוין געווען אַ ביסל גרינגער און אַז דער טאַטע האָט נאָך געקענט צולייגן אַ פּאָר הונדערט רײַניש, האָט די אַלמנה געקענט חתונה האָבן.

אַזאַ משל האָט אונדזער מאַמע טאַקע געהאַט פֿאַר די אויגן. זי פֿלעג זאָגן פֿאַר אונדז תּמיד איבערחזרן, ווען ס'איז איר געווען ביטער אויפֿן האַרץ. איר געשוועסטערקינד רחל, דעם פֿעטער עליעס טאָכטער, איז אויך געבליבן אַ יונגע אַלמנה מיט פֿיר קליינע קינדערלעך, האָט איר פֿאָטער דרײַ קינדער צו זיך גענומען. נישקשה, ער האָט אַזוי אויך געהאַט 8, וועט ער האָבן נאָך דרײַ. מע האָט דער אַלמנה געגעבן פֿרישן נדן און זי האָט באַלד חתונה געהאַט מיט אַ זייער שיינעם און געלערנטן חסידישן אַלמן, וואָס האָט אַחוץ אַלע גוטע מידות אויך געהאַט דרײַ קינדער פֿונעם ערשטן ווײַב. מע האָט זיי באַזעצט אויף דער זוויניעטשקע, געמאַכט אים אַ האַרטאָווגע מעלשענק און זיי האָבן נאָך ביידע געהאַט צוויי קינדער און אויף די עלטערע יאָרן דערלעבט נחת.

אָבער מײַן מאַמע האָט דאָס נישט זוכה געווען בײַ איר טאַטן. מײַן זיידע איז אַוודאי נישט געווען קיין אַרגערער טאַטע ווי זײַן ברודער, אָבער, ווי געזאָגט, נישט קיין גרויסער בר־מזל. ווי אַ שיינער, געראָטענער בחור פֿון גרויסן יחוס, האָט ער חתונה געהאַט קיין קריפּטש מיט אַ זייער שיין מיידל פֿון אַ רײַכן טאַטן. נדן האָט זי באַקומען אַ האַלב הויז מיט אַ קרעטשמע אָדער אַרײַנפֿאַר־הויז, ווי מע פֿלעג עס דאָרטן רופֿן. די צווייטע העלפֿט הויז האָט געהערט צון איר ברודער איציעלע. די באָבע לאה איז געווען אַ טײַערע באַלעבאָסטע, אַ שיינע, געבילדעטע, ווי מע פֿלעג אויף איר דעמאָלט זאָגן, אַ מלומדת, אַ יפֿת־תּואר. זי האָט געהאַט מיטן זיידן פֿיר קינדער: טויבע (מײַן מאַמע), דער פֿעטער אַהרן, חיה־ריווע און גיטל. ס'איז זיי געגאַן זייער גוט, האָט זיך די באָבע לאה אַרומגעזען, אַז דאָס האַלבע הויז איז צו קליין פֿאַר איר וואַקסנדיקער משפּחה — זי האָט געהאַט

גרויסשטעטישע השגות. די מאַמע פֿלעג דערציילן, אַז עמעצער האָט גע־דאַרפֿט עפּעס אַ געזוך צו דער בעצירקס־הויפּטמאַנשאַפֿט, אַפֿילו ביז צום קייסער, האָט די באָבע לאה עס געשריבן.

מײַן מאַמע, די עלטסטע, איז אַלט געווען דרײַצן יאָר, ווען דאָס איז געשען. אַזוי ווי מײַן באָבע האָט באַשלאָסן צו פֿאַרגרעסערן איר טייל הויז און צובויען נאָך צוויי שטיבער, האָט זי געדונגען גויים, מע זאָל אָנהייבן צו גראָבן. דער ברודער אירער, דער פֿעטער איציע, האָט אָבער געזאָגט, ער וועט דאָס נישט צולאָזן. דער זיידע איז קיין מאָל אין דער היים נישט געווען, תּמיד בײַם עלטער־זיידן שלמה אויף דער זוויניעטשקע, נאָר אויף שבת פֿלעג ער אַהיימקומען. האָבן שוועסטער־ברודער זיך גענומען קריגן — דער פֿעטער איציע האָט בשום־אופֿן נישט געלאָזט די גויים זיך נעמען צו דער אַרבעט. האָט זיך מײַן באַבע אַנידערגעשטעלט און אויסגעשריגן: „אַנו, לאָמיר זען צי דו וועסט טאַקע נישט לאָזן!" ער — שטאַרק אַן אויפֿגעקאָכטער פֿון איר זיך רייצן מיט אים — האָט איר געגעבן אַ שטופּ, איז זי אַנידערגעפֿאַלן אויף אַ קעהאַלנע — און מער איז זי שוין נישט אויפֿגעשטאַנען. מע האָט זי אַרײַנגעטראָגן און נאָכן אָפּקרענקען אַ שטיק צײַט, איז זי געשטאָרבן. איז דער זיידע מײַנער געבליבן אַן אַלמן מיט פֿיר קינדער, וואָס דאָס עלטסטע איז אַלט געווען דרײַצן יאָר.

## מײַן עלטער־זיידע

מײַן עלטער־זיידע שלמה האָט געשטאַמט פֿון רוסלאַנד, פֿון אַ באַלעבאַ־טישן סוחרישן הויז. אין דער צײַט וואָס מע פֿלעג דאָרט כאַפּן קליינע יינגלעך צום מיליטער, איז ער אַנטלאָפֿן צו קירהן און איז פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן קיין רעפּיזשעניץ, אַ דאָרף לעבן דער זוויניעטשקע. געלט האָבן אים זײַנע טאַטע־מאַמע גענוג מיטגעגעבן, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ באַלעבאַטי־שער, רײַכער טאָכטער. זיי האָבן געהאַט 9 קינדער: 6 זין און 3 טעכטער. די זין האָבן געהייסן: אַבֿרהם, וואָלציע, נפֿתּלי, עליע, הערש און מאָקיע. די טעכטער זענען געווען: העלציע, סאָסיע און העניע. דאָס איז שוין אַזוי דערנאָך געגאַן בירושה. די זעקס זין האָבן אויך געהאַט אָדער דרײַ זין און זעקס טעכטער, אָדער פֿאַרקערט, דרײַ טעכטער און זעקס זין. ווייניקער נישט, גיכער מער. אַזוי למשל מײַן זיידע נפֿתּלי, וואָס האָט געהאַט דאָס מזל צו האָבן צוויי ווײַבער, האָט ער געהאַט זעקס טעכטער און פֿיר זין, אַחוץ די וואָס דער איבערשטער האָט צוגענומען פֿאַר דער צײַט. אַזוי האָט זיך די משפּחה גאַטעסמאַן אין איין דור, קיין עין־הרע, צעוואַקסן ווי אויף היוון.

אַ גוט האַרץ האָט ער געהאַט, אַ גרויסער מכניס־אורחים געווען, אַ בעל־צדקה, האָט מײַן עלטער־זיידע, שלמה גאַטעסמאַן־רעפּיזשעניצער, אַזוי האָט

מען אים גערופֿן, אין אַ קורצער צײַט געשמט אין יענער געגנט. פֿון ווײַטע מקומות פֿלעג מען זיך צו אים קומען אַ פּאָר טעג אָפּרוען, אָנעסן און בײַם אַוועקגיין נאָך באַקומען אַ שיינע נדבֿה. און אַזוי האָט ער געלערנט זײַנע קינדער.

איך האָב דאָס נאָך בײַ מײַן זיידע נפֿתּלי געזען. אַליין קיין גבֿיר נישט געווען, קוים געהאַט אויף שבת, אָבער אָן אַן אורח קיין מאָל נישט אַהיימ־געקומען פֿונעם דאַווענען, און דאָס בידנע ביסל וועטשערע אָדער אָנבײַסן זיך צעטיילט. די באַבע יהודית, זײַן צווייט ווײַב, איז קיין גרויסער דימעט נישט געווען, אָבער קעגן אַן אורח האָט זי זיך קיין מאָל נישט געשטעלט. זי פֿלעג תּמיד זאָגן: „מע דאַרף מיט אַ מדינה־גייער זיך צעטיילן מיטן ביסן. מע קען נישט וויסן, אפֿשר איז עס גאָר אליהו־הנבֿיא". אַזוי האָט מען תּמיד געהאָפּט, אפֿשר וועט אַ מאָל אַ נס געשען און אַזאַ אָרעמאַן וועט אַוועקגיין און איבערלאָזן אַן אוצר אונטערן קישן. און מיר קינדער פֿלעגן אין דעם גלייבן און יעדן אורח, וואָס דער זיידע פֿלעג אַהיימברענגען, אָנקוקן ווי אַ הייליקן.

איין מאָל, אַז איך האָב געזען ווי די באַבע בעט אויס אַ געלעגער פֿאַר אַן אורח און דער זיידע לייגט זיך קודם אַליין אַנידער אויף דעם פֿערמאָסטעטן געלעגער, בין איך אַרײַנגעלאָפֿן צו דער באַבען אין קיך און זי געפֿרעגט: „פֿאַר וואָס לייגט זיך דער זיידע קודם אַנידער אויף דעם און דערנאָך דער ייִד?" האָט די באַבע מיר געענטפֿערט, אַז דאָס האָט דער עלטער־זיידע שלמה אַזוי געלערנט זײַנע קינדער: „ווען זי ברענגסט אַן אורח אין שטוב, זאָל דער בעל־הבית מיט אים עסן פֿון איין שיסל און ער זאָל אויספּרוּוון דאָס געלעגער, עס זאָל דעם אורח חלילה נישט קוועטשן". אַזוי האָט דער עלטער־זיידע געלערנט זײַנע קינדער און אַזוי האָבן זײַנע קינדער געטון. דערפֿאַר האָבן די גאַטעסמאַנס געשמט פֿאַר גרויסע מכניס־אורחים.

## די זוויניעטשקע

ווען שלמה רעפּיזשעניצער האָט שוין געהאַט אויסגעגעבן אַלע קינדער, האָט ער זיך אַרײַנגעצויגן אויף דער זוויניעטשקע. דאָרט האָט ער געקויפֿט אַ קרעטשמע, די „בעשטאָוניע", וואָס איז געלעגן נאָענט בײַם נעסטער, נישט מער ווי פֿופֿציק שפּאַן. עס איז געגאַנגען זייער גוט. זײַנע הויפּט־קונים זענען געווען די ספּלאַוניקעס, וואָס זיי פֿלעגן פֿאָרן איבערן נעסטער עלעהיי שיפֿן. באַטען זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען און מע פֿלעג האַנדלען קיין רוסלאַנד, טערקײַ, פֿלעג מען אויף די ספּלאַוועס אַלעס פֿאַרלאָדן און זיך אַוועקלאָזן אין וועג אַרײַן אויף לאַנגע חדשים.

ס'האָט מיר אַ מאָל דערציילט דער פֿעטער וואָווע, אַז דעם ערשטן טאָג

נאָך שבֿע־ברכות איז ער אַוועק מיט ספּלאָוועס אויפֿן נעסטער קיין רוס־לאַנד און איז אַהיימגעקומען פּונקט צום ברית... „היינט זעצט איר זיך אויף און פֿאָרט אויף דער באַן, זענט איר גרויסע קנאַקערס. אָבער מיר, אַז מיר פֿלעג'מיר פֿאָרן, איז עס געווען אַ נסיעה אויף לאַנגע חדשים !"

די ייִדן, וואָס זיי האָבן געהאַט קרעטשמעס און טראַקטירן בײַם נעסטער, האָבן געצויגן שיין פּרנסה פֿון די ספּלאָוויקעס. איז אָבער אויף דער זוויניאַטשקע אין יענער צײַט, אין אַ שיינעם זומערטאָג, געקומען דאָס גרויסע אומגליק.

די זוויניאַטשקע איז פֿון דער נאַטור געווען באַשאַפֿן נאָר פֿאַר גרויסע איבערקערענישן. זי איז באַשטאַנען פֿון צווי גרויסע בערג. אויף איין באַרג איז געווען אַ דאָרף כרישטשעטיק. דאָרט האָבן נאָר געוווינט פּויערים, אַחוץ אַ קרעטשמע, וואָס דאָרט האָבן ייִדן געוווינט און אַ פּסעסיע וואָס אַ ייִד האָט געהאַלטן.

קינדווײַז פֿלעגן מיר זיך, שבת נאָכן קוגל, אַרויפֿכאַפּן אַהין און דאָרט פֿאַרברענגען דעם נאָכמיטאָג. קיין שענער נאַטורבילד ווי אַראָפּקוקן פֿון דעם באַרג אין טאָל, אויף דער זוויניאַטשקע און קיין זאַלישטשיק האָב איך ביזן הײַנטיקן טאָג נישט אָנגעטראָפֿן, כאָטש איך האָב שפּעטער אין מײַן לעבן געזען שטאַרק שיינע בילדער, ווי אַ שטייגער אין ציריך, אין מיטן שטאָט גיסט זיך אַראָפּ פֿון וואַלד אַ וואַסער וואָס סע פֿאַרכאַפּט דאָס אויג ; אָדער דער זעמערינג און דער שנעבערג אין עסטרײַך. מע קען נישט זאָגן, אַז דאָס זענען נישט קיין חידושים, וואָס מע פֿאָרט פֿון דער גאַנצער וועלט זיי אָנקוקן, אָבער מע מעג פֿון מיר לאַכן : די שיינע בילדער וואָס איך האָב געזען אַראָפּקוקנדיק דעם כרישטשעטיקער באַרג, ווי דער נעסטער צעטיילט זוויניאַטשקע פֿון זאַלישטשיק,* ווי ווײַט דאָס אויג קען כאַפּן — נאָר בערג מיט וואַסער, זענען בײַ מיר געבליבן די שענסטע. אונדזער היימשטעטעלע איז פֿון דער נאַטור געווען אַזוי שיין, אַן מען זאָל האָבן אַרײַנגעלייגט אַ צעבראָכענע מטבע צו פֿאַרגרעסערן זײַן שיינקייט.

פֿון די בערג פֿלעג מען אוצרות אַרויסציִען : פֿון איין זײַט באַרג האָט מען שטיינער אַרויסגעשלאָגן. די גרויסע האָט מען אַוועקגעפֿירט קיין וואַסילעוו, אַ דאָרף לעבן זאַסטאַוונע, ווו מע פֿלעג פֿון זיי מאַכן מצבֿות (אין דער געגנט האָט מען געוווּסט, אַז פֿון די שטיינער קומען אַרויס די בעסטע מצבֿות) און די קליינע שטיינער האָט מען גענוצט צו בויען

* זאַלישטשיק, אויף יענער זײַט נעסטער, איז געווען גאַליציע (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — פּוילן). זוויניאַטשקע און כרישטשעטיק, אויף דער זײַט נעסטער, זענען געווען בוקעווינע (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — אַ רומענישע פּראָווינץ). אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אי גאַליציע אי בוקעווינע געוואָרן אַ טייל פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד.

הײזער. פֿונעם אָפּגעשיטן פּחת פֿלעגן די פּויערים, זיצנדיק צופֿוסנס פֿון באַרג, מאַכן שאָטער. דאָס האָט געדינט צו באַשאָטערן די שטראָזן, קיין צעמענטענע שטראָזן האָט מען אין יענער צײַט דאָרט נישט געזען. אַזוי זענען אונדזערע בערג געווען אַ קוואַל פֿון פּרנסה סײַ פֿאַר ייִדן סײַ פֿאַר גוים. שפּעטער האָט מען זיך דערגראָבן אין די בערג צו שיכטן זאַמד און קאַלעך, און מע האָט דאָרט נאָך צו מײַן צײַט אויסגעבויט אַ קאַלעך־אויוון. פֿון דעם זאַמד האָט מען געברענט ציגל.

נאָכן ערשטן וועלטקריג האָט מען חוץ דעם אַנידערגעשטעלט אַ גרויסע גיפּסמיל און אַ צוקער־פֿאַבריק. אַזוי האָט מײַן שטעטעלע זוויניעטשקע און דאָס שכנישע דאָרף כרישטשעטיק (מע מוז זיי ביידע צוזאַמענבינען, ווײַל זיי זענען געווען ווי אײנס) אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַקומען אַ פּאַרנעם, אָבער אין מײַנע קינדער־יאָרן געדענק איך ווי די מאַמע און די באָבע פֿלעגן זאָגן, אַז די זוויניעטשקע איז אַ פֿאַרשאָלטן אָרט. אַז איך פֿלעג מיך אָננעמען די קריוודע און פֿרעגן: „שטײַטש, וואָס האָט דיר זוויניעטשקע געטון שלעכטס?” האָט די מאַמע אָנגעהויבן שיטן, אַזוי ווי זי וואָלט דערויף געוואָרט:

„איז געווען אַ מלחמה מיט טערקן, האָט מען אויף דער זוויניעטשקע אויסגעמויערט אַזוינע שאַנצן, וווּ דאָס מיליטער איז געווען באַהאַלטן און דער שונא האָט נישט געקענט צוקומען אַ גאַנצן ווינטער, אָבער די מענטשן פֿון דער זוויניעטשקע האָבן געליטן, מע האָט פֿון זיי אַרויסגעצויגן דעם מאַרעך פֿון די ביינער”.

„איז אַ מבול באַשערט, איז נישט חלילה ערגעץ אַנדערש ווי נאָר בײַ אונדז אין דעם זינדיקן נעסט!” אַזוי פֿלעגן מײַנע טײַערע — די מאַמע, די מומע — און אַלע אַלטע ווײַבער דערציילן. סע האָט נישט געהאָלפֿן מײַן פּראָטעסטירן.

און טאַקע צו דעם מבול קער איך זיך אַצינד אום און צו דעם גרויסן וווּנדער וואָס איז געשען מיטן עלטסטן מיטגליד פֿון אונדזער משפּחה און מיט זײַן ווײַב ציפּע.

## דער מבול

געשען איז דאָס מיט אַ הונדערט יאָר צוריק. אַ שיינער זומערטאָג איז עס געווען. די מענטשן זענען ווי געוויינטלעך געווען יעדער בײַ זײַן אַרבעט, ווער מיט פֿריידן, ווער מיט ליידן. מע האָט געטראָגן דעם שווערן יאָך פֿון לעבן.

האָט פּלוצעם זיך געגעבן אַ פֿאַרצי שווערע כמאַרעס איבערן הימל אין דער זײַט פֿונעם כרישטשעטיקער באַרג. די ווײַבער האָבן זיך דערשראָקן. מע האָט געכאַפּט דאָס בעטגעוואַנט, וואָס האָט ווי געוויינטלעך

זיך געלופֿטערט אין דרויסן. מע איז געלאָפֿן אַהיימנעמען די קינדער פֿון חדר, זיי זאָלן זיך נישט איבערשרעקן פֿאַרן גרויסן רעגן. די פּאַסטע־כער האָבן אָנגעהויבן אַהיימטרײַבן די בהמות פֿון פֿעלד, מע איז געלאָפֿן און זיך געדעשט ווי פֿאַר אַן אָרעמער חתונה.

אָבער סע האָט נישט קיין סך גענומען, איידער מע האָט צײַט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, האָט פּלוצעם פֿון הימל געטון זיך אַ ריס אַ שטיק כמאַרע און אַ ים מיט כוואַליעס האָבן זיך אין אַ שרעקלעכער רגע געגעבן אַ לאָז אַראָפּ איבער איין טייל פֿון דער זוויניעטשקע. ס'איז געשען אַזוי אומגעריכט און אַזוי גיך אַז די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אויף יענער זײַט שטראָז, אין גאַנצן אַ פּאָר געציילטע טריט פֿונעם אומגליק, האָבן נישט געקענט פֿאַרשטיין וואָס דאָ קומט פֿאָר. פֿאַר זייערע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שרעקלעך איבערקערעניש און זיי זענען געשטאַנען און געגאַפֿט. נישט נאָר האָבן זיי קיין צײַט נישט געהאַט עמעצן צו ראַטעווען, זיי האָבן אַפֿילו קיין צײַט נישט געהאַט צו באַנעמען וואָס דאָ טוט זיך. מיט אויפֿגעריסענע מײַלער זענען זיי געשטאַנען און צוגעקוקט זיך ווי זייערע שכנים, גוטע־פֿרײַנד, ברידער, שוועסטער מיטן גאַנצן הויזגעזינד שווימען אויפֿן וואַסער. די כוואַליעס קערן זיי איבער און ברענגען זיי ווידער אַרויף. דאָס רעווען פֿון די בהמות און פֿערד האָט זיך אויסגעמישט מיט די מענטשלעכע קולות. ס'האָט אויסגעזען ווי עק וועלט.

מע פֿלעג דערציילן, אַז דער גבֿיר פֿון שטעטל, נחמיה קאַרמעלין,* האָט געהאַלטן אין האַנט אַ קעסטעלע גאָלד און האָט געשריגן: „ראַטעוועט, נעמט אײַך דאָס גאָלד!“ אָבער ווער האָט געהאַט צײַט צו קלערן פֿון ראַטעווען, אַז דאָס גאַנצע האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט? די ווײַבער זענען געלעגן פֿאַרחלשטע בײַ דער זײַט, די קינדער האָבן געשריגן און פֿאַר זייערע אויגן האָבן די כוואַליעס אַוועקגעטראָגן אַלץ וואָס איז געווען אונטער זייער רשות. די געוואַלדעס זענען געגאַן ביזן זיבעטן הימל, אָבער אומזיסט, סע האָט נישט געהאָלפֿן.

די פֿרומע ווײַבער האָבן געשריגן: „גאָטעניו, האָסט דאָך געשווירן וועסט מער קיין מבול אויף דער וועלט נישט ברענגען!“ די מער אויפֿגעקלערטע האָבן געטענהט: „ס'איז נישט קיין מבול, ס'איז אַ וואָלקן־בראָך און פֿאַר אונדזער שטעטל אַ גרויסער בראָך“. די גויים האָבן זיך אַ לאָז געטון מיט טשעווענֿיקעס, אפֿשר וועט געראָטן עמעצן אויפֿצוכאַפּן. (אונדזערע גויים זענען געווען גוטע שווימערס און געקענט פֿירן טשעווניקעס, ווײַל קיין בריק איבערן נעסטער, וואָס זאָל פֿאַרבינדן זוויניעטשקע מיט זאַלישטשיק איז נאָך דעמאָלט נישט געווען און די איינציקע פֿאַרבינדונג איז געווען שיפֿלעך. האָט כמעט יעדער באַלעבאָס

* ס'איז געבליבן אַ פֿאַלקסליד פֿונעם קאַרמעלין־אינצידענט.

געקענט פירן אַ שיפל, פון די גויים איז שוין אָפגערעדט). אָבער נישט קעגן דעם וואָלקנבראָך. דאָ איז מען געווען מאַכטלאָז. זיי זענען צוריק־געקומען מיט ליידיקן, קיינעם נישט געראַטעוועט.

מע האָט דערציילט, אַז אַ סך זענען אויפגעריבט געוואָרן. ווי זאָגט מען „נאָך אַ שׂרפה ווערט מען רײַך". אָבער בײַ אונדז אין דער משפחה איז דעמאָלט דער גרויסער נס געשען, וואָס איך פלעג דאָס שטענדיק הערן דערציילן און עס איז טאַקע ווערט צו געדענקען. אונדזער עלטער־זיידע שלמה רעפּיזשעניצער, וואָס ער האָט געוווינט בײַם נעסטער, דאָס לעצטע הויז, אַז ער האָט דערזען דאָס אומגליק, ווי אַלץ שווימט דורך זײַן שטוב, האָט ער זיך נישט פאַרלוירן, זיך אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט אין דער הרובע און די באָבע — אין צוואָלינג, און אַז די מענטשן, שוין נאָך אַלעמען, זענען אַרײַנגעלאָפן זען וואָס איז געבליבן פון דעם אַלטיטשקן ר׳ שלמה מיט זײַן זוגתי, זענען זיי אַרײַן מיט האַרץ־קלאַפּעניש. מע האָט געטראַכט, אַז ס׳איז אַוודאי קיין זכר נישט געבליבן פון דעם פּאָרל. מע האָט דאָך פון דער ווײַטנס שוין געקענט זען: דער דאָך צענעמען, די טיר און פענצטער האָבן געפעלט, אַלץ אַוועק מיטן וואַסער. ווי גרויס איז אָבער געווען זייער איבערראַשונג, ווען זיי האָבן דערזען ווי דער אַלטיטשקער הענגט אויף דער הרובע און מורמלט מיט די פאַרחלשטע ליפּן אַ קאַפּיטל תהילים און לעבן אים אויפן צוואָלינג האַלט זיך נעבעך די אַלטיטשקע ציפּע מיט די לעצטע כוחות און לויבט דעם אייבערשטן, וואָס ער האָט מיט זיי אַזוינע נסים געטון. מע איז זיך צונויפגעלאָפן פון נאָענט און פון ווײַט, אָנקוקן דאָס גרויסע וווּנדער, וואָס האָט מיט זיי געטראָפן.

אַז ס׳איז ווידער ליכטיק געוואָרן און די זון האָט אָנגעהויבן שײַנען, די איבערגעבליבענע האָבן דערזען דעם גרויסן חורבן, קען איך מיט מײַן פעדער נישט באַשרײַבן וואָס מע האָט נאָכדערציילט. אין יענער צײַט איז דאָס געווען אַ גוואַלדאָוונע אומגליק. מע איז געקומען פון ווײַט, פון די גרעסטע שטעט אָנקוקן וואָס פאַר אַ קאַטאַסטראָפע ס׳האָט געטראָפן איין העלפט פון שטעטל, ווײַל אויף דער אַנדערע זײַט — איז גלײַך גאָרנישט געווען. דאָרט האָט די זון געשײַנט די גאַנצע צײַט, וואָס אין דער זײַט איז געווען פינצטער ווי אַ תהום.

# חליצה

ס׳איז געווען אין יאָרן אַרום, נאָך דער שׂרפה. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אפשר צען יאָר, האָט מיר מײַן מומע חיה־ריווע דערציילט פון איר יוגנט און איבער הויפּט פונעם אומגליק ווי די באָבע לאה איז גע־הרגעט געוואָרן אומגערן — פון איר אייגענעם ברודערס האַנט, ווי איך האָב שוין דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל.

פֿיר קליינע יתומים זענען זיי געבליבן, מיט אַ גרויס הויז אַליין. דער זיידע איז נישט געווינט געווען צו זיצן אין שטוב, פֿלעג ער נאָך דעם אומגליק אַוודאי נישט בלײַבן אין דער היים, נאָר אַרומפֿאָרן. די מאַמע מײַנע, די אַלטע מויד פֿון דרײַצן יאָר, איז געוואָרן די באַלע־באַסטע פֿון הויז און פֿון דער קרעטשמע. זי פֿלעג קאָכן און באַקן און ניאַנטשען די קינדער אַ גאַנצע וואָך און אויף שבת פֿלעג זי אָנגרייטן ווי סע קער זיך אין אַ ייִדישער שטוב: אויסגעהייצט דעם אויוון, דערנאָך געבעטן אַ שכנטע זי זאָל קומען אײַנזעצן די חלה. זי אַליין פֿלעג זיך אַרויפֿשטעלן אויף אַ פֿוסבענקעלע צו בראָקן די לאָקשן.

דער שענק אָבער איז באַלד געוואָרן אויס שענק. יעדער — צי גוי, צי ייִד — וואָס ער האָט געוווּסט, אַז די דרײַצן־יעריקע איז די באַלעבאָסטע, איז געקומען עפּעס קויפֿן, עפּעס עסן, עפּעס טרינקען און בײַם אַוועקגיין זיך אַ דריי טון און אויסליידיקן דאָס שופֿלעדל... אַ גאַנצן טאָג האָט זי נעבעך געהאָרעוועט און אַז ס'איז געקומען דער אויפֿדער־נאַכט, זענען געווען די פֿלעשער ליידיק און קיין גרײַצער נישט אין שופֿלעדל. פֿלעג דאָס באַלעבאָסטעלע זיך אַוועקזעצן וויינען און די קינ־דער האָבן מיטגעוויינט. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז אַלץ איז צע־קרישעט געוואָרן. דער זיידע האָט, אַ צעבראָכענער, געזאָגט, ער איז בדיל־הדל געוואָרן.

די משפּחה האָט אָנגעהויבן רעדן ער זאָל זיך אויסזוכן אַ ווײַב, וואָס וועט קיין קינדער שוין נישט האָבן, כּדי זי זאָל זײַן אַ מאַמע צו די פֿיר קינדער, די אומגליקלעכע יתומים. דער זיידע האָט זיך גענומען זוכן און האָט מהסתּם נישט לײַכט געקענט געפֿינען. נאָך אַזאַ ווײַב ווי זײַן לאה איז געווען, אַ שיין אי קלוג און מיט אַלע מעלות, איז אַוודאי נישט גרינג צו טרעפֿן. בפֿרט ווער וויל פֿיר קליינע קינדער? דער זיידע איז געווען אַ שיינער יונגער־מאַן און פֿון גאָר געהויבענעם ייִחוס. סטײַטש, איין קליינינקייט: שלמה רעפּיזשעניצערס זון! דער ייִחוס האָט געשמט אַרום די אַלע קליינע שטעטלעך.

סוף־כּל־סוף האָט ער אין באַבעניץ, אַ קליין שטעטל לעבן קאָרע־ליווקע, געטראָפֿן אַ יונגע, שיינע אַלמנה, וואָס איר מאַן איז געהאַט אַרויסגעפֿאָרן אויף זײַן פֿערד זיך עפּעס אומקוקן, איז דאָס פֿערד ספּאַ־לאָשעט געוואָרן און האָט אים דערהרגעט. קיין קינד איז ניט געבליבן. האָט מען נאָך אַלע געוויינען אָנגעהויבן דער אַלמנה רעדן שידוכים. און אַזוי ווי ס'איז נישט קיין ווײַטער מהלך פֿון קריפּטש ביז באַבעניץ, און דער ייִחוס — דאָס איז דאָך געווען דער עיקר — האָט געפּאַסט, האָט מען דעם זיידן מיט דער שיינער אַלמנה צונויפֿגעפֿירט און ס'איז באַלד געוואָרן אַ שידוך. האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז אַזוי ווי דאָס ווײַבל איז געבליבן אָן אַ קינד און דער פֿאַרשטאָרבענער מאַן האָט געהאַט אַ ברודער, האָט זי געמוזט קודם נעמען חליצה, דאָס הייסט

באַפּרײַט ווערן פֿונעם חובֿ חתונה צו האָבן מיטן ברודער פֿונעם פֿאַר־שטאָרבענעם מאַן. אָן דער חליצה טאָר אַן אַלמנה, וואָס זי האָט נישט קיין קינדער, נישט חתונה האָבן צום צווייטן מאָל.

אין שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן צו רעשן. דאָס וואָרט חליצה האָט געקלונגען בײַ אַלע מענטשן אַזוי שרעקלעך, אַז מע האָט עס נאָר דער־הערט, האָט עס געדראָזשעט און אַ שרעק איז אָנגעפֿאַלן אויף יעדן. בפֿרט די יעניקע, וואָס אויף איר איז אויסגעפֿאַלן דאָס דורכצומאַכן, איז נישט געווען זי וואָס מקנא צו זײַן. סע זענען טאַקע געווען אין פֿרומע הײַזער געננוג אַלמנות, וואָס זיי זענען ליבערשט געבליבן זיצן איידער נעמען חליצה.

די באָבע יהודית פֿלעגט אונדז שפּעטער, ווען מיר האָבן זי געבעטן, דערציילן פֿון דעם אַקט. מע פֿלעג צונויפֿרופֿן אַ בית־דין ייִדן מיטן רבֿ פֿון שטעטל און דעם ברודער פֿון דעם געהרגעטן מאַן. דער אישה האָט מען צוגעבונען די אויגן און איר געגעבן אַ שטריק מיט אַ סך קנופּן, אין די הונדערטער קנופּן. און זי, די אַלמנה, האָט זיך געזעצט אויף דר׳ערד און זיך געמוטשעט מיטן אויפֿקניפּן דעם שטריק. זי האָט זיך אָפּגעמוטשעט שעהען, ביז עס איז איר געראָטן דעם שטריק פֿון די קנופּן צו באַפֿרײַען. איצט איז דאָס בית־דין מסכים געווען, אַז דער ברודער און דער גאַנצער מנין ייִדן זענען איר מוחל געווען און זי מעג חתונה האָבן. די דאָזיקע פּראָצעדור האָט די באָבע יהודית נעבעך געמוזט דורכגיין.

אַזוי איז מײַן זיידע נפֿתּלי ווידער געוואָרן אַ באַווײַבטער: ער האָט גענומען די באָבע יהודית.

## דער מאַמעס שטיפֿמאַמע (די באָבע יהודית)

נאָכן מבול האָט מען מײַן עלטער־זיידן שלמה און זײַן אַלטיטשקער דאָס הויז מיט דער קרעטשמע ווידער אויפֿגעשטעלט, אָבער זיי זענען שוין געבליבן צעבראָכן און אומפּעיִק זיך צו עפּעס צו נעמען. איידער האָט זיי טאַקע באַוווּנדערט: סטײַטש, אַזאַ נס מיט זיי געשען! און מען האָט געזאָגט, אַז יעדער ייִד זאָל זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר פֿון דעם אַלטן פּאָרל: די מעשׂים־טובֿים זייערע האָבן זיי אָפּגעהיט פֿון אַזאַ שרעקלעכן טויט.

זיי האָבן נאָך געלעבט אַ שיינע פּאָר יאָר, אָבער אַרבעטן, פֿירן גע־שעפֿטן האָבן זיי מער נית געקענט. שיקט דאָך אָבער גאָט די קעלט נאָך די קליידער, האָט זיך פּונקט דעמאָלט געמאַכט, אַז מײַן זיידע נפֿתּלי האָט חתונה געהאַט מיט דער באָבע יהודית. זײַן פּרנסה האָט זיך אָבער געגעבן אַ קער מיט דער פּוטער אַראָפּ, איז דער זיידע נפֿתּלי געקומען און זיך באַזעצט אויף דער זוויניעטשקע און האָט איבערגענומען פֿירן

דעם עלטער־זיידנס געשעפֿטן מיט דער בעשטאָוויניע. דאָס אַלטע פּאָרל האָט שוין קיין סך נישט געדאַרפֿט, האָט דער זיידע נפֿתּלי זיי צוגעזאָגט אַ וואָכנגעלט און האָט אַוודאי געהאַלטן מיט כּבֿוד־גדול זײַן צוזאָג. אָבער בײַ אים אין שטוב איז נישט געווען אַזוי אײַ־אײַ־אײַ.

דאָס נײַע ווײַב, כאָטש מע האָט געהאָפֿט זי וועט קיין קינדער נישט האָבן, ווייל זי האָט מיטן ערשטן מאַן נישט געהאַט און בײַ איר אין דער משפּחה זענען געווען ווײַבער וואָס האָבן קיין קינדער נישט געהאַט, האָט זיך דווקא געגעבן אַ שיינעם שטעל און ביז צו די נײַן חדשים האָט זי באַגליקט דעם זיידע נפֿתּלי מיט אַ צווילינג, צוויי מיידן. אַזוי ווי דרײַ זענען שוין געווען פֿון פֿריִער, זענען איצטער געווען פֿינעף מיידלעך און איין זון דערווײַל.

די באָבע יהודית האָט געדאַרפֿט מיטהעלפֿן אין שענק און ניט אַזוי צוליב פּרנסה, ווי צוליב זיך אַליין. זי האָט געהאַט אַן אָרעמע מאַמע, אַן אַלמנה מיט אַ פּאָר טעכטער חתונה צו מאַכן און אַליין אַ יונג שיין ווײַבל, האָט זי געוואָלט שיינע קליידער און כּדומה זאַכן וואָס די אַנדערע שוועגערינס האָבן געהאַט. זי האָט געדאַרפֿט און אַז דער זיידע האָט נישט געקענט געבן געגוג, איז זי געפֿאַלן אויף אַ ספּאָסיב: זי האָט בײַ אים דורכגעזעצט, אַז אַזוי ווי אין שטוב דרייען זיך אַרום דרײַ גרויסע מיידן, מישטיינס געזאָגט, וועלן זיי שוין אַכטונג געבן אויף די צוויי קינדער און זי וועט איבערנעמען דעם קליינפּאַרשלײַס פֿון שענק, דער זיידע זאָל זיך קענען אָפּגעבן צום הורט.*

און דאָ האָט זיך נעבעך אָנגעהויבן פֿאַר די דרײַ מיידלעך אַ גיהנום. מײַן מאַמע אַזוי ווי זי איז געווען די עלטסטע, האָט געמוזט טראָגן דעם גאַנצן עול פֿון דער גרויסער משפּחה: קאָכן, באַקן און זען אַלץ זאָל זײַן אין בעסטער אָרדענונג. ווײַל די שטיפֿמאַמע אירע איז געווען זייער אַ רעכטע. האָט דעם צווילינג עפּעס געפֿעלט, איז שוין געווען אָך־און־וויי צו די „דרײַ מיידן" (אַזוי האָבן זיי שוין בײַ דער שטיפֿמאַמע געהייסן). פֿון שול אַרײַן גיין אָדער חדר — זאָל גאָט אָפּהיטן. „אַ מיידל דאַרף נאָר אַזוי פֿיל קענען, זי זאָל קענען איבערציילן דאָס קוויטיקע גרעט", דאָס איז געווען דער באָבע יהודיתעס מיינונג און אַזוי האָט זי עס אויסגעפֿירט.

די ייִנגסטע פֿון די דרײַ, די מומע גיטל, האָט געהאַט די השגחה איבער דעם צווילינג. אַליין כּמעט נאָך אַ קינד, פֿלעג זי זיצן און וויינען און קלאָגן און וויגן די קינדער. טאָמער סע האָט איר, דער שטיפֿמאַמע עפּעס נישט געפֿעלן, פֿלעג זי גיבן פּעטש. מײַן מאַמע פֿלעג זיך שעמען, פֿלעג זי אַראָפּשלינגען און קיינעם נישט דערציילן; די מומע חיה־ריווע, אַ דימענט פֿון דער וועלט, האָט נעבעך שטילערהייט געוויינט; אָבער דערפֿאַר די מומע גיטל, זי פֿלעג נישט בלײַבן שולדיק,

* אַרויסגערעדט /הערט/.

נאָר אָפּענפּערן ווי ס'קער צו זײַן און פֿאַר דעם אַרײַנכאַפּן וויפֿל ס'איז אין איר אַרײַן. דערציילן דעם ייִדן? ערשטנס איז ער קיין מאָל נישט געווען אין דער היים און צווייטנס איז ער געווען טויב צו זייערע גע־וויינען. פֿאַרקערט, בײַ אים זענען זיי תּמיד געווען שולדיק. די מומע גיטל פֿלעג נאָכדערציילן, אַז דאָס איינציקע געווער אירס איז געווען צו שעלטן די קינדער און בעטן גאָט, זיי זאָלן זיך אָפּטראָגן, און אַזוי ווי איינס איז געווען אַ קרענקלעכס, האָט עס זי געפֿאָלגט און נאָך אַ שטיקל צײַט זיך אָפּגעטראָגן אויף יענער וועלט.

דער טויט פֿונעם שטיפֿשוועסטערל איז געווען אַ יום־טובֿ פֿאַר די קינדער, אָבער נישט אויף לאַנג: די שטיפֿמאַמע איז נישט געווען קיין שלימזלניצע און באַלד געהאַט נאָך אַ מויד און נאָך צוויי יאָר — ווידער אַ מויד. איז שוין געווען זעקס מיידלעך און אַ בחור, דער פֿעטער אַהרן. ער איז געווען אַ קלוגער, אַ שיינער, דער זיידע האָט אים געגעבן צו די בעסטע גמרא־מלמדים קיין זאַלישטשיק און ער איז כּמעט קיין מאָל נישט געווען אין דער היים. דאָס איז פֿאַר די קינדער געווען אַ גרויסע צרה, ווײַל אַזוי לאַנג אַהרן פֿלעג אַהיימקומען עסן, האָט ער נישט גע־שוויגן. ער האָט די שטיפֿמאַמע זײַנע, די באָבע יהודית, איין מאָל גע־סטראַשעט: אויב זי וועט שלאָגן די קינדער, נישט נאָר וועט ער דער־ציילן דעם טאַטן, נאָר ער אַליין וועט זיך אָננעמען זייער קריוודע.

אַז מע האָט אים, אַהרנען, אַוועקגעגעבן קיין זאַלישטשיק לערנען, האָבן די קינדער זייער געוויינט, אָבער די באָבע האָט זיך געפֿרייט. זי האָט אים ליב געהאַט פֿון דער ווײַטנס — ער איז געווען שטאַרק אַ געראָטענער, האָט זי נישט פֿאַרגונען דעם ייִדן אַזאַ זון.

גאָט האָט אָבער געהאָלפֿן, די באָבע האָט אין זעקס יאָר צײַט ד'עם ייִדן באַגליקט מיט דרײַ זין אויכעט, אָבער מײַן מאַמע איז שוין געווען דעמאָלט אַן אויסגעגעבענע, אַזוי אַז ווען די באָבע יהודית האָט געהאַט איר ערשטן זון איז שוין מײַן מאַמע אויך געלעגן אין קימפּעט מיט איר ערשטן זון, מײַן עלטסטן ברודער חיים.

חוץ אירע קינדער האָט די באָבע יהודית געהאַט צוויי שוועסטער — בעלאָסיע און ריקל. איז ווען דער זיידע פֿלעג אַוועקפֿאָרן קיין קריפּטש, האָט דער באָבע יהודיתס גאַנצע משפּחה זיך אַראָפּגעלאָזט ווי די זזיי־שעריקן. נאָך מער: כּדי צו זײַן נענטער צום קוואַל, ווו מע קען נעמען, האָט זיך דער באָבע יהודיתס משפּחה אַרײַנגעצויגן קיין באָבין, אַ דאָרף לעבן דער זוויניעטשקע, נישט מער ווי אַ תּחום־שבת. די צוויי מיידן — ריקל און בעלאָסיע — האָבן בײַם זיידן געטאָגט און גענעכטיקט און דאָס טישקעסטל האָט געמוזט מטיבֿ זײַן. דער זיידע נעבעך האָט געהאָרעוועט און די באָבע האָט צעטיילט. אַ ברירה האָט ער געהאַט? ערשטנס, האָט ער נישט געוווסט און צווייטנס איז די באָבע געגאַנגען אין די הויזן.

# טויבע האָט חתונה

מײַן מאַמע האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונגן־מאַן פֿון אַ משפּחה, וואָס מיט איר איז מען שוין געווען מחותּנים פֿון פֿריִער.*

ער איז געווען אַן איידעלער בחור, אַ פֿרומער, געגאַנגען אין לאַנגע ווײַסע זאָקן איבער די הויזן, מיט שטעקשיך, אַ רויטע פּאַטשיילע האָט אים אַרויסגעשטעקט פֿון דער תּחת־קעשענע. ער האָט די מאַמע זייער ליב געהאַט, אויף זײַן לעבן נישט געקוקט אויף קיין פֿרעמדן מין, כאָטש פֿאַר דער חתונה האָבן זיי זיך נישט געקענט, זי האָט זײַן פּנים פֿאַר דער חופּה אַפֿילו נישט געזען.

די מאַמע פֿלעג דערציילן, אַז זי האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט זען דעם בחור מיט וועמען זי האָט זיך געדאַרפֿט פֿאַרבינדן אויפֿן גאַנצן לעבן, אַז דאָס חיות איז איר אויסגעגאַן. קיין פּאַנאַטישע איז זי נישט געווען און ס׳וואָלט זי געווען אַזוי געפֿרייט, ווען מע זאָל אים געווען פֿאַרבעטן אויף אַ שבת אָדער אַ יום־טובֿ, אָבער ווער האָט אַזוינס געקענט אַרויס־ברענגען פֿון מויל?!

אַז ס׳איז געקומען די צײַט און מײַן מאַמע איז אַ כּלה געוואָרן, האָט זי זיך קיין סך נישט דערוועגט צו פֿרעגן. זי איז דאָך גליקלעך געווען צו קענען אַרויס פֿון הויז און פּטור ווערן פֿון דער שטיפֿמאַמע.

איין מאָל איז דעם חתנס ברודער יאַנציע אַרויסגעקומען אויף דער זוויניעטשקע צום ברודער זײַנעם משהלע ווי אַ חול־המועדניק, האָט דער מאַמעס ברודער אַהרן אים פֿאַרבעטן אַ פּאָר מאָל צום זיידן. גייענדיק אין איינעם אויף שפּאַצירן, די כּלה, איר ברודער אַהרן, איר שוועסטער חיה־ריווע, האָט מען אים, דעם חתנס ברודער יאַנציען, צו ביס־לעך אויסגעפֿרעגט אויפֿן חתן. קיין גאָר פֿויגלדיקן גרוס האָט מען נישט באַקומען. ער איז אַ חסידישער יונגער־מאַן, אַ גוטער, אַן ערלעכער, אָבער פֿון לעבן איז ער זייער פֿרעמד, אויף קיין מיידל נאָך קיין מאָל אַ קוק נישט געטון. איז דער מאַמען נעבעך ביטער געוואָרן אויפֿן האַרץ. זי האָט אַזוי געגאַרט אַרויסצוקומען פֿון איר היים און אַ ביסל עפּעס האָבן

* דעם זיידנס שוועסטער העלציע האָט חתונה געהאַט מיט משהלע פֿישבאַך פֿון יזגאַלניצע, אַ זייער לײַטישע משפּחה. זיי האָבן זיך באַזעצט אויף דער זוויניעטשקע און געהאַנדלט מיט בראָנפֿן. אַזוי איז דאָס געגאַנגען. דעם עלטער־זיידע שלמהס זין, איידעמס און אייניקלעך אַלע, ביז ווי ווײַט איך געדענק, האָבן קיין אַנדערע פּרנסה נישט געהאַט ווי בראָנפֿן. דער יינגסטער זון, דער פֿעטער מאָקע האָט אַזוי באַגליקט, אַז ער האָט שוין געהאַט אַ פּסעסיע און שפּעטער צוויי אייגענע גיטער; און זײַנע קינדער אויך מן־הסתּם פּסעסערס, ווי קען דאָס אַנדערש זײַן? „צוויי גבֿירים מאַכן דעם דריטן פֿאַר אַן עושר און צוויי אָרעמע מחותּנים מאַכן דעם דריטן פֿאַר אַ קבצן”. אַזוי האָט דער זיידע זיך געווערטלט מיטן שוואָגער זײַנעם משהלע, אַ ייִד צו גאָט און צו לײַט, אַ תּלמיד־חכם, אַן אָנגעלערנטער און אַ גרויסער חכם דערצו.

פֿונעם לעבן און דאָ קריגט זי אַזאַ כניאָק פֿאַר אַ מאַן! אָבער גיי שריַי „אַני שלמה", נישט מע מעג עפּעס זאָגן, אַפֿילו נישט קלערן פֿון עפּעס זאָגן דעם טאַטן. אָבער מיטן ברודער האָט זי יאָ איבערגעשמועסט, אַז זי האָט מורא חתונה צו האָבן מיט דעם חסידישן בחור. זי האָט עס ביַי איר טאַטן נישט געזען, ער איז געווען אַ פֿרומער, ערלעכער סוחר, אָבער צו קיין רבין נישט געפֿאָרן און קיין חסיד קיין מאָל נישט געווען. אַהרן האָט איר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז די חסידים זענען געוויינלעך גוטע מענער און די וויַבער איז ביַי זיי בעסער ווי ביַי די אויפֿגעקלערטע.

דערוויַל באַקענענדיק זיך מיטן חתנס ברודער יאַנציע און גייענדיק אין איינעם אויף שפּאַצירן, האָט זיך אָנגעהויבן שפּינען אַ שטילער ראָ־מאַן צווישן מיַין מאַמע און איר שפּעטערדיקן שוואָגער יאַנציע. זיי האָבן „זיך געדולט", ווי מע פֿלעג עס ביַי אונדז רופֿן. ער האָט איר געשיקט אַ פּאָר בריוועלעך מיט אַ שליח, כּדי קיינער זאָל נישט געוואָר ווערן, אָבער די מאַמע האָט חוץ אַ ביסל דאַוונען בײַם בעלפֿער (די שטיפֿמאַמע זאָל נישט וויסן), מער גאָרנישט געלערנט און האָט געמוזט אָנקומען צו אַנדערע, מע זאָל איר איבערלייענען די ליבעבריוו.

יאַנציע איז געווען, אַחוץ אַ גרויסער תּלמיד־חכם, אויך אַ קענער פֿון פּויליש און דיַיטש. ער האָט געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין דער גרויסער טאַבאַק־פֿאַבריק און איז געווען אַן אַנטיק פֿון אַ בחור. דאָ אין אַמעריקע האָט מען אים שפּעטער גערופֿן „די עדיוקייטעד ראַביַי". אָבער אין יענער צײַט איז אים מיַין מאַמע געפֿעלן, כאָטש זי איז נישט גע־ווען געבילדעט. זי פֿלעג אונדז דאָס דערציילן ווען מיר, אירע קינדער, האָבן שוין פֿאַרשטאַנען עפּעס פֿון ליבע. אַז זי האָט אונדז נישט אָפּ־גענאַרט, האָב איך ערשט שפּעטער געזען, ווען איך האָב זיך געטראָפֿן מיטן פֿעטער יאַנציע און זיין משפּחה דאָ אין אַמעריקע.

זײַן פֿרוי איז געווען אַ וואויל־קענעוודיקע. זי האָט שילערס ווערק און שעקספּירס געקענט ווי אַ פֿרומער ייִד קען מה־טובֿו פֿון אויסנ־ווייניק. אָבער ס'נישט געווען קיין גליקלעכער זיווג. אַז דער פֿעטער יאַנ־ציע פֿלעג זיך מיט זיַין וויַב אַ מאָל אויסטענהן, האָט ער איר תּמיד דערציילט, אַז סע האָט אים דאָס גאַנצע לעבן באַנג געטון נאָך אונדזער מאַמע. אָבער דער מאַמען האָט קיין מאָל נישט באַנג געטון נאָך איר „ליבעס־אַפֿערע". זי האָט מיטן טאַטן גליקלעך אָפּגעלעבט זעכצן יאָר און איז דערנאָכדעם געבליבן מיט אַן אייביקער בענקשאַפֿט אין האַרץ נאָך איר גוטן יונה.

מיידלוויַיז אָבער האָט זיך איר געדאַכט, אַז ס'איז נישט קיין גליַי־כער שידוך. זי — אַ פֿריילעכע, אַ לעבנס־לוסטיקע, און ער — אַ ישיבֿה־בחור. דער פֿעטער אַהרן האָט איר אָבער צוגערעדט און מע האָט אָפּ־געשמועסט אַ זמן־חתונה. דער זיידע האָט געסילוקט ק"ן רײַניש און מע האָט זיך אָנגעהויבן רעשן און צוגרייטן אַלץ ווי ס'קער צו זײַן.

אַז מע האָט אָנגעהויבן רעדן פֿון קליידער און אויסשטײַער, האָט די באָבע יהודית געמאַכט דאָס צעטל זיך: אירע מיידלעך, אירע שוועס־טער, איר מאַמע. יעדן דאַרף מען אויספּוצן אויף טויבעס חתונה. און דער כּלה אויך עפּעס... אָבער דאָ האָט זיך די באָבע טועה געווען. דער פֿעטער אַהרן האָט איר קלאָר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז חתונה־קליידער וועט זי נישט מיטגיין קויפֿן. ער איז שוין געווען אַ גרויסער בחור, געהאָלפֿן דעם זיידן צו דער פּרנסה און ער האָט עס איבערגענומען זיך אָפּצוגעבן מיט זײַן שוועסטערס חתונה. דער זיידע, ווי די גאַנצע משפּחה, האָט אַהרנען זייער ליב געהאַט. פֿאַר זײַן וואָרט האָט אַפֿילו די שטיפֿ־מאַמע דרך־ארץ געהאַט. און אַזוי איז עס טאַקע געבליבן: אַהרן האָט גענעמען די מומע האַגע, דעם פֿעטער עליעס ווײַב, און דעם זיידן און מע איז געגאַן נעמען דער מאַמע קליידער.

# דער מאַמעס קופֿערט

אַז איך בין שוין געווען אַ גרויס קינד, פֿלעג איך שוין וואַרטן אויף זומער, די מאַמע זאָל עפֿענען דעם קופֿערט און איך זאָל קענען מיך שפּיגלען אין די שיינע קליידער. פֿון זומער צו זומער פֿלעג זי אין דרויסן אַרויסנעמען דעם קופֿערט און אויסלייגן די שיינע קליידער צום לופֿטערן. אַלע שכנישע קינדער פֿלעגן קומען צו מיר און מיר פֿלעגן דעם גאַנצן טאָג נישט אָפּטרעטן פֿון די חידושים, וואָס דער קופֿערט האָט געהאַט בײַ זיך באַהאַלטן. דער טאָג איז געווען אַ גרויסע שׂימחה בײַ מיר.

איך פֿלעג מיך רעשן און אָפּהיטן, אַז די קינדער זאָלן חלילה נישט אָפּרייסן אַ פֿאַציערקע, אָדער אַ שטיק באַנד פֿון די שיינע קליידער. און די מאַמע האָט געמוזט זיך אַנידערזעצן און אונדז דערציילן, וויפֿל די קליידער האָבן געקאָסט און ווי אַזוי זיי האָבן געהייסן. זי פֿלעג דער־ציילן מיט אַזאַ באַהאַלטענער פֿרייד, און טרערן פֿון געוועזענעם גליק האָבן בײַ איר תּמיד אין די אויגן געבלישטשעט.

וואָס הייסט, די חתונה־קליידער! דרײַ זײַדענע האָבן עס געמוזט זײַן, ווי דער שטייגער, אַ ווײַס חופּה־קלייד מיט אַ שלעפּ פֿון טײַערן ווײַסן אַטלעס, איבערגעצויגן מיט שפּיצן; אַ שוואַרץ זײַדן קלייד צו פֿירן די כּלה אין שיל אַרײַן און אַ גרין געבלעטערט קלייד צום נאָכטאַנץ. דאָס זײַנען געווען די דרײַ הויפּטקליידער. הײַנט שטאָפּקליידער! אַ סאַ־מעטקלייד מיט טײַערע פֿאַציערקעס אויסגענייט, סע האָט געבליסקעט ווי דער מאָרגן־שטערן אין דער פֿינצטערער נאַכט, און אַ מאַרגנראָק אַ טערקישן פֿון פֿײַנעם וואָלשטאָף, אַחוץ עפּעס אַ קלייד מיט אַ טוניק, וואָס בײַ אונדז קינדער האָט דאָס געמיינט, אַז נאָר קייסערינעס טראָגן

אַזעלכע קליידער. אַ פוטער־מאַנטל פון איווון מיט אַ טײַערן שוואַרצן שטאָף און פון פוקסענע פעל דער אונטערשלאָק. און אַ רעטאָנדע, דאָס איז געווען אַזאַ מאַנטל אָן אַרבל — מיר, קינדער, פלעגן דאָס מלבוש אָנקוקן עפּעס ווי גאָר אַ חידוש פון דער וועלט: סטײַטש, אַ מאַנטל אָן אַרבל! און וואָס איז עפּעס די שוואַרצע פלושענע פעלערינע, וואָס די מאַמע פלעג זיך וויצלען, אַז זי טאַנצט אויף אַלע חתונות, ווײַל גאַנץ זוויניעטשקע פלעג אַנטלײַען אַט די דאָזיקע פעלערינע? וואָס פאַר אַ קלייד מע האָט געטראָגן, אַז מע האָט אָנגעטון די פלושענע פעלערינע, איז מען געווען אַ שיינע מחותנתטע.



די מאַמע פלעג אָנטייען פון די קשיות, וואָס מיר קינדער פלעגן זי אויספרעגן בשעתן באַוווּנדערן דעם קופערט. אָרעמער קופערט! ער איז נעבעך אַוועק מיטן גרויסן פײַער אין 1903 און אונדזער מאַמע האָט וויינקער באַווײנט דעם קופערט ווי מיר קינדער. אַז איך פלעג זי אַ מאָל פרעגן: „מאַמע, סע טוט דיר נישט באַנג נאָך די שיינע מלבושים, וואָס איך קען אין זיי נישט פאַרגעסן?" פלעג זי מיט אַ טרויעריקן שמייכל ענפערן: „נאַריש קינד, מיט דײַן טאַטן זענען אַוועק אַלע מײַנע האָפענונגען און חלומות פון פרייד און גליק; זאָל איך בענקען נאָך די שמאַטעס, וואָס איך האָב זיי אויף מײַן לײַב נישט געהאַט, זינט ער איז אַוועק פון אונדז? מײַן זון איז מיר אונטערגעגאַנגען נאָך איידער זי איז אויפגעגאַן"...

און מער האָב איך שוין נישט געוואָלט פרעגן, נאָר אין מײַן קינדערשן האַרץ איז געבוירן געוואָרן אַ בקשה צו גאָט, אַז איך זאָל קענען

מײַן אָרעמער מאַמע פֿאַרבײַטן אַ ביסל פֿון דעם, וואָס זי האָט געחלומט דאָס גאַנצע לעבן.

# דער טאַטע

מײַן טאַטן האָב איך נישט געקענט. כ׳ווייס אַפֿילו נישט ווי ער האָט אויסגעזען. בין איך דאָך אַלט געווען נאָר אַנדערט האַלבן יאָר, ווען ער איז פֿון אונדז אַוועק און קיין בילד האָט מען דעמאָלט נישט געטאָרט מאַכן, בפֿרט אַ פֿרומער מענטש ווי מײַן טאַטע איז געווען, ווײַל עס וואָלט געהייסן נאָכטון דעם אייבערשטן. נאָר ער האָט אַ רעכט צו באַשאַפֿן דעם מענטשנס צורה, אָבער נישט קיין בשׂר־ודם. מײַן מאַמע פֿלעג מיר זאָגן, אַז דער פֿעטער משהלע (מײַן טאַטנס אַ ברודער) זעט אויס פּונקט ווי דער טאַטע האָט אויסגעזען, אים צו לאַנגע יאָר, און דערפֿאַר פֿלעג איך שעהען און טעג זיצן און קוקן אויף דעם פֿעטער משהלע. איך האָב מיר געוואָלט אײַנקריצן אין האַרץ דאָס בילד פֿון מײַן טאַטן, וואָס איך בין נישט ווערט געווען צו געדענקען און הערנדיק וועגן זײַן גוטסקייט, זײַן ערלעכקייט, פֿלעג איך וויינען און בענקען נאָך אים.

די מאַמע האָט מיר דערציילט, ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט אים, כאָטש זי האָט נישט געהאַט קיין גרויס חשק צון אים און די חבֿרטעס האָבן שטילערהייט פֿון איר זיווג חוזק געמאַכט, האָבן זיי דערנאָך זי אַלע מקנא געווען און פֿלעגן קלעבן צון איר הויז אַזוי ווי בינען צום האָניק.

מע האָט פֿאַרן נדן, די ק״ן רײַניש, אַ הויז געקויפֿט; פֿאַרן דרשה־געשאַנק אַ קו; דעם טאַטן האָט מען אַרײַנגענומען אין לײַטערהויז פֿאַר אַ גאַמן; איז די מאַמע געווען פֿאַרזאָרגט מיט אַלעם גוטן.

אײַ, דער מאַן אירער איז געווען אַ חסיד און האָט נישט געוואָלט קוקן אויף קיין ווײַבער, וואָס האָט עס איר געשאַט? פֿאַרקערט, ער האָט זי זייער ליב געהאַט און פֿלעג זיך באַרימען, אַז זי, טײַבעלע, איז די שענסטע און די בעסטע באַלעבאָסטע אין שטעטל, כאָטש זי איז דעמאָלט פֿון ביידע מעלות געווען אַ ביסל ווײַט.

די מאַמע פֿלעג דערציילן, אַז מיידלווײַז, ווען סע פֿלעגן אַראָפּקומען צו דער אַבֿרהם־יאָסליכע אין אײַנפֿאָרהויז טאַנצלערערס און לערנען די מיידלעך טאַנצן, פֿלעג זי אויך וועלן גיין זיך לערנען, אָבער די שטיפֿמאַמע האָט נישט געלאָזט, ווײַל ערשטנס קאָסט עס געלט און צווייטנס איז דער לערער געווען אַ מאַן און ווי מעג אַ ייִדישע־טאָכטער טאַנצן מיט אַ מאַנסביל?

שפּעטער, נאָך דער חתונה, איז אַראָפּגעקומען אַ כאַליאַסטרע קאָ־

מעדיאַנטן צו דער אַבֿרהם־יאָסליכע און האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן טעאַטער. גאַנץ זוויניעטשקע איז געגאַנגען זיך אָנקוקן דאָס וואָס מע רופֿט אַזוינס טעאַטער. סטײַטש, אַזוינס האָט מען נאָך נישט געזען! מע האָט געזען „יוסף־שפּילערס", מע האָט געזען „פּלאַגערס", וואָס זיי פֿירן אויף פֿאַרשידענע שטיק, אָבער מאַנסבילן מיט מיידלעך זאָלן אין איינעם זיך צונויפֿנעמען און ווײַזן טעאַטער? דאָס איז געווען אַ הימל־געשריי! חוזק מאַכן פֿון די חסידים, פֿון רבין, זיך אָנטשעפּען פֿון פֿערדהאָר אַ באָרד און דאָס זאָלן גיין יידישע קינדער אָנקוקן? אַ חילול־השם!..

אַזוי האָבן געטענהט די פֿרומע, חסידישע מענטשן, אָבער די אויפֿגע־קלערטע, האָבן שטאַרק הנאה געהאַט און זענען געלאָפֿן צו דעם טעאַטער און זיך געפֿרייט: אויף דער זוויניעטשקע זאָל מען שפּילן טעאַטער — אַ גאַנצע גדולה! און מײַן מאַמע, אַ זייער לעבנס־לוסטיקע פֿרוי, צוזע־ענדיק ווי אַלע לויפֿן און רייצן זיך מיט איר: „דײַן כניאָק וועט דיך נישט לאָזן גיין!" האָט זי אויך חשק באַקומען צו גיין.

איז זי אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן בוידעם און דורך די שפּאַרונעס אַראָפּגעקוקט אין דעם „טרעאַטער", ווי זי פֿלעג עס רופֿן. דערזעענדיק ווי מע מאַכט חוזק פֿון אַזוינע יונגע־לײַט ווי איר יונה, איז איר אײַנ־געפֿאַלן אַ געדאַנק און בײַ נאַכט, ווען יעדער איז שוין געשלאָפֿן, איז זי אַראָפּ פֿון בעט, גענומען אַ שער און אים אונטערגעשוירן אַ פּאה. דער טאַטע, אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי און דאָס דערזען, האָט אויף איר אַפֿילו נישט קיין יעכץ געטון, נאָר, אַ שטילער, איר געזאָגט: „טויבעלע, דער שׂטן האָט דיך אָנגערעדט?" און מיט אַ פֿאַטשיילע זיך אַרומגעבונען, און אַז מע האָט אים געפֿרעגט וואָס ער האָט זיך אַרומגעבונען, האָט ער זיך פֿאַרענפֿערט, אַז ער האָט ציינווייטיק. אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען ביז די פּאה איז אים אונטערגעוואַקסן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די מאַמע האָט שטאַרק חרטה געהאַט פֿאַר וואָס זי האָט אים יסורים פֿאַרשאַפֿט און האָט זיך מער נישט געמישט אין זײַנע ענינים. פֿאַרקערט, זי האָט זיך צוגעוווינט צו זײַן פֿירעכץ און געטון זײַן רצון ווי אַן ערלעך ווײַב דאַרף טון. זי האָט אַליין אײַנגעזען, אַז ער איז ווערט מע זאָל אים פֿאָלגן: דאָס גאַנצע שטעטל האָט פֿון אים געהאַלטן שטאָל און אײַזן; דער פֿאָטער אירער איז געווען איבער גליקלעך מיטן איידעם און זי אויך.

צו מײַן טאַטנס גוטקייט און פֿרומקייט איז קיין שיעור נישט געווען. נאָך דער חתונה די ערשטע צײַט, אַז ער איז פֿרײַטיק געגאַנגען אין מקווה, פֿלעג ער אַהיימקומען אָן גאַטקעס. די מאַמע האָט אים נישט געוואָלט פֿאַרשעמען, זי האָט גערעכנט, ער האָט זיי פֿאַרגעסן אָדער מע האָט זיי בײַ אים צוגעגנבֿעט, אָבער אַז סע האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל, האָט זי געפֿרעגט איר טאַטן — זיי גייען דאָך אין איינעם — צי האָט ער נישט געזען, ווער סע גנבֿעט צו די גאַטקעס ביי איר יונהן? דער זיידע

האָט געשמייכלט און געזאָגט: „גיי, גיי, נאַריש ווײַבל! ער וועט דערפֿאַר האָבן עולם־הבא, ווײַל ווען ער זעט ווי אַן אָרעמאַן גייט אַן גאַקעס און ער אַליין האָט אין דער היים אַנדערע, ווי׳זוי קען ער דאָס צוקוקן און נישט אַוועקגעבן? זײַ אַ גוט ווײַב און מאַך דיך נישט־ווייסנדיק, וועסטו האָבן אַ חלק־עולם־הבא”. זי האָט געפֿאָלגט דעם טאַטן און איז געווען אַ גוט ווײַב און האָט קיין מאָל דערויף קיין חרטה נישט געהאַט.

## דאָס יונגע ווײַבל

אַזוי האָט מײַן מאַמע געלעבט בשלום־ושלווה מיט זיך, מיטן מאַן, מיט דער גאַנצער משפּחה. זי האָט, ווי גאָט האָט געבאָטן, צו די נײַן חדשים אַ זון געהאַט, אַ שיין קינד. מע האָט געפּראַוועט אַ גרויסע שימחה און דער טאַטע האָט געטאַנצט פֿאַר פֿרייד. אויף דער וואַכנאַכט זײַנען געזעסן ייִדן און געלערנט. קעגן דער לבֿנה האָט מען געגעסן און גע־טרונקען; און די קימפּעטאָרין איז אונטערן לײַלעך געלעגן ווי אַ מלכותטע.

די באָבע דבֿורה, דעם טאַטנס מאַמע, האָט ליב געהאַט די שנור ווי אַן אייגן קינד. זי איז צו איר געקומען מיט אַ פּאָר וואָכן פֿריִער, ווען די מאַמע האָט זיך געריכט אין קימפּעט. וואָס הייסט! מע דאַרף דאָך אָנגרייטן פֿאַר דער קימפּעטאָרין: אײַנזעצן קאַפּהענער כאָטש פֿיר וואָכן פֿריִער; אָפּבאַקן אַ גרויסע טאָרבע פּוטער־געבעקס; זי אויפֿהענגען איבער דער קימפּעטאָרינס בעט, אונטער דעם ווײַסן לײַלעך און אָנזאָגן איר למען־השם, זיך אַלע מאָל דערקוויקן, אָבער עס זאָל חלילה קיינער נישט זען: מע זאָל באַשערעמט ווערן פֿון אַ גוט־אויג!

אַזוי האָט מײַן מאַמע געפּראַוועט קימפּעט. אַז זי איז אויפֿגעשטאַנען און איז אַוועק אין שיל אַרײַן הערן ברכו, האָט יעדער געזאָגט, אַז זי איז שענער ווי אַז זי איז געגאַן צו דער חופּה. די באָבע דבֿורה איז נישט אַהיימגעפֿאָרן, ביז זי איז נישט געגאַן טבֿילה האָבן. און דערנאָך האָט די מאַמע אויך נישט געדאַרפֿט קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער טון, ווײַל ס׳איז געווען אַ דינסט אין הויז, וואָס האָט געפֿירט דאָס גאַנצע באַלע־באַטישקייט.

נאָכן האָבן אַ בן, איז זיך אַלץ צוריק דעם אַלטן גאַנג געגאַן. דער טאַטע האָט אָנגעטייעט אי פֿונעם ווײַב, אי פֿונעם זון. אַזוי האָט זיך געפֿירט, אַז צו יעדע דריט האַלבן יאָר האָט די מאַמע איבערגעחזרט די זעלבע זאַך: ווידער די באָבע דבֿורה געקומען און צוגעגרייט די אַלע זאַכן, וואָס די קימפּעטאָרין דאַרף האָבן, און די מאַמע האָט צו מזל איינס נאָך ס׳אַנדערע דרײַ זין געהאַט. די מאַמע איז שוין געווען אַ בעל־יסודים: סטײַטש, קיין מיידל קומט נישט!

# די לעכציערס

אין דער צײַט וואָס די מאַמע איז פאַרגאַנגען אין טראָגן מיט דעם קינד, האָט דעם טאַטנס אַ שוועסטער, וואָס האָט געווינט אין זאַלישטשיק מיט איר מאַן און זעקס קינדער, אויך געשוואַנגערט מיט איר זיבעטן קינד. זי, די מומע פאַליע, איז געווען צו דער מאַמען נישט ווי אַ שוועגערין, נאָר ווי אַ גוטע עלטערע שוועסטער. ביידע שוועגעריננס האָבן געחלומט פון דער צײַט וואָס זיי וועלן מיט גאָטס הילף געבוירן זייערע קינדער און פראַווען אין איינעם שׂימחות. אָבער גאָט האָט אַנדערש געוואָלט... די מומע פאַליע איז עפּעס נישט־געזונט געוואָרן און מע האָט בײַ איר אָפּגענומען אַ טויט קינד פון אַכט חדשים. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז זי אויך נאָכגעגאַן איר קינד.

עס איז געוואָרן אַזאַ קלאָג, אַז די גאַנצע שטאָט האָט געטרויערט. פאַליע, דאָס איז נישט געווען אַבי אַ ייִדענע, אַ פאַרנעם פון אַ ייִדענע! ערשטנס שיין, קלוג און אַ גרויסע מלומדת; איר צדקה געבן! איר גמילות־חסדים וואָס קיינער האָט נישט געוווסט, האָט ערשט נאָך איר אַוועקגיין זיך באַוויזן: יעדער אָרעמער סוחר אָדער בעל־עגלה איז געקומען און געווײנט און געשריגן: „ווער וועט אונדז אַרויסהעלפן אין אונדזער נויטן?"

מען איז ערשט דעמאָלט געוואָר געוואָרן פון איר גוטס, וואָס זי פלעג טון שטילערהייט, און אַזאַ טײַערע נשמה איז אַוועק און האָט איבערגעלאָזט איר מאַן און די זעקס קינדער אויף גרויסע צרות. ווי לאַנג זי האָט געלעבט, איז עס געווען אַ רײַכע משפּחה: דער פעטער ניסן קויפמאַן, איר מאַן, איז געווען אַ בן־יחידל פון אַ סוחר. זיי האָבן אים חתונה געמאַכט מיט פאַליען, האָט זי איבערגענומען די געשעפטן. זיי האָבן געהאַט אַ ליכטפאַבריק און מע האָט זיי טאַקע גערופן „די לעכציערס".

איך געדענק גאַנץ גוט דעם פעטער ניסן, אַ קלוגער ייִד געווען, קיין איינציק וואָרט נישט אַרויסגעזאָגט אָן אַ חכמה, אָבער אַ סוחר איז ער געווען גאָר אַ קליינער. בײַ זײַנע עלטערן איז ער יום־ולילה געזעסן און געלערנט. אַז ער האָט חתונה געהאַט, האָט די מומע פאַליע איבערגענומען די קאָמאַנדע און ער האָט זיך ווייניק געמישט. ער האָט געהאַט זיך אויף ווערן צו פאַרלאָזן. זײַן ווײַב פאַליע האָט געפירט די ליכטפאַבריק, האָט זיך אויפגעבויט אַ גרויס הויז אין מיטן מאַרק און בהרחבֿהדיק נגידיש עס געפירט ביז אין דעם אומגליקלעכן טאָג, וואָס זי איז אַוועקגעגאַן. מיט איר טויט האָט זי מיטגענומען דאָס גאַנצע דאָבֿרע־מזל. אַלץ איז געוואָרן אַש־און־פאַרעך און פון דער גרויסער, שיינער משפּחה איז געוואָרן אַ שלימזלדיק הויז.

צרות בײַם פעטער ניסן זענען זיך געגאַן זייער וועג און נחת בײַ מײַן מאַמען איז זיך געגאַן זײַן וועג. כאָטש מײַן מאַמע האָט געטרויערט

אַ לאַנגע צײַט נאָך איר טײַערער שווער־גערין, אָבער דאָס לעבן פֿאָדערט צו פֿאַרגעסן אַלץ וואָס די ערד דעקט צו און ווען, אין מיטן די אַלע צרות, איז מײַן מאַמע צו דער רעכטער צײַט געלעגן געוואָרן און האָט דאָס אַזוי שטאַרק אויסגעבענקטע מיידעלע געהאַט, האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן פֿאַליע.

טאַטע־מאַמע האָבן זיך מיט דעם קינד שטאַרק געפֿרייט ביז דאָס מיידעלע איז איין מאָל קראַנק געוואָרן און איז אַוועק פֿון דער וועלט. די מאַמע איז געבליבן זייער פֿאַרביטערט, ביז גאָט האָט געהאָלפֿן זי איז ווידער געלעגן געוואָרן און האָט געהאַט אַ מיידעלע צו לאַנגע יאָר. וואָס איז שייך די פֿרייד, וואָס דאָס קינד האָט פֿאַרשאַפֿט טאַטע־מאַמע, איז נישט נאָכצוזאָגן. מײַן שוועסטערל האָט מען אַ נאָמען געגעבן ריווציע, עפּעס נאָך אַן אַלטער מומע.

און נאָך דריט האַלבן יאָר בין טאַקע איך אויך געקומען אויף דער וועלט.

# ח יי ם

איך געדענק ווי די מאַמע פֿלעג זיך אַזוי ווי פֿאַרענטפֿערן, וואָס זי האָט נאָר פֿינעף קינדער געהאַט: „איך בין דאָך געבליבן, מישטיינס געזאָגט, אַ יונגע אַלמנה״. דאָס האָט זי שפּעטער געזאָגט, ווען מיר קינדער האָבן שוין געקענט אַליין פֿאַר זיך זאָרגן און איר אויך העלפֿן, אָבער ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן, דעמאָלט, אין יענעם טרויעריקן טאָג פֿון חשוון תרנ״ד, האָט זי שוין נעבעך פֿאַרגעסן אין אַלע אירע פֿריידיקע חלומות און איז באַפֿאַלן געוואָרן פֿון אַ מרה־שחורה.

וואָס וועט זי אָנהייבן טון מיט פֿינעף קליינע קינדער? מײַן ברודער חיים, דער עלטסטער, איז אַלט געווען פֿערצן אַ האַלב יאָר. אַ פֿאַרפּעסטעט קינד געווען, אַ בחור׳ל וואָס, אַז ער האָט אין דער פֿרי געדאַרפֿט גיין אין חדר, האָט מען געמוזט אַ קאָרט מילעך אַזוי לאַנג וועלן, ביז עס איז אײַנגעקאָכט געוואָרן און געבליבן אַ גאַנץ קליין ביסל. דערנאָך ערשט האָט מען אים געמוזט גוט באַצאָלן, ער זאָל דאָס אויסטרינקען. ער איז געווען אַ גרויסער איבערקלויבער און איז דערגאַנגען יעדן אין הויז די יאָרן סײַ מיטן עסן סײַ מיטן אָנטון זיך. אָבער אַזוי לאַנג ווי דער טאַטע האָט געלעבט און עס איז געווען פֿון אַלעם גוטן אין הויז, מהיכא־תיתי. ער איז אַ שיין קינד, האָט אַ זייער גוט קעפּל, האָט דער טאַטע געוואָלט אים מאַכן כאָטשע פֿאַר רבֿ; קודם געהאַלטן אים בײַ די בעסטע מלמדים, דערנאָך אים געגעבן צו לייבעלע דיין לערנען.

# סראָל

סראָל, דער צווייטער זון, איז אַלט געווען צוועלעף יאָר, ווען דער טאַטע איז אַוועק. ער איז שוין געווען גאָר פון אַן אַנדערן שניט. ער האָט געוואָלט שטאַרק לערנען, אָבער האָט געהאַט אַ פאַרשטאָפּט קעפּל. דער מלמד פלעג אים הרגענען־שלאָגן: „שטיַנטש, יונה פישבאַכס זינדל זאָל אויסנווייניק נישט קענען, וואָס ער לערנט אַ גאַנצע וואָך און אַז סע קומט שבת צום פאַרהערן, זאָל ער אַרויסשטעקן די צונג!" ער פלעג אין אים אַריַנקלאַפּן, וויפל סע האָט זיך געלאָזט אָבער סע האָט נישט געהאָלפן. דערפאַר אָבער איז ער געווען זייער פרום. ער האָט חלילה נישט פאַרגעסן אַ ברכה צו מאַכן, איידער ער האָט אַראָפּגעשלונגען אַ ביסן; ער איז זיכער נישט אַריבערגעטרעטן אַ טיר, ער זאָל נישט קושן די מזוזה. פון לויפן דאַווענען צוויי מאָל אַ טאָג איז נישטאָ וואָס צו רעדן. סע האָט געמעגט וואַרפן מיט שטיינער, האָט ער אָפּגעהיט די אַלע מיצוות, וואָס די הייליקע ספרים האָבן געבאָטן. פרום און גוט איז ער געווען, אַזוי ווי דער טאַטע פון זיַן געבורט ביז צום אַוועקגיין פון דער וועלט. היימען האָט דער טאַטע מער ליב געהאַט, און סראָלן — די מאַמע.

סך־הכל האָט ער קיין סך נישט געלערנט אין חדר. ער איז אין אַ שיינעם טאָג אַהיימגעקומען אין איין געוויין: דער רבי האָט אים אַזוי געשלאָגן, אַז סע טוט אים ווי דער קאָפּ. די מאַמע האָט אויסגעפרעגט די אַנדערע חדר־יינגלעך, וואָס האָט דער רבי געטון דעם קינד, האָבן זיי בסוד־סודות דערציילט, אַז ווען סראָל האָט נישט געקענט ענפערן, ווען דער רבי האָט אים עפּעס געפרעגט, איז דער רבי אין כּעס געוואָרן און אים געוואָרפן אַ שטיוול אין קאָפּ אַריַן. געטראָפן האָט ער פּונקט אין אויער אַריַן. אַז די מאַמע האָט דאָס דערהערט, איז זי אַוועק אין חדר. וואָס האָט זי שוין געקענט טון דעם רבין? געכאַפּט אַ שטיין און געוואָרפן אים אין פענצטער, אויסגעשלאָגן אַ שויב: „רויבער, האָט זי געשריגן, וואָס ווי'סטו פון מיַן קינד? וועט ער נישט זיַן קיַן רבֿ!" אָבער אַז מע האָט שפּעטער דערזען, וואָס דעם קינד איז געשען — סע האָט אים אָנגעהויבן ריַנען פונעם אויער — איז מען אַוועק צום דאָקטער און ער האָט פעסטגעשטעלט אַז דאָס טראָמלעפל האָט געשפּרונגען. ער איז שוין מער אין חדר נישט געגאַן, וויַל ער איז געווען טויב אויף דעם אויער און די מאַמע האָט מיט אים געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. זי איז מיט אים געווען אין טשערנעוויץ אין שפּיטאָל, אָבער קיין סך האָט עס נישט געהאָלפן, ער איז געבליבן קראַנק אויפן אויער זיַן גאַנץ לעבן און פון לערנען איז שוין קיין רייד נישט געווען. שפּעטער אָבער, אַז ער איז געבליבן אַ יתום, איז ער דערפאַר געווען דער ערשטער וואָס האָט אָנגעהויבן צו פאַרדינען און זיך אַליין באַצאָלט אי אַ מלמד

אי אַ דײַטשן לערער. ער האָט אויך דער מאַמען געהאָלפֿן מיט וויפֿל ער האָט געקענט. וואָס האָט שוין, מישטיינס געזאָגט, געקענט אַ קינד פֿון צוועלעף יאָר פֿאַרדינען? אָבער ער האָט געמוזט און געוואָלט; איז ער אויפֿן טאַטנס אָרט אויפֿגענעמען געוואָרן אין לײַטערהויז. ערלעך איז ער געווען ווי קוים אַ צווייטער און די משפּחה האָט אים ליב געהאַט. איז ער שוין פֿאַרבליבן אַ בראָנפֿן־סוחר זײַן גאַנץ לעבן.

# לאָזער

דער דריטער זון, לאָזער, איז אַלט געווען נײַן און אַ האַלב יאָר, ווען דער טאַטע האָט זיך געפֿעלט, אָבער ער איז געבליבן דער מאַמעס צרה מער פֿון אַלע קינדער. ער האָט געהאַט זייער אַ גוטן קאָפּ, געווען קלוג און זײַן גוט האַרץ האָט איבערגעטראָפֿן אַלע קינדער, אָבער לערנען — פּאַוואָליע! ער האָט נישט געוואָלט גיין אין חדר. אַ תּירוץ האָט ער געהאַט: מע האָט סראָלן געמאַכט פֿאַר אַ קאַליקע, וויל ער נישט גיין צו די רויבערס, די מלמדים. נאָכן טויט פֿון טאַטן אָבער, איז ער געבליבן אַ זאָרגקינד פֿון זיידן, פֿון פֿעטער בעריש. ווער סע האָט נאָר געהאַט גאָט אין האַרץ האָט לאָזערן געמוסרט און געשלאָגן. די מאַמע פֿלעג וויינען קיינער זאָל נישט זען, ווײַל זיי פֿלעגן זי שטראָפֿן: „וועסט זען, ער וועט אונדז נאָך דאָס פּנים פֿאַרשוואַרצן! ער וועט נאָך אויסוואַקסן אין סיביר!" און לאָזער האָט יעדן אויף צו להכעיס געטון וואָס ער האָט פֿאַרשטאַנען און נישט וואָס די פֿאַרזאָרגערס האָבן געוואָלט. אַ צעלאָזטער בחור איז ער געווען, האָט ער זיך צונויפֿגעקאָמפּאַניעוועט מיט אַבֿרהמעלע דעם שוחטס, אויך אַ יתום פֿון זייער אַ טײַערן טאַטן, אָבער אויך נישט געוואָלט לערנען, האָבן זיי ביידע געפֿירט די מדינה; אָפּגעטון כּל־השטיקלעך, וואָס גאַנץ זוויניעטשקע האָט געהאַט מיט זיי צו טון. די אָרעמע מאַמע האָט געהאַט וואָס צו וויינען...

תּיכּף נאָכן טאַטנס טויט האָט זי, אויפֿן באַראָט פֿון די בעל־עצות, דעם עלטסטן, חיימען, אַרויסגענעמען פֿונעם לערנען און אָנגעהויבן קלערן וועגן תּכלית. אַזוי ווי ער איז געווען אַן אײדל געצויגן קינד מיט אַ גוט קעפּל, האָט מען אים אָרײַנגעגעבן צון אַ זייגער־מאַכער, אויסלערנען אַ גוטע מלאָכה (ווי סע פּאַסט פֿאַר אַ גמרא־יינגל). אָבער אַ זייגער־מאַכער האָט געוואָלט 150 רײַניש, ער זאָל אים אין דרײַ יאָר אויסלערנען זײַן אַ פֿאָלנע בעל־מלאָכה. נו, ווו זשע נעמט מען אַזאַ סך געלט? עס איז אין יענער צײַט געווען אַ גאַנצער נדן! האָט נעבעך די מאַמע דאָס ווערטפֿולסטע וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט — די קו, די גאַנצע שפּײַזערין פֿון די פֿינעף קינדער — געמוזט פֿאַרקויפֿן און פֿאַרן באַטרעף (120 רײַניש) חיימען אַרײַנגעגעבן לערנען אַ זייגער־מאַכער.

איצט וואָס טוט מען מיטן תּכשיט לאָזער? לערנען נישט ער וויל,

נישט די מאַמע האָט געקענט צאָלן פֿאַר אים. האָט מען נאָך קלערן אַהין און אַהער דעם ניינאַהאַלביאָריקן בחורעץ אַרײַנגעגעבן צון אַ בעל־מלאָכה. אַזוי ווי אין דער משפּחה אין טאַטנס צד איז שוין געווען איין יתום, עליע ווערנער, וואָס מע האָט אים אָפּגעגעבן צון אַ בלעכער און אין דער מאַמעס צד איז אויך געווען עפּעס אַן אומגליקלעכער יתום, וואָס די משפּחה האָט מסכּים געווען אויף צו לערנען אים בלעכערײַ, האָט מען לאָזערן אויך געלאָזט לערנען דאָס פֿאַך. אָבער בלעכערס צו בלעכערס איז עפּעס אַ חילוק! פֿאַר יענע קינדער האָט מען באַצאָלט די מײַסטערס, איז געווען אַן אַנדערער שמועס. פֿאַר לאָזערן נעבעך האָט קיינער קיין גוט וואָרט נישט אַרײַנגעלייגט. זײַן באַלעבאָס איז געווען אַליין אַ בלוטיקער אָרעמאַן מיטן דלות פֿון פֿאָרנט און פֿון הינטן און אַ שטוב מיט קליינע קינדער, האָט לאָזער פּשוט באַדאַרפֿט זײַן אַ משרת: זיצן אַ גאַנצע נאַכט און וויגן דאָס פּיצעלע, טראָגן וואַסער, אַרויסטראָגן די פּאָמייניצע און כּדומה אַזאַ אַרבעט, וואָס אַ דינסטמויד האָט געטון אין מער באַלעבאַטישע שטיבער. מע האָט דעם אָרעמען לאָזער אַהין אַרײַנגעגיבן אויף פֿיר יאָר. אין דער צײַט האָט אים זײַן באַלעבאָס ברוך קרעפּליאַק באַדאַרפֿט גיבן עסן און שלאָפֿן און אויסלערנען אים די מלאָכה. אַז אַך און ווי איז שוין געווען צו דעם עסן און צו דעם לערנען! עסן האָט ער אים געגיבן אַ קרענק אויפֿן זייגער, אַחוץ בעך אין די זײַטן וויפֿל ס׳איז אין אים אַרײַן. דאָס קינד פֿלעג אַהיימקומען אויף שבת, אַזוי איז געווען אויסגענומען.

איך געדענק נאָך די פֿרײַטיקפֿאַרנאַכטן, ווען לאָזער פֿלעג אַהיים־קומען אַן אויסגעהונגערטער מיט ברוינע און בלאָע צייכנס אויפֿן גאַנצן לײַב. איך געדענק עס, כאָטשע איך בין נאָך געווען גאָר אַ קליין קינד, ווײַל ער איז בײַ מיר געווען דער ליבסטער פֿון אַלע שוועסטער און ברידער. און אַז די מאַמע פֿלעג אַראָפּגיין צום זיידן און וויינען: „שטײַטש, ער וועט דאָס קינד מאַכן פֿאַר אַ קאַליקע!" פֿלעגן די פֿאַר־זאָרגערס זי גוט אויסמוסרן: „סע וועט דעם תּכשיט גאָר נישט שאַטן!" וואָס האָט זי געקענט אין צרות טון? נאָר וויינען, אי דאָס אַז קיינער זאָל נישט זען...

## אַוודאי געכאַפּט אַ גוט־אויג

מײַן שוועסטער ריווציע איז געווען פֿיר יאָר און איך — דאָס יינגסטע — אַנדערט האַלבן, נאָך בײַ דער ברוסט אַ קינד. ריווציע איז געווען אַ שיין שטיל מיידעלע, האָט נישט געמאַנט גאָרנישט. האָט מען איר געגעבן אַ שטיקל ברויט אין הענטל, איז געווען גוט און ווען נישט, האָט זי אויך געשוויגן.

איך, פֿלעג די מאַמע זאָגן, בין געווען אַ פֿאַרשווין פֿון אַ קינד.

כ׳פֿלעג מיר נישט לאָזן שפּײַען אין דער קאַשע. אַז איך בין הונגעריק געוואָרן, פֿלעג איך נעמען דאָס פּוסבענקעלע און אָנכאַפּן די מאַמע פֿאַרן קלייד. זי האָט געמוזט זיך אַנידערזעצן און מיר געבן די ברוסט. איך בין נישט געווען קיין צוויי פֿאַר דרײַ.

נאָר אין איינעם אַ טאָג בין איך קראַנק געוואָרן און האָב אָנגעהויבן שטאַרק צו ברענען. האָט די מאַמע אַרײַנגערופֿן די קאַרטן־וואַרפֿערין, זי זאָל מיר אָפּשפּרעכן אַ גוט־אויג. אַ שיינע געזונטע מויד מיט אַ פּיסק אויף שרויפֿן, האָב איך אַוודאי געכאַפּט אַ גוט־אויג. אָבער אַזוי ווי ס׳איז נישט בעסער געוואָרן און איך בין באַוואָרפֿן געוואָרן מיט בלאָטערס אויפֿן גאַנצן לײַב און דאָס פּנים איז געווען איין פּײַער, האָט מען נאָך לאַנגן קלערן אַריבערגעבראַכט אַ דאָקטער. אַזוי ווי דער דאָקטער האָט מיך דערזען, האָט ער געפֿרעגט די מאַמע: „זאָגט מיר, מומעשי, איר האָט דעם קינד געזעצט פּאָקן?" די מאַמע האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַר־ענפֿערן: „הער דאָקטער, דער קאָפּ איז מיר נישט געווען דערבײַ, איך בין געבליבן אַ בידנע אַלמנה מיט פֿינעף קליינע קינדער. איך ווייס אַליין נישט אויף וועלכער וועלט איך גיי אַרום!" אָבער דער דאָקטער האָט זי אָנגעקוקט און איר אַן רחמנות געזאָגט: „איר הערט, מומעשי, אײַער קינד איז געפֿערלעך קראַנק אויף אַן אָנשטעקיקער קרענק און איר מוזט אַלע קינדער אַוועקשיקן פֿון הויז. דעם קינד מוזט איר לייגן אײַן צום גאַנצן לײַב און טאָמער וועט זי זיך קראַצן, וועט זי באַקומען לעכער, ווײַל אונטער יעדן בלאָטער איז דאָ אַ וואָרעם און דאָס בײַסט געפֿערלעך. אַז איר וועט זי נישט אָפּהיטן, קען זי ווערן בלינד אָדער שטום. זי האָט די פּאָקן. עסן מעגט איר איר נאָר גיבן זויער־מילעך, ווײַל זי האָט די זעלבע בלאָטערס אינעווייניק וואָס פֿון דרויסן!" מײַן מאַמע האָט זיך נעבעך דערשראָקן, האָט די קינדער אַוועקגעשיקט צום זיידן. נאָר לאָזער האָט געזאָגט, ווען מע זאָל אים הרגענען, טרעט ער נישט אָפּ פֿון מײַן בעטל. ער וועט ליפּשעלען נישט איבערלאָזן אויף הפֿקר! און ווען נישט ער, וואָלט איך טאַקע געווען הפֿקר. די מאַמע איז געווען פֿאַרצרהט און האָט אפֿשר געקלערט, ווען איך טראָג מיך אָפּ, וואָלט אויך נישט געווען קיין לאָך אין ספּאָדיק, אָבער איך — אויף להכעיס, האָב געוואָלט לעבן... איך האָב מיך געמוטשעט מיטן טויט, אָבער איך בין אַרויס מיטן לעבן... לאָזער האָט פֿון מיר נישט אָפּגעטרעטן און ווער סע האָט געהאַט גאָט אין האַרצן, האָט מיר דורכן פֿענצטער דערלאַנגט זויער־מילעך. איך פֿלעג בעטן מע זאָל מיר די הענט בינדן, כּדי איך זאָל מיך נישט קראַצן. אָבער דאָס בײַסעניש איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיט געבונדענע הענט פֿלעג איך מיר דאָס פּנים רײַבן און דער סוף איז געווען, אַז איך בין טאַקע געבליבן מיט אַ מום, פֿאַר אַ מיידל אַ זייער גרויסער מום: מײַן פּנים איז געבליבן געשטופּלט. מײַן גאַנץ לעבן האָב איך שטאַרק געליטן דערפֿון. אָבער מײַנע נאָענטע

פלעגן זאָגן: „דײַן קלוגער פּיסק וועט דיך פון אַלע צרות אַרויסשלעפּן!"

איך האָב אָנגעהויבן צו געדענקען זאַכן, ווען איך בין מן־הסתּם צוויי און אַ האַלב יאָר אַלט געווען. איך געדענק ווי הײַנט, אַז ווען איך בין געלעגן אַזוי שווער קראַנק און קיינער איז מיט מיר אין שטוב נישט געווען, לאָזער איז אַוודאי געלאָפן זוכן אַ ביסל זויער־מילעך, אין שטוב איז געוואָרן טונקל, איז צוגעקומען צום פענצטער אַ שכנטע. איך האָב זי אָנגעהויבן בעטן: „ווײַבל (אַזוי האָט מע זי גערופן), קומטס אַרײַן! וואָס האָט איר מורא? איר האָט דאָך קיין קינדער נישט". זי האָט אָנגעהויבן וויינען און איז אַרײַנגעקומען. פון דעמאָלט אָן איז זי שוין יעדן טאָג אַרײַנגעקומען אויף אַ פּאָר שעה. און מײַן ערשטע חכמה האָט געשמט אויף דער גאַנצער זוויניעטשקע.

## „נחת" פון קינדער

אַז איך בין געזונט געוואָרן פון די פּאָקן, בין איך צו לאָזערן אַזוי צוגעבונען געוואָרן, אַז איך בין פאַר אים געווען גרייט צו גיין אין וואַסער און אין פײַער.

איין מאָל, ווען דער מײַסטער האָט לאָזערן געהרגעט־געשלאָגן און נישט געגיבן קיין עסן, איז ער אַהיימגעקומען און מער נישט געוואָלט צוריקגיין. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן געוואַלדעס, געוויינען. ער איז דאָך געווען פאַרשריבן אין צעך, אַ פאַראיין נישט לטובת די לערן־ייִנגלעך, נאָר פאַר די באַלעבאַטים און אַז אַ לערן־ייִנגל איז געווען דאָרטן פאַרשריבן, האָט ער געמוזט אָפּזײַן די צײַט, ווײַל אויב ער איז אַנטלאָפן, האָט מען אים געקענט צוריקברענגען מיט דער פּאָליציי. זײַן באַלעבאָס, ברוך קרעפּליאַק (אַ צונאָמען — אָן דעם האָט מען זיך בײַ אונדז נישט געריררט), איז געווען אַ שלעכטער ייִד און נישט געוואָלט לאָזערן אַרויס־לאָזן פון צעך. די מאַמע האָט פאַר לאָזערן באַהאַלטן דאָס ברויט, כאָטש דאָס האַרץ האָט איר ווי געטון. אַזוי האָט דער זיידע געהייסן. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, לאָזער האָט געליטן הונגער און נישט געוואָלט צוריקגיין צו דעם באַלעבאָס.

איך בין געווען זײַן גוטער מלאך — איך פלעג, ווען נאָר איך האָב געקענט, צוגנבֿענען אַ שטיקל ברויט און אים אָפּטראָגן אין כאַשטש, אונדזער וועלדל אויפן זוויניעטשקער באַרג. דאָרט איז געווען זײַן באַ־העלטעניש. בײַ נאַכט פלעג ער אַהיימקומען און זיך אויפן בוידעם לייגן שלאָפן.

איך געדענק ווי איין מאָל, אַז די מאַמע האָט געקאָכט וואַרעניקעס, האָט זי אַ טעלער מיט וואַרעניקעס אײַנגעוויקלט אין אַ האַנטעך און באַהאַלטן אונטערן איבערבעט. אַזוי ווי די מאַמע איז אַרויס פון שטוב, בין איך ווי אַ וויכער אַרויפגעלאָפן אויפן כאַשטש און מודיע געווען,

אַז „די לופֿט איז ריין“. ער איז אין עטלעכע שפּרינג געווען אין שטוב. איך בין געשטאַנען אין דרויסן און געהאַלטן וואַך, אַז קיינער זאָל חלילה נישט אָנקומען, ביז ער וועט אָפּעסן און צוריק אַנטלויפֿן. די מאַמע האָט אַוודאי געוווּסט, אַז סע וועט אַזוי זײַן, ווײַל זי איז, תּיכּף ווי זי איז אַהיימגעקומען, צוגעגאַנגען צום בעט זען, וואָס ס'איז געשען מיט די וואַרעניקעס. געטראָפֿן האָט זי דעם טעלער אײַנגעוויקלט אין האַנטעך, אָבער אַנשטאָט די וואַרעניקעס אַ טעלער מיט אַש. האָט זי זיך באַלד צו מיר געגעבן: — „ליפּשעלע, דו האָסט דעם משומד שוין צו וויסן געטון, וואָס איך האָב געקאָכט? אַז ער האָט זיך אָנגעפּרעסן, פֿאַר וואָס זאָל ער צוריקגיין צור אַרבעט?“ איך האָב נישט געשוויגן: „פֿאַר וואָס האָסטו אים אָנגעזונגען צון אַזאַ מין גזלן, וואָס ער ממיתט אים און גיט אים נישט קיין עסן? וואָס איז עפּעס, ער איז נישט דײַן קינד?“ די מאַמע פֿלעג מיך אויסהערן און וויינען „קינד מײַנס, וואָס זאָל איך טון? יסורים זענען ביליק בײַ יעדן און מע מוז שווײַגן!“. אַזוי האָט זיך מײַן אָרעמער ברודער געמוטשעט און אונדז מיט אים.

## חיימס גליקן

אויך פֿון דעם עלטסטן זון חיים האָט די מאַמע קיין תּענוג נישט געהאַט. אַ יאָר איז ער צום זייגער־מאַכער געגאַנגען, האָט זיך קוים אויסגעלערנט צעברעכן אַ זייגער, אָבער נישט צו רעכט מאַכן. די קינדער פֿלעגן אים רופֿן „חיים קניש דער קאַליע־מאַכער“. האָט ער זיך פּלוצעם באַרעכנט, אַז ער וויל קיין בעל־מלאָכה נישט זײַן, סע פּאַסט נישט פֿאַר זײַן טאַטן אין קבֿר. ס'האָט נישט געהאָלפֿן קיין בעטן, איין מאָל ניין! ער וויל זײַן אַ סוחר און נישט קיין בעל־מלאָכה.

האָט זיך געטראָפֿן אַ מעשׂה, אַז אויף דער זוויניעטשקע איז געווען אַ ייִד שמערל פֿאַרעך. אַן ערלעכער ייִד געווען, געקענט גוט לערנען, נאָר געהאַט אַ שטוב מיט קינדער און נישט קיין פּרנסה. זײַן עלטסטער זון האָט זיך אויסגעלערנט פֿאַר אַ שנײַדער, נאָר קוים פֿאַרדינט וואַסער אויף קאַשע. האָט ער ערגעץ דערטאַפּט אַ פּאָר גילדן און איז אַוועק אין דער וועלט אַרײַן זוכן גליקן. נאָך אַ שטיקל צײַט איז דער בחור צוריקגעקומען אויף יום־טובֿ און גאַנץ זוויניעטשקע איז געלאָפֿן קוקן. ער איז געגאַנגען אין אַ דאַרן קאַפּעליטש ממש ווי אַ דײַטש. האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שטעטל צו רעשן און יום־טובֿ בײַם דאַווענען האָט זיך אונדזער חיים צוגערוקט צום „דײַטש“ און האָט אים אויסגעפֿרעגט ווי, וואָס און ווען. איז ער געוואָר געוואָרן, אַז ער לעבט אין בודאַפּעשט און וואָלט נישט געבליבן מער אין דעם העק, ווען מע גילט אים אָפּ! גילדענע גליקן האָט ער דערציילט. משוגע זענען אַזוינע בחורים, וואָס

זיצן אין דער היים. צו חיימען האָט ער נישט געדאַרפֿט קיין סך רעדן. ער איז באַלד געווען דערביי זיך אויפֿצוזעצן דעם ערשטן טאָג נאָך פּסח און אַוועקפֿאָרן קיין בודאַפּעשט. דער מאַמען האָבן די אויגן נישט געטריקנט. וואָס וועט דאָס געציטערטע קינד אירס, נעבעך, טון אין דער פֿרעמד? אויף קיין פֿרעמד געלעגער אין זיין לעבן נישט געלעגן און איצט פֿאַרוואָרפֿן ווערן אַזוי מן־הצד?

מיר האָבן געוווּסט, אַז זי איז גערעכט. חיים איז געווען אַזוי אָפּגעהיט אין שטוב, אַז אַלע האָבן געוווּסט: דאָס ערשטע, דאָס בעסטע דאַרף זיין פֿאַר אים. ווען די מאַמע האָט פֿריישטיק אָפּגעבאַקן קנישעס, האָט חיים באַקומען די שענסטע, די גרעסטע. זיינע חבֿרים אין גאַס האָבן שוין געוווּסט, אַז ער האָט גוטע קנישעס, פֿלעגן זיי קומען און וואַרטן אויף אים אין דרויסן. חיים פֿלעג זיי פֿאַרקויפֿן און זיך אומקערן אין שטוב, די מאַמע זאָל אים גיבן נאָך. ווילנדיק צי נישט, האָט אים די מאַמע געגעבן נאָך אַ מאָל. מיר קינדער, כאָטש סע האָט אונדז שטאַרק געהאַרט, האָ׳מיר, כּדי סע זאָל זיין שטיל אין שטוב, געמוזט שווייגן. אין דרויסן אָבער, די חבֿרים, האָבן אים אַ צונאָמען געגעבן „חיים קניש". (דערנאָך, ווי שוין דערמאָנט, איז דער צונאָמען געוואָרן לענגער, „חיים קניש דער קאַליע־מאַכער".)

חיים איז אַוועק און מיר קינדער האָבן זיך אַוודאי געפֿרייט, אָבער נישט אויף לאַנג. ס׳האָבן אָנגעהויבן קומען געוויין־בריוועלעך פֿון אים: ער דרייט זיך אַרום אין די פֿרעמדע גאַסן עלנט, אַליין, אַן אַ פֿאַך, וואָס זאָל ער טון? אָבער פֿאַרפֿאַלן, נישטאָ קיין צוריק. ער מוז ווערן אַ מענטש אין דער פֿרעמד! אַזוי איז עס געבליבן. ער איז פֿאַרשוואַרצט געוואָרן ווי אין פּסוק שטייט און נישט אַהיימגעקומען, ביז ער האָט נישט געהאָט אָפּגעשפּאָרט די געוויסע סומע געלט כּדי צו קענען אַריבער דעם ים, אין דעם גאָלדענעם לאַנד אַריין, וואָס קאָלומבוס האָט געפֿונען פֿאַר אַלע אָרעמע און אומגליקלעכע...

אָבער דערווייל איז אים געווען שטאַרק ביטער. איך קען זיך דערמאָנען אַזאַ בילד: ערבֿ שבֿועות איז אָנגעקומען אַ בריוו פֿון חיימען. די מאַמע, אַזוי ווי זי איז נעבעך געווען שטומפּיק אויף דער פּען, האָט געמוזט אָנקומען צון אַן אַנדערן, מע זאָל איר איבערלייענען דאָס דאָזיקע בריוועלע. די גאַנצע זוויניעטשקע האָט באַלד געוווּסט וואָס חיים שרייבט: „ערשטנס, טייערע מאַמע, סע גייט שבֿועות" און ער וועט נישט וויסן פֿון קיין יום־טובֿ, ווייל ער האָט נישט קיין צעבראָכענע פּרוטה ביי דער נשמה. בעט ער, זי זאָל אים שיקן קנישעס און חמאה ודבֿש און נאָך און נאָך. די מאַמע, אַז מע האָט איר איבערגעלייענט דאָס בריוועלע, איז איר געוואָרן פֿינצטער פֿאַר די אויגן. וואָס טוט מען, וואָס פֿאַר אַן עצה גיט מען זיך? קיין סך צייט איז נישט געבליבן. באַלד קומט אַן

דער יום־טובֿ און דאָס קינד אין דער פֿרעמד נעבעך בעט הילף. ווי קען אַ מאַמעס האַרץ שווײַגן און נישט נאָכקומען זײַן בקשה? דערציילן האָט זי נישט געטאָרט, ווײַל מע האָט זי געננג געמוסרט פֿאַר וואָס זי האָט דעם גאַנצן קעז אַרײַנגעלייגט אין איין וואַרעניק (בײַ די קינדערן צוגענומען די קו, פֿאַרקויפֿט פֿאַר זײַנעט וועגן, אַלץ פֿאַר אים און איצט שיק ווידער...) אָבער וואָס קענען אַנדערע פֿאַרשטיין, וואָס די מאַמע נעבעך האָט דעמאָלט געליטן...

איז זי געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן: סראָל האָט געאַרבעט און האָט געהאַט זיך געמאַכט אַזאַ פֿאַרשלאָסן קעסטעלע, וואָס דאָרטן פֿלעג ער האַלטן אַלע זײַנע גוטע זאַכן און זײַן אָפּגעשפּאָרט קאַפּיטאַל. וועט זי אויפֿרײַסן די זאָוויסע און וועט אַרויסנעמען וואָס זי מוז און וועט דעם קינד נעבעך שיקן. אײַ, אַז סראָל וועט געוואָר ווערן? וועט שוין זײַן פֿאַרפֿאַלן. סראָל איז פֿרום און ערלעך, ער וועט אַפֿילו נישט אויפֿמאַכן דאָס מויל קעגן דער מאַמען, ווײַל ס'איז אַן עבֿירה דער מאַמע אָקעגנצורעדן. אַזוי האָט זי געמיינט, אָבער זי האָט זיך טועה געווען...

אַזוי ווי זי האָט שוין געהאַט אַלץ צוגעגרייט און אײַנגעפּאַקט, אויך דאָס וואָס זי האָט אַרויסגענומען פֿון סראָלס קעסטעלע, איך געדענק נישט גענוי וואָס, אָבער סע שטייט מיר נאָך הײַנט פֿאַר די אויגן דאָס בילד: סראָל האָט זיך געהאַט געמאַכט דרײַ פּאָר בײַנע, שיינע גאַקעס. אַז די מאַמע האָט דערזען די גאַקעס, האָט זי געקלערט, סראָל וועט זיך מאַכן אַנדערע אָדער אַנישט וועט זי זײַנע אַלטע פֿאַרריכטן. האָט זי באַלד אַרויסגענומען די גאַקעס און האָט אײַנגעבונען אַ פּאָר קראַנצן, וואָס זי האָט זיך בײַ עמעצן געהאַט געליגן. אַז זי איז געווען פֿאַרטיק מיט צונייען דאָס פּעקל, האָט זיך געפֿונען עפּעס אַ גוטער־פֿרײַנד און איז אַוועק דאָס דערציילן סראָלן. אַזוי ווי סראָל האָט דאָס דערהערט, איז ער געקומען צו לויפֿן. אָבער די מאַמע האָט עס אין דער גיך אין גאָרטן באַהאַלטן. סראָל האָט נישט געדאַרפֿט לאַנג זוכן. ער האָט אַ נעם געטון דאָס פּעקל און צוגעכאַפּט די גאַקעס, אָבער ער האָט אין צרות נישט געוווּסט, אַז דאָרט זענען געווען אײַנגעוויקלט די פּאָר קראַנצן. האָט ער געגעבן אַ כאַפּ זײַנע זאַכן, איז דאָס געלט אַרויסגע־פֿאַלן און זיך צעקולקעט ערגעץ אין דעם צעאַקערטן גאָרטן. ס'איז געוואָרן אַזאַ בהלה, ווי גלײַך די וועלט וואָלט אונטערגעגאַנגען. די מאַמע האָט געשריגן, אַז דער רויבער האָט זי אומגליקלעך געמאַכט. סטײַטש, זי האָט קוים זיך געקענט אָנטלײַען די פּאָר קראַנצן און איצט גיי זוך!

מיר האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטון זוכן, אָבער נישט געקענט מער דאָס געלט געפֿינען און מיר האָבן זוכנדיק אַזוי ביטער באַוויינט דעם פֿאַרלוירענעם אוצר.

# די מאַמע האַנדלט מיט הייוון

ס׳איז געווען אַ שווער לעבן, סײַ פאַר דער מאַמען, סײַ פאַר אונדז קינדער. די מאַמע האָט אָנגעהויבן האַנדלען, כּדי זי זאָל זיך אַ ביסל דאָס לעבן פאַרגרינגערן, אָבער צו וואָס זאָל זי זיך נעמען? איז דער פעטער אַהרן, איר ברודער, געפאַלן אויף אַ געדאַנק: נישט ווײַט פון טשערנעוויץ, ערגעץ אין אַ דאָרף קאַראַפּטשיו, האָט אַ פריץ אויפגעבויט אַ הייוון־פאַבריק. דער פעטער אַהרן האָט אוועקגעשריבן אין דער פאַבריק אַרײַן און דאָרט באַשטעלט פאַר דער מאַמען פינעף קילאָ הייוון אויף אַ פּראָבע. אַז די הייוון זענען אָנגעקומען, האָט זיך די גאַנצע משפּחה אונטערגענעמען בײַ קיינעם נישט צו קויפן קיין הייוון נאָר בײַ דער מאַמען.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. יעדן מיטוואָך פלעג די הייוון אָנקו־מען, און מײַן שוועסטער ריווציע און איך פלעגן לויפן צו דער פּאָסט אָפּנעמען דאָס פּעקל. די מאַמע האָט געקויפט אַ וואָג, צעוויגן די הייוון אויף פערטל פונט און אַרײַנגעלייגט אין אַ בעקעלע אַזוינע צעך, צוועלעף פערטל. איצט האָט זיך געפרעגט, וועמען שיקט מען צעטראָגן די הייוון? דער גורל איז געפאַלן אויף מיר. אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ גוטן קאָפּ און אַ געזונטן פּיסק, וועל איך שוין וויסן וועמען אָפּצוטראָגן און בײַ וועמען און וויפל געלט צו מאָנען. די מאַמע איז געווען זיכער, אַז איך וועל דאָס אָפּגעלייזטע געלט פּינקטלעך איבערגעבן, מיט חשבון, און סע וועט גאָרנישט פעלן. מן־הסתּם איז פון הימל שוין אַזוי באַשערט געווען, איך זאָל מײַנע יאָרן מיר אויסלעבן ווי אַ סוחרטע, ווײַל ווי אַ פּיריאַריק קינד האָט מען אײַנגעזען, אַז איך וועל מיך פּאַסן צו מיסחר און איך בין געוואָרן די גרויסע „ביויכערטע" (ווי די מאַמע פלעג האָבן אַ טבֿע אַלץ צו פאַרדרייען).

איך האָב די הייוון צעטראָגן. ווען איך פלעג אַרײַנברענגען מײַן בעקעלע מיט די אײַנגעפּאַקטע פערטלעך האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָפּ־מבֿינען, אַ באַטראַכטן, אַ באַשמעקן, ווײַל הייוון האָבן אַזאַ טבֿע, אַז ס׳איז קאַלט אין דרויסן, ווערן זיי פאַרפרוירן און אַז ס׳איז וואַרעם, ווערן זיי תּיכף צעווירן און הייבן אָן זיך ביטער צו פילן. און אַז די הייוון זענען עפּעס נישט מיט אַלעמען, קען דאָך די חלה נישט געראָטן. און ווען גאָט האָט געהאָלפן, סע האָט זיי שוין יאָ געפעלן, איז ווער סע האָט געהאַט אַ טישקעסטל, אָדער אַזוי גאָט אין האַרץ, האָט מיר באַצאָלט, אָבער ווער סע האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן — און די זענען נעבעך אין יענער צײַט געווען מער ווי די וואָס זיי האָבן יאָ געקענט — האָט אָנ־געהויבן גיבן פאַרשידענע תּירוצים: „קום שפּעטער, ליפשעלע" אָדער „וועסט אַרײַנקומען אין דער פרי, ווען מײַן מאַן וועט זײַן אין דער היים". אַנדערע האָבן מיר געהייסן קומען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל.

זיי האָבן דאָך אונדז געטון אַ טובֿה, ווײַל זיי האָבן דאָך געקענט קויפֿן די היון, דאָרט ווו זיי האָבן געקויפֿט אויף בּאָרג מעל און אַנדערע זאַכן, בײַ שלמה מאַקיעס אָדער בײַ טויבע־גיטלען, און נישט יעדן עקסטער שולדיק זײַן, אָבער מע האָט דאָך געמוזט העלפֿן טויבען דער אַלמנה.

אַזוי האָט מען זיך געפּלאָגט און אַז מע האָט באַדאַרפֿט אָפּשיקן דאָס געלט פֿאַרן קעסטל היון קיין קאַראַפּטשיו, איז קיין געלט קיין מאָל נישט געווען, ווײַל מע האָט דאָך אויך געדאַרפֿט שבת מאַכן און דאָס געלט איז זיך צערונען ווי וואַסער אויף דער רעשעטע... אָבער דער פֿעטער האָט שוין געזאָרגט דערפֿאַר, אַז סע זאָל פּינקטלעך אָנקומען דאָס קעסטעלע היון, צי יאָ באַצאָלט, צי נישט באַצאָלט.

און אַזוי איז די מאַמע געוואָרן אַ סוחרטע, מישטיינס געזאָגט, און איך — די צעטראָגערין און אײַנמאָנערין פֿאַר דער סחורה.

# דאָס חדר

די מאַמע האָט פֿון אירע היון־מיסחרים אויפֿגעלעבט. זי האָט מיך מיט ריווציען געגעבן צו בעריש דעם מלמד, מע זאָל אונדז נישט לאָזן אַרומגיין פּוסטעפּאַש. וועגן צאָלן האָט זי זיך שוין נישט געזאָרגט, זי האָט דאָך געהאַט דעם קעגנוועטרט צו סילוקן: בעריש דער מלמד — אונדז די תּורה, און די מאַמע אים — אַ פֿערטל היון. דבֿורה, די מלמדקע אָבער, האָט זיך אונטערגעזאָגט: „פֿאַר איין פֿערטל היון, צוויי מיידלעך דאַווענען?" די מאַמע האָט איר געגיבן צו פֿאַרשטיין, אַז קיין מזומן האָט זי נישט און צוויי פֿערטל היון דאַרף זי דאָך נישט. וואָס זשע וועט זי האָרן, אַז איליק דער בעלפֿער וועט מיטן טײַטל אויך דער קליינער — דאָס האָט זי מיך געמיינט — ווײַזן אַן אַלף און אַ בית? קיין סך וועט די קליינע נישט דערקוטשען און אַזוי איז עס טאַקע געבליבן: פֿאַר מײַן שוועסטער ריווציע האָט מען געצאָלט יעדן דאָנערשטיק אַ פֿערטל היון און איך פֿלעג מיך נאָכשלעפּן. נישקשה, מיר האָבן ביידע גלײַך גאָרנישט אויסגעלערנט.

דאָס חדר איז געווען אַ פֿאַרגעניגן. דער רבי אונדזערער, בעריש מלמד — איך געדענק אים גאַנץ גוט, מיט אַ שיינער ווײַסער באָרד, צוויי שוואַרצע גרויסע אויגן, וואָס זיי האָבן אין דעם געלן פּנים אויסגעקוקט נאָך גרעסער. דאָס הײַזל, ווו ער האָט געוווינט, איז באַשטאַנען פֿון צוויי שטיבער און געלעגן איז עס טאַקע אויפֿן כאַשטש, ווו ווער ס'איז געבוירן געוואָרן אויף דער זוויניעטשקע אָדער אין זאַלישטשיק האָט זײַנע קינדער־יאָרן גליקלעך פֿאַרבראַכט.

די לופֿט איז געווען דאָרט חריפֿותדיק. פֿון פּסח ביז נאָך סוכּות האָבן די ביימער נישט אויפֿגעהערט צו צוויטען. קודם די בעזביימער, דערנאָך

די ווילדע רויזן, הײַנט ווי זענען קאַרשנ־, עפּל־, באַרנ־ און צו לעצט די נוסן־ביימער? זיך אַרויפֿכאַפּן אויף אַזאַ בוים און אָנרײַסן אַ פֿולע פּאַזעכע, ווער קען דאָס פֿאַרגעסן? פֿאַר קלענערע קינדער וואָס האָבן די קונץ פֿון קריכן אויף די ביימער נאָך נישט געקענט, האָט די מאַמע ערד אויך געזאָרגט. מע האָט זיך נאָר געדאַרפֿט אָנבייגן, האָט מען געקענט געניסן פֿון אַלעם גוטן: יאַגדעס, מאַלענעס, אַגרעסלעך (מע פֿלעג עס רופֿן וועפּרינעס), און ווי אַ צוגאָב קוואָסאָק, אַזוינע זויערע בלעטער, מיט וועלכע מע האָט זיך אין אַ הייסן זומערטאָג אונטערגעלענט. אַ כּפּרה די הײַנטיקע אַלע דערקוויקענישן פֿאַר אַ פּאָר בלעטלעך קוואָסאָק.

און דאָס אַלץ איז געווען אַזוי לײַכט צו דערגרייכן; מע איז נאָר אַוועקגעגאַן אין חדר און דאָרט נאָר געדאַרפֿט זאָגן דעם רבין, אַז מע וויל אַרויס. דער רבי — אַ קראַנקער געווען און מער געלעגן אין דעם באַמבעטל בײַם טיש ווי געזעסן — האָט, ווײַזט אויס, אַרויסגעקוקט אויף דעם, אַז די מערסטע מיידלעך זאָלן זײַן אין כאַשטש און ער זאָל האָבן אַ ביסל ווייניקער ליאַרעם אַרום זיך. מיידלעך — וויפֿל מע דאַרף זיי אויסלערנען... אַ ביסל עבֿרי, איז דאָ צײַט. זיי וועלן נאָך ביז צו דער חתונה קענען. אָבי די רביצין דבֿורה האָט אויף שבת. יעדעס מיידל האָט געמוזט ברענגען אַ זעקסערל אַ וואָך שׂכר־לימוד און כאַטש די מאַמעס האָבן געוווּסט, אַז קיין סך וועלן זיי דאָרט זיך נישט אויסלערנען, איז ווערט געווען בײַ זיי דאָס זעקסערל, אַז די קינדער זאָלן זײַן אין חדר און פּטור פֿון זיי אויף אַ גאַנצן טאָג. נישט באַדאַרפֿן נאָכלויפֿן און קוקן צי זיי ליגן נישט אויפֿן שטראָז. קיין אויטאָמאָבילן איז נישט געווען, אָבער דערפֿאַר חזירים, הײַנט און אַ מאָל האָט אַ קו זיך אָפּגעריסן פֿון שטריק און געקענט אַ קינד צעבײַסן, אָדער אַ וואָגן איז צו מאָל דורכגע־פֿאָרן און די מאַמע האָט געדאַרפֿט נאָכקלערן, ווו דאָס קינד איז. נאָכלויפֿן דעם קינד איז קיין צײַט נישט געווען, איז דאָך אין יעדער שטוב געווען כאַטש אַ האַלב טוץ, אַז נישט מער.

ווען ס'איז געקומען די צײַט, מע האָט מיך אין חדר אונטערגערוקט אָן געלט, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז ווען די מלמדקע קומט אַרײַן, דאַרף איך מיך אַרויסרוקן. זי טאָר מיך נישט זען. אויף דעם רבינס טעכטערל מײַקע, אַז זי קומט אַרײַן, טאָרן קינדער, וואָס זייערע מאַמעס צאָלן נישט פֿאַר זיי, בײַם טיש זיך נישט געפֿינען. זיי קענען נאָך אויפֿכאַפּן אַן אות אין סידור. דעם רבינס טעכטערל איז געווען זייער געפּעסטעט. איר וואָרט האָט רעגירט. אַז זי האָט עפּעס אַרויסגעזאָגט איז עס געווען אַ געזעץ און קיינער האָט זיך נישט דערוועגט איר צו ווידערשפּעניקן. איך האָב באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז מײַקע קען מיר העלפֿן, איך זאָל קענען זיצן גלײַך מיט אַלע קינדער בײַם טיש און לערנען. איך האָב מיך צון איר צוגערוקט און זי אָנגעהויבן פֿאָלגן אַ גאַנג. איך בין געווען זייער אַ ריי־רעוודיקע און האָב זי פֿאַרשטאַנען אויפֿן ווונק. קיין צוויי מאָל האָט מע

מיר נישט געדאַרפֿט עפּעס זאָגן, קוים אַרויסגעלאָזט די פּאַרע אויסן מויל, בין איך שוין געווען אויף יענער זײַט טיר. איך בין געוואָרן איר ´רעכטע האַנט און זי האָט מיך זייער ליב געקריגן. איך האָב שוין געהערט יעדן ווי די קאַץ: איך האָב געלערנט וויפֿל מײַן האַרץ האָט גע־גלוסט און מער קיין מורא נישט געהאַט פֿאַר קיינעם.

דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן זומער, ווי מע פֿלעג זאָגן אויף גויִש, „ליטי קאַטשקאַ פּראַטשקאַ" (זומער־לעב איז די קאַטשקע אַ וועשערין). אָבער, אַז דער אָסיען איז געקומען, סע האָט אַנגעהויבן רעגענען, איז געוואָרן גאָר פֿאַסקודנע. אַרויסצוגיין איז נייטיק געווען וואַרעמע קליידער און גוטע שיך און דאָס האָט זיך נישט געקענט דעמאָלט יעדער פֿאַרגינען. איז טאַקע געווען אַזוי אײַנגעפּירט, אַז קינדער, אַזוי ווי דער זומער איז אַוועק, זענען זיי אַרײַן אין דער באַרע, פּונקט ווי חיות, וואָס פֿאַרטראָגן נישט די קעלט. די פּענצטער פֿלעג מען פֿאַרשמירן מיט ליים פֿון דרויסן און פֿון אינעווייניק אָנלייגן מיט מאָך, סע זאָל יאָ חלילה קיין ביסל לופֿט אין שטוב נישט אַרײַן.

און אַז גאָט האָט געהאָלפֿן, ס'איז געווען אין קאַמער אַ ביסל האָלץ, אַ זעקל באַרבוליעס, אַ זויערע אוגערקע דערצו און אַ מאָל אַן אָדערקע (דאָס שמאַלץ פֿלעגן די נגידים עסן און די אָדערקע, אָדער ווי מע פֿלעג עס אויך רופֿן דעם לאַמטערן — די אָרעמע־לײַט), האָט מען פֿון הונגער שוין נישט געקענט שטאַרבן. דעם אמת געזאָגט, געדענק איך בײַ אונדז אין שטוב קיין מאָל נישט קיין אמתע נויט. אונדזער פֿאַרמעגלעכע משפּחה, דער פֿעטער אַהרן און די מומע חיה־ריווע, האָבן שוין געזען, אַז סע זאָל נישט פֿעלן קיין שטיקל ברויט און מיר זאָלן האָבן צו עסן צו דער זעט.

## מײַן מאַמע האַלט נישט פֿון שלאָגן

די ייִנגלעך זענען שוין געווען האַלב אַוועק פֿון הויז — חיים אין בודאַפּעשט, סראָל אין לײַטערהויז און לאָזער בײַ דעם גזלן דעם בלעכער ברוך קרעפּליק. אים וועל איך קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן, ווי ער האָט מײַן אָרעמען ברודער געפּײַניקט! אַז לאָזער פֿלעג אויף שבת אַהיימקומען, בין איך פֿון זײַנע טריט נישט אָפּגעטרעטן און ווו כ'האָב געקענט דער־טאַפּן אַ גוטן ביסן אָדער אַ גרײַצער, איז עס געווען פֿאַר דעם געפּלאָגטן לאָזער. וואָס מער די משפּחה האָט אים פּײַנט געהאַט, אַלץ מער בין איך צוגעבונדן געוואָרן צו אים. כ'בין גרייט געווען צו שפּרינגען אין די אויגן יעדן, וואָס ער האָט אים גערופֿן „לאָזערל משומד".

די מאַמע נעבעך, צו פֿאַרשטאָפּן לײַטישע מײַלער, האָט קיין ברירה נישט געהאַט און געמוזט אים אַרײַנוואַרפֿן אַ פּאָר בעך, ווען ער האָט אָפּגעטון עפּעס אַ שפּיצל. פֿאַר דער מאַמען האָ'מיר אַלע דרך־ארץ געהאַט,

אַפֿילו לאַזער. אַחוץ אים, געדענק איך נישט די מאַמע זאָל האָבן עמעצן פֿון אונדז געשלאָגן. אַז מע פֿלעג זי מוסרן, פֿאַר וואָס זי דערלאַנגט אונדז נישט אַ מאָל אַ פּעטשל, פֿלעג זי האָבן אַ פֿאַרטיקן ענפֿער: „מײַנע קינדער זענען געננג געשלאָגן, אַז מע האָט בײַ זיי צוגענומען דעם טאַטן!" און ווען זי האָט געמוזט לאַזערן דערלאַנגען, האָט זי עס געטון מיט אויסרעכענונג: זי האָט אויף אים אַרויפֿגעוואָרפֿן איר פּעלצל, עס זאָל אים חלילה נישט וויי טון. און גאַנץ זוויניעטשקע האָט געלאַכט פֿון טויבע נפֿתּלים, ווי אַזוי זי שלאָגט אירע קינדער.

ווי די שכנים האָבן דאָס געטראָגן אויף זייערע קעפּ און נישט פֿאַרגעסן: ווען כ׳בין צוריקגעקומען קיין אַמעריקע אין 1951 (כ׳בין צום ערשטן מאָל געפֿאָרן אין 1908), האָט מען מיר דערציילט, אַז איינע אַ לאַנדספֿרוי איז בלינד געוואָרן. מיך האָט דאָס זייער באַרירט און כ׳האָב זי תּיכּף אָנגעקלונגען. זאָג איך ווער איך בין, זי געדענקט אָבער נישט. זאָג איך: „געדענקסט נישט ליפֿשע טויבעס?" האָט זי זיך באַלד דערמאָנט: „אָ, די טויבע וואָס פֿלעג אַרויפֿוואַרפֿן איר פּעלצל אויף לאַזערן, ווען זי פֿלעג לאָזן פֿאַלן אויף אים אַ פּאַטש!"

אונדזער קינדער האָט דאָס חלילה נישט געשאַט. אונדז זע׳מיר אויסגעוואַקסן פּונקט אַזוי לײַטיש ווי די קינדער, וואָס מע האָט געהאַלטן אין איין ממיתן און שלאָגן. פֿאַר אונדז איז שוין געווען גענוג, אַז די מאַמע פֿלעג זיך צעשרײַען, טאָמער מיר פֿלעגן זיך אַ מאָל צעקריגן: „מיידן, איר׳ט אויפֿהערן? וואָסי, איר קענט אײַך נישט צעטיילן מיט דער ירושה? כ׳ל אַוועק ווו די אויגן וועל׳מיך טראָגן, אין דער וועלט אַרײַן, אַז איר׳ט נישט אויפֿהערן! עד טו כּל־ההתפּעלות, אַז ס׳זאָל אײַך גאָרנישט פֿעלן און איר פֿאַר ווילטאָג שלאָגט זיך אַרום!" ס׳איז אמת געווען, אַ ביטערער אמת. מײַן מאַמע האָט געטון כּל־ההתפּעלות, געלאָפֿן, געגאַן מײַלן צו פֿוס, אַז זי האָט געהערט, מע קען אַ פּאָר זעקסערלעך פֿאַרדינען.

## דער מאַמעס מיסחרים

מיט וואָס האָט זי נעבעך נישט געהאַנדלט? וויל מען קעז־און־פּוטער? פֿלעג זי אַוועקגיין צו פֿוס צו די ייִדישע פּריצים, גלײַך מיטן טאָג. מײַלן פֿלעג זי שפּאַנען, אַבי זי זאָל זײַן די ערשטע צו ברענגען פֿרישן קעז־און־פּוטער פֿאַר זוויניעטשקער באַלעבאַסטעס. און וואָס איז געווען דער ריווח? אונדז קינדער זאָל׳מיר נישט דאַרפֿן מקנא זײַן אַנדערע קינדער, וואָס זיי עסן ברויט מיט פּוטער. אויב ס׳איז שוין גאָרנישט געבליבן קיין ריווח, אָבער די שטוב איז געווען זאַט, אונדז׳אַ׳מיר קיין טרוקן ברויט נישט געדאַרפֿט רידזען.

אַז ס׳איז געקומען נאָך די יום־טובֿים, האָט זיך אָנגעהויבן די צײַט

פֿון געגנדז. מײַן מאַמע איז נישט געווען קיין פֿוילע, זי האָט געקענט זיך אַרײַנכאַפּן אין די דערפֿער באַבין, קיסעלעוו, באַרעוועץ, אײַנקויפֿן אַ טשאַטע געגנדז און זיי אַהיימטרײַבן צו פֿוס, פֿאַרשטייט זיך, דערנאָך זיי פֿאַרקויפֿן צו די געגנדזערקעס. און ווי געזאָגט, אַז ס'איז שוין גאָרנישט געבליבן, אָבער אַ געגנדזל צו מאַכן שמאַלץ אויף פּסח, דאָס האָט שוין געמוזט בלײַבן.

# אַלטער שוסטער

צו דעם מיסחר איז זי שוין נישט געווען אַליין. דאָ האָט מען שוין געמוזט האָבן אַ שותּף, אַ מאַנסביל, ווײַל קודם האָט מען געדאַרפֿט אַרומגיין אין די דערפֿער געוואָר ווערן, בײַ וועמען סע זענען שוין צײַטיק די געגנדז צום שעכטן און אויסהאַנדלען אַ פּרײַז, דערנאָך איז די מאַמע מיטגעגאַן מיטן געלט און באַצאָלט. און איצט ערשט האָט מען געדאַרפֿט בעטן גאָט, סע זאָל אָפּגיין בשלום. ס'האָט דאָך געקענט טרעפֿן אַ געגנדזל זאָל אַוועקפֿגרן אויפֿן וועג, אָדער זיי זאָלן זיך האָבן אָפּגענאַרט בײַם אײַנקויפֿן, — אַ כיטרע פֿאַרקויפֿערין האָט געקענט האָבן אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען די געגנדז פֿאַרן פֿאַרקויף, און ביז מע האָט די סחורה אַהיימגעטריבן זאָלן זיי האָבן פֿאַרלירן זייער כלומרשטע וואָג. דעמאָלט איז געווען אַ בראָך, פֿון קיין ריווח איז שוין נישט קיין רייד געווען, מע איז געווען גליקלעך, אַז מע איז אַרויס מיטן קרן.

דער שותּף צו די געגנדז־מיסחרים איז געווען אונדזער שכן, אַלטער שוסטער. זײַן ווײַב, ביילע, איז נעבעך געווען, וויפֿל איך געדענק, אַ קראַנקע. זי איז מער געלעגן אין בעט ווי אַרומגעגאַן און פֿאַר אַ נאָווינע, כאָטש איין מאָל אין יאָר, אַ פּאָר וואָכן געלעגן אין שפּיטאָל. זיי האָבן געהאַט פֿיר קינדער: די עלטסטע טאָכטער, באַבציע, האָט אירע יונגע יאָרן אָפּגעדינט בײַ מײַן פֿעטער עליע גאָטעסמאַן. פֿון איר אַרבעט זיך צונויפֿגעלייגט אַ נדן און, נאָך דער חתונה, אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, ווײַל וואָס האָט שוין דער האָרעדענקער שנײַדער, איר מאַן, געקענט אויפֿטון אין זאַלישטשיק, ווו ער האָט זיך באַזעצט? ווייניק קבצנים געווען, פֿרײַערדיקע שנײַדערס, וואָס זענען געשטאָרבן דרײַ מאָל אין טאָג פֿון הונגער? אָפּגעוווינט אַ פּאָר חדשים און זיך באַלד געזען בײַם דנאָ פֿון נדן, האָט מען זיך אויפֿגעהויבן און פֿאַשאָל קיין אַמעריקע!

די צווייטע, חנה, האָט מען שוין געגעבן לערנען אַ שנײַדערין, באַדונגען זי אויף פֿיר יאָר מיט קעסט און קרעפּיר...

די דריטע טאָכטער איז געווען אין מײַנע יאָרן, זי איז געווען מײַן ערשטע חבֿרטע. איינע אָן דער אַנדערער האָט קיין שריט נישט געטון. מײַן משפּחה איז דאָס נישט געווען שטאַרק צום האַרצן, איך זאָל מיך

טאָג־ונאַכט חבֿרן מיט פּעסיע דעם שוסטערס, אָבער איך האָב, ווי מײַן טבֿע איז שוין געווען, געהערט יעדן ווי די קאַץ. אויב דער מאַמען פּאַסט צו האַנדלען מיט אַלטער שוסטער, פּאַסט מיר זיך צו שפּילן מיט זײַן טאָכטער.

און דעם אמת געזאָגט, ווו איז מיר נאָך אַזוי גוט געווען ווי דאָרט? דער ייִד איז געווען אָנגעזאַפּט מיט מעשׂיות. ער פֿלעג זיך אַנידערזעצן אויף זײַן בענקעלע, אָננעמען אַ מויל מיט פֿלעקלעך און איך מיט פּעסיען פֿלעגן זיך אײַנקאָרטשען אויף זײַן פּרימיסט וועלכער האָט אים געדינט ווי אַן אַרבעטשטול. ער איז געשטאַנען אויף דרײַ פֿיס און אָנשטאָט דעם פֿערטן, איז געווען עפּעס אַן אונטערגעשפּאַרט קלעצל. אין מײַנע אויגן אָבער איז דער וואַרשטאַט געווען שענער ווי די שענסטע מעבלשטיק, ווײַל דאָרט האָב איך געהערט די שענסטע מעשׂיות און די ערשטע שיינע ייִדישע לידער זינגען, וואָס זיי זענען מיר פֿאַרבליבן אין זכרון ביזן הײַנטיקן טאָג.

אַלטער שוסטער איז — אַחוץ לאַטען אַלטע שיך, האַנדלען מיט מײַן מאַמע אין געוואַנדז — אויך געווען אַ מאַלאַטש. אַז ער פֿלעג צוריקקומען פֿון באַגראָבן אַ מת, פֿלעג ער זאָגן: „געשטאָרבן, באַגראָבן, אויף יענער וועלט ווי געפֿונען!" און מיר, מײַן חבֿרטע פּעסיע און איך, פֿלעגן אָנקוועלן פֿון זײַן חכמה.

זײַן ביילע, אַז זי פֿלעג זומער קענען אַרומגיין, איז זי געזעסן מיט עפּעלעך בײַם שטראָז. אויך פֿלעג אַלטער זײַן אַ וועכטער אין די פּערקויזן־סעדער אין זאַלישטשיק. די גרויסע סוחרים פֿלעגן אָפּקויפֿן די פּרוכטן, איידער זי איז צײַטיק געוואָרן און דינגען וועכטערס, זיי זאָלן היטן, אַז די שקצים זאָלן נישט אָפּרײַסן די פּערקויזן. און נאָך כּדומה אַזעלכע מלאָכות האָט ער געהאָט, נאָר ווען נישט זײַן זון זיידעלע, וואָס ער איז געווען אַ גוטער שנײַדער און האָט געגעבן דעם פֿאָטער יעדע וואָך אַ פּאָר רײַניש, וואָלטן זיי געווען געשטאָרבן פֿאַר הונגער.

אָבער מיר איז דאָרטן געווען גוט און דאָרטן האָב איך ליב געהאַט צו זיצן טעג און הערן זײַנע מעשׂיות פֿון רוחות און שדים. פּעסיע פֿלעג מיך צו מאָל מיטנעמען צון איר באָבע קיין זאַלישטשיק, אַן אַלטע ייִדענע, וואָס פֿלעג אויך זיצן מיט עפּעלעך און האָט יונגערהייט אויכעט געהאַנדלט מיט געוואַנדז. מיר פֿלעג׳מיר זי בעטן זי זאָל זיך אָנטון די תּכריכים, וואָס זי האָט זיך געהאַלטן אָנגעגרייט, אירע אייביקע קליידער. ווען כ׳האָב דאָס געזען צום ערשטן מאָל, האָב איך מיך שטאַרק דערשראָקן, ס׳האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַ מת איז אַרויסגעקראָכן פֿון קבֿר. אָבער נאָך עטלעכע מאָל דאָס זען, איז עס מיר זייער געפֿעלן.

ווען פּעסיע פֿלעג גיין אָפּטראָגן איר טאַטן וואַרעמעס קיין זאַלישטשיק

אין סאָד אַרײַן, פֿלעג איך מיטגיין. ער פֿלעג אונדז זאָגן: „הערטס, קינדער, עסן מעגט איר, אַפֿילו צעפּיקעט ווערן, אָבער אַרויסטראָגן פֿון סאָד טאָר מען נישט!" מיר פֿלעגן זיך אָבער אַן עצה געבן — אָדער אַרײַנשטופּן אין פּאַזעכע, אָדער אין טעפּל פֿון עסן אַ פּאָר, אַבי צו קענען זיך באַרימען, מיר זענען געווען אין סאָד און טאַקע געבן יעדן צו פֿאַר־זוכן אַ פּערקויז אָדער אַ רינגעלאָט.

## אונדזערע נײַע שכנים

נאָך דעם ווי מײַן חבֿרטע פּעסיע איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, האָט זיך מײַן לעבן נישט קיין סך געביטן. איך און ריווקיע, כאָטש אַזוי אַנדערש איינע פֿון דער צווייטער, פֿלעג׳מיר זיך זייער גוט פֿאַרהאַלטן, געטוליעט זיך איינע אין דער אַנדערער, ווײַל צווישן דער גרויסער, רײַכער משפּחה אויף דער זוויניעטשקע זע׳מיר מערסטנס געווען אַליין; די מאַמע פֿלעג קיין מאָל אין שטוב נישט אײַנזיצן: אָדער פֿלעג זי אַרומפֿאָרן האַנדלען, אָדער סתּם אַרומלעטען צווישן די שכנים.

אונדזער הײַזל האָט געהאַט צוויי שטיבער און אין דער מיט — דאָס פֿאַרהויז וואָס איז געווען אַ בשותּפֿותדיקע קיך מיט אַ פּריפּעטשיק, ווו מע פֿלעג זומערצײַט קאָכן אויף דער טריניטשקע. אין דער צווייטער שטוב האָט תּמיד עמעצער געוווינט.

ווען דער טאַטע האָט זיך געפֿעלט, איז זײַן יינגסטער ברודער, דער פֿעטער בעריש, מיט זײַן ווײַב, די מומע העניע, געבליבן אויף דער זוויניעטשקע. ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין לײַטערהויז און האָט פֿון דאָרט געצויגן שיין פּרנסה. דער פֿעטער בעריש איז געווען אַ קלוגער ייִד, אַ גרויסער דרייקאָפּ, געקענט צאַפּן וואַסער פֿון דער וואַנט. אַ גע־טרײַער פֿאָטער צו זײַנע קינדער און אַ גוטער מאַן צו זײַן ווײַב. דער פֿעטער בעריש האָט אײַנגערעדט אונדזער משפּחה, אַז ער וועט זיך אַרײַנציִען אין דער אַנדערער שטוב צו אונדז און וועט מײַן מאַמע, די אַלמנה מיט די פֿינעף קינדער, אַרויסשלעפּן פֿון אַלע נויטן. יעדער האָט מסכּים געווען און זיי האָבן זיך אַרײַנגעצויגן. מילא, פֿון דעם גאַנצן צוזאָגעכץ, פֿון דירה־געלט צאָלן, פֿון העלפֿן דער מאַמען, קיין אָנהייב נישט, נאָר וואָס דען? לאָזערן שלאָגן און דעות זאָגן, דאָס האָט ער יאָ געטון. די מאַמע האָט זיך צו שפּעט דערמאָנט, אַז זי האָט אָפּגעטון אַ נאַרישקייט, אָבער אַזאַ קאָמעניק קען מען אַזוי לײַכט נישט פּטרן. ער האָט געשריגן, אַז ס׳איז זײַן ברודערס הויז און ער האָט פּונקט אַזאַ רעכט ווי די מאַמע דאָרט צו וווינען. אַ כּלל, ס׳איז געווען פֿריילעך! ביז איך — נישט־ווילנדיק — בין געקומען צו הילף.

## באַהאַלטענע הוליאַנקעס

די מומע העניע איז געווען אַ גרויסע בריה און האָט געקענט זייער גוט קאָכן און באַקן און ער, דער פֿעטער בעריש, האָט דאָך געאַרבעט אין לײַטערהויז און צו טון געהאַט מיט די רײַכע זינדלעך פֿונעם פֿעטער עליע — נתן, לייבוש — נגידישע קינדער, וועלכע זענען אַרומגעגאַן מיט קעשענעס געלט און געוואָלט אַ לעב טון אַ גוטן טאָג. ווי זשע קען דאָס געמאָלט זײַן אויף דער זוויניעטשקע? האָט דער פֿעטער זיי פֿאַר־בעטן אַהיים און די מומע האָט אָנגעגרייט פֿון אַלעם גוטן: וואַרעניקעס, קנישעס, געפֿילטע קישקע און אַלערליי לאַקעטקעס. בײַ דער מומע העניע האָבן זיי געגנאָסן פֿון די טײַערסטע מאכלים און האָבן באַצאָלט ווי אַ טאַטע. ס'האָט עפּעס געפֿעלט געלט? מע פֿלעג ברענגען ווײַן, ביר און נאָכן עסן שפּילן אַ קערטל ביז האַלבע נאַכט. קיינער האָט נישט געוווּסט פֿון די נאַכטישע הוליאַנקעס און די מאַמע, כאָטש זי פֿלעג הערן ס'איז פֿריילעך אין יענער שטוב, האָט זי זיך געמאַכט נישט־וויסנדיק. ערשטנס, האָט זי מורא געהאַט פֿאַר נתנען און לייבושן, די צוויי נגידישע בחורים, און צווייטנס זענען זיי געווען גוט צון איר. זיי פֿלעגן איר אַלע מאָל דערלאַנגען אַ פֿלאַש בראָנפֿן און דאָס איז געווען גאָר נישט קיין שלעכטע שטיק. זי פֿלעג דאָס אַריבערשוואַרצן קיין זאַלישטשיק, וואָס איז געווען אַריבער דער בריק, אַ פּאָר מינוט פֿון זוויניעטשקע, און דאָרט איז דאָס געווען זייער גוט באַצאָלט. אַ סך ייִדן פֿלעגן אַזוי טון, ווײַל אויף דער זוויניעטשקע איז דער בראָנפֿן געווען ביליקער און בעסער.

מײַן אָרעמע מאַמע! וויפֿל עבֿודה־זרות האָט זי נעבעך געדאַרפֿט דינען פֿאַרן שטיקל ברויט פֿאַר אירע קינדער! זאָל זײַן בראָנפֿן אַריבער־שוואַרצן, אַבי פּרנסה. נתן, לייבוש, אַ מאָל אויך שלמה־לייב מאירס — אַן אייניקל פֿון פֿעטער עליע, אויך אַ רײַך זינדל, זיי זענען געגאַן אויף אַן אײַזערנער בריק; זיי האָבן געוווּסט, אַז די מאַמע וועט נישט דער־ציילן וואָס בײַם פֿעטער בעריש טוט זיך אָפּ יעדן אויפֿדערנאַכט. אָבער ווי זאָגט דאָס ווערטל „גאָט האָט געשווירן, אַז קיין זאַך זאָל נישט גיין פֿאַרלוירן".

## דער סוד קומט אַרויס

איך, נאָך גאָר אַ קינד, בין געווען פֿאָלגעוודיק און פֿלינק און מע האָט מיר נאָר געדאַרפֿט עפּעס געבן, בין איך געלאָפֿן ווי אַ פֿײַל פֿון בויגן. און אַז דער מומע העניע האָט עפּעס אויסגעפֿעלט צו ענדיקן דעם גרויסאַרטיקן מאָלצייט פֿאַר די חשובֿע געסט — און פֿאַר אונדז, האָט

זי זיך דאָך נישט געהיט — האָט זי מיך געשיקט, איך זאָל טון אַ לויף און איר ברענגען װאָס איר האָט געפֿעלט. איך האָב מײַן שליחות דורכ־געפֿירט און דערפֿאַר האָט די מומע העניע מיך געלאָזט אַנידערזעצן אין אַ װינקל און צוזען דעם גאַנצן פּערעסטאַז.

איין מאָל, די מאַמע איז אַהײמגעקומען און געזען איך בין נישטאָ און געהערט, אַז כ׳בין בײַם פֿעטער בעריש, האָט זי אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און מיך אַרויסגערופֿן, װײַל אַרײַנגיין האָט זי נישט געװאָלט. און אַז כ׳בין אַרײַן אין שטוב, איז מען מיך באַפֿאַלן מיט אויספֿרעגן װער, װאָס און װען. איך האָב מן־הסתּם אַלץ גענוי באַשריבן: די גוטע מאכלים, די געטראַנקען און װי מע האָט געלעבט אַ גוטן טאָג. דער מאַמען איז דאָס האַרץ איבערגעאַנגען: סטײַטש, אירע קינדער װערן פֿאַרשװאַרצט און בײַ בערישל משומד (אַזוי פֿלעג מען אים רופֿן) טוט זיך יעדן אויפֿדערנאַכט שׂימחת־פּורים אָפּ! ניין, זי קען דאָס נישט פֿאַר־שװײַגן! די גאַנצע נאַכט האָט זי געװיינט און אין דער פֿרי, תּיכּף װי זי האָט געהערט אויפֿמאַכן די טיר, איז זי אַרויס און האָט זיך צעשריגן, ער זאָל איר באַצאָלן דירה־געלט. בעריש, נישט קיין קלײנער בעל־כּעס, האָט זי באַלײדיקט און זי געסטראַשעט, אַז אויב זי אָדער אַ קינד װעט עמעצן דערצײלן װאָס בײַ אים טוט זיך אָפּ, װעט ער אונטערצינדן דאָס הײַזל.

די מאַמע האָט זיך זײער דערשראָקן, איז אַרויפֿגעלאָפֿן צום זײדן און אים אַלץ דערצײלט. דעם זײדן נעבעך איז אַװדאי נישט ניחא געװען זיך אָנצוהייבן סײַ מיט בערישן, סײַ מיט די בחורים; סע װעט קיין גוטס נישט אַרויסקומען דערפֿון, אָבער דער צעבראָכענער טאָכטער זײַנער, װעמען ער האָט מיט גאָרנישט געקענט העלפֿן, װי האָט ער איר געקענט אָפּזאָגן, װען זי איז געװען אַזוי דערשראָקן? ער האָט קיין ברירה נישט געהאַט און איז אַריבערגעגאַן צו זײַן ברודער עליע און צוגעקלאָגט בערישן.

פֿון די אַלע זאַכן האָט דער פֿעטער עליע גאָרנישט געװוּסט. די מומע האָגע האָט יאָ עפּעס חושד געװען, אָבער זי האָט װי אַ געטרײַע מאַמע אַלץ צוגעדעקט און זיך געקלערט: לאָזן די ייִנגלעך זיך װוילגיין, אַזוי לאַנג זיי זענען נישט באַפֿאַלן מיט װײַב־און־קינד. װי דער סוד איז אַרויס, האָט מען געװאָלט בערישן אַרויסװאַרפֿן פֿון לײַטערהויז, אָבער דער זײדע האָט אײַנגעלײגט װעלטן, מע זאָל אים נישט װאַרפֿן פֿון דער פּרנסה — אַ טאַטע פֿון צװײ קינדער, סע װעט אים דאָך אויסקומען זיך װאַרפֿן אין װאַסער אַרײַן! און דערצו איז בעריש דאָך געװען מײַן טאַטנס אַ ברודער און דער זײדע האָט פֿון זײַן אײדעם יונה גאָר שטאַרק געהאַלטן. דער זײדע נפֿתּלי האָט בײַ זײַן לעבן פֿון קיינעם נישט געהאַלטן אַחוץ פֿון זײַן זון אַהרן און פֿון מײַן טאַטן. זײַנע דרײַ זין און פֿיר אײדעמס, װאָס זיי זענען דערנאָך צוגעקומען, האָבן קיין ייִדישן

פונק אין זיך נישט, פלעג ער תמיד איבערחזרן — „אפגעגאָלט די מאָר־
דעס און עסן אַלץ וואָס איז נישט גלאַט כשר". דעם בעסטן אידעם און
דעם לײַטישסטן זון האָט דער איבערשטער בײַ אים צוגענומען בײַ זײַן
לעבן נאָך און גיי פרעג גאָט אַ שאלה!

# ויברח

דער פעטער בעריש איז פון דעם קלאַפּ געווען זייער דערשלאָגן.
ער האָט שוין נישט געסמיעט צו גיין אין לײַטערהויז און איז אַרומגע־
גאַן ווי אָן אַ קאָפּ... ביז — אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז די מומע
אויפגעשטאַנען און גיט אַ קוק — בערישס בעט איז נישט אָנגערירט.
זי האָט אָנגעהויבן שרײַען. אין־קול, נישטאָ בעריש!

דערווײַל האָט זיך בײַם געשוועסטערקינד מאיר גאָטעסמאַן אויך
דאָס זעלבע אָפּגעשפּילט: שלמה־לייב, אַ בחור פון דרײַצן־פערצן יאָר,
איז פאַרשווונדן. סײַ די מומע העניע, סײַ שלמה־לייבס מאַמע האָבן
אָנגעהויבן חלשן און ס'איז געוואָרן אַ מהומה אויף דער זוויניעטשקע.
אָבער ווי שלמה־לייבס פאָטער איז צוגעגאַן צום טישקעסטל און האָט
געגעבן אַ קוק .. אוי, אַ בראָך! ס'איז געווען אָנגעגרייט דרײַ הונדערט
רײַניש אײַנצוצאָלן אויף אַ קעסל בראָנפן, זענען זיי אין איינעם מיטן
תכשיט אַהינגעקומען. דער מאַמען איז געגאַנגען אין זון און דעם טאַטן
אין געלט: סטײַטש, אַזאַ פאַרמעגן! אין יענער צײַט האָט מען געקענט
פאַר דעם געלט זיך קויפן דאָס שענסטע הויז, אָדער דרײַ מענטשן האָבן
געקענט אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. יעדער איינער האָט שטילערהייט
גאָט געבעטן, מע זאָל בערישן נישט כאַפּן, ווײַל סע וואָלט אים נישט
געווען מקנא צו זײַן, ווען די זשאַנדאַרן וואָלטן אים געווען געכאַפּט און
מאיר גאָטעסמאַן וועט עס גאַרנישט שאַטן, ער איז דאָך געווען אַ נגיד.

און גאָט איז אַ גוטער — אַלע גרענעצן, אַלע באַנסטאַנציעס זענען
אַלאַרמירט געוואָרן, ביז קיין וויין; קיין אַמעריקע האָט מען טעלעגראַ־
פירט און באַשריבן: אַזעלכע צוויי פאַרשווינענע זענען אַוועק און מע זאָל
זיי כאַפּן און צוריקברענגען! אין אַ פרײַטיק אין דער פרי, איך קען
מיך דערמאָנען, האָט מיך די מאַמע געשיקט צו שׂרה דער מילכיקער
קויפן פאַר אַ גרײַצער באָרשט. איך גיי אַרויס מיטן באָרשט, איך גיב
אַ קוק — אַ גאַנצע טשאַטע בחורים און אין דער מיט פירט מען שלמה־
לייב מאירס. קינד־און־קייט זענען אַרויס קוקן אויף דעם בייז־ווונדער.
ער איז געגאַנגען דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, ווי דער אַרגסטער פאַר־
ברעכער.

יעדער האָט מיט האַרץ־קלאַפּעניש געוואַרט, מע זאָל אויך בערישן
דורכפירן, אָבער — פאַוואָליע! בערישן האָט זוויניעטשקע מער נישט

זוכה געווען צו באַקוקן. און אַפילו די מאַמע, וואָס איז געווען מיט אים אַזוי ברוגז, האָט זיך אויך דערפרייט, וואָס מע האָט אים נישט געכאַפּט. זי האָט געמאַכט אַ גוטן קוגל און האָט זיך איבערגעבעטן מיט דער מומע העניע, ווייל כאָטש יעדער האָט געוווסט, אַז סע וועט לאַנג נישט געדויערן און בעריש וועט פון זיך לאָזן הערן — ער וועט אין זיין העניען נישט פאַרגעסן — אָבער דערווייל איז אַ רחמנות, מע קען דאָס ווייבל מיט די קינדער נישט לאָזן פאַלן.

מיין שוועסטער ריווציע — שוין אַ פאַרשטענדיק קינד געווען, האָט דערנאָך דערציילט, אַז מיט אַ טאָג פריער אײדער ער איז עוקר געווען, איז דער פעטער בעריש אַריינגעקומען, האָט זיך אַנידערגעזעצט אין פאַרהויז אויף דער לייטער און זיך צעוויינט. ווען זי האָט אים געפרעגט פאַר וואָס ער וויינט, האָט ער געזאָגט, אַז ער איז זיכער, אַז די מאַמע וועט נישט לאָזן פאַלן די מומע מיט די קינדער, ווען סע זאָל מיט אים עפּעס געשען. אָבער ס'איז דערצו נישט געקומען. ער האָט זי פאַרזאָרגט, אַז זי זאָל צו קיינעם נישט באַדאַרפן.

## חיים פאָרט קיין אַמעריקע

פונעם פעטער בעריש האָט מען דעמאָלט אַ שיינע פאָר חדשים נישט געהערט, נאָר וואָס דען? פון ייִגאַלניצע איז יעדע וואָך אָנגעקומען פון אַ מומע אַ פאָר רייניש פאַר דער מומע העניע. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס שיקט זי נישט איר געלט, נאָר מן־הסתּם האָט דאָס בעריש איבערגעלאָזט. ביז זעקס חדשים זענען אָנגעקומען באַצאָלטע שיפסקאַרטן און די מומע העניע מיט די קינדער זענען אין אַ גוטער שעה געפאָרן קיין אַמעריקע.

אין יענער צייט איז אויך שוין געווען דער פעטער יאַנציע מיט דער משפּחה אין אַמעריקע. ער איז נאָך דער גרויסער שׂרפה, ווען זיין טאַבאַק־פאַבריק איז אָפּגעברענט געוואָרן, געבליבן אָן אַ היים און אָן פּרנסה און איז אַרויס פון ייִגאַלניצע אין איין העמד.

איז אַזוי ווי מיר האָבן שוין געהאַט אַ שטיקל משפּחה דאָרט, האָט די מאַמע גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, אַז חיים זאָל אויך פאָרן קיין אַמעריקע. נאָך אַלעמען, איז ער שוין אַלט געווען 17־18 יאָר און געגנוג זיך אָנגעשלאָגט אין בודאַפּעשט, ביז ער האָט געהאַט געגנוג געלט אָפּגעשפּאָרט אויף הוצאָות. האָט זי מיט אַ רויִק געמיט געלאָזט אים פאָרן... „ער וועט אונדז נאָך אַלע אַרויפנעמען און גליקלעך מאַכן", פלעגט זי זאָגן און ווען נישט מיין ברודער סראָל, זאָל זיך מייִנען, וואָלט עס טאַקע אַזוי געווען, אָבער סראָל האָט נישט געוואָלט הערן פון אַמעריקע. ער איז געווען אַ פרומער און ביי אים איז דאָס געווען אַ טריפה לאַנד. „די שטיי־

נער, אויף וואָס מע טרעט, זענען דאָרט טריף״ פֿלעג ער זאָגן און די מאַמע וואָלט אַן סראָלן נישט געפֿאָרן, ווען מע וואָלט איר געגיבן גילדענע זייגערלעך אין דער יויך.

איז חיים דערוויַיל אַליין געווען אין אַמעריקע און פֿלעג אַ מאָל אַריַינשיקן דער מאַמען אויף פּסח און די יום־טובֿים צו צען דאָלאַר. ווי שווער ס׳איז אים אָנגעקומען, האָט ער קיין מאָל נישט געשריבן. ער איז לאַנג געגוג פֿאַרשוואַרצט געוואָרן, ביז ער האָט זיך אַרויפֿגע־אַרבעט און אָנגעהויבן גוט צו פֿאַרדינען. סע פֿלעג אומגיין אַ ווערטל, „אַז חיים פֿאַרדינט צען דאָלאַר אַ וואָך, שפּאָרט ער פֿופֿצן״. ער פֿלעג אַרבעטן פֿופֿצן־זעכצן שעה אַ מעת־לעת אין צײַט פֿון סעזאָן. פֿון נישט אַרבעטן האָט ער קיין מאָל נישט געוווסט. ער איז געוואָרן אַן ערשט־קלאַסיקער קירזשנער און די „באָסעס״ פֿלעגן זיך איבער אים רײַסן.

ער האָט געוווינט בײַם פּעטער בעריש פֿון דער ערשטער מינוט אָן, ווען יענער האָט אים אַראָפּגענעמען פֿון דער שיף. זיי האָבן אים געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד, אָבער חיים האָט גוט באַצאָלט. ער איז געווען צופֿרידן, וואָס ער האָט געהאַט אַ גוטע היים, היימישע עסנס און פֿלעג תּמיד איבערחזרן, אַז „דער מומע העניעס קאַלטע קאַרטאָפֿל מיט איַינברען, זענען בעסער ווי אַן אַנדערנס הייסער בראָטן״.

## פֿון טויזנט און איין נאַכט אָדער דעם פֿעטער בערישעס נסיעה

דעם פֿעטער בעריש איז אין די ערשטע יאָרן נישט זייער פֿויגלדיק געגאַנגען. ער איז געווען אַ הויזן־אָפּרייטאָר, אַ פֿושקאַרט־שלעפּער, אַ פּעדלער מיט סעלצער — אַלץ וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט, אָבער פּרנסה — שוואַך. חיים האָט אַ מאָל אין אַ בריוו באַשריבן דעם פֿעטער בערישעס נסיעה קיין אַמעריקע, האָט מען געקענט מיינען, מע לייענט אַ מעשׂה, וואָס הייבט זיך נישט אָן און לאָזט זיך נישט אויס. דאָס גאַנצע שטעטל איז זיך צונויפֿגעקומען הערן. נישט איינער, צוהערנדיק זיך צו זײַנע איבערלעבונגען, האָט זיך בגנבֿה אָפּגעווישט אַ טרער...

ער איז געפֿאָרן אַ געררודפֿטער, אונטער אַ פֿרעמדן נאָמען. און דאָ אין קעסל־גאָרטן האָבן שוין געוואָרט אויף אים מליץ־יושרים, וואָס האָבן געוואָלט אים לאָזן צוריקשיקן. איך פֿערזענלעך געדענק נישט דעם אינהאַלט פֿון בריוו, נאָר שפּעטער, זײַענדיק אין אַמעריקע, האָט דער פֿעטער בעריש אונדז געמוזט איבערגעבן יעדעס פּרטעלע פֿון דער מינוט, ווען ער האָט פֿאַרלאָזט זײַן שטוב און זיך געלאָזט אינעם סכּנהדיקן וועג אַרײַן. ער פֿלעג דערבײַ תּמיד זאָגן: „נאָר מײַן ברודער יונה איז מיר נאָכגעגאַנגען און האָט מיך פֿון אַלעם אָפּגעהיט״ (מײַן טאַטע — זײַן ברודער יונה, האָט בערישן אויפֿגעצויגן, געווען אים ווי אַ טאַטע).

ער האָט קיין ברירה נישט געהאַט — אַזוי פֿלעג ער אָנהייבן זײַן מעשׂה — אויף דער זוויניעטשקע איז אים צו ענג געוואָרן די לופֿט, מע האָט אים אָנגעהויבן היטן ווי אַ גנבֿ אויף יעדן שריט. העניע פֿלעג זיך שעמען אויף דער גאַס אַרויסצוגיין און פֿאַר וואָס? פֿאַר ווען? וואָס וועט ווײַטער זײַן — סע גייט אַוועק נאָך אַ יאָר, קומט נאָך אַ קינד און קיין שאַנסן ער זאָל קענען זײַן ווײַב־און־קינד שפּײַזן האָט ער נישט. דערווײַל איז יאַגאָלניצע אָפּגעברענט געוואָרן, איז ער אַרײַנגעפֿאָרן אַהין, זען וואָס ס'איז געשען מיט זײַן משפּחה: ער האָט דאָרט געהאַט צוויי שוועסטער — מאַנציע און רייזיע — און אַ ברודער, יאַנציע. ער איז אָנגעקומען קיין יאַגאָלניצע, האָט אים יאַנציע דערציילט, אַז ער האָט קיין אַנדערע ברירה נישט, ווי פֿאָרן זוכן גליקן אין אַמעריקע. אַז בעריש האָט דאָס דערהערט, איז אים דער געדאַנק נישט אָפּגעטרעטן. ער וויל און מוז אויך פֿאָרן. אָבער ווו נעמט מען געלט? מע מוז האָבן כאָטש אַ הונדערט רײַניש אויף הוצאות, הײַנט לאָזט ער דאָך איבער אַ ווײַב מיט קינדער, ווי קען ער אַוועקפֿאָרן און זיי נישט פֿאַרזאָרגן כאָטש אויף די ערשטע זעקס חדשים?

האָט אים אָנגעהויבן עקבערן אין קאָפּ: עפּעס מוז געטון ווערן! ער וועט פּרוּוון און גאָט וועט אים נישט פֿאַרלאָזן... אָבער ער מוז עס טון אַליין, ער טאָר זיך מיט קיינעם נישט באַראָטן, אַפֿילו זײַן ווײַב טאָר דערפֿון נישט וויסן. כּדי דורכצופֿירן זײַן פּלאַן, האָט ער אָבער געמוזט האָבן אַ מיטהעלפֿער. נתנען אָדער לייבושן האָט ער מורא געהאַט זיך צו פֿאַרטרויען, ווײַל זיי זענען געווען אַלט גענוג צו פֿאַרשטיין, אַז אין ערגעץ וועט זיי נישט אַזוי גוט זײַן ווי אין דער היים, אָבער שלמה־לייב איז נאָך געווען כּמעט אַ קינד, אים האָט מען געקענט אײַנרעדן אויפֿן בוידעם אַ יאַריד, האָט ער זיך צוגערוקט צו שלמה־לייבן. אײַנרעדן האָט מײַן פֿעטער בעריש געקענט, ווי מײַן מאַמע פֿלעג זאָגן „ער האָט געקענט מעלקן בײַ אַ יאַלעווע קו מילעך". האָט ער אַזוי לאַנג אין אים אַרײַנגעג־רעדט, ביז ער האָט געפּועלט: אַזוי ווי מע דאַרף אײַנצאַלן בראָנפֿן און סע מאַכט אויס נישט ווייניקער ווי דרײַ הונדערט רײַניש, וועלן זיי ביידע פּונקט האָבן גענוג אויף זיך אין לעמבעריק אָדער אין ווין שיין אויסצוקליידן און אויף צוויי שיפֿסקאַרטן...

קיין סך נישט געקלערט, האָט שלמה־לייב נאָך די זעלבע נאַכט אָפּגעטון דאָס שטיקל אַרבעט און זיי זענען ביידע אַוועק. אָנגעקומען קיין יאַגאָלניצע, האָט בעריש אַפֿילו נישט געקלערט צו שלעפּן דאָס קינד מיט זיך. ער האָט אים איבערגעלאָזט אין אַ קוואַרטיר, באַצאָלט פֿאַר אַ פּאָר טעג און איז אַוועק צו זײַן שוועסטער, וואָס האָט אויך דאָרט גע־וווינט. איר האָט ער אויך נישט געזאָגט וואָס און ווען, נאָר איבערגע־לאָזט פֿאַר זײַן העניע גענוג אויף צו לעבן און איז אַוועק צו זײַן רעגי־מענט. ער איז שולדיק געווען אַ „וואָפֿן־איבונג", און געוווּסט, אַז מע

ווייט אים אומעטום זוכן, נאָר נישט ביי די זעלנערס. אויך האָט ער מורא געהאַט, אַז ער וועט נישט אָפּדינען די דרייסיק טעג, קען מען נאָך טשעפּען זיין ווייב. איז בשעת מע האָט געקערט וועלטן, זוכנדיק אים, איז ער גאָר געווען אין סטאַניסלע און רויִק זיך אָפּגעדינט זיין צייט. ווען די דרייסיק טעג האָבן זיך אָבער געענדיקט, האָט אויף אים אָנגעהויבן ברענען די הויט פֿאַר מורא: וואָס וועט מיט אים איצט געשען? ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין לעמבעריק, זיך באַקענט עפּעס מיט אַ חברה־מאַן און יענער האָט אים באַרייטעט אַ ייִדן, וואָס האָט אים פֿאַרקויפֿט אַ פּאַס. אַזוי האָט בעריש זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט אַ פֿרעמדן נאָמען און האַרצקלאַפּונג. זייענדיק אויף דער שיף, האָט ער עטלעכע מאָל געהערט אויסרופֿן פֿון אַ טעלעגראַם זיין נאָמען: „בערנהאַרד פֿישבאַך!" איין מאָל איז דער קאַפּיטאַן אַרויפֿגעקומען און אויסגעשריגן: „בערנהאַרד פֿישבאַך, דיין פֿרוי איז געשטאָרבן!" ער איז שיִער נישט אַוועקגעפֿאַלן, אָבער ער האָט געשוויגן. ער האָט געפֿילט, אַז דאָס וויל מען אים אַריינ־נאַרן און ער האָט דורכגעהאַלטן.

אין קעסל־גאַרטן, אָבער, האָט ער דעם רעכטן חיבוט־הקבֿר מיט־געמאַכט. וואָלט ער געקומען מיט דער צווייטער קלאַס, וואָלט ער געווען ייִדן געהערט ווי דעם קאָטער. ער איז אָבער געקומען מיט דער דריטער קלאַס, און אַז מע איז געפֿאָרן מיט דער דריטער קלאַס, האָט עמעצער געדאַרפֿט אַראָפּנעמען פֿון דער שיף. האָט ער טעלעגראַפֿירט זיין ברודערס יאַנציע. אַליין נאָך אַ גרינער, האָט יאַנציע געמוזט אָנקומען צו אַנדערע, וואָס זיי זענען שוין לענגער געווען אין לאַנד. אַזוי אַז מע איז געוואָר געוואָרן פֿונעם סוד און ס'האָבן זיך געפֿונען גוטע־פֿריינד, וואָס זיי האָבן געוואָלט בערישן מסרן, מע זאָל אים צוריקשיקן. דער פֿעטער יאַנציע, נעבעך, איז אַרומגעלאָפֿן נישט־טויט נישט־לעבעדיק, געזוכט הילף קעגן די מוסרים, ביז ס'איז אים געראָטן! ס'האָבן זיך צונויפֿגענעמען זאַ־לישטשיקער און ייִגאָלניצער לאַנדסלייט און מע האָט דעראַרבעט מעשׂים. „סע וועט זיך גיסן בלוט אין די גאַסן ווי וואַסער, אויב מע וועט זיך דערוועגן לאָזן צוריקשיקן דעם אָרעמען בערישן, וואָס ער האָט געמוזט ניצן אַזוינע מיטלען צו קומען אַהער!" די סטראַשונקעס האָבן געהאָלפֿן. די פּאַר, וואָס זיי זענען געווען פֿאַר צוריקשיקן, האָבן זיך דערשראָקן און זיך באַהאַלטן אין די מייזלעכער. און אַזוי איז בעריש געקומען אין גאָל־דענעם לאַנד און טאַקע באַלד אויך אַריבערגענעמען זיין משפּחה.

און שלמה־לייבן, דעם נגידישן בחורל, וואָס ער האָט אים פֿאַרהאָלפֿן דערצו, האָט עס גאָרנישט געשאַט, נישט צו זיין קאַריערע און נישט צום שידוך. אַ פּאָר וואָכן נאָכן צוריקברענגען אים מיט שוב פֿון ייִגאָלניצע, האָט מען אים אָפּגעפֿירט קיין טשערנעוויץ לערנען און דערנאָך שטודירן. ער איז געוואָרן אַ באַנק־דירעקטאָר און שפּעטער געהאַט אַן אייגענע באַנק.

# געפּטרט אַ חמץ

אַזוי ווי חיים איז געקומען קיין אַמעריקע און האָט אָנגעהויבן אַ ביסל זיך אַרויפֿצואַרבעטן, האָט אים די מאַמע גענעמען דערקוטשען ער זאָל אַרויפֿנעמען לאָזערן. חיים האָט קליין חשק געהאַט, אָבער ס׳האָט אים גאָרנישט געהאָלפֿן. אַזוי גיך ווי ער האָט געקענט אײַנצאָלן פֿאַר אַ שיפֿס־קאַרטע, האָט ער געשיקט נאָך לאָזערן.

נישט נאָר די מאַמע האָט געטאַנצט פֿאַר פֿרייד, ווען זי האָט באַקומען די בשׂורה, נאָר די גאַנצע זוויניעטשקע האָט זיך געפֿרייט צו פּטרן אַזאַ חמץ. ער איז נעבעך שטענדיק געווען פֿאַרביטערט — קיין מאָל האָט ער קיין גוטן טאָג נישט געהאַט אין זײַן יוגנט, פֿון יעדן געמוסרט און געשלאָגן. ווער סע האָט נאָר געהאַט גאָט אין האַרץ, האָט לאָזערן אַרײַנגעהאַקט, פֿלעג ער יעדן זײַן חלק אָפּגעבן.

ס׳איז למשל געווען בײַ אונדז אַ ייִד, אַבֿרהם ראָזנבלאַט, וואָס מע האָט אים גערופֿן „דער גײַסטלעכער”. ער האָט געהאַט אַ שטוב מיט קינדער, זענען זיי אַלע געווען לײַטישע, נאָר איינע, רייזיע, האָט פֿאַרפֿירט אַ ליבע מיט אַ בחור, וואָס ער האָט געאַרבעט אין מיל אַקעגן זייער הויז. פֿון דער ליבע האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז זי איז פֿאַרגאַנגען אין טראָגן. גאַנץ זוויניעטשקע האָט געוווסט, נאָר מ׳האָט געמאַכט אַ שווײַג. ווען רייזיע האָט געהאַט דאָס קינד, האָט זי עס אײַנגעוויקלט אין אַ שטיק ציך און זאַדושעט — אַזוי האָט מען גערזאָגט — און עס באַגראָבן אין שניי... פֿאַר פּסח, אַז דער שניי איז זיך צעגאַנגען און מע האָט געפֿונען דאָס פּעקל, האָבן די זשאַנדאַרן אָנגעהויבן אויסצופֿרעגן. יעדער האָט געוווסט ווער ס׳איז די חייבֿטע, נאָר די זשאַנדאַרן איז נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז סע קען בײַ אַ ייִדישן טאַטן אַזוינס זיך טרעפֿן, האָבן זיי זיך געטשעפּעט צו די דינסטן. מיט וואָס די מעשׂה האָט זיך געענדיקט, געדענק איך נישט, נאָר איין זאַך געדענק איך, אַז דער גײַסטלעכער האָט רייזיען שפּעטער חתונה געמאַכט מיט אַ בעלפֿער, משה.

קיין זאָל איז אויף דער זוויניעטשקע נישט געווען, און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ גרויסן שטאַל, האָט מען אָפּגעשאַליעוועט אַ שטיק פֿון דער שטאַל, זי אויסגעשמירט און איבערגעשיט מיט זאַמד. דאָרטן האָט מען געפּראַוועט די חתונה. בײַ דער טיר האָט מען אַוועקגעשטעלט איינעם פֿון דער משפּחה, ער זאָל זען ס׳זאָלן קיין קינדער נישט אַרײַנקומען. אַז לאָזערל האָט דאָס דערהערט און ער האָט דווקא יאָ געוואָלט אַרײַן, האָט ער גענעמען זײַן חבֿר, אַבֿרהמלע דעם שוחטס, און געלאָזט זיך גיין אַרײַן. אַבער אַזוי ווי מע האָט זיי ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן, האָט ער זיי געסטראַשעט: „איר לאָזט מיך אַרײַן, אַנישט וועל איך אויסזאָגן, אַז די כּלה האָט געהאַט אַ קליינס!” מע האָט זיי שוין אַרײַנגעלאָזט און לאָזערל האָט שוין געקענט אָפּטאָן דאָס שפּיצל וואָס ער האָט אין זין

געהאַט, ווײַל דאָס איז דאָך געווען די סיבה, וואָס ער האָט געוואָלט אַזוי שטאַרק גיין אויף דער חתונה... זיי האָבן גענעמען די שווענץ פֿון די פֿערד און צוגעבונען צו די מיידלעכס קליידער, ווען זיי זענען געווען אויסגעשטעלט צום טאַנצן דעם קאַדריל. אַזוי ווי דער אַראַנזשער האָט געגעבן אַ רוף אויס „באַלאַנסיע!", האָבן די מיידלעך זיך געגעבן אַ לאָז צום טאַנצן און די פֿערד האָבן זיי צוריקגעשלעפּט, האָבן זיך די מיידלעך מיט די שיינע קליידער צעלייגט אין הני. איז געוואָרן אַ גרויס געוואָלט און אַ געלעכטער און ס'איז שוין געווען וואָס צו דערציילן אויף דור־דורות. לאָזערל און זײַן חבֿרל זענען אויסגעווען די צײַט. יעדער האָט פֿאַרשטאַנען וועמעס שטיקל אַרבעט דאָס איז געווען, מע האָט אָבער געמוזט שווײַגן...

דעריבער, אַז ער האָט געדאַרפֿט אַוועקפֿאָרן, האָט די זוויניעטשקע אויפֿגעלעבט, נאָר איך האָב געהאַלטן אין איין וויינען, ווײַל כ'האָב אים ליב געהאַט און האָב נאָך אים זייער געבענקט.

# מיר לערנען זיך ייִדיש

„שוין צײַט, מויד, אַ תּכלית צו קלערן — האָט די מאַמע גע־טענהט — באַלד וועסטו אָנהייבן גיין אין שול אַרײַן און פֿאַרגעסן די נאַרישקייטן ווי ליגן גאַנצע טעג אין כאַשטש און זיך אַרומשפּילן מיט טאָקן!" און טאַקע, אומר־ועושה, פֿאַר דער שול בין איך נאָך געווען צו יונג, ווײַל מע האָט פֿאַר זיבן יאָר נישט אויפֿגענעמען און מיר האָט נאָך געוווג געפֿעלט ביז זיבן יאָר, אָבער צו יאָסל נאָסיע דעם מלמדס, ווו מע האָט מײַן שוועסטער ריווציע געגיבן זיך לערנען, האָב איך אויך זיך נאָכגעשלעפּט.

בײַ דער מאַמען זענען איצט געבליבן נאָר איך און ריווציע צום לערנען. פֿאַר ריווציען האָט מען געגעבן אַ פֿערטל הייוון, ווען זי איז געגאַן צו בעריש דעם מלמד זיך אויסלערנען אַ ביסל עבֿרי און דאָס זעלבע האָט מען געצאָלט נאָסיע מלמדס זון, יאָסל זאַלצמאַן, פֿאַר לערנען זי שרײַבן ייִדיש. ווי יאָסל, דער נײַער לערער, האָט געהערט דעם לוין, וואָס ער וועט באַקומען, האָט ער קיין חשק נישט געהאַט זי צו לערנען. אָבער דער גוטער מלאך, רחל, דער מאַמעס געשוועסטערקינד, האָט זיך אַרײַנגעמישט און האָט שבת בײַם דאַווענען געזאָגט צו יאָסלס מוטער, ריווע די מלמדקע, אַז אויב ער וועט ריווציען עפּעס זאָגן אָדער איר עפּעס פֿירהאַלטן, וועט זי, רחל, נישט נאָר אַרויסנעמען איר כּײַציע, נאָר זי וועט זען, ער זאָל בלײַבן אָן תּלמידים. „וואָס הייסט לאָזן פֿילן אַ קינד, אַז זי איז ווייניקער פֿון אַנדערע קינדער, נאָר דערפֿאַר ווײַל איר מאַמע קען נישט געננוג באַצאָלן?" האָט יאָסל זיך דערשראָקן און מער קיין קרומע מינע נישט געמאַכט.

און איך, כאָטש יינגער מיט צוויי און אַ האַלב יאָר פֿון זיי, האָב אויך געוואָלט מיך לערנען און אַז די צווי מיידלעך האָבן זיך גענעמען צו זייער געצייג — אַ שרייבפּענדל מיט פּאַפּיר — און האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, בין איך זיי נאָכגעלאָפֿן. ריוועציע און כּייציע האָבן נישט שטאַרק געוואָלט, איך זאָל זיי נאָכלויפֿן. זיי זענען דאָך געווען די גרויסע און איך — אַ שנעקל, אַ פּיטשערונטשיק. האָב איך אָבער געוואָלט פֿון אַלע סודות וויסן און ווי וואָלט געווען צו עמעצן, ווען מע טרייבט מיך אַוועק. איך האָב נישט געדאַרפֿט, ווי אַנדערע קינדער, לויפֿן צו דער מאַמע אָדער צום טאַטן צוקלאָגן „מע האָט מיך געשלאָגן!” איך האָב תּמיד געקענט מײַן שטעטל אַליין באַשטיין. אַ געזונטע מויד בין איך געווען און נאָך אַ געזינטערן פּיסק געהאַט און אַז ריוועציע מיט כּייציע זענען אַוועק זיך לערנען, האָט זיך נישט געוואָלט בלײַבן אין דער היים. בין איך מיט אַ תּירוץ געקומען צו לויפֿן צו זיי: ניבע האָט מען מיך געשיקט קוקן צי זיי זענען דערגאַנגען ביז אַהין. אַז סע האָט זיך נישט אָנגעהויבן און נישט אויסגעלאָזט, האָב איך זיי שפּעטער דערציילט, ווען זיי זענען אַהיימגעגאַנגען.

אָנגעקומען אין חדר, האָב איך מיך אַנידערגעזעצט אויפֿן בעט אין דער זײַט און האָב מיך געוואָלט צוהערן וואָס און ווי אַזוי זיי לערנען. זיי זענען ביידע געזעסן אויף אַ לאַנגער באַנק בײַם טיש און דער לערער האָט אין זיי אַרײַנגעהאַקט די תּורה, ווי אַזוי צו מאַכן אַן אַלף און בית וכדומה.

יאָסל זאַלצמאַן האָט געקענט אַחוץ אַ בלאָט גמרא אויך יידיש און דײַטש און האָט אַרויסגעהאָלפֿן דעם טאַטן אין דער פּרנסה מיט גיבן „שטונדן”. ער האָט גענעמען אַ זעקסערל פֿאַר דרײַ שעה אַ וואָך און אַ צוויי־דרײַ מיידלעך פֿלעגן זיך לערנען בײַ אַזאַ לעקציע. געזעסן איז מען אין אַ ווינקל שטוב, בשעת דער פֿאָטער זײַנער, נאָסיע דער מלמד, האָט פֿאַרנעמען דרײַ פֿערטל שטוב, מיט זײַן חדר. איך — אַ נישט־געבעטענער גאַסט — בין געזעסן פֿון דער ווײַטנס און האָב מיך נישט געטאָרט אָנרופֿן אַ וואָרט. אָבער נאָך אַ פּאָר „שטונדן” האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז איך האָב מיך מער אויסגעלערנט פֿון זיי. כ׳האָב אין דער היים אַלץ נאָכגעשריבן אויף אויסנווייניק, וואָס זיי האָבן נישט געקענט פֿון אינעווייניק. כ׳האָב עס געוויזן דעם לערער און ס׳איז אים אַזוי געפֿעלן געוואָרן, אַז ער האָט מיך געלאָזט יעדעס מאָל קומען מיט זיי און זיצן בײַ דער זײַט, כּדי צו קענען שעפּן תּורה און חכמה. ס׳האָט מײַן מאַמען אַפֿילו נישט קיין פֿערטל הייוון געקאָסט.

יאָסל איז געווען אַזאַ פֿרומער, אַז ער האָט קיין מיידל נישט געקוקט אין פּנים, אַפֿילו נישט אַזוינע גרויסע מיידן ווי אונדז זע׳מיר געווען (צישן זעקס און נײַן). איין מאָל האָט זיך אונדז פֿאַרגלוסט אים אָפּצוטון אַ זביטקע — סטײַטש פֿאַר וואָס וויל ער אונדז נישט אָנקוקן? מיידלעך

זענען דען נישט קיין מענטשן? האָט איינע פֿון אונדז, כּמעט געגנעמען (?) א שקאַרמיצל, עס אונטערגעצונדן, דערנאָך עס אים אונטערגערוקט אונטערן בערדל. אַז ער האָט דערפֿילט די היץ, האָט ער געגעבן אַ הייב דעם קאָפּ און האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. זײַן מוטער, וואָס זי איז געזעסן אַקעגן און געאַרבעט אַ זאָק, האָט דערפֿילט ווי סע רייכערט זיך און געמאַכט אַ שטאַרקן גערואַלט. ווען מע האָט אָנגעהויבן אויסצו־פֿרעגן, ווער ס׳איז די שולדיקע, האָט קיינער נישט געוואָלט אויסזאָגן. די מלמדקע האָט געזאָגט זי וועט אונדז פֿאַרקלאָגן צו אונדזערע מאַמעס. ווען די מומע רחל האָט מיט אַ שמייכל אונדז אויסגעמוסרט, האָבן מיר איר געענטפֿערט „פֿאַר וואָס וויל ער אונדז נישט אָנקוקן, אונדז זע׳מיר דען טרייף־פּסול?"

# אַ גוטער מלאך

רחל פּרעשל האָט געוווינט אין שכנות מיט אונדז און איז געווען ווי אַ גוטער מלאך צו יעדן און צון אונדז אַוודאי. זי איז דאָך געווען אַחוץ דער מאַמעס אַן אייגן געשוועסטערקינד אויך די בעסטע חבֿרטע אירע פֿון מיידלווײַז. אויך האָבן זיי דאָס זעלבע אומגליק דורכגעמאַכט, פֿאַר־לוירן די מענער אין איין צײַט, נאָר מיטן חילוק, ווי כ׳האָב שוין דער־מאָנט, אַז איר טאַטע האָט זי נאָך אַ מאָל פֿאַרזאָרגט, צוגענומען בײַ איר די קינדער און זי פֿריש חתונה געמאַכט און ס׳איז איר זייער גוט געגאַנגען. זי האָט מיט דער מאַמען און מיט אונדז קינדער זייער מיטגע־פֿילט און אונדז בײַגעשטאַנען ווי נאָר מעגלעך.

איך געדענק נאָך הײַנט דעם גוטן טעם פֿון שבת אין דער פֿרי, ווען איר דינסט יעלענע פֿלעג צוקומען צון אונדזער פֿענצטער און שרײַען: „שטייטס אויף, איר פֿויליאַקעס, די קאַווע ווערט קאַלט!" אַך, יענע גוטע קאַווע וואָס רחל האָט אונדז יעדן שבת אַרײַנגעשיקט, מיט די פּוטער־קיכעלעך! די הויט פֿון דער קאַווע פֿלעג מיר ליגן די גאַנצע וואָך אין טעם. און ס׳איז טאַקע געווען טעם גן־עדן! די גאַנצע וואָך האָ׳מיר אויך נישט דערלייגט צון איר... אַז די מאַמע פֿלעג אַוועקפֿאָרן און איבערלאָזן אונדז, צוויי קינדער, אַ גאַנצן טאָג און אַ מאָל ביז שפּעט אין דער נאַכט אַליין, ווער האָט אַכטונג געגעבן, מיר זאָלן נישט לײַדן קיין הונגער? רחל דעם פֿעטער עליעס! די מאַמע פֿלעג אַ מאָל איר יאָ איבערלאָזן אַ פֿערטל פֿלייש, ווײַל זי האָט נישט געוווּסט, ווען זי וועט קומען. איז דאָס שוין געווען אַ וועטשערע, אויף אַלע ייִדישע קינדער געזאָגט! אָדער ווי מײַן מאַמע פֿלעג זאָגן: „קיין שונא זאָל עס נישט דערלעבן צו עסן!" פֿון כּל־טובֿ: פֿאַרשפּײַז, קאַשע מיט יויך, הײַנט פֿלוימען־קאָמפּאָט, דערנאָך אַ גלעזל טיי מיט גוטע קיכלעך. דאָס איז

געוואָרן פֿון די צוועלעף דעקע פּלייש, וואָס די מאַמע פֿלעג איר איבערלאָזן, ווען זי פֿלעג זיך לאָזן אין וועג אַרײַן זוכן אליהו־הנביא. און אַז זי פֿלעג אַהיימקומען מיד און צעבראָכן, מן־הסתּם גאָרנישט פֿאַרדינט, האָבן מיר קינדער דאָס נישט שטאַרק געפֿילט.

רחל פּרעשל, אויב ס׳איז פֿאַראַן אַ גן־עדן אויף יענער וועלט, פֿאַרדינט איִם קיינער נישט מער ווי זי. זי האָט איר גאַנץ לעבן קיין פֿליג נישט דערצערנט. אַזאַן אײדעלע, גוטע נשמה האָב איך אויף מײַן לאַנגן לעבנסוועג נישט באַגעגנט. זי, אַ שטיפֿמאַמע, איז געווען אַ מוסטער אין דער גאַנצער געגנט; געטרײַער ווי אַן אײגענע מאַמע קען זײַן צון אירע קינדער. זי פֿלעג נעמען פֿון רעכטס און פֿון לינקס בײַ איר מאַן, כּדי אירע צוויי שטיפֿטעכטער כּיצציע און שפּרינציע זאָלן נישט פֿילן, אַז זיי גייען אפֿשר ווײניקער גוט געקליידט, ווײַל זייער מאַמע לעבט נישט.

איך געדענק, אַז בײַ אונדז אין שכנות האָט געלעבט אַ פֿרוי, חנה לייזערס, מיט איר זינדל. זי האָט געשטאַמט פֿון זייער אַ באַלעבאַטישן הויז און איז געווען גוט פֿאַרזאָרגט; זי האָט געהאַט אַ מאַן אַ גרויסן סוחר, איתמר ווילדמאַן פֿון זאַלישטשיק. זי האָט אָבער נישט געוואָלט, צי זי האָט נישט געקענט, לעבן מיט איִם און איז צוריקגעקומען קיין זוויניעטשקע מיטן קינד, אָרעם־וויסט. אירע עלטערן זענען שוין נישט געווען און די איבעריקע פֿאַמיליע האָט נישט געוואָלט וויסן פֿון איר. מע האָט געזאָגט, זי איז משוגע איבערצולאָזן אַזאַ הויז מיט דינסטן און קומען צוריק הונגערן. סע האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן, וואָס מענטשן האָבן זיך אַרײַנגעלייגט — איין מאָל ניין! דעם מאַן, ווידער, האָט מען נישט געקענט ברייטן ער זאָל זי מפֿרנס זײַן; ער האָט געהאַט אַ טענה, זאָל זי איִם געבן דאָס קינד, וועט ער איר געבן געלט, זי זאָל זיך קענען אויך די נשמה דערהאַלטן. איר איז אָבער ליבערשט געווען צו שטאַרבן פֿאַר הונגער, אַבי זי זאָל קענען זײַן אין אײנעם מיט איר קינד הערשעלע. קיינער האָט דערפֿאַר נישט געוואָלט פֿון איר וויסן. אָבער נישט אונדזער רחל! זי, געדענק איך, האָט איר געשיקט וואָס נאָר מעגלעך, אַז קיינער זאָל נישט זען. דערצו בין איך מיט כּיצציען געווען די פֿאַרטרויענסמענטשן. איך בין מן־הסתּם אַלט געווען זעקס יאָר און כּיצציע מיט צוויי און אַ האַלב יאָר עלטער פֿון מיר, אָבער אַ סוד האָבן מיר געקענט האַלטן.

אַזוי ווי איר מאַן איז פֿאַר נאַכט אַוועק דאַווענען מינחה־מעריב, האָט שוין רחל אַ ווינק געגעבן צון אונדז: „אָנאַ, חבֿרה, באַטס אײַך דאָס שליסעלע פֿון מאַגאַזין און גייטס נעמטס אַ ביסל קוגרידזיע־מעל, אַ ביסל געשריבענע פֿאַסאָליעס און טראָגטס עס אַרײַן צו חנה לייזערס! אָבער, למען־השם, קיינער פֿון די קינדער זאָל נישט זען!״ האָב איך מיט כּיצציען געכאַפּט דעם שליסל און פֿאַשאָל — אויספֿירן דאָס שליחות. אין גרויסן מאַגאַזין האָב איך מיך אַרומגעקוקט: אַזוי פֿיל זעק מיט מעל, הײַנט וואַגאָנען האָלץ! כ׳האָב נישט פֿאַרשטאַנען, אַז פֿון דעם דאַרף מען דער־

האַלטן ווײַב־און־קינדער און אַז מע מוז זיך געגנוג דאַרן דעם קאָפּ, ביז מע באַצאָלט פֿאַר דער סחורה. איך האָב בלויז געזען, אַז דאָ איז דאָ אַזאַ סך האָלץ, אין דרויסן ברענט אַ פֿראָסט און בײַ חנה־לייזערס זעט מען נישט קיין רויך פֿון קוימען. האָב איך געזאָגט מײַן חבֿרטע כּײַציע: „ווי׳סט מיך פֿאָלגן? לאָמיר אַרײַנטראָגן חנה־לייזערס אַ פּאָר שטיקלעך האָלץ! דאָ איז אַזוי פֿיל, אַז קיינער וועט נישט דערקענען". כּײַציע האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט נעמען מעל און פֿאַסאָליעס און איך זאָל נעמען אַ ברעם האָלץ. און אַזוי, מיט קלאַפּנדיקע הערצער, האָ׳מיר זיך צוגעשלאָגן צו דער טיר פֿון חנה לייזערס שטוב. פֿון קיין שלאָס אָדער ריגל האָבן יענע סאָרט שטיבער נישט געוווּסט (וואָס מישטיינס געזאָגט האָט מען געדאַרפֿט בײַ אונדז אויף דער זוויניעטשקע שלעסער? ווו האָט מען געקענט געפֿינען אַזאַ משוגענעם גנבֿ, ער זאָל אַזוי נידעריק זיבקען און גיין אויף דער זוויגיעטשקע גנבֿענען? איבער הויפּט בײַ חנה לייזערס!) האָ׳מיר ביידע נאָר געגיבן אַ שטופּ מיטן פֿוס און די טיר איז שוין געווען ראָספּראַלעט. מיר האָבן שטילערהייט אַנידערגעלייגט דאָס פֿאַרמעגן און זענען אַוועק ווי אַ ווינט...

אַז מיר האָבן רחלען צוריקגעגעבן דאָס שליסעלע, האָט כּײַציע באַלד דערציילט: „מאַמע, ליפּשע האָט מיך אָנגערעדט, זי זאָל נעמען האָלץ אויך". די גוטע רחל מיטן צניעותדיקן שמייכל האָט הויך, די קינדער זאָלן הערן, זיך אויף אונדז גיבע צעשריגן: הוליעס, וואָס איר זענט, אין אַזאַ פֿראָסט גייט מען זיך גליטשן?" ס׳איז קיינעם נישט אײַנגעפֿאַלן, ווו מיר זענען אין דער פֿינצטער געלאָפֿן, אַפֿילו חנה האָט אויך נישט געוווּסט, ווער סע האָט איר דאָס געבראַכט. יאָ, רחל איז געווען איינע פֿון די גוטע וועגווײַזערס פֿאַר מיר אין מײַן יוגנט. פֿון איר האָב איך געלערנט, אַז מע דאַרף זיך מיט יעדן, וואָס נייטיקט זיך אין הילף, טיילן מיטן ביסן.

אויך קען איך אין דעם פּרט פֿון מײַן מאַמע אַ סך דערציילן. מײַן מאַמע, אַליין אָרעם און געפּלאָגט, אַז זי פֿלעג אָפּקאָכן פֿאַסאָליעס מיט טייגלעך, צושמעלצן מיט אַ געפּרעגלטער ציבעלע, האָ׳מיר עס זיכער אַליין נישט אויפֿגעגעסן. אַזוי ווי סע פֿלעג פֿאַרטיק ווערן, האָבן שוין געוווּסט אַלע שכנים און געקומען מיט שיסעלעך און רײַנדלעך. זי האָט קיין מאָל נישט מורא געהאַט, אַז טאָמער וועט איר נישט דערגיין. זי פֿלעג יעדן טרייסטן „זאָרגטס אײַך נישט, סע וועט אַרײַנקומען די ברכה!" זומער, ווען סע פֿלעגן אָרויסקומען די יונגע קאַרטאָפֿעלעך פֿון אונדזער אייגענעם גאָרטן און די מאַמע פֿלעג אָפּקאָכן אַ פֿולן טאָפּ, גוט פֿאַרבראָקן מיט אַ סך קריפּ און אַרײַנוואַרפֿן טשיפּקעלעך, פֿלעגן נישט נאָר די שכנים, נאָר די קינדער פֿון אונדזערע רײַכע קרובֿים קומען און זיך קוויקן מיט דער מאַמעס מאכלים. זי האָט דערפֿון גרויס הנאה געהאַט.

# ווו נעמט מען מילעך?

מאיר אוןביילע גאָטעסמאַן זענען געווען מן־הסתּם די רײַכסטע אויף דער זוויניעטשקע, אָבער פֿון מחיה זײַן אַן אָרעמען אָדער עמעצן העלפֿן, צו דעם האָבן זיי די מאַכט נישט געהאַט. פֿופֿצן פֿאַרשידענע געשעפֿטן האָבן זיי געהאַט: אַ מעלשענק, אַ ווײַנשענק, אַ קרעטשמע, אַ בעקערײַ, אַ טייעלע, און נאָך און נאָך. אַחוץ דעם האָט ער אין הויז בײַ זיך געהאַט אַ גרויסע מחיה פֿון עטלעכע קי.

יעדן טאָג פֿלעגן זיך צונויפֿקומען ווײַבער און קינדער און וואַרטן מע זאָל אויסמעלקן די קי. און מע פֿלעג קויפֿן, יעדער נאָך זײַן באַדאַרף, אָדער בעסער געזאָגט נאָך זײַן קעשענע, אַ האַלבע אָדער אַ גאַנצע קאָרט מילעך. ס'איז געווען גענוג שטיבער, ווו מע האָט געקענט קויפֿן פּאַרן זעלבן געלט די זעלבע מילעך, אָבער מען איז דאָך געלאָפֿן צו ביילע מאירס. אונדז פֿלעג'מיר אונדזער מילעך קויפֿן בײַ דער שוחטקע. זי האָט פֿאַרמאָגט אַ ציג וואָס פֿלעג דעקן דעם באַדאַרף פֿאַר איר משפּחה, פֿאַר אונדז און פֿאַר נאָך אַ פּאָר אַזױנע גרויסע באַדאַרפֿערס. די ציגענע מילעך איז נישט אַזוי ווי די קיִענע, אָבער דערפֿאַר געזינטער, פֿלעג יהודית די שוחטקע זאָגן. הײַנט דאָס פֿאַרגעניגן וואָס מע האָט געהאַט בשעתן וואַרטן, אַז די ציג זאָל אויסגעמאָלקן ווערן... מיר, די אָפּנעמערס, זע'מיר געשטאַנען אַרום איר און געבעטן גאָט, אַז די ציג זאָל זיך לאָזן מעלקן. אונדז'אָ'מיר געציטערט, סע זאָל אין איר נישט אַרײַן דער טראַנץ און זי זאָל נישט אָנהייבן צו באַווײַזן די חפֿציות, ווי דריגען מיט אַ פֿוס צי דרייען מיטן שוואַנץ, מיר זאָלן נישט בלײַבן אָן מילעך. אָדער פֿלעג איר אײַנפֿאַלן אַ שגעון און זי פֿלעג איבערקערן די דיניצע. אַז נישט, האָט זי געקענט אַ מאָל פֿאַרגעסן ווו זי האַלט און, מחילה, זיך צעפּישן אין דער מילעך אַרײַן און מיר קינדער האָבן געהאַט וואָס צו לאַכן. שיין איז געווען צוצוקוקן ווי די שוחטקע בעט די ציג: „קאָזעלע, באָזעלע, זײַ אַ גוט ציגעלע, גיב גענוג מילעך פֿאַר קינדערלעך!" אָבער דער ציגענער קאָפּ האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און נישט געוואָלט וואַרטן מיטן אויסקטנען זיך. יענעם טאָג האָבן מיר שוין קיין מילעך נישט געהאַט צו דער קאַווע אָדער צום גריץ, וואָס פֿלעג זײַן אונדזער איבערבײַס. אַ קאָקירל מילעך האָט געקלעקט און אַ מאָל פֿלעג נאָך בלײַבן אַ ביסל צו דער וועטשערע. דאָס איז געווען אַ ביטערער טאָג, נישט חלילה פֿאַר אונדז — ווײַל קי און ציגן זענען ברוך־השם געווען גענוג אויף דער זוויניעטשקע — אָבער פֿאַר דער שוחטקע, ווײַל דאָס געלט פֿון דער מילעך, וואָס האָט געהאַט הונדערט לעכער צו פֿאַרשטאָפּן, איז צו נישט געוואָרן. זי האָט נעבעך אין דער ציג אַרײַנגעקלאָגט איר ביטער מזל פֿון אַן אַלמנה, וואָס וואַרט אויף די פּאָר גרײַצער און דאָ גייט אַזאַ משוגענע ציג און טוט אָפּ אַזאַ שטיקל!

אַז איך בין אַהיימגעקומען מיט אַן איבערגעקערטן דנאָ פֿון טעפּל און זינגענדיק, האָט די מאַמע זיך אויף מיר גוט אויסגעשריגן: „וואָס האָסטו דיך גאַנץ פּרי צעזונגען, מויד? אויף יענער איז אַ צרה און זי זינגט!" נאָר אַז איך האָב מיך אַנידערגעשטעלט און נאָכגעמאַכט ווי די שוחטקע איז נאָכגעלאָפֿן דער ציג און זי געבעטן און די ציג האָט זיך אירס געטון, האָט זי זיך אויך צעלאַכט. זי האָט מיר געגעבן דרײַ גרײַצער און מיר אָנגעזאָגט: „פֿאַר נאַכט, ווען מע טרײַבט אַהיים די קי פֿון פֿעלד, זאָלסטו צולויפֿן צו ביילע מאירס און קויפֿן אַ האַלבע קאָרט מילעך!" בײַ ביילען האָט נישט געפּאַסט צו קויפֿן אַ קאָקירל מילעך (פֿאַר נגידים האָט מען דרך־ארץ געהאַט, גיין זיי דולן דעם קאָפּ מיט אַ קאָקירל מילעך!...) און מיר האָט מען נישט געדאַרפֿט צוויי מאָל זאָגן, איך האָב זיך שוין קוים דערוואַרט די מינוט, ווען די פּאַסטעכער הייבן אָן אַהיימטרײַבן די בהמות פֿון פֿעלד, איך בין מן־הסתם געווען די ערשטע דאָרט. אַזוי ווי די שיקסע האָט אָנגעהויבן צו מעלקן און מעסטן די מילעך, האָב איך אונטערגעשטעלט מײַן רײַנדל און באַקומען מײַן האַלבע קאָרט מילעך. דערנאָך בין איך צוגעגאַן צו ביילען איר דערלאַנגען די דרײַ גרײַצער, אָבער אַז ביילע האָט מיך דערזען, האָט זי מיר דאָס געלט צוריקגעגיבן: „גיי שוין, גיי און גיב אָפּ דער מאַמען די דרײַ גרײַצער!" איך האָב קיין סך נישט געקלערט און איר תיכּף אַ זאָג געטון: „איך ווייס פֿאַר וואָס איר ווילט נישט נעמען קיין געלט, ווײַל איר ווילט איך זאָל מער נישט קומען צון אײַך קויפֿן מילעך". און אַזוי איז עס טאַקע געווען. מער האָט מיך ביילע בײַ זיך נישט געזען בשעתן מעסטן די מילעך. איך בין געווען אַ שטאָלצער קבצן און איך האָב פֿאַרשטאַנען פֿון וועמען צו נעמען אָן געלט און פֿון וועמען נישט. אין דער משפּחה האָט מען שבת נאָכן קוגל, אַז מע האָט זיך צעשמועסט, דעם עסק מיט ביילען און מיר אויך איבערגעשמועסט. יעדער האָט זיך זײַן מיינונג געהאַט, נאָר אַז רחל האָט מיר דעם אַנדערן טאָג וועגן דעם דערציילט און מיר געגעבן רעכט, בין איך געווען אין זיבעטן הימל: „מע דאַרף איר אויך אַ מאָל ווײַזן, אַז זי איז אַ חזיר".

ביילע מאירס איז געווען, אַחוץ דער מאַמעס אַ געשוועסטערקינד, אויך אירס אַ געשווירענע יוגנט־חבֿרטע. געבוירן אין איין טאָג, האָבן זיי זיך געהאַלטן נאָענט ביז ביילע איז רײַך געוואָרן, בשעת מײַן מאַמע איז געווען אויף גרויסע צרות. מײַן מאַמע האָט זיך אָבער קיין מאָל פֿאַר איר נישט געקלאָגט, פֿאַרקערט ווען זיי פֿלעגן זיך באַגעגענען, פֿלעגט זי מקנא זײַן די מאַמע. זי פֿלעג האָבן טענות: „זאָג נאָר, טויבע, פֿאַר וואָס לויפֿט מײַן דודקע און באַסיע צו דיר, געבן אַ כאַפּ אַ ביסל פּאַסאָליעס מיט טייגלעך? בײַ מיר גוטע געבראָטנס יעדן טאָג מיט כּולו לאַקעטקעס טויג נישט און דײַנס איז גוט! און איך זע טאַקע ווי דײַנע קינדער וועלן אויס פֿון די פֿראָסטע מאכלים און מײַנע פֿון די אַלע פֿײַנע עסנס זענען

אָפּגעטריקנט". מײַן מאַמע איז אין איר לאַסקע נישט געשטאַנען און האָט איר געגיבן צו פֿאַרשטיין: „דו מיינסט אַ פּנים, אַז דער רבונו־של־עולם ווייסט נישט וואָס ער טוט? דעם כּוח פֿון דײַן געבראָטנס גיט ער אַרײַן אין מײַנע קינדער און דעם כּוח פֿון מײַנע פּאַסאָליעס מיט טייגלעך גיט ער אַרײַן אין דײַנע קינדער".

## דער דאָקטער, דער רופֿא און די רפֿואות

איך, ווען כ'בין געגאַן צו יאָסל זאַלצמאַן מיך לערנען, ווי אַ נישט־געבעטענער גאַסט, האָב איך אָפּגעצאָלט מיט דעם וואָס כ'האָב געפֿאָלגט אַ גאַנג. בײַ מיר צו געבן אַ לויף קיין זאַלישטשיק האָט אַזוי פֿיל אויס־געמאַכט, ווי בײַ אַן אַנדערן טון אַ גענעץ. די אַפּטייק איז געווען אין זאַלישטשיק און אויך די דאָקטוירים האָבן דאָרט געוווינט. דאָקטוירים האָט מען אָבער ווייניק גענוצט, ווײַל ס'האָט געקאָסט אַ קראָנע אַ וויזיט און דרײַסיק גרײַצער האָט גענומען דער פֿיאַקער. דאָס האָט זיך אויף דער זוויניעטשקע נישט יעדער געקענט פֿאַרגינען. סײַדן חלילה ס'איז שוין געשטאַנען שמאָל מיטן קראַנקן און דער רופֿא האָט זיך נישט געוווּסט קיין עצה צו געבן, האָט מען געשיקט נאָך ריישע דעם דאָקטער. אַז דער פֿיאַקער איז אַרײַנגעפֿאָרן צון אונדז אין שטעטל, איז זיך דאָס גאַנצע שטעטל צונויפֿגעלאָפֿן, מען האָט זיך געשראָקן: „אוי־ווי, אַ דאָק־טער! ס'איז נישט גלאַט אַזוי דאָרט!" האָט יעדער צוגעקרעכצט.

ס'איז געווען אין מײַנע צײַטן אַ רופֿא, אַלטער מייערהאָפֿער. זײַן ווײַב סאָסיע געדענק איך זייער גוט. זי פֿלעג זיך באַרימען, אַז פֿריִער גאָט און דערנאָך איר מאַן האָבן מיר מײַן לעבן געראַטעוועט, ווען כ'בין קליינערהייט געווען אַזוי שווער קראַנק. ר'איז געווען אַ זייער פֿריילעכער מענטש, פֿול מעשׂיות און חכמהלעך. אַז ער פֿלעג אַרײַנקומען צון אַ קראַנקן אין שטוב, האָט ער תּיכּף געמאַכט די קרענק צו בלאָטע. און וואָס האָט ער נישט געקענט? מאַכן אַ קאַנע, שטעלן באַנקעס און פּיויקעס, אַרײַנקוקן אין האַלדז אַרײַן און באַלד געבן אַ רפֿואה: אַ זאָק מיט השתּנה אַרומגעוויקלט אַרומעם האַלדז. סע וואָלט גוט געווען אַ ווײַסער זאָק, נאָר אַז נישט קיין ווײַסער, מעג זײַן אַ קאָלירטער, נישקשה, סע וועט דעם קינד גאָרנישט געשען. ס'איז בלויז אַראָפּגעפֿאַלן דאָס לעפּעלע — אַזוי האָט ער גערופֿן די האַלדזקרענק. איך פֿלעג לײַדן דערפֿון. יעדן ווינטער האָב איך געמוזט דורכגיין דעם אונטערגאַנג מיטן „אַראָפּגעפֿאַלענעם לעפּעלע" און כ'האָב געמוזט אָנקומען צו אַלטער רופֿא מיט זײַנע רפֿואות. גאָרגלען מיט זאַלצוואַסער און צובינען דעם האַלדז, דאָס זענען געווען ביליקע רפֿאות, וואָס יעדער אָרעמאַן האָט זיך געקענט פֿאַרגינען. אַז מע דאַרף באַצאָלן אַלטערן? „נישט געזאָרגט, טויבע, איר וועט מיר שיקן

זשאַווער אויף שבֿועות!" פֿלעג ער זיך חכמהן, אָבער מײַן מאַמע האָט נישט געוואָלט אומזיסט (ער איז אויך קיין גבֿיר נישט געווען), פֿלעג זי פֿאַר פּסח, ווען זי פֿלעג ברענגען ציבעלעס צום פֿאַרקויפֿן פֿון טשערנעוויץ, אים אויך אַרײַנוואַרפֿן אַ פּאָר קרענצלעך ציבעלעס און דערפֿאַר איז ער געווען אונדזער רופֿא אַ גאַנצן ווינטער.

ער האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען פֿאַר רײַסן ציין. פֿון קיין צײנדאָקטער האָט מען נאָך דעמאָלט בײַ אונדז נישט געוווּסט. אַלטער איז געווען גוט באַהאַוונט אין דעם און ס'האָט זיך אים תּמיד אײַנגעגעבן. אײַ סע האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז ער האָט זיך טועה געווען: אַנשטאָט דעם קראַנקן צאָן, האָט ער געריסן אַ געזונטן? נו, מילא, סע זאָל זיך נישט טרעפֿן, וואָס סע קען זיך טרעפֿן! קיין חזיר איז ער נישט געווען, נאָרן געזונטן צאָן האָט מען אים נישט געדאַרפֿט באַצאָלן. איז דער חולה אַוועק אַ צופֿרידענער: ערשטנס האָט ער געפּטרט אַ ווייטיק פֿון מויל און צווייטנס האָט ער געכאַפּט אַ מציאה — צוויי פּאָרן געלט פֿון אײנעם...

אויף אַזאַ מדרגה איז דעמאָלט געשטאַנען אונדזער שטעטעלע וווי־ניעטשקע אין פּרט פֿון מעדיצין. און באַסיע מלמד איז געווען אַ שטענדי־קער חולה און האָט נאָר געלעבט פֿון די רפֿואות, וואָס אָדער אַלטער רופֿא האָט זיי פֿאַרשריבן, אָדער עפּעס אַ ייִדענע האָט געעצהט צו נוצן (עפּעס אַ מאַשטש, אָדער ריצינעס־אייל), אָבי ס'האָט געהאָלפֿן. און טאָמער האָט עס נישט געהאָלפֿן, האָט מסתּמא דער חולה קיין יאָרן נישט געהאַט. אָבער אונדזער מלמד באַסיע האָט יאָ געהאַט יאָרן, נאָר קיין געזונט נעבעך נישט. אַ גאַנצן ווינטער פֿלעג ער ליגנדיק אין באַמבעטל לערנען מיט די תּלמידים, אָבער אַז גאָט האָט געהאָלפֿן, דער ליבער זומער איז געקומען און אַ ציג בײַ דער שטוב איז געווען, האָט שוין אַלטער דער רופֿא בײַ אים נישט געהאַט וואָס צו טון. פֿון דער פֿרישער לופֿט און דער ציגענער מילעך האָט ער זיך ווידער געשטעלט אויף די פֿיס און איז ווידער געוואָרן אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך. און טאָקע צוליב זײַן קרענק און דאַרפֿן יעדן מיטוואָך און דאָנערשטיק נאָך עפּעס שיקן אין שטאָט אַרײַן, בין איך געוואָרן דער שליח. וועמען, אַ שטייגער, האָט מען געזאָלט שיקן? פֿון זײַנע צוויי זין איז אײנער געווען דער לערער, אַ זײַדן קינד, און האָט געהאָלפֿן צו דער פּרנסה; דער צווייטער — שוין נישט דאָס וואָס דער ערשטער — נישט געוואָלט פֿאָלגן און נישט געוואָלט לערנען. האָט מען אים געגעבן קיין זאַלישטשיק לערנען אַ קיזשנער. „אַ גוי" — פֿלעג ריווע די מלמדקע זאָגן — „ער וועט ווערן אַ קיזשנערוק!" איר נבֿיאות איז טאָקע מקוים געוואָרן. הערשל דער קיזשנער, ווי ער האָט זיך נאָר אויסגעלערנט דאָס פֿאַך, איז ער אַוועק קיין אַמעריקע און עס האָט אים צוגעגליקט, ער איז געווען דער רײַכסטער פֿון אַלע לאַנדס־לײַט. און זײַן ברודער יאָסל איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אויך געקומען אין גאָלדענעם לאַנד, אָבער ער איז אַלע יאָרן דאָ פֿאַרשוואַרצט

געוואָרן, און אונדז, זײַנע תּלמידות, האָט ער שוין לאַנג פֿאַרגעסן. אָבער איך געדענק דאָס אַלץ זייער גענוי, ווי ס'וואָלט ערשט נעכטן געווען...

## אונדזער אַפּוטרופּס — סראָל

ווען ס'איז געקומען די צײַט צו גיין אין שול אַרײַן, האָט זיך קיינער נישט געהײַלט מיך צו פֿאַרשרײַבן. די מאַמע איז געווען פֿאַריאָגט מיט אירע מיסחרים, וואָס האָבן איר אָבער קיין מאָל גאָרנישט אײַנגעטראָגן. שרײַבן האָט זי נישט געקענט און רעכענען מסתּמא אויך שוואַך, האָט זי אַלץ געטראָגן אויפֿן קאָפּ. ווען זי פֿלעג ברענגען אַ ביסל סחורה און עס צעטיילן, האָט זי נישט געוווּסט בײַ וועמען און וויפֿל סע קומט איר. ווער ס'האָט געהאַט גאָט אין האַרץ האָט איר באַצאָלט, אָבער נישט יעדער איז געווען אַזוי גוט און פֿרום, איז דער שפּיץ געווען, אַז ווען זי האָט געמוזט פֿאָרן נאָך סחורה, האָט זי נישט געהאַט מיט וואָס. איז גאָט דאָך אַ גוטער, האָט איר שוועסטער חיה־ריווע און איר ברודער אַהרן שוין געזען, אַז די מאַמע זאָל האָבן אַ פּאָר רײַניש אויף אײַנצוקויפֿן פֿרישע סחורה. אויך פֿלעג חיים איר שיקן פֿון אַמעריקע אַ פּאָר דאָלאַר, האָט זי אַזוי זיך געמוטשעט און געהאַנדלט. אַז מיר קינדער פֿלעגן איר זאָגן: „צו וואָס פֿאָרסטו און ווערסט פֿאַרשוואַרצט און אונדז לאָזסטו איבער אַליין?" פֿלעג זי שמייכלען מיט טרערן אין די אויגן און ענטפֿערן: „וואָס דען זאָל איך טון? שלאָגן הינט אָדער ציילן סלופּעס?"

סראָל אונדזערער איז געווען אויף דער זוויניעטשקע און פֿלעג מייַנסטנס אַהיימקומען שלאָפֿן, סײַדן אַז מע האָט געלײַטערט, איז ער געבליבן נעכטיקן אין לײַטערהויז. טאָמער האָט די מאַמע נישט געקענט אַהיימקומען און סראָל איז אויך נישט געווען און מיר (ספּעציעל ריווציע) האָבן מורא געהאַט צו בלײַבן אַליין, פֿלעג רחל פּרעשל שוין אין זין האָבן און אונדז אַרײַנשיקן אָדער שפּרינציען מיט כײַציען, אָדער יעלענע די שיקסע. סראָל האָט אַכטונג געגיבן, אונדז'זאָל'מיר חלילה נישט אַראָפּשלינגען אַ ביסן אָן אַ ברכה. ער האָט אונדז געלערנט זאָגן אויף אויסנווייניק מודה־אַני, שאו־ידיכם און בורא־נפֿשות. קריאת־שמע לייענען, דאָס האָבן מיר געמוזט קענען. ווען חלילה מע איז זי טועה געווען מיט אַ וואָרט, איז געווען ווײ צון אונדזער הויט! מיר האָט דאָס קיין מאָל נישט פּאַסירט, ווײַל איך האָב תּיכּף אויפֿגעכאַפּט און אַפֿילו ווען יאָ, האָב איך אים אַזוי דעם קאָפּ פֿאַרדרייט, אַז ער איז געוואָרן חושים און האָט מער נישט געוווּסט ווער פֿון אונדז ביידע האָט זיך טועה געווען, צי איך צי ער. כ'געדענק, אַז איין מאָל האָט ריווציע געמאַכט אַ גראָבן גרײַז בײַ אַ ברכה, האָט סראָל איר דערלאַנגט אַ פּאַטש. אַז די מאַמע האָט דאָס דערהערט, האָט זי אים אַזוינס געטון, וואָס מע טוט נישט

קיין משומד: „דו גומע־גוי! דו האָרעוועסט אויף מײַנע קינדער? אַז דו'סט נאָך איין מאָל אָנרירן אַ קינד, וועל איך דיך אַרויסטרײַבן פֿון שטוב ווי אַ הונט!" מיר האָבן זיך דערשראָקן, ווײַל מיר האָבן סראָלן ליב געהאַט ווי אַ טאַטן. ער האָט אונדז טאַקע געלערנט ווי אַ טאַטע און דרך־ארץ צו אים איז פֿאַרבליבן ביזן טויט. איך קען מיך נישט דערמאָנען כ'זאָל האָבן סראָלן וועגנס געזאָגט „ווײל איך אַזוי!" נישט ווי אַ קינד און נישט שפּעטער, ווען אַליין שוין אַ מאַמע פֿון קינדער און ער פֿלעג מיך מוסרן, וואָס איך בין נישט אַזוי פֿרום ווי ער וואָלט געוואָלט. אונטער די פּלייצעס פֿלעג איך לאַכן: „וואָס מיינט ער, כ'בין נאָך אַ קינד, וואָס ער וויל מיך לערנען און מיר דעות זאָגן?" אָבער אין די אויגן, האָב איך פֿאַר אים אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן רעשפּעקט. קיין שטאַרק גלײַ־ביקע בין איך נישט, אָבער פֿאַר זײַן ערלעכקייט האָב איך תּמיד געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ.

## די שול

גיין אין שול אַרײַן? סראָל איז געווען קעגן דעם: סטײַטש, קיין בעסער ייִדיש־קינד גייט נישט אַהין — לויטער בראַק. און שיקסעס מיט שקצים אין איינעם! אָבער אַז דער לעצטער טערמין פֿון פֿאַרשרײַבן זיך איז געשטאַנען אונטער דער טיר, האָב איך מיך אַ וואָרף געטון אין דער אַרבעט איבערצורעדן מײַנע רעוועסניצעס זיך צו פֿאַרשרײַבן אין שול. שבת, אויפֿן כאַשטש, ווען אונדז'אַ'מיר זיך אַלע געשפּילט, האָב איך אין זיי אַזוי לאַנג אַרײַנגערעדט, ביז איך האָב געפּועלט. ווען ס'איז געקומען די צײַט, זענען די לײַטישסטע ייִנגלעך און מיידלעך געשטאַנען אין ריי זיך צו פֿאַרשרײַבן, און אַלע האָבן מיט מזל אָנגעהויבן גיין אין שול אַרײַן.

אונדזער שול איז געווען אין מיטן שטעטל און האָט פֿאַרמאָגט צוויי שטיבער. איינע איז געווען אונדזער „שולצימער", מיט זעקס בענק און אין יעדער באַנק איז געווען אַן אַנדער קלאַס. אין דער אמתן אָבער זענען עס געווען בלויז פֿינעף קלאַסן, ווײַל די פֿיפֿטע און זעקסטע קלאַס האָט געלערנט דאָס זעלבע. אין דער צווייטער שטוב האָט געוווינט דער די־רעקטאָר. די לערערין האָט געוווינט פּריוואַט ערגעץ.

אין יענעם יאָר, וואָס כ'האָב אָנגעהויבן צו גיין אין שול אַרײַן, זע'מיר אויף דער ערשטער באַנק, דאָס הייסט אין ערשטן קלאַס, געווען דער סאַמע סענץ: העניע אַריה, דאָס רײַכסטע מיידל אין שטעטל, חנה ווינטוועך, מאַנציע קעניגסבערג און לייציע קרײַנער; פֿון די גאַטעסמאַנס איז געווען אַבֿרהם לינדענבוים, חנה נאַספּרײַז, ציפּע גאַבלער, נאַסיע גאַטעסמאַן און איך (דאָס זענען געווען די גאַטעסמאַנישע אייניקלעך, די

בעל־יחסנים און דעה־זאָגערס). און נאָך צוויי קריסטן — רוזיע שמערע־
טשאַנסקי און גוסטאַף בישאָף, דער זון פֿונעם פּאָסטמײַסטער. קיין אַנדערע
נישט־ייִדישע קינדער זענען נישט געווען, ווײַל מע האָט דעמאָלט אײַנגע־
פֿירט, אַז די גוייִשע קינדער האָבן געלערנט אין דער פֿרי און די ייִדישע
— נאָך מיטאָג.

אַז דאָס זענען געווען די שענסטע פּאָר יאָר אין מײַן לעבן, איז
איבעריק צו זאָגן. בײַ אַלע קינדער איז דאָס אָנהייבן גיין אין שול אַ
גרויס איבערלעבעניש און בפֿרט אין אַזאַ שול ווי אונדזערע איז געווען,
וווּ די קליינע זענען געזעסן אין איינעם מיט די גרויסע! ווער סע האָט
נישט געהאַט קיין פֿאַרשטאַפּטן קאָפּ, האָט דאָך בלויז פֿון צוהערן זיך
געקענט כאַפּן אויך די תּורה פֿון די העכערע קלאַסן. און ס'איז געווען
אינטערעסאַנט, אַפֿילו נאָר דאָס צוהערן: געאָגראַפֿיע, געשיכטע, אַריטמע־
טיק, און הײַנט רעליגיע! מיר האָבן געהאַט אַ רעליגיע־לערער, וואָס
האָט נישט געוווינט אויף דער זוויניעטשקע, נאָר אויף דער סוכעווערכע
און איין מאָל אַ וואָך פֿלעג ער אַרײַנקומען מיט זיין פֿערד־און־וועגעלע
אונדז לערנען, געוויינלעך מיטוואָך. דעמאָלט פֿלעג די לערערין און די
צוויי קריסטלעכע קינדער פֿאַרלאָזן דעם קלאַס און אונדז'אַ'מיר געלערנט
ייִדישע געשיכטע און מעשׂהלעך פֿון חומש. דאָס איז געווען אַזוי אינטע־
רעסאַנט, כ'פֿלעג די מעשׂהלעך אַזוי לאַנג איבערדערציילן, אַז יעדער אין
שטוב האָט זיי שוין געקענט און מסתּמא אויך געקענט באַשטיין אַן עקזאַ־
מען בײַ אונדזער לערער.

נאָר ווען ס'איז געקומען שבת, ווער איז געווען צו מיר גלײַך? שבת
האָ'מיר נישט געשריבן. ס'איז געווען דער טאָג פֿון לערנען אויסנווייניק.
האָ'מיר געהאַט געוויינטלעך נאַטור־וויסנשאַפֿט, לידער — רעציטאַציע און
געזאַנג. דאָס זענען געווען מײַנע באַליבטסטע לימודים. וואָס הייסט
לידער! ס'איז נישט געווען אַזאַ ליד, נישט אין ערשטן קלאַסביכל און
אַפֿילו נישט אין זעקסטן, וואָס איך האָב נישט געקענט אויסנווייניק.
און די לערערין פֿלעג שוין מוסרן די קינדער: „די קלאַיינע לאַוראַ (אַזוי
האָב איך געהייסן אין שול), וועלכע נאָך קאָום דאָס אַ־בע־צע נידער־
שראַיבען קאַן, זאַגט אַלע געדיכטע אויסווענדיג אוף אונד איר, גראָסע
בענגל, שטעט אונד שאַום ווי בלעד דאַ!" (די קליינע לאַורא, וואָס קען
קוים דעם אַלף־בית אָנשרײַבן, דעקלאַמירט אַלע לידער אויף אויסנווייניק,
און איר, גרויסע יונגאַטשעס, שטייט און גלאָצט נאַרישעוואַטע!) מע קען
פֿאַרשטיין, אַז דאָס האָט מיך ביז אין זיבעטן הימל געהויבן... געזאַנג
איז געווען מײַן שטאַרקסטע זײַט מײַן גאַנץ לעבן. ווען סע גלוסט זיך
וויינען, קען מען זיך צום בעסטן אויסוויינען דורך אַ טרויעריק ליד; איז
מיר געווען פֿריילעך אויפֿן האַרץ — אַוודאי און אַוודאי! זינגען גוייִש,
פּויליש, ייִדיש און דײַטשע ליבעלידער, וואָס איך האָב מיך אויסגעלערנט
בײַ מײַנע מומעס — דער מאַמעס שוועסטער לאה, שיינדל און ציפּע.

זיי האָבן זייער שיין געזונגען און איך — נאָך קאָם קענענדיק רעדן — האָב שוין אַלע זייערע ליבעלידער באַכגעזונגען. יעדער פלעג זײַן נאָך־געבּסטערט פון מײַן זינגען „מיט טאַקט און אַ קול — אַן אמתע זיגע־רין!" און וואָלט איך נישט געוואַקסן בײַ טויבען דער אַלמנה אויף דער זוויניעטשקע, וואָלט מען אוודאי אַנטוויקלט מײַן טאַלאַנט. אַז כ'האָב אין שול יעדן שבת אָנגעהויבן מיטצוזינגען, בין איך אַזוי מיטגעריסן געוואָרן, אַז איך פלעג דערזען דעם דירעקטאָר אַרײַנקומען מיטן פידעלע און עס אָנהייבן צו שטימען (ער איז געווען אונדזער געזאַנג־לערער), איז קיין גרענעץ נישט געווען צו מײַן פרייד. קיין צען פּאָר אָקסן וואָלטן מיך נישט געקענט צוריקהאַלטן פון גיין יענעם טאָג אין שול אַרײַן.

בכלל בין איך געווען אַ ליבהאָבערין פון דער שול. אין דעם בין איך געווען אַן אויסנעם, ווײַל זייער ווייניק פון מײַנע חברטעס האָבן ליב געהאַט צו גיין אין שול אַרײַן. זומער, ווען די זון שײַנט און ס'איז אַזוי שיין זיך צו שפּילן אין דרויסן; צי ווינטער אין דער קעלט, ווער האָט עס חשק צו זיצן פאַרשפּאַרט אין קלאַס? אָבער בײַ מיר איז געווען פאַרקערט. קיין צו פריילעכע היים האָב איך אין יענער צײַט נישט זאָגנײַעט — מײַן מאַמע זעלטן אין דער היים און קיין צו גרויסע ראָש־קאָשעס האָב איך דענסטמאָל נישט געהאַט. געדאַרפט זיצן אָדער בײַ אַ שכנטע אָדער בײַ אַ קאָמעניצע אויפן קופערט און וואַרטן ביז די מאַמע וועט אַהיימקומען...

מײַן לערערין, צו וועלכער כ'האָב אַרויפגעקוקט ווי צון אַ העכערן באַשעפעניש, האָט מיך באַלד דערקענט פאַר אַ פלײַסיקער שילערין. נישט קומען אין שול אַרײַן האָט בײַ מיר נישט עקסיסטירט. צי חלילה נישט מאַכן מײַן היימאַרבעט — פאַרקערט, אַז מע האָט באַקומען צו שרײַבן אַ זײַטל פון אַ ביכל, האָב איך געשריבן צוויי אָדער דרײַ. אַז מײַן קוזינע ציפּע גאָבלער האָט געפּרוווט מיך איבערשטײַגן, איז שוין געווען צו שפּעט, ווײַל מיך האָט מען אײַנגעוויגט אין אַ גוט וויגעלע, ווי די מאַמע פלעג זאָגן. נאָטיש מע האָט מיך אַרײַנגענעמען אין מויל אַרײַן פאַר איינער פון די בעסטע שילערינס, האָט שוין נישט געהאָלפן קיינעמס וועלן מיך איבערשטײַגן. כ'האָב נישט איין מאָל אײַנגעזען, אַז ציפּע אָדער לייציע קרײַנער זענען אפשר געווען בעסער פון מיר. לייציעס פאָטער איז געווען געמיינדע־סעקרעטאָר, נישט ווי די געוויינלעכע קינדערס טאַטעס. מע פלעג זיך שניצן און מאָלן, אַז זי זאָל זײַן דאָס חשובסטע קינד אין שול. מע האָט צון איר געהאַלטן לערערס; אַז זי איז געווען בעסער אָנגעטון פון מיר, איז אָפגערעדט. מע פלעג אין איר אַרײַנהאַקן די גאַנצע תורה. אָבער ס'האָט גאָר נישט געהאָלפן.

מײַן קוזינע ציפּע, ווידער, איז נישט געווען פון די רײַכסטע קינדער, קיין טאַטן האָט זי אויך נישט געהאַט, גלײַך מיט מיר, נאָר וואָס זשע דען? איר מאַמע, כאַנציע דער מומע סימעס, איז אויך געווען אַן אָרעמע

אַלמנה, אָבער אויף אַן אַנדער מדרגה. זי האָט זיך תיכּף נאָך איר מאַנס טויט געמאַכט אַ געוועלבל און די גאַנצע משפּחה האָט צוגעזאָגט בײַ איר צו קויפֿן און זיי האָבן געהאַלטן וואָרט. אַזוי אַז זי און איר ציפּעלע האָבן געפֿירט אַ שיין רויִק לעבן. די עלטערע קינדער אירע זענען שוין געווען אויסגעגעבן און זיי בײדע האָבן זיך געלעבט ווי גאָט אין פֿראַנק־רײַך. איז ווען ציפּעלע האָט אָנגעהויבן צו גיין אין שול אַרײַן, האָט זיך איר מאַמע זייער באַמיט, אַז זי זאָל גיין צום שענסטן אָנגעטון, זי זאָל זײַן די בעסטע שילערין. אָבער אין גאַנצן איז דאָס איר נישט געראָטן. ציפּעלע האָט טאַקע גוט געלערנט, איר מאַמע האָט איר געהאָלפֿן אין דעם, זי איז געווען אַ וויל־קענעוודיקע, האָט גוט געקענט אי דײַטש, אי ייִדיש — זי איז דאָך געווען פֿון די גאָטעסמאַנס און בײַ זיי האָט מען די קינדער געלערנט.

מײַן מאַמע, כאָטש אויך פֿון דער משפּחה, האָט זי אָבער געהאַט אַ שטיפֿמאַמע און מער ווי אַ ביסל דאַוועגען האָט זי נישט געקענט. און ווען זי וואָלט אַפֿילו יאָ געקענט, איז דער קאָפּ איר נישט געווען דערבײַ. זי האָט געפֿירט זייער אַ שווער לעבן און האָט זיך נישט געמישט צון אונדזער דערציִונג. זי האָט נאָר געזען מיר זאָלן נישט זײַן הונגעריק און נישט גיין אָפּגעריסן, דאָס רעסט האָ׳מיר זיך געמוזט אַליין פֿאַרזאָרגן און אונדז׳אָ׳מיר דאָס טאַקע געטון. מיר זענען תּמיד געווען געוואַשן און גלאַט אָפּגעצוואָגן, אַ ריין פֿאַרטעך און — הײַדאַ אין שול אַרײַן! קיין מאָל נישט פֿאַרשפּעטיקט אָדער פֿאַרפֿעלט אַ טאָג, חלילה — פֿאַרקערט: תּמיד געווען די ערשטע. דערפֿאַר האָט מײַן לערערין מיך אויסגעקליבן צו זײַן צענזערין, דאָס איז געווען דאָס העכסטע וואָס כ׳האָב געקענט דענסטמאָל דערגרייכן. כ׳האָב געדאַרפֿט אַכטונג געבן אויף די אַנדערע קינדער, זיי זאָלן זײַן רויִק, אַז די לערערין קומט אַרײַן, זאָל אַלץ זײַן אויפֿן אָרט; דער טאָוול ריין און קיין ביסעלע שטויב אויפֿן שרײַבטיש. כ׳האָב געמוזט אויפֿשרײַבן יעדעס קינד וואָס האָט נישט געפֿאָלגט און די לערערין האָט זיי געשטעלט לעבן טאָוול. כ׳האָב מיך אָבער זייער באַמיט, אַז קיינער זאָל נישט באַשטראָפֿט ווערן. כ׳האָב געלעבט גוט מיט די קינדער און די לערע־רין איז אויך געווען מיט מיר צופֿרידן. כ׳פֿלעג איר אַהיימטראָגן די העפֿטן און האָב זיי געבראַכט אין שול אַרײַן, ווען זיי זענען געווען קאָרעגירט. כ׳פֿלעג קענען פֿרײַ אַרײַנקוקן אין קאַטאַלאָג און אַז אַ קינד האָט זיך פֿאַרזינדיקט, פֿלעג איך גיין אין שליחות און אַרײַנלייגן פֿאַר אים אַ גוט וואָרט. דערפֿאַר האָב איך געהאַט אומעטום אַ צוטריט און געוווּסט פֿון אַלע שווערע הערצער.

ווען ס׳איז געקומען צון אַ יום־טוב אין שול, צו אַ „מײַוווקאַ“ — אַזוי האָט מען גערופֿן די אויספֿלוגן אום זומער — פֿלעג׳מיר זיך מיטנעמען עסן אויפֿן גאַנצן טאָג, פֿאַרברענגען מיט די פֿאַרשיידענע שפּילן, מיט זינגען און פֿלעכטן קרענץ ביז אויף דער נאַכט און דערנאָך מיט שטורקאַצן

(„פֿאַקלצוג" בלע"ז) אַהיים מאַרשירן באַזינגענדיק די שיינע נאַטור. ווער האָט געקענט באַצאָלן אַזאַ אויספֿלוג? וואָס הייסט, האָב איך דעמאָלט געשפּילט אַ ראָלע! די גאַנצע פּאַרעט־פֿירערין בין איך געווען. קיין שום מענטש איז נישט געווען גלײַך צו מיר.

כ׳קען מיך דערמאָנען ס׳איז אַ מאָל געווען אַ שול־שׂימחה: 100 יאָר זינט פֿרידריך שילער איז געבוירן געוואָרן. האָט אונדזער דירעקטאָר אַליין פֿאַרפֿאַסט אַ ליד און אַ פּאָר וואָכן האָט ער מיט אונדז געקנעלט, ביז מ׳האָט זיך עס אויסגעלערנט. ר׳האָט פֿאַרבעטן די לערערס פֿון עטלעכע דערפֿער אַרום און מע האָט אויפֿן שולהויף געמאַכט אַ בינע. מיר — די בעסטע תּלמידים — האָבן אויפֿגעזאָגט די לידער פֿון שילער. איך האָב דעמאָלט אויפֿגעזאָגט „די בירגשאַפֿט". מע האָט אונדז באַשאָנקען מיט שיינע פּרעזענטן, ס׳איז געווען פֿריילעך אין שטעטל. מיר, די העלדן, זענען געווען גליקלעך און די עלטערן האָבן אַנגעטייעט.

## מײַן פֿעטער מאָקיע, דער פּריץ

כ׳וועל קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן, ווען מײַן מומע לאה האָט חתונה געהאַט. כ׳האָב געקערט אַלט זײַן זיבן אָדער אַכט יאָר. ס׳גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען כאַדאַראַם — וואָס הייסט, נפֿתּלי גאָטעסמאַן מאַכט חתונה אַ טאָכטער! נישט אַזוי נפֿתּלי ווי זײַן ווײַב יהודית, ווײַל ער האָט שוין געהאַט חתונה געמאַכט זײַנע פֿיר קינדער פֿונעם ערשטן ווײַב. אָבער אַז די דרײַ מיידלעך, וואָס ר׳האָט געהאַט מיט זײַן צווייט ווײַב יהודית, זענען אונטערגעוואַקסן, האָט זיך דאָס פֿעסל בוריקעס איבערגעקערט און אַלץ איז געוואָרן אויס.

וויפֿל איך געדענק איז דער זיידע תּמיד געווען פֿאַרזאָרגט און גע־זיפֿצט: „וואָס וועט זײַן מיט די דרײַ מיידלעך?" ער איז געווען זייער אַ קלוגער און פֿרומער ייִד, אָבער נישט קיין פֿאַנאַטיקער. ר׳האָט געהאָפֿט, אַז גאָט וועט העלפֿן, אָבער גלייבן אין נסים, ווייס איך נישט צי ער האָט געגלייבט, ווײַל ער פֿלעג תּמיד זאָגן, אַז „גאָט זאָגט ׳דו טו און איך וועל העלפֿן׳, אָבער אַז איך טו גאָרנישט"... ווי איינער רעדט: אַז איך אַליין ריר נישט מיט קיין פֿינגער, ווי קען ער מיר העלפֿן? און דערצו נאָך די באָבע — זי פֿלעג אים דערגיין די יאָרן: „דרײַ מיידלעך אונטער דער חופּה צו פֿירן, דרײַ בחורים אין חדר אַרײַן און דאָ איז קיינער נישטאָ אין דער היים!" זי פֿלעג פֿון אים רײַסן די הויט: „קוק אָן דײַנע ברידער! אַלע נגידים, עשירים! קוק אָן זייערע ווײַבער — ווי דאָס ווייסט פֿאַר ווילטאָג נישט וואָס צו טון!" — ס׳איז טאַקע אמת געווען, אַלע ברידער איז גוט געגאַן און אַז איינעם, וואָלציען, איז נישט אַזוי אײַ־אײַ־אײַ געווען, האָט ער געזעצט אויף דער לאָטעריע און וואָס טוט גאָט? געווינט ער פֿיר

טויזנט רײַניש. דאָס איז געווען גאָר אַ גרויס פֿאַרמעגן. ר׳האָט זיך אויפֿ־געשטעלט אַ גרויסע מויער און חתונה געמאַכט שיין די קינדער.

אין דער צײַט האָט דער פֿעטער מאָקיע — דעם זיידנס יינגסטער ברודער — געבליט. ער האָט געוווינט אין באָיאַן און דאָרט געהאַט די פּסעסיע. אַן עושר געווען, אַ בעל־צדקה און בעל־טובֿה, האָט מען אים און זײַן משפּחה גערופֿן „די פּריצים". ער האָט זײַנע ערשטע זעקס קינדער חתונה געמאַכט און געגיבן זיי מענער אָדער ווײַבער קינדער פֿון פּסעסערס, און ווי זאָגט דאָס ווערטל „צוויי נגידים מאַכן דעם דריטן פֿאַר אַן עושר", זענען אויסגעוואַקסן פֿרישע נגידים, פּריצים.

און מאָקיע איז טאַקע געווען אַ פּריץ, אַ יידישער פּריץ מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד און אַ שיינעם קאַפּטן. שבת — געגאַן אין שיל אַרײַן מיט אַ שטרײַמל און בײַם סאַדעגערער רבין געווען די רעכטע האַנט. כ׳האָב איין מאָל געהערט ווי דער זיידע האָט דערציילט, אַז מאָקיע האָט אים צוגערעדט, ער זאָל מיט אים אַרײַנגיין צום רבין. דער זיידע איז קיין חסיד נישט געווען און איז קיין מאָל נישט געפֿאָרן צום רבין זיך פּראַווען, אָבער אַז מאָקיע האָט געזאָגט, האָט ער נישט געקענט אָפּזאָגן. איז ער פֿון טשערנעוויץ אַרײַנגעפֿאָרן קיין סאַדעגערע צום רבין. ווי מע האָט דערזען דעם פּריצס פֿיאַקער פֿאַרפֿאָרן, איז באַלד געוואָרן אַ רעש. די רביצין האָט זיי פֿאַרבעטן אין סאַלאָן אַרײַן, דער רבי איז תּיכּף אַרײַנגעקומען און אַליין געהייסן דער רביצין דערלאַנגען טיי. דאָס איז געווען אַזאַ כּבֿוד ווי למשל די קייסערינע פֿון עסטרײַך זאָל דאָס געווען טון. מאָקיע איז געווען אַ יידישע קאַפּאַציטעט און מע האָט זיך מיט אים גערעכנט אַפֿילו אין די נישט־יידישע הויכע קרײַזן. און אַז די רביצין האָט צוגעבראַכט טיי מיט צובײַסעכץ, האָט דער פֿעטער מאָקיע אַרײַנ־געלייגט אין טעצעלע אַ גאַנצן פּופּציקער. אַזוי פֿלעג ער געבן יעדן וואָס האָט זיך צון אים געווענדט נאָך הילף. דעם זיידן האָט ער געטראָגן אויף די פּלייצעס, וויפֿל איך געדענק. די ערשטע איידעמס, אײַזיק פּיצער און דניאל וויגלער, האָט ער פֿאַרזאָרגט מיט פּרנסה. נאָר דעם זיידן האָט ער נישט געקענט אָנשטעלן, ווײַל ער איז דאָך געווען זײַן עלטערער ברו־דער. ער האָט אים זייער ליב געהאַט און אים נישט געלאָזט פֿאַלן, אָבער ס׳איז פֿאָרט נישט געווען דאָס ריכטיקע. די באָבע איז אים אַזוי לאַנג דערגאַנגען די יאָרן, ביז ער האָט איין מאָל געזאָגט צו מאָקיען: „וואָס זאָל איך טון — סע טרעפֿט זיך נישט קיין שידוך פֿאַר מײַן לאהן". האָט מאָקיע זיך געחידושט: „אַזאַ שיין מיידל און נפֿתּליס טאָכטער און סע טרעפֿט זיך נישט קיין שידוך? האָסט שוין געזאָגט אַ שדכן?" — „ווי קען איך זאָגן, אַ שדכן וועט פֿרעגן: וויפֿל סילוקסטו?" — „אַהאַ, האָט מאָקיע אים געענטפֿערט, דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן... וויפֿל, אַ שטייגער, דאַרף מען פֿאַר דײַן לאהן נדן און אַנדערע הוצאָות, זאָ׳סט קענען אַ לײַטישן שידוך טון?" ער האָט נישט געסמיעט צו זאָגן קיין סך, אָבער ער האָט

דאָך געמוזט: „כאָטש זעקס הונדערט רײַניש נדן און הונדערט ביז צוויי הונדערט פֿאַר אַנדערע הוצאות". מאַקיע האָט זיך צעשמייכלט און גע־זאָגט: „פֿאַר אַהיים, ברודער, און הייס דײַן לאהן רעדן אַ שידוך אין אַ רעכטער שעה. ס'וועט קיין זאַך נישט פֿעלן!" אַזוי ווי דער זיידע איז אַהיימגעקומען און האָט דאָס דערציילט דער באָבען, האָט זי זיך צעלאַכט: „ווער דאַרף שידוכים? דער חתן וואַרט שוין פֿון לאַנג, מע זאָל מיט אים שליסן דעם שידוך". און זי האָט אים דערציילט, אַז איר ברודערס זון, שלמה שערף, האָט ליב לאהן און וועט זײַן דער גליקלעכסטער אויף דער וועלט, אַז מע וועט אים נעמען פֿאַר אַן איידעם. נאָר וואָס דען — ער איז טאַקע אַ ווילער און פֿרומער בחור און אויף קיין יחוס דאַרף מען דאָך נישט פֿרעגן, אָבער אַזוי ווי קיין פֿאָטער האָט ער נישט און אַלע קינדער זענען אין דײַטשלאַנד, נאָר די מוטער מיט אַ שוועסטער זענען געבליבן, מוז ער פֿאַר זיי זאָרגן און ער דאַרף האָבן אַ פּאָר הונדערט רײַניש, כּדי פֿאַר זיך אַן עקסיסטענץ צו שאַפֿן און זײַן שוועסטער — אַ מיידל אין די יאָרן — צו פֿאַרזאָרגן. איצט, אַז סע וועט זײַן נדן, וועט זײַן ווויל אָרום און אָרום.

# נעבעך, אונדזער שפּיגל

באַלד טאַקע זענען זיך די מחותּנים צונויפֿגעפֿאָרן און מע האָט געמאַכט תּנאָים און אָפּגעשמועסט זמן־החתונה. דער פֿעטער מאַקיע האָט געסילוקט דעם נדן און אַז מע האָט זיך גענעמען גרייטן צו דער חתונה, האָט זיך געקאָכט און געגרעשט אין יעדער שטוב: סטײַטש, סע וועט זײַן שוין אײַן מאָל אַ חתונה! אַזעלכע מחותּנים! אַוודאי אַ פּאָר הונדערט געסט... ווער פֿון די גאַטעסמאַנס וועט נישט פֿאָרן צום פֿעטער נפֿתּלים טאָכטער אויף דער חתונה? אַזוי ווי קיין האָטעלן זענען אויף דער זוויניעטשקע נישט געווען, האָבן געמוזט אין יעדער שטוב אײַנשטיין אַ פּאָר געסט. די מערסטע זענען שוין געקומען אויף שבת און יעדע שטוב איז געווען פֿול מיט מחותּנים.

נאָכן פֿאַרשפּיל האָט מען זיך גענעמען צוגרייטן צום גרויסן טאָג. דינסטיק פֿלעג מען אין יענע צײַטן מאַכן חתונות. אַזוי ווי בײַ דער גאַנצער משפּחה זענען די הײַזער געווען פֿול, האָט אַ גוטער־פֿרײַנד, חיים קרײַנער, אויסגעליידיקט זײַן הויז, אַליין אַריבער אויף אַ פּאָר טעג צו זײַן ברודער איציק, און דאָס הויז זײַנס איז מגולגל געוואָרן אין אַ שיינעם פּאַלאַץ.

מע האָט אויסגעצירט דעם טאַנצזאַל מיט סאָסנע־צווײַגעלעך און בלו־מען; מיט רומענישע קאָצן און מיט שפּיגלען זײַנען געווען באַהאָנגען די ווענט; און דאָרט, ווו די כּלה מיט די קראַנצן־פֿרײַלינס האָבן געדאַרפֿט זיצן, האָט מען צונויפֿגעשלאָגן פֿון ברעטער אַ פּלאַטפֿאָרמע מיט טרעפּ.

אין זאַך האָט נאָך אויסגעפּעלט — אַ גרויסער שפּיגל. אַזוי ווי ביי דער גאַנצער משפּחה זענען געווען געסט, האָט מען דאָך די שפּיגלען נישט געקענט אוועקנעמען. ביי אונדז זענען קיין געסט נישט איינגעשטאַנען, איז מען געקומען, און גענעמען דעם שפּיגל. ווען נתן גאָטעסמאַן האָט אַראָפּגענעמען דעם שפּיגל פון דער וואַנט, האָב איך מיך צעוויינט. „וואָס וויינסטו, ליפּשעלע?" האָט ער געפרעגט „מע וועט אים אייך איבער מאָרגן אָפּגעבן!" איך האָב אים געענטפערט: „ווי גייסטו, שלימזל? צום אָרעמאַן. די שפּיגלען פון די רייכע הייזער וועט גאָרנישט שאַטן, אָבער פאַר אונדזער שפּיגל האָב איך מורא!" זיי האָבן געלאַכט פון מיינע טענות און האָבן דעם שפּיגל גענעמען און אויפגעהאַנגען אויפן שענסטן פּלאַץ הינטער דער כּלה אויף דער פּלאַטפאָרמע. אַז מע האָט זיך גענעמען ריכטן צו דער חופּה, פאַר דער שיל, איז קינד־און־קייט מיטגעגאַנגען מיט געזאַנג און מוזיק. קיינער איז נישט געבליבן אין זאַל אַחוץ עפּעס אַ דינסט, וואָס זי האָט אַכטונג געגעבן אויפן הויז.

דערווייל האָבן די ציגן פון די שכנים דערהערט, אַז עפּעס איז צו פריילעך, מע קען נישט שלאָפן, האָט איינע זיך אַריינגעכאַפּט דורך דער הינטערטיר, גיבן אַ קוק וואָס דאָ טוט זיך. די טיר איז געשטאַנען אָפן, איז זי אַריין אין זאַל. ווי זי האָט דערזען אין שפּיגל איבער דער פּלאַטפאָרמע אויך עפּעס אַ ציג מיט צוויי הערנער, איז זי אין כּעס געוואָרן, איז צו צו דער ציג זי שטויסן מיט די הערנער און, ביז די שיקסע איז צוגעלאָפן, איז נעבעך אונדזער שפּיגל געווען צעבראָכן אויף טויזנט שטיקלעך. איך האָב שוין דעם צווייטן טייל פון דער חתונה נישט געזען. מיין מאַמע האָט זיך געשעמט, וואָס כ'האָב אָנגעהויבן וויינען, האָט זי מיך אָנגענעמען ביי דער האַנט „קום, ליפּשעלע, אַהיים! טו מיר נישט אָן קיין בושה. כ'וועל קויפן מירצעשעם, אַז כ'וועל אויפגעריכט ווערן, אָן אַנדערן שפּיגל". איך האָב געוווּסט, אַז דאָס וועט אַזוי גיך נישט מקוים ווערן און דער קאָפּ איז מיר שוין נישט געווען ביי דער חתונה, בין איך אַהיימגעגאַן שלאָפן.

## די שיינע גרויסע וועלט!

דער סוף פון דער חתונה איז געווען זייער שיין און פריילעך, אָבער דער אָנהייב פונעם נייעם לעבן פאַרן פּאָרפּאָלק איז נישט געווען אַזוי איי־איי־איי. נאָך דער גאַנצער גדולה, אַז ס'איז אַוועק צוויי־דריי וואָכן, מע האָט געדאַרפט קלערן פון תּכלית, האָט זיך דער יונגער־מאַנטשיק שלמה באַרעכנט — וואָס וועט ער אַריינלייגן די פּאָר הונדערט רייניש אין דאָרף צישן די גויים און דאָרט אָפּפינצטערן די יאָרן, ער האָט עפּעס אַנדערש אין זינען געהאַט. ער האָט זיך איבערגעשריבן מיט זיינע שוועסטער און ברידער אין דייטשלאַנד (קעלן) און זיי האָבן אים געראָטן, ער זאָל תּיכף־ומיד נעמען זיין לאהן און קומען צו פאָרן. מיט אַ פּאָר

הונדערט רײַניש וועט ער באַלד ווערן אַ לײַט. זיי — זײַנע שוועסטער און ברידער — האָבן אָנגעהויבן מיט די ליידיקע הענט און האָבן זיך שיין אײַנגעאָרדנט. דער זיידע און די באָבע האָבן מסכּים געווען, האָבן זיי זיך צונויפֿגעפּאַקט און אָפּגעפֿאָרן.

שלמה האָט אין צוג פֿאַרפֿירט אַ שמועס מיט עפּעס אַ דײַטשל. וו׳ין ער פֿאָרט און וואָס ער פֿאָרט און פֿאַר וואָס זײַן ווײַבל וויינט אַזוי. ער האָט איר אויסגערעדט: זי וועט זען ווי שיין די וועלט איז און זי וועט נאָך ווערן אַ דײַטשע מאַדאַם. אַזוי האָט זיך געצויגן דער שמועס ביז לוזשאַן. דאָרט האָט דער פֿאַרשוין געזאָגט, ער וועט אַרויפֿנעמען אַ טרונק און באַלד צוריקקומען. אָבער אַזוי ווי ער איז נישט צוריקגע־קומען, האָט זיך עמעצער אָנגערופֿן צו שלמהן: „גיטס נאָר אַ קוק, צי סע פֿעלט אײַך גאָרנישט“. און אַז שלמה האָט זיך געגעבן אַ טאַפּ בײַ זײַן הינטערשטער קעשענע, האָט ער אָנגעמאַכט אַ געוואַלד — מע האָט אים באַרויבט אויפֿן גאַנצן פֿאַרמעגן. לאה האָט דאָס דערהערט, האָט זי אָנגע־הויבן חלשן און ווען מע האָט זי דערמינטערט, האָט זי נאָר געוואָלט אַרויס־שפּרינגען פֿון צוג. אַזוי אונטער וויינען און קלאָגן, זענען זיי אָנגעקומען צו דער דײַטשער גרענעץ. דאָרט האָבן גוטע מענטשן זיי געגיבן אויף אַ טעלעגראַם און זיי האָבן געלאָזט וויסן דער משפּחה, אַז ס׳איז געשען אַ גרויס אומגליק און מע זיצט אויף דער באַנסטאַנציע און וואַרט ביז זיי וועלן שיקן אויף באַנבילעטן. סע האָט נישט לאַנג געדויערט און זיי האָבן באַקומען געלט אויף צוויי בילעטן און זענען אין געהאַקטע ווונדן אָנגעקומען קיין קעלן. דאָרט האָט מען זיי אַרײַנגענומען צו אַ שוואָגער. דעם צווייטן טאָג האָט ער זיך שוין געלערנט דאָס פֿאַך. זיי פֿלעגן פֿאָרן אין די גאַסן איבער דער שטאָט און שרײַען: „וויר קאַופֿען פֿלאַשען!“ די ווײַבער האָבן געוואַשן די פֿלעשער און זיי אויסזאָרטירט, דערנאָך פֿלעגן זיי די פֿלעשער פֿאַרקויפֿן. אַ ביטערע פּרנסה.

לאה האָט שוין געטראָגן און געהאַט זייער אַ שלעכט פֿאַרגיין, אָבער זיך געשעמט אַהיימצושרײַבן, וואָס ס׳איז געשען, נאָר פֿריילעכע בריוו — ס׳איז איר גוט און וואויל ווי די וועלט... ערשט שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר, אַז זי איז אַהיימגעקומען אויף דער צווייטער קימפּעט, האָט זיך אַרויסגעשטעלט דער אמת. ס׳איז שוין געווען אַ לאַנגע צײַט נאָך דעם און מע האָט עס שוין דערציילט אין פֿריידן.

## ציפּעס ליבע

דערווײַל זענען די יאָרן געגאַנגען און בײַם זיידן זענען אונטערגעוואַקסן צוויי מיידלעך — ציפּע און שיינדל. אויך שלמה איז שוין געווען אַ גרוי־סער בחור, האָבן אים דעם פֿעטער מאַקיעס צוויי זין, מענדל און שלמה, גענומען אין הויף אַרײַן קיין זאַדיבראָוווקע (אַ דאָרף, אַ פּאָר קילאָמעטער

פֿון סאָדעגערע) און אים געמאַכט פֿאַר אַ הויפּסמענטש. קודם אַ שיק־בחורל, האָט ער זיך ווײַטער און ווײַטער אַרויפֿגעאַרבעט, געוואָרן אַ שאַפֿער און שפּעטער דער אָקאָמען.

דעם זיידן איז נישט גוט געגאַנגען און די צווײ מיידלעך זענען אים געבליבן אויפֿן קאָפּ, נישט געלאָזט אים רויק לעבן. די עלטערע, שיינדל, איז געווען אַ שיינע און אַ ווילע, ווי סע האָט געפּאַסט פֿאַר נפֿתּלי גאָטעסמאַנס טאָכטער; די יינגערע, ציפּע, איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערער שניט. הויך און שיין, מיט צווײ לאַנגע צעפּ ביז נאָך די קני און האָט זייער שיין געזונגען. ווער ס'האָט זי געזען און געהערט, האָט זיך אין איר פֿאַרליבט. און אַחוץ אַלע אַנדערע בחורים, איז דאָך געווען בײַם פֿעטער עליע אַ נאָסעלע (נתן). פֿאַר וואָס מע האָט אים גערופֿן נאָסעלע? נישט פֿאַר זײַנע מעשׂים־טובֿים, נאָר פֿאַר זײַן ווײַזען און איבערקערן וועלטן. און טאַקע — פֿאַר וואָס נישט? אַ רײַך זיבדל מיט קעשענעס געלט, אַ קלוגער סוחר און שענער ווי אַלע בחורים אויף דער זוויניעטשקע, האָט ער זיך פֿאַרליבט אין ציפּעלען און זי אין אים. איך בין געווען דער בריוועטרעגער: געטראָגן די ליבעבריוו פֿון איינעם צום אַנדערן און האָב דערפֿאַר באַקומען פֿון נתן גוט באַצאָלט... (אַ שטיקל טשאָקאָלאַד אָדער אַ בײַטעלע מיט באָמבאָנעס). אָבער נישט דערפֿאַר האָב איך עס געטאָן, איך וואָלט אָן דעם אויך מײַן שליחות אויסגעפֿירט: איך האָב די מומע ציפּע אַזוי ליב געהאַט, אַז כ'וואָלט פֿאַר איר געווען געגאַן אין דער שאול־תּחתּיה אַרײַן. זי פֿלעג אַזוי שיין זינגען! ווען זי פֿלעג זיך צעזינגען אַ ליבעליד, האָט זי מיך אין גאַנצן פֿאַרכישופֿט, נישט מיט קיין צען פֿאַר אָקסן האָט מיך עמעצער געקענט פֿון איר אַוועקנעמען. כ'פֿלעג נאָר זיצן ווי אַ הינטל און וואַרטן אויף איר באַפֿעל. בײַם פֿעטער עליע האָט יעדער געוווסט, אַחוץ אים אַליין.

די מומע האָגע האָט געקלערט: צו וואָס אים דערציילן, נתן וועט זיך נאָר אָפּשטעלן די דריטע קלאַס, וועט מען אים שוין חתונה מאַכן מיט וועמען טאַטע־מאַמע וועלן זאָגן. זאָלן זיך די קינדער דולן. מײַן באָבע האָט אויך נישט דערציילט דעם זיידן, אָבער מיט אַן אַנדערן חשבון: די קינדער האָבן זיך ליב און דאָס קען זײַן אַ טײַערער שידוך, מע וועט נישט דאַרפֿן אָנקומען צום פֿעטער מאָקיע אויף נדן; נתן האָט טויזנט מאָל געשווירן, אַז ער וועט זיך פֿון ציפּעלען נישט אָפּלאָזן. ער וועט זי נעמען אָן נדן — זײַן טאַטע האָט גענוג געלט און טאָמער דער טאַטע וועט זײַן דערקעגן און נישט צולאָזן, וועט ער מיט ציפּעלען אַוועק קיין אַמעריקע, אַזוי פֿיל געלט וויפֿל די הוצאות וועלן באַטרעפֿן, האָט ער נאָך צו יעדער צײַט. און אַזוי איז עס געבליבן אָפּגעשמועסט בײַ זיי ביידע.

ביז אין אַ שיינעם טאָג האָט נתן נישט מער געקענט וואַרטן. האָט ער אָפּגערעדט, אַז אַזוי ווי ער זעט שוין, דער טאַטע וועט נישט צולאָזן

ער זאָל נעמען אַ מיידל אָן נדן, מעג עס אַפילו זײַן אַ ברודערס אַ קינד, ווײַל שדכנים דרייען זיך און ברענגען כּלות מיט שווערע טויזנטערס, וועלן זיי אַנטלויפֿן. האָט ער, איין מאָל אין אַ שבת, זיך צוגעכאַפּט צום טישקעסטל, ווען טאַטע־מאַמע זענען געווען אין שיל, געוואָלט זיך אַרויסנעמען פֿינעף הונדערט רײַניש. (נישט דעם טאַטנס, ער האָט אַליין געהאַנדלט און האָט דעם טאַטן געגעבן צו האַלטן דאָס געלט.) עמעצער פֿון די שטובמענטשן האָט עס געזען און געלאָפֿן אין שיל אַרײַן און געמאָלדן עס דעם פֿעטער עליע. ווי ער האָט דאָס דערהערט, איז ער אין מיטן דאַווענען אַהיימגעלאָפֿן און טאַקע געכאַפּט אים בײַ דער האַנט. נתן האָט זיך דערשראָקן און האָט דערציילט דעם טאַטן. דער פֿעטער עליע האָט אויסגעצויגן דעם תּכשיט צווי פּעטש און אים געזאָגט, אַז נישט בײַ זײַן לעבן וועט ער חתונה האָבן מיט ציפּען. און דעם זיידן — ציפּעס פֿאָטער — האָט ער גלאָזט רופֿן און אים דערציילט וואָס דאָ טוט זיך אָפּ אונטער זײַנע פּלייצעס. צי ער האָט אים חושד געווען, אַז ער ווייסט עפּעס דערפֿון האָט ער נישט געזאָגט, אָבער דאָס האָט ער יאָ געזאָגט: „גיי אַהיים, פּאַטש אָן דײַן מויד און זאָג איר, אַז זי זאָל זיך אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ נתן. זי האָט אַן עלטערע שוועסטער, וועלכע דאַרף קודם חתונה האָבן און נתן וועט נישט וואַרטן אויף איר!" ער האָט אַ ביסל אַנדערש געמיינט, האָט אָבער נישט געוואָלט דעם ברודער פֿאַרשעמען האָט ער דעריבער געדרייט דעם דישל. אָבער דער קלאַפּ איז געווען אַ מסוכּנער. דער זיידע איז נעבעך אַהיימגעגאַן אַ פֿאַרשעמטער און האָט אַנגעמאַכט אַ גרויס געוואַלד אין שטוב. סטײַטש, בײַ אים זאָל זיך אַזוינס אָפּשפּילן! נתנען וועט גאַרנישט שאַטן. אַ בחור, וואָס ער זאָל נישט אָפּטון, אַז ער דרייט זיך אויס דעם קאַפּעליטש, איז ער דער זעלבער, אָבער אַ מיידל זאָל אַזוינס אָפּטון! אַן אייביקער פֿלעק!

דעם צווייטן טאָג האָט מען ציפּען אָפּגעפֿירט צו דער מומע חיה־ריוועלע, אויך אַ גוטער מלאך אין דער משפּחה. זי האָט איר געפּרוּווט אויסרעדן, זי זאָל נישט ווייבן. זי איז יונג און שיין און וועט נאָך קריגן אַ בחור ווי נתן איז. אָבער אומזיסט איז געווען איר רעדן און בעטן, ציפּע האָט אַזוי געבענקט און געוויינט ביז זי איז קראַנק געוואָרן. זי האָט באַקומען אַ מאַגנקרענק, וואָס האָט זיך מיט איר געהאַלטן איר גאַנץ לעבן. די מומע חיה־ריוועלע פֿלעג פֿאַרן יעדן זומער אין קוראָרט קיין דאַרנע, האָט זי ציפּען מיטגענומען, אָבער ס'האָט גאַרנישט געהאָלפֿן, ציפּע האָט אים נישט פֿאַרגעסן...

## אַ מעשה צום באַשרײַבן

מיר האָבן שוין געהאַט אַ נײַעם קאַמעניק, אויך נישט קיין גרויסער גבֿיר, אָבער אַבי די שטוב זאָל נישט שטיין לידיק. וואָס מיט אונדזער

קאַמעניק מעכל גאָלדהאַבער האָט פּאַסירט, איז אַ גאַנצע מעשה, נאָר צום באַשרײַבן.

מײַן מאַמע האָט זיך דעמאָלט אָפּגעלאָזט פֿון אַלע מיסחרים — סע טראָגט גאָרנישט. זי איז שוין געוואָרן אַ קלענערע באַדאַרפֿעריין (נאָר זי מיט די צוויי קינדער). „וואָס בין איך משה־מחויבֿ צו גיין מײַלנווײַז צו פֿוס און זיך אָפּרײַסן דאָס געזונט עפּעס צו פֿאַרדינען? איך װעַ'מיר אויסזוכן אַן איידעלערן גרײַצער!" און זי האָט אָנגעהויבן צו פֿאָרן יעדן מאָנטיק קיין טשערנעוויץ אײַנקויפֿן אַ ביסל שניט און עס צעמעסטן: דעם פֿאַר אַ קליידל, דעם פֿאַר אַ פֿאַרטעך, אַ צוויי לײַלעכער. און ווי געשיקט זיך — געווען גענוג אָפּנעמערס. אַ טייל האָבן באַצאָלט, אַ טייל נישט און ווער ס'האָט געבאָרגט, האָט די מאַמע געדאַרפֿט אויפֿשרײַבן. נאָר דאָס איז אַן איידעלע זאַך — ווער קען דאָס? פֿלעג זי זיך מאַכן אַ צייכן אויף דער טיר.

איז געווען בײַ אונדז אַ שכנטע, די שטעלמאַכערין, אַ הויכע גויע, נישט קיין שלעכטע געווען, פֿלעג אונדז, אַ מאָל מיטנעמען אין פֿעלד. און אַז ס'איז געקומען אָסיען, פֿלעג זי אונדז גיבן דיניע־קערלעך פֿון די האַרבוזעס, וואָס זיי פֿלעגן צעהאַקן סײַ פֿאַר די קי, סײַ פֿאַר די חזירים. מיר פֿלעגן זיך אַ סך אויפֿהאַלטן בײַ איר אין יענער צײַט. אַז ז'איז געוואָר געוואָרן, אַז „באַשאַ טויבע" איז געוואָרן אַ סוחרטע פֿון מאַנופֿאַקטור, האָט זי באַשלאָסן, אַז מע דאַרף אָנהייבן קויפֿן בײַ איר. נו, זאָלט איר שוין גאָר נישט פֿרעגן וואָס פֿאַר אַ קונה זי איז געווען! געגעבן די גרעסטע באַשטעלונגען — אַ פֿולע שטוב מיט שיקסעס און שקצים, דאָס דאַרף עפּעס האָבן — סע גייט ווינטער, אַלע אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן... נו, האָט זיך די מאַמע געפֿרייט: אַזאַ גאָלדענער קונה! וואָס זי ברענגט איז גוט, נישט קיין מפֿוניצע, זי פֿלעג געבן אַ פּאָר זעקסערלעך בײַם נעמען די סחורה און דעם רעשט אויף באָרג. האָט מען געדאַרפֿט עס אויפֿשרײַבן, נו איז וואָס? עפּעס אַ צייכן האָט די מאַמע שוין געמאַכט אויף דער טיר — ציפֿערן האָט זי דאָך געקענט שרײַבן. אײַ, די גוטע שכנטע האָט געפֿונען אַ פֿאָרטל, ווי נישט שולדיק צו זײַן טויבען צו פֿיל, דאָס איז די מאַמע ערשט נאָך אַ לאַנגער צײַט געוואָר געוואָרן.

געווען איז עס אַזוי: כ'האָב מיך אַ מאָל צוגעקוקט ווי די שטעלמאַכערקע קוקט זיך אַרום פֿון אַלע זײַטן און דערנאָך גייט זי אַרײַן צון אונדז אין שטוב. ס'איז איר נישט שווער אָנגעקומען, ווײַל די טיר איז קיין מאָל נישט געווען פֿאַרמאַכט. נאָר בײַ נאַכט פֿלעג מען זי אונטערשפּאַרן מיט דער לייטער. נישט חלילה ווײַל מע האָט מורא געהאַט פֿאַר אַ גנבֿ, נאָר פּשוט מע האָט זיך געפֿילט זיכערער. איז ווי כ'האָב מיך אַזוי מיט מײַנע חבֿרטעס געשפּילט און דאָס דערזען, האָב איך מיר געקלערט, אַז עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק. זי האָט דאָך געוווסט, אַז די

מאַמע איז נישטאָ און אויך אונדזער קאַמעניצע איז אַוועק ערגעץ, פֿאַר וואָס זשע קריכט זי פּונקט איצט צום אונדז? און אונטערקוקנדיק האָב איך טאַקע געזען: זי שטייט אויף דער שוועל, הויך איז זי געווען ווי גוג־ומגוג, האָט זי נאָר געדאַרפֿט אויסשטרעקן דעם פֿינגער און אָפּווישן אײַן ציפֿער און זי איז שוין געווען ווייניקער שולדיק. לײַכט איז איר דאָס אָנגעקומען, ווײַל ס'איז געווען געשריבן מיט קרײַד. אַז די מאַמע איז אַהיימגעקומען און כ'האָב איר דאָס דערציילט, האָט זי צו מיר אויס־געביטן חלומות: „וואָס אַ קינד קען אײַנפֿאַלן, נו, נו!" אָבער ס'האָט זי דאָך אָנגעהויבן צו רידזען און זי פֿלעג ליגן דורך די נעכט און רעכענען און נישט קענען פֿאַרשטיין — ווו קומט אַהין דער ריווח? ס'דאַכט זיך, אַז זי פֿאַרדינט גאַנץ גוט און אַז זי באַדאַרף נאָך אַ מאָל פֿאָרן קיין טשערנעוויץ נאָך אַ ביסל סחורה, איז נישטאָ קיינער אין דער היים...

און איר פֿאָרן קיין טשערגעוויץ איז עפּעס געווען אַזוי פּראָסטע? קיין באַן איז נישט געווען, האָט זי געמוזט פֿאָרן מיט אַ בעל־עגלה. ער האָט געוווינט אין זאַלישטשיק בײַ דער שיל. דאָרט האָבן קיין גרויסע נגידים נישט געוווינט... לעבן זײַן שטוב האָט ער געהאַט אַזאַ שטעלעכל, וווּ ער פֿלעג האַלטן זײַנע צוויי שקאַפּעס. ס'האָט אים חלילה קיינען נישט געטאָרט דערמאָנען דאָס וואָרט שקאַפּעס. ער פֿלעג זיי צערטלען: „אַדלער־לעך", „פּרנסה־געבערס מײַנע", „ס'זאָל מיר, אָדער מײַן ווײַב, דעם שלימזל, גיכער זײַן וואָס סע דאַרף אײַך זײַן! וואָס וואָלט איך געטון אָן אײַך? ס'וואָלט מיר חלילה אויסגעקומען זיך אויסצושטרעקן אין מיטן גאַס מיט ווײַב־און־קינדער!" פֿון וואַנעט געדענק איז דאָס אַזוי גענוי? ר'איז נעבעך געווען אַ פֿאַנפֿאַטש מיט אַ צעפּלעטשטער נאָז און אַז ר'האָט גערעדט, איז געווען פֿאַר מיר דאָס גרעסטע פֿאַרגעניגן צוצוהערן, דערנאָך אָנטאָן עפּעס אַ מענעריש רעקל מיט אַ קאַפּעליטש און מיך אָנידערשטעלן אים נאָכפֿאָנפֿען, אַז מע האָט זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן פֿון לאַכן.

אַז די מאַמע האָט געזאָגט דאַנערשטיק, זי דאַרף זיך אַרײַנכאַפּן און אָנזאָגן אַבֿרהם־אײַזיקן, אַז דעם זונטיק מירצעשעם וועט זי אויך זײַן אַ פֿאַרשוין אויף זײַן פֿור קיין טשערנעוויץ, אַהאַ! איך האָב שוין נישט אָפּגעטרעטן פֿון דער מאַמעס פֿאַרטעך. איך וועל נישט פֿאַרפֿעלן אַזאַ געלעגנהייט צו הערן אַבֿרהם־אײַזיקן פֿאָנפֿען. און אַז ס'איז געקומען זונטיק בײַ נאַכט, אַזוי זייגער עלעף אָדער צוועלעף, איז די מאַמע שוין געווען געפּאַקט און כאָטש אין גאַנצן אָנגעטועכץ, האָט זי זיך צו־געלייגט כאַפּן אַ דרימל — נישקשה, זי איז געווען זיכער אַבֿרהם־אײַזיק וועט זי אויפֿוועקן... און אויפֿוועקן האָט ער געקענט אַפֿילו אַ טויטן. נאָך זײַענדיק אויף דער בריק (דאָס איז געווען אַ היפּשער מהלך ביז צום אונדזער הויז), האָט ער אָנגעהויבן שרײַען „טויבע", האָט ער גאַנץ זוויניעטשקע אויפֿגעוועקט. מע פֿלעג אים פֿאַרשעלטן דאָס געביין, דעם פֿאָנפֿאַטש, וואָס ער לאָזט נישט שלאָפֿן, אָבער ער האָט זיך זײַנס געטון.

די מאַמע, פֿאַרשלאָפֿן און מיד, פֿלעג צוגיין צום שטראָז, זיך אַרײַנזעצן אינעם גרויסן וואָגן, וואָס דאָרט זענען שוין געווען אויסגעזעצט אַלע פֿאַרשויבעץ. דער בעל־עגלה האָט געגעבן אַ געשריי „הײַדאַ!" — און געפֿאָרן

און אַזוי פֿלעג זיך דאָס איבערחזרן כּמעט יעדע וואָך — זי פֿלעג פֿאָרן קיין טשערנעוויץ ברענגען אַ ביסל שניט, צעטיילן און דערנאָך זיך דאָרן דעם קאָפּ, ווו נעמט מען אַ פּאָר רײַניש אויף סחורה?

ביז איין מאָל, די מאַמע איז געווען אַוועקגעפֿאָרן קיין טשערנעוויץ און ריוּוציע און איך זע'מיר אַליין געבליבן שלאָפֿן אין שטוב, ווייסנדיק אַז אין יענער שטוב שלאָפֿט מעכל, גאָלדע און אַ האַלב טוץ קינדער, איז אי די מאַמע אַוועקגעפֿאָרן רויִק, אי אונדז זע'מיר רויִק געשלאָפֿן. אָבער אין דער פֿרי, אַז מיר האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט און אויפֿגעמאַכט די טיר, איז אונדז פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן: מעכלס שטובטיר איז געשטאַנען צעפּראַלעט און די שטוב איז געווען ליידיק, אַחוץ אַ ביסל שטרוי, אַ צעבראָכענער טאָפּ, און נאָך אַזויגע אוצרות. מיר האָבן זיך זייער דערשראָקן און אָנגעהויבן וויינען. זיך אָנגעמענדיק בײַ די הענט, זע'מיר אַרײַן צו רחלען, אונדזער ערשטע הילף אין אַ נויט. אַז מיר האָבן אָנגעהויבן דערציילן וואָס ס'איז געשען מיט אונדזער קאָמעניק, האָט זיך קיינער נישט געוואָלט גלייבן. וואָס הייסט — וואָס, ווי אַזוי איז ער פֿאַרשווונדן, אַז קיינער, נישט אַפֿילו איר אין דער אַנדערער שטוב, האָט נישט געהערט? נאָר ווי פֿאַרכּישופֿט! און גאַנץ זוויניעטשקע האָט זיך באַלד געדעשט. ס'איז געלאָפֿן קינד־און־קייט קוקן אויף אונדזער בייז־וווּנדער.

און חבֿרה־לצים, משפּחה־בחורים, פֿון חדר גלײַך צון אונדז אַרײַן און אַרויף אויפֿן בוידעם. אויסגעזוכט דאָרטן אַן אַלטן קאַפּטן מיט אַ קאַפּעליטש און עס אָנגעטון דער קאַטשערע. דעם דאָזיקן „פֿאַרשויך" אַרײַנגעשטעלט אין קוימען. פֿון דער ווײַטנס וואָלט מען געקענט שווערן, אַז סע שטייט דאָרט עפּעס אַ לץ. דאָס נאָך נישט גענוג, האָט מען אין גאָרטן בײַ אונדז אויפֿגעשטעלט אַ גרויסן מענטש פֿון שניי אויך אָנגעטון אַ קאַפּעליטש, מיט צוויי בלישטשענדיקע אויגן און אין האַנט אַ גרויסן שטעקן. ס'איז געווען אַ שרעק בײַ טאָג אָנצוקוקן און בפֿרט בײַ נאַכט. אַז דער אויפֿדערנאַכט האָט זיך צוגערוקט, האָט רחל אונדז געגעבן אַ גוטע וועטשערע און אַרײַנגעשיקט אירע צוויי טעכטער, כּײַציע און שפּרינציע, זיי זאָלן מיט אונדז שלאָפֿן. און איידער זי איז זיך געגאַנגען לייגן, האָט זי געזאָגט צו דער דינסט: „יעלענע, גיב אַ קוק וואָס די קינדער טוען דאָרט!" און די שיקסע האָט געפֿאָלגט, נאָר דערבײַ געקלערט פֿאַר וואָס נישט איבערשרעקן די קינדער אַ ביסל? האָט זי גענומען אַ ליכט מיט שוועבעלעך, אָנגעצונדן און אַנידערגעשטעלט עס פֿאַרן פֿענצטער און זי אַליין האָט זיך באַהאַלטן.

אונדז'אַ'מיר מורא געהאַט אַנטשלאָפֿן צו ווערן, זע'מיר געלעגן און זיך דערציילט מעשׂיות פֿון רויבערס. פּלוצעם דערזעט ריווקיע אין פֿענצ־טער אַ ליכט אַן אַ קאָפּ, אַפֿילו אָן אַ האַנט. פֿון רופֿן אָדער שרײַען איז געווען אָפּגערעדט, אַפֿילו רעדן האָט זי נישט געקענט, נאָר ווײַזן מיטן פֿינגער און ציטערן ווי אַ פֿיש. אַז מיר האָבן דאָס דערזען האָ'מיר אָנגע־הויבן שרײַען מיט אוממענטשלעכע קולות „געוואַלד!" די שיקסע — דערזען ווי זי האָט אונדז איבערגעשראָקן, האָט זי זיך אויך דערשראָקן, איז אַרײַן צון אונדז מיט געבעט, געוואָלט אונדז אײַננעמען, באַרויקן, אַז זי האָט זיך נאָר געמאַכט אַ געלעכטער. אָבער ס'האָט גאָרנישט גע־האָלפֿן, אונדז זע'מיר געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז זי האָט תּיכּף געמוזט אַהיימנעמען כּישופֿציען און שפּריצן, און זי איז געבליבן מיט אונדז זיצן, ווײַל פֿון שלאָפֿן איז שוין נישט געווען קיין רייד.

דאָס איז געווען דער צווייטער אַקט. ס'איז דאָ אָבער נאָך אַ דריטער. ווען די מאַמע איז אַהיימגעקומען מיט די אַלע פֿאַרשווינען אין איינעם, איז געווען אוודאי איינס־צוויי בײַ נאַכט. געווײנטלעך פֿלעג דער בעל־עגלה שטיין בלײַבן און זי פֿלעג זיך צו ביסלעך אַריבערטראָגן די קראָם. און ווען זי האָט שוין געהאַט אויפֿגעמאַכט די טיר און אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, פֿלעג ער ערשט ווײַטער פֿאָרן, אָבער אין דער דאָזיקער נאַכט, אַז זיי זענען צוגעקומען צון אונדזער הײַזל, און זי האָט דערזען עפּעס אַ לץ שטיין אין קוימען, האָט זי זיך אויך שטאַרק איבערגעשראָקן און האָט געזאָגט דעם בעל־עגלה, אַז זי וועט פֿאַר קיין שום געלט אַליין נישט צוגיין צו דער שטוב. אַבֿרהם־אײַזיק האָט קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט און געמוזט זי צופֿירן ביז צו דער טיר. ער האָט זיך מסתּמא אויך גענוג געשראָקן, ווײַל ער האָט געהאַלטן אין איין זאָגן „שמע ישׂראל". ווען מיר האָבן דערהערט די מאַמע קומט, איז געוואָרן אַ בײַ געוויין — פֿאַר שרעק וואָס מע האָט איבערגעלעבט און פֿאַר פֿרייד וואָס מע האָט זי דערזען. דערהערט וואָס דאָ איז געשען, האָט זי אויסגעביטן חלומות: „אַזאַ שלימזל! אַזאַ קבצניוק! וואָס האָט ער מורא געהאַט זיך צו צײַען בײַ טאָג? איך וואָלט אים געווען אַראָפּגעטריבן די אָקסן פֿון פֿעלד? זאָרגטס אײַך נישט, קינדער, אונדז'ע'מיר באַקומען אַ נײַעם קאָמעניק, וואָס וועט נישט צאָלן קיין דירה־געלט!"

איר נבֿיאות איז מקוים געוואָרן. קוים זיך באַרויִקט און אַרויסגע־טראָגן דאָס מיסט פֿון שטוב, און שוין איז געווען אַ נײַער אָפּנעמער.

## אונדזער שטוב שטייט נישט ליידיק

ס'איז געווען בײַ אונדז אויף דער זוויניעטשקע אַ משפּחה, די מאַנגלס, אָדער בעסער געזאָגט דער קאָרטן־וואָרפֿערינס זין חנא און איציק. זיי זענען נישט געווען פֿון די איידלסטע ייִדן, אָבער דערפֿאַר

גוטע מענער צו זייערע ווײַבער און גוטע טאַטעס צו זייערע קינדער. פּרנסה האָבן זיי געהאַט פֿון זײַן אין די הייף — אָדער בײַ בהמות, אָדער בײַ פֿערד און אַ מאָל אויך אָקסן־טרײַבערס, ווען קיין אַנדערע שטעלע איז נישט געווען. דער עלטערער איז געווען אַ פּראַסטער חי־וקים, נישט פֿאַרשטאַנען קיין חכמות, געגאַן מיטן קאָפּ דורך דער וואַנט און מפֿרנס געווען זײַן ווײַב־און־קינדער.

זײַן ווײַב איז געווען פֿון גאָר אַן אַנדער שניט: אַ שיינע, אַן אינטע־ליגענטע און קלוגע פֿרוי. אסתּר־ביילע האָט אַזוי געפּאַסט צון אים ווי אַ חזיר אַ שטרײַמל. זי איז געווען פֿון האָמאַר, אַ שיין שטעטל אין דער בוקעווינע. אַן אָרעמע יתומה, וואָס אַ מומע האָט זיך אויף איר מרחם געווען און צונויפֿגעפּאַרט דעם שידוך. ער, אַ געזונטער בחור, מסתּמא מיט גלאַנצנדיקע שטיוול און זיך באַרימט, אַז ער איז אַ גרויסער פֿאַר־דינער. אויף קיין גרעסערע גליקן האָט אַ יתומה אַן נדן נישט געקענט זיך ריכטן. אַזוי לאַנג די קינדער זענען געווען קליין, האָט זי זיך געהאַלטן אין דאָרף אָדער אויפֿן פֿעלד מיט אים, אָבער אַז די קינדער זענען גרעסער געוואָרן און זי האָט אָנגעהויבן רעדן „קינדער דאַרפֿן אַ חדר, אַ שול", און אַליין וויל זי אויך נישט פּיצטערן צישן די יונגים, איז געוואָרן ביטער. ער האָט געטענהט ער קען נישט ווינען אין שטאָט און צאָלן דירה־געלט, אַז ער האָט דאָ אומזיסט אַ וווינונג. אָבער אסתּר־ביילע האָט אויס־געפֿירט. זי איז געוואָר געוואָרן, אַז בײַ אונדז איז לײדיק אַ שטוב, האָט זי אים נישט אָפּגעלאָזט. אַז זיי זענען פֿאַרפֿאָרן צון אונדז און איך האָב זיי דערזען, האָב איך תּיכּף געפֿרעגט: „מאַמע, האָסט עפּעס געזען אַ מין עשירות? האָסט אויסגעביטן ווים דרעמבע נאָ דאַשטש. זיי'לן דיר דען יאָ צאָלן דירה־געלט? זיי פֿאַרמאָגן דען מער ווי די פּאָר בעבעכעס?"

נאָך איידער די קינדער זענען אַראָפּ פֿונעם וואָגן, האָב איך געוווּסט זייערע נעמען: צבֿיה, אַ געזונטע מויד פֿון צוועלעף־דרײַצן יאָר; ברוך, דער צווייטער; סערל, אין מײַן עלטער, זיבן־אַכט יאָר; און די יינגסטע צוויי זענען געווען דאָס קליינוואַרג, וואָס זענען מיך נישט אָנגעגאַן. מיט אַ דרײַ חדשים שפּעטער איז געקומען נאָך אַ מיידל, רחלע און דערנאָך צו די צוויי יאָר — אַ יינגל אַרציע. איז געווען אין אײנעם זיבן קינדער. ס'איז געווען פֿריילעך, אונדז'אַ'מיר זיך געפֿילט מיט זיי ווי אין משפּחה.

אסתּר־ביילע, אַ זייער גוטע באַלעבאָסטע, האָט געקענט גוט קאָכן און באַקן און אַז ס'איז געקומען ערבֿ־שבת האָט זי אָנגעגרייט פֿון כּל־טובֿ. אירע קיכעלעך ליגן מיר נאָך הײַנט אין טעם. אַז חנא האָט אַהיימגע־בראַכט אַ פּאָר רײַניש, איז געווען חי־געלעבט. זי האָט קיין מאָל נישט געקלערט, צי סע וועט זײַן אויף זונטיק, דער שבת האָט געמוזט זײַן מיט אַלע פּישטשעווקעס. אַז זי האָט אָפּגעבאַקן נישט איך אויוון געבעקס, נאָר דרײַ, פֿלעגן די שכנים נישט דערלייגן, פֿון אונדז איז שוין אָפּגערעדט. פֿונעם שענסטן און בעסטן האָ'מיר געמוזט פֿאַרזוכן. אונדז זע'מיר גע־

וואָרן צו אסתּר־ביילען ווי צוגעקלעפּט. זי פֿלעג אונדז לערנען שיינע לידער און מאַכן שיינע האַנטאַרבעטן. זי איז געווען אַזאַ מאָדע מענטש, וואָס אַז מע קען זי, מוז מען זי ליב האָבן מיט אַלע אירע חסרונים, ווײַל צו די אַלע מעלות, האָט זי געהאַט אויך געגוג חסרונים. איר ערשטער חסרון איז געווען זיך קריגן מיטן מאַן. זי האָט נישט געוואָלט וויסן, צי האָט ער יאָ, צי נישט: „העגג און ברענג!" דאַנערשטיק פֿלעג זי אויף אים וואַרטן ביז שפּעט בײַ נאַכט — טאָמער האָט מען איר שוין נישט געוואָלט באָרגן אויף שבת אין געוועלב, ווײַל זי האָט נישט באַצאָלט פֿון יענער וואָך — איז אים שוין נישט געווען וואָס מקנא צו זײַן... „צען מאָל אין טאָטנס טאַטן אַרײַן מיט דער מאַמען, דער קאָרטן־וואַרפֿערין פֿאַרבראָקט!" „זי איז קראַנק, די ציגײַנערקע, אַראָפּצושיקן אַ פּאָר רײַניש אויף שבת, אַז זי ווייסט וואָס פֿאַר אַ פּרנסה־באַגרעבער איר טײַערער זון איז?" ער פֿלעג אויך נישט שווײַגן און אונדז'אָ'מיר זיך צוגעהערט, ווי ס'איז געווען פֿריילעך די גאַנצע נאַכט.

אָבער כאָטש אַזוי, איז ביז פֿרײַטיק אויף דער נאַכט אַלץ באַשאַפֿן געוואָרן און חנא איז געווען אַ מלך און אסתּר־ביילע אַ מלכּה. פֿון וואַנעט האָ'מיר דאָס געוווסט? דערצו איז דאָך געווען צבֿיה, וואָס פֿלעג ריוּוציען און מיר אַלץ דערציילן. איך פֿלעג מיך תּמיד חידושן, ווי זיי קענען זיך זמיסציען. אָבער אַז מע וויל, אָדער מע מוז, גיט מען זיך אַן עצה. ס'איז דאָך דאָ אַ בעט — שלאָפֿט די מאַמע מיט איין קינד; דער טאַטע מיט צוויי שלאָפֿט אין באָמבעטל; און דאָס ברעט פֿון באָמבעטל — פֿרעמאָסטעט מען אויך צוויי קינדער; און אַז סע קומט אַ גאַסט, לייגט מען אים אויפֿן אויוון. דער אָפֿטער גאַסט איז געווען אסתּר־ביילעס שוועסטער, אַ שיין מיידל און, ווי מײַן מאַמע פֿלעג זאָגן, „זייער אַ ווילע, זי האָט קיין מאָל קיינעם נישט אָפּגעזאָגט". זוויניעטשקע איז געווען פֿאַר איר ווי געשאַפֿן... ס'זענען דאָרט געווען בחורים, וואָס האָבן געזוכט אַ ליפּקעלע און רעוויזאָרן מיט זשאַנדאַרן, וואָס קיין היימיש באַלעבאַטיש מיידל וואָלט זיך ניט אָפּגעשטעלט מיט זיי רעדן אַ פּאָר ווערטער אַפֿילו נישט בײַ טאָג, אָבער אסתּר־ביילעס שוועסטער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט צו גיין מיט זיי אַפֿילו שפּעט בײַ נאַכט. זוויניעטשקע האָט געהאַט וואָס צו רעדן, און זי האָט געהערט יעדן ווי די קאַץ און געלעבט אַ משוגענעם טאָג. טאָמער האָט זיך עמעצער אײַנגעשטעלט די זיבעציק יאָר און דערציילט אסתּר־ביילען „שטײַטש, מע זעט דײַן שוועסטער שפּעט בײַ נאַכט אַרומגיין מיט זשאַנדאַרן", פֿלעג זי תּיכּף ענפֿערן: „לאָז זי לעבן, אַזוי לאַנג זי איז נישט צוגעדעקט דעם קאָפּ און איז נישט באַפֿאַלן מיט אַ כאָפּטע קינדער!" נאָך אירע רייד האָט מען געקענט פֿאַרשטיין, אַז ווען זי וואָלט געהאַט בעלנים, וואָלט זי אויך נישט בעסער געטון.

נאָר ווי געזאָגט, נאָך די אַלע זאַכן, האָט מען אסתּר־ביילען זייער ליב געהאַט. די פֿײַנסטע ווײַבלעך פֿלעגן זיך מיט איר חבֿרן און גערן

פֿאַלגן אירע עצות — זי איז פֿאַרט געווען קלוג און געלערנט. און אַז איך האָב זי ליב געהאַט און דעם גרעסטן דרך־ארץ פֿאַר איר געהאַט, איז נישט קיין חידוש. איך בין געווען זייער אַן אויפֿגעוועקט קינד מיט אַ שטאַרקן ווילן אַלץ צו וויסן און אַ גוטן קאָפּ. אַז איך האָב איין מאָל געהערט, האָב איך געדענקט, און פֿאַרשטאַנען האָב איך אויפֿן קוק. כאָטש זײַענדיק אַ הפֿקר־קינד, וואָלט איך געקענט מיך אָפּלערנען אַל דאָס שלעכטס, איז אָבער די ווירקונג געווען פּונקט פֿאַרקערט, סײַ אויף מיר, סײַ אויף ריווקיען. דײַקע דערפֿאַר, וואָס קיינער האָט אונדז נישט געהיט און געמוסרט, זע׳מיר געוואָקסן גלײַך און ערלעך, אַ מוסטער פֿאַר אַנדערע, רײַכע קינדער און די מאַמע האָט פֿון אונדז קיין מאָל קיין עגמת־נפֿש נישט געהאַט. נישט צבֿיה און נישט אסתּר־ביילעס שוועס־טערס אויפֿפֿירונג האָבן אונדז נישט געשאַט. מיר זענען געוואָקסן, יונה פֿישבאַכס טעכטער, אָן אַ פֿלעק אויף זײַן זײַדענעם נאָמען (און מער ווי זײַן נאָמען האָ׳מיר דאָך נישט געקענט).

ווען איך בין געקומען שפּעטער, אפֿשר מיט צוואַנציק יאָר, אויף דער זוויניעטשקע אויף קבֿר־אָבֿות איז שוין קיינער פֿון מײַנע חבֿרטעס נישט געווען, קיין משפּחה; ס׳איז געווען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און כמעט אַלע גאַטעסמאַנס האָבן זיך באַזעצט אין טשערנעוויץ. נאָר אסתּר לינדענבוים איז געבליבן מיט איר זון שמואל היטן דאָס הויז, אין וועלכן זיי האָבן געוווינט. בין איך צו איר פֿאַרפֿאָרן און ווען כ׳האָב זי אָנגעהויבן אויספֿרעגן אויף אַלטע באַקענטע, האָט זי מיר דער־ציילט, אַז אסתּר־ביילע איז דאָ, נאָר זי איז בלינד געוואָרן און דורך דעם קען זי נישט פֿאָרן קיין אַמעריקע צון אירע קינדער. זי האָט אָבער פֿון וואָנעט צו לעבן, די קינדער האַלטן זי שיין אויס.

כ׳האָב זי געוואָלט זען. ווען כ׳האָב אויפֿגעמאַכט די טיר, איז זי געזעסן און נישט געוווּסט ווער ס׳איז דאָ. האָב איך מיך אָנגערופֿן: „איך בין דאָ, איר דערקענט מיך נישט?“ האָט זי מיר געהייסן נאָך אַ פּאָר ווערטער רעדן. פֿרעג איך זי: „אסתּר־ביילע, איר דערקענט מיך נישט?“ האָט זי געגעבן אַ פּאַטש מיטביידע הענט: „ווי איך שטאַרב, ס׳איז דאָך ליפּשע טויבעס!“ כ׳בין איר געפֿאַלן אויפֿן האַלדז און אונדז׳אַ־מיר ביידע געוויינט. כ׳בין פֿון איר אַוועק מער גערירט ווי פֿונעם טאַטנס קבֿר. ווײַל בײַם טאַטנס קבֿר האָב איך מער ווי ווילד פֿאַרוואַקסענעם שטיין נישט געזען און מײַן טאַטן האָב איך נישט געקענט, אַפֿילו קיין מאָל זײַן צורה נישט געזען, בשעת אסתּר־ביילע איז אַ מאָל זייער גוט צו מיר געווען און אויף איר קופּערט פֿלעג איך אָפּזיצן גענוג אויפֿדערנאַכטן און וואַרטן אויף דער מאַמען. זי האָט אונדז קיין מאָל נישט געלאָזט הונגעריק זײַן. אַז, די מאַמע האָט פֿאַר אַלעמען מיט פּראָצענט אומגע־קערט, דאָס איז מיך נישט אָנגעגאַן.

# סאָסיע און בנימין שיינהאָלץ

מיר האָבן אָבער באַקומען אַ שפּאָגל בײַעם קאָמעניק, שוין גאָר אַן אַנדער שטייגער מענטש. בנימין שיינהאָלץ האָט ער געהייסן און איז געווען אַ מילמענטש בײַ לייבעלען אין מיל. ער האָט געהאַט אַ ווײַב, סאָסיע פֿאַרך, ווײַל, ס׳זאָל נישט אויסגערעדט זײַן, זי האָט קלײנערהייט געהאַט אַ פֿאַרך און זי איז פֿאַרבליבן מיט אַ ליסעקאָפּ אויף איר גאַנץ לעבן. דערפֿאַר האָט זי געטראָגן אַ טיכל ביז איבערן שטערן. מע זאָגט געווײנלעך „אַ שטאָלצער פֿאַרך״, אָדער „אַ צעהיצטער פֿאַרך״, קען איך עדות זאָגן, אַז ס׳איז אַ ליגן: כאָטש סאָסיע האָט געהאַט פֿון דעם מין ביז איבער די אויערן, האָב איך נישט איין מאָל געזען זי אין כּעס. פֿון קריגן זיך מיטן מאַן זאָל נישט גערעדט זײַן! זי האָט אים קיין מאָל נישט גערופֿן בײַם נאָמען, נאָר „טײַערינקער״, „זיסינקער״, „זײַ אַזוי גוט״ אָדער „זײַ זשעט מוחל״. כ׳האָב קיין מאָל נישט געהערט, זי זאָל זיך באַקלאָגן, ער פֿאַרדינט נישט גענוג, אָדער סע דערגייט איר נישט. תּמיד גליקלעך און צופֿרידן, געלאַכט און זיך געפֿרייט מיטן מאַן און מיט אירע קינדער. אַ שכנטע איז דאָס שוין איין מאָל געווען! זי וואָלט פֿאַר יעדן געוואָלט נאָר טובֿות טון דערבײַ נישט געמיינט, אַז זי טוט אַ טובֿה, נאָר פּשוט אַ נאַטירלעכע זאַך, סע דאַרף אַנדערש נישט זײַן. פֿאַר יעדן האָט זי געהאַט אַ גוט וואָרט, און פֿרײַטיק, אַז זי האָט אָפּגע־באַקן אויף שבת אָדער אויף דער גאַנצער וואָך, האָט זי יעדן מכבד געווען.

איר געבעקס איז באַשטאַנען פֿון קאָרן־ראַזעווע ברויט, אַ גרויסן מאָלײַ און חלה פֿון טונקלסטן ווייצנמעל. מיר האָבן דאָס ערשטע מאָל בײַ ייִדן געזען אַזאַ מין געבעקס, ווײַל מיר זענען געוווינט געווען, סײַ בײַ אונדז סײַ בײַ אַנדערע אָרעמע באַלעבאַטים (פֿון די רײַכע איז שוין אָפּגערעדט), צו זען דאָס שענסטע אויף שבת. אָבער בײַ סאָסיען האָט מען געגעסן די גאַנצע וואָך נישט מער ווי באַרבוליעס מיט טייגלעך, אָדער פֿאַסאָליעס מיט טשיפּקעלעך און דאָס פֿון אַרגסטן סאָרט. (די טייג־לעך — פֿון ראַזעווע מעל און צוגעשמאָלצן מיט רינדערן שמאַלץ). אויף שבת — אַ לעמערנע יויך, און אַז זי האָט פֿון אירע ברידער, וואָס זענען געווען קצבֿים אין זאַלישטשיק, אַ מאָל געבראַכט אַ מעניסקעלע אָדער אַ ביסל קישקעלעך און געמאַכט פֿון דעם אַ ראָסעלע, ווער איז דענצמאָל געווען גלײַך צו איר? מיר זענען געווען איבערקלויבער אויפֿן עסן און ווען סאָסיע איז צוגעשטאַנען, מיר מוזן פֿאַרזוכן אירע וואַרעניקעס פֿון ווייצן־ראַזעווע מעל, האָ׳מיר קודם געמיינט, אַז סע וועט אונדז שטיין בלײַבן אין האַלדז, אָבער אַ נעכטיקער טאָג! ס׳האָט אונדז גאַנץ גוט געשמעקט. צי איז עס געווען דערפֿאַר, וואָס איר געבן איז געווען מיט אַזוי פֿיל גוטסקייט און זי איז תּמיד געווען אַזוי פֿריילעך, אַז זי האָט געמוזט יעדן אָנשטעקן מיט איר גוטן הומאָר?

איר מאַן, בנימין, האָט סך־הכּל געגעמען, דאַכט זיך, אַ רײניש פּופּציק אַ וואָך. די וואָך איז באַשטאַנען פון זעקס טעג און נעכט אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג שבת — נאָר אַכטונג געבן אויף דער מיל. ער האָט געהאַט אַ שטיבל אין מיל, ווו ער פלעג זיך צולייגן אַ מאָל אויף אַ פּאָר שעה. און אַהיימקומען? ס׳איז אין גאַנצן געווען אַריבערגיין דעם שטראָז. פלעג ער זיך שוין אַרײַנכאַפּן אין שטוב, ווען ער האָט געקענט, אַ האַלבע שעה צײַט. די שטיוול האָט ער זיך נאָר אויסגעטון פון איין שבת צום אַנדערן. און כאָטש אַזוי, האָב איך קיין מאָל נישט געהערט קיין הויך וואָרט פון זיי. זיי האָבן געלעבט ווי צוויי טויבן. ער פלעג אַהיימברענגען פון אַלעם גוטן — פלעג זי זאָגן „וואָס פעלט מיר דען? מײַן בנימינדל טראָגט מיר אַרײַן פון טויבן־מילעך". אין וואָס מיינט איר איז באַשטאַנען איר טויבן־מילעך? אין אַ ביסל פּאַסאַליעס, אַ ביסל דיניע־קערלעך, אַ ביסל קוגרידזיע־מעל און נאָך אַזוינע זאַכן, וואָס די גויים פלעגן אים ברענגען מתּנות. סע זאָל זייער מעל שיין אַרויסקומען. אַ מאָל אַ פּאָר אייער, אויף יום־טובֿ אַ הינדל, און אַז ס׳איז געקומען אָסיען, איז געווען גאָר פריילעך: די גויים האָבן באמת געבראַכט פון אַלעם גוטן, וואָס מע מעג נעמען בײַ אַ גוי, אַזוי אַז פון די אַנדער האַלבן רײניש, וואָס ער האָט באַקומען אַ וואָך, האָט געקלעקט אויף אַ מאָל געבן דער מאַמען אַ רײניש אויף דירה־געלט (וואָס האָט געדאַרפט זײַן צען רײניש אַ יאָר). צי זיי האָבן זיך נישט פאַררעכנט, בין איך נישט זיכער, אָבער זיי זענען געווען די ערשטע, וואָס זיי האָבן אונדז יאָ אַ מאָל געצאָלט דירה־געלט. און ווען נישט די גרויסע שׂריפה אין 1903, ווען אונדזער הײַזל איז אַוועק מיטן פײַער, וואָלט סאָסיע אַוודאי נאָך אַ סך יאָר בײַ אונדז געוווינט. נאָך סאָסיען האָט אונדז באַנג געטון. ווי האָט מען נאָך געטראָפן אַ גליקלעכערע משפּחה ווי זיי זענען געווען? שטענדיק גע־זונגען און געטאַנצט מיט די קינדערלעך, אַזוינע פריילעכע קבצנים טרעפט מען נישט צו אָפט. ווער סע האָט זיך געקלאָגט, סע דערגייט זיי נישט — סאָסיע מיט בנימין האָבן תּמיד געהאַט צו פיל. פּראָסטע, ערלעכע מענטשן, בײַ קיינעם נישט געליגן, נאָר תּמיד געווען גרייט זיך צו טיילן מיט זייערע ווייצן־ראַזעווע טייגלעך מיט באַרבוליעס.

איך געדענק איין מאָל אַ ברית בײַ סאָסיען. ס׳איז געווען אַזוי פריי־לעך און מע האָט געגעסן און געטרונקען ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַז ס׳איז נישט דערגאַנגען פון די גוטע מאכלים און לעקעך מיט בראָנפן, האָבן זיך אַנידערגעשטעלט די שוועגערינס אירע און האָבן געקנעטן ווייצן־ראַזעווע וואַרעניקעס און אַ ברודער, דער קוואַטער, האָט געבראַכט אַ פעסעלע ביר און מע האָט געהוליעט ביז האַלבע נאַכט און געטאַנצט אַקעגן דער לבֿנה. דער מאַמען אונדזערער איז אויך געפעלן געוואָרן די שׂימחה, נאָר צום סוף האָט זי געזאָגט: „וואָס האָבן זיך די קאַצעפּיניקעס אַזוי צעהוליעט? נאָך אַ קבצן געבוירן געוואָרן!" איך האָב די מאַמע

איבערגעשפּאַרט: „די פריילעכע קבצנים געפעלן מיר בעסער ווי די שטאָלצע נגידים". זי האָט געשמייכלט, אַנגעטייעט פון מײַנע חכמות.

וועגן בנימין שיינהאָלץ, דעם פּראָסטן ייִד, דערציילט מען, אַז ווען ער איז ערבֿ יום־כּיפּור אַהיימגעגאַן זיך גרייטן צו כּל־נדרי, האָט ער זיך מיט זײַן באַלעבאָס אַזוי געזעגנט: „רב לייבעלע, גאָט זאָל העלפן פון הײַנט איבער אַ יאָר, זאָל איך זײַן אויס מענטש און איר אויס באַלעבאָס!" (דעמאָלט האָט מען גערופן אַן אַרבעטער בײַ יענעם אַ מענטש) און זוויניעטשקע האָט שוין געהאָט וואָס צו לאַכן.

# אונדזער הײַזל

פאַר וואָס איך האָב שוין אַזוי פיל מאָל דערמאָנט אונדזער הײַזל, וואָס איז אין דער אמתן נישט געווען אונדזערס, איז אַזוי די מעשׂה: אַז מײַן טאַטע־מאַמע האָבן חתונה געהאַט, האָבן זיי פאַרן נדן געקויפט אַ הײַזל. „אין אונדזער צײַט איז נאָך אויף דער זוויניעטשקע קיין קלויז נישט געווען — אַזוי פלעג מײַן מאַמע דערציילן — מע פלעג דאַוונען אין צוויי פאַרשידענע הײַזער: בײַ די גאָטעסמאַנס און בײַ די קרײַנערס מיט די אַריהס". ווי מײַן טאַטע איז געקומען אויף דער זוויניעטשקע, האָט ער אײַנגעזען, אַז ס'איז נישט גלײַך ס'זאָל זײַן צוויי (פאַרשידענע) פּאַרטייען און האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן מעשׂים — ייִדן זאָלן זען צו בויען אַ שיל. האָט מען זיך באַטראַכט, אַז מײַן טאַטע האָט דעם ריכטיקן פלאַץ, און סע וועט זײַן אַ שיל צו גאָט און צו לײַט... מע האָט געוווּסט, אַז יונה פישבאַך וועט נישט זאָגן ניין, פאַרקערט ער וועט עס באַטראַכטן פאַר השגחת־הבורא, הײַנט די מיצווה! אײַ, ווו וועט ער וווינען מיט ווײַב־און־קינד? בע, מע וועט שוין עפּעס געפינען אַ מקום־מנוחה... און מע האָט טאַקע באַלד אָפּגעזוכט אַ גוייש הײַזל, עס אָפּגעקויפט פאַר אַ שיבוש און מיר האָבן זיך אַרײַנגעצויגן אין דעם געהויזעכץ. סע האָט געדויערט אַ פּאָר יאָר ביז די קלויז איז פאַרטיק געוואָרן. ס'איז געווען אַ גרויסע, שיינע קלויז מיט אַלע זיבעציק גליקן וואָס אַ שיל האָט נאָר געקענט האָבן. אָבער אונדזער הויזגעזינד האָט שלעכט אָפּגעשניטן. די שיל איז פאַרטיק געוואָרן אין דעם זעלבן יאָר וואָס מײַן טאַטע איז אַוועק פון דער וועלט. אַלטע ייִדן האָבן געזאָגט, אַז דער וואָס דאַוונט דאָס ערשטע מאָל פאַרן עמוד, ווען מע באַנײַט אַ שיל, דער לעבט נישט אויס דאָס יאָר. קיינער האָט זיך טאַקע נישט געהײַלט צוצוגיין צום עמוד, אָבער מײַן טאַטע האָט געזאָגט, אַז גאָט איז אמת און ער גלייבט נישט אין נאַרישקייטן. ער האָט געהייסן דער מאַמען מאַכן גוטע קיכלעך און נאָך ווײַבער האָבן געקאָכט און געבאַקן, און נאָכן דאַוונען האָט מען געמאַכט אַ גרויסע סעודה און מע האָט געגעסן און געטרונקען

און געהוליעט אַ גאַנצן מעת־לעת. דער טאַטע האָט געטאַנצט אויף די טישן און פאַר קיין שום געלט אין דער וועלט האָט מען נישט געקענט אָפּקויפן זײַן פֿרייד.

און אַז ס׳איז שוין דאָ אַ שיל, באַדאַרף מען האָבן אַ בית־הקבֿרים — ווי מעגן ייִדן לעבן אין אַ ייִשובֿ אָן אַ הייליק־אָרט? האָט דער טאַטע אײנעם זעלבן יאָר אויך געזען, אַז דאָס זאָל באַשאַפֿן ווערן. אָבער ער האָט אויך זײַן שׂכר באַקומען — אײנעם זעלבן יאָר, ווי די אַלטע ייִדן האָבן מבֿטיח געווען, האָט ער באַנײַט אויך דאָס הייליקע־אָרט...

תּיכּף נאָכן טאַטנס אָפּלעבן איז אויך דער גוי, להבֿדיל, אין וועמעס הויז אונדז׳אַ׳מיר געוווינט, געשטאָרבן און די יורשים זענען געקומען צו לויפֿן — זיי ווילן האָבן דאָס הײַזל. „סטײַטש, וואָס הייסט איר ווילט? האָט מײַן מאַמע געווייינט און געשריגן, מע האָט דען נישט באַצאָלט דער־פֿאַר?״ — אָבער שרײַ חי־וקים — זיי ווילן פֿון גאָרנישט וויסן! און אַז מע איז אַרײַנגעפֿאָרן קיין זאַסטאַוונע, איז מען געוואָר געוואָרן דעם ביטערן אמת, אַז אין גרונטבוך איז נישט געווען דערמאָנט, צי יונה פֿיש־באַך האָט איבערגענעמען דעם גויס הויז און אַזוי ווי זיי זענען ביידע געווען טויט, איז געווען פֿאַרפֿאַלן די קו מיטן שטריק. און ווען נישט די גאַטעסמאַנס, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אין געריכט, וואָלט מען אונדז געווען באַלד אַרויסגעשטעלט אין דרויסן.

נאָר אַזוי האָט זיך עס געצויגן יאָרן. די מאַמע פֿלעג ברענגען פֿאַרשידענע עדות, אַז ס׳איז איר הויז און די יורשים האָבן געשריגן, אַז ס׳איז זייערס. אין דער אמת אָבער האָט זי דאָך נישט געקענט באַווײַזן שוואַרץ־אויף־ווײַס. אַ כּלל, דער פּראָצעס האָט זיך געצויגן אַזוי לאַנג, ביז „גאָט האָט געהאָלפֿן״, דעם 3טן מײַ 1903 האָט אויסגעבראָכן די שׂרפֿה.

## די שׂרפֿה

סע פֿאַלט מיר אײַן אַ ווערטל אָדער אַ מעשׂה, וואָס מע האָט דער־ציילט בײַ אונדז אין שטעטל. ס׳איז געווען בײַ אונדז אַ ייִדענע, יענטע דער מאַלאַנטשעכעס. זי פֿלעג זיך שבת אַנידערשטעלן זאָגן „גאָט פֿון אַבֿרהם״, פֿלעג זי אַזוי אָנהייבן: „גאָט פֿון אַבֿרהם, פֿון יצחק און פֿון יעקבֿ און פֿון אַלע הייליקע צדיקים, דער הייליקער שבת קודש גייט אַוועק מיטן געזונט, מיט דער פּרנסה און מיט אַלעם גוטן...״ אַזוי איז אונדזער הײַזל אַוועק מיט אַלעם גוטן, אַפֿילו די נײַע שיך, וואָס אונדז׳אַ׳־מיר באַקומען אויף פּסח און די נײַע קליידלעך.

געשען איז עס אַ וואָך נאָך פּסח, ווען די מאַמע איז געקומען פֿון טשערנעוויץ מיטן ביסל זומער־סחורה. אונדז קינדער זע׳מיר פּונקט

אַהיימגעקומען פֿון דער שול און זיך געגרעשט מיטן קרעמל, וואָס איז געלעגן אויפֿן טיש — אַ פּאָר מעטער מאַשלין אויף זומערקליידלעך און אַ צוויי שטיקלעך באַטיסט מיט זייער שיינע בלומען. אונדז זע׳מיר אַרומגעשטאַנען און באַוווּנדערט די סחורה. די מאַמע איז געווען מיד פֿון נישט שלאָפֿן צוויי נעכט און דערשלאָגן פֿון איר מזל, וואָס זי דאַרף אַרומגיין בעטן די ווײַבער, זיי זאָלן איר אַ טובֿה טון און בײַ איר צונעמען דאָס ביסל סחורה, ווײַל אַזוי איז געווען דער מיסחר פֿון שניט־סחורה אין יענע יאָרן. שיך אָדער היט האָט מען געזאָגט „מע גייט קויפֿן", אָבער שניט־סחורה האָט מען געזאָגט „מע גייט נעמען", און צאָלן וועט מען ווען סע וועט זײַן יוסט אין געלט. האָט זי זיך תּמיד געדרייט דעם קאָפּ — קודם אויף געלט צו קויפֿן סחורה, דערנאָך אויף בעלנים פֿאַר דער סחורה, און צום סוף בעטן בײַ יענע וואָס זענען שולדיק געווען אַ פּאָר זעקסערלעך אַ וואָך. און פּונקט אין יענעם דינסטיק האָט זי געהאַט אַ ביטערן טאָג, איז אַזוי ווי זי האָט אונדז געזען זיך אַרומדרייען אויסגעפּוצט אין די נײַע קליידעלעך און אין די נײַע שיך, האָט זי אָנגעהויבן שרײַען: „מיידן, וואָס איז דער יום־טובֿ אויף אײַך — אַרומדראַלען אין די נײַע קליידער? אַנו, אויסגעטון! וויפֿל מאָל דאַרף מען אײַך זאָגן, אַז די שבתדיקע מלבושים, ווען מע קומט פֿון דער שול, זאָלן אויסגעטון ווערן און אויפֿגעהאַנגען אויף דער וואַנט! איר זענט נישט קליין אַרומ־צוגיין בײַ דער שטוב אין די אַלטע שערעפּאַניקלעך און באָרוועס!" אונדז־אַ׳מיר געפּאָלגט — אויסגעטון זיך באָרוועס און אָנגעטון די אַלטע שערע־פּאַניקלעך. קאָם האָ׳מיר זיי פֿאַרראָמט, הערט זיך אַ געשריי: „בײַ דער יואַליכע ברענט!" סע האָט געגעבן אַ זעץ אַ רויך פֿון דער יואַליכעס דאַך גלײַך צון אונדז אין שטוב אַרײַן, ווײַל ס׳איז געווען כּמעט איין דאַך. כאָטש איר הויז איז געווען גרויס, מיט קאָמעניקעס און מאַגאַזיבען, איז אָבער איין טייל פֿונעם דאַך געווען פֿאַרבונען מיט אונדזער סטריכע, און ווען דאָס פֿײַער האָט זיך אָנגעהויבן בײַ איר האָט נישט געדויערט קיין רגע און אונדזער הײַזל האָט געברענט ווי אַ שוועבעלע. די מאַמע האָט געכאַפּט דאָס ביסל סחורה, ריוועציע — אַן איבערבעט און אונדז זע׳מיר קאָם אַרויס מיטן לעבן. איך בין אַנטלאָפֿן צו רחלען דערצײַלן, מיינענדיק אַז דאָרט וועט גאָרנישט געשען; אָבער ווי כ׳האָב געזען, אַז די פֿלאַמען שפּרינגען אַריבער פֿון איין דאַך צום צווייטן, בין איך ווײַטער געלאָפֿן ביז צום פֿעטער ניסן קיין זאַלישטשיק מיט אַ געוויין און האָב פֿאַר שרעק געציטערט ווי אַ פֿיש.

אין איין האַלבער שעה איז די זוויניעטשקע געווען אָפּגעברענט. אחוץ קוימענעס מיט צעפּאַלענע ווענט איז גאָרנישט געבליבן.

חיים גאַטעסמאַנס פּרוי — זיי האָבן געוווינט בײַ איר מוטער, דער יואַליכע אין הויז — ווי זי האָט דערזען, אַז דאָס הויז ברענט, איז זי אַרײַן אַרויסראַטעווען איר צירונג. אַזוי ווי זי איז אַרײַן, האָבן די קליידער זיך

אויף איר אָנגעכאַפּט. זי איז אַרומגעלאָפֿן און געשריגן: „ראַטעוועט מיך!" אָבער ס'איז געווען צו שפּעט. מע האָט זי אַרײַנגעוואָרפֿן אין פּאַקיק, דערנאָך זי אָפּגעפֿירט אין שפּיטאָל. צען טעג האָט זי זיך געמוטשעט און דערנאָך אין גרויסע יסורים אויסגעגאַנגען. גאַנץ זוויניעטשקע האָט געוויינט נאָך דער שיינער טויבע. און ס'איז אויך געווען פֿאַר יעדן אַ שטיקל מוסר־השׂכּל — מע זאָל נישט צו פֿיל וויינען נאָכן פֿאַרמעגן.

געבליבן איז יעדער נאַקעט־און־באָרוועס און אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. איך בין שוין געבליבן שלאָפֿן בײַם פֿעטער ניסן און דעם צווייטן אינדערפֿרי איז די מאַמע נאָך מיר געקומען. קיין היים האָ'מיר נישט געהאַט, אָבער די מאַמע איז געווען אונדזער היים — ווו זי וועט זײַן, וועמ'מיר מיט איר זײַן. אַזוי ווי כ'בין געבליבן באָרוועס, האָט די מאַמע זיך געבראַכן די הענט, פֿאַר וואָס זי האָט אונדז געהייסן אויסטון די שיך. כ'האָב זי געטרייסט, אַז ס'איז וואַרעם אין דרויסן, און ס'איז נישט קיין אומגליק, אַז כ'וועל גיין באָרוועס. אָבער דעם פֿעטער ניסנס טאָכ־טער, אויך אַ ליפּשעלע, האָט נישט געקענט צוזען דער מאַמעס יסורים, האָט זי געזאָגט, זי האָט צוויי פּאָר שיך. (נישט יעדער האָט זיך מיט דעם געקענט באַרימען. זי אָבער — אַ כּלה־מיידל — האָט פֿאַרמאָגט איין פּאָר גאַנצע „טשיזמעס" און איין פּאָר האַלבע, זומערדיקע שיך.) האָט זי בײַ זיך געפּועלט מיר צו געבן די טשיזמעס. אײַ, זי איז געווען עלטער פֿון מיר אַוודאי מיט אַ פֿופֿצן יאָר, און דערצו נעבעך האָט זי געהאַט אַ ביטערן האָרב אויף די פּלייצעס, אָבער גרעסער פֿון מיר איז זי נישט געווען — זי איז קלײנערהייט אַראָפּגעפֿאַלן פֿון אַ טיש און איז פֿאַרבליבן אַ קאַליקע. טאַקע דעריבער האָט זי געטראָגן שיך מיט גאָר הויכע אָפּצאַסן, מע זאָל מיינען, אַז זי איז נישט אַזוי קליין. ווען זי האָט אַרײַנגעבראַכט די שיך און כ'האָב זיי אָנגעמאָסטן, זענען זיי געווען אויסגעצייכנט פֿאַר מיר אין דער גרייס. אײַ די קנאַפּל? טאָ וואָס! כ'האָב געפּרוווט גיין — זייער גוט! אַזוי ווי אויף שטאָלצן... קיין ברירה איז אָבער נישט געווען.

כ'בין מיט דער מאַמען אַריבער די בריק אויף דער זוויניעטשקע. דערזען דעם גרויסן חורבן, האָב איך שוין אַפֿילו נישט געפֿילט מער די אָפּצאַסן, וואָס האָבן מיך אויף יעדן שריט געגעבן אַ וואָרף צוריק, אַז כ'האָב געמיינט איך פֿאַל און ברעך דעם קאָפּ. אונדז זע'מיר צוגע־קומען צום שטיקל פּלאַץ, ווו אונדזער הײַזל איז געשטאַנען, און ווען נישט אַ פּאָר קופּערנע פֿענדלעך, וואָס די פֿלאַמען האָבן נישט געקענט אײַנשלינגען, וואָלט איך זיכער נישט געוווּסט, אַז דאָס איז פֿריִער געווען אונדזער שטיבל. כ'האָב פּלוצעם דערפֿילט, וואָס סע הייסט זײַן אָן אַ היים און נע־ונד.

# בײַם זיידן

און טאַקע באַלד איז מײַן ברודער סראָל אָנגעקומען פֿון זאַסטאַוונע — און ווי ר׳האָט דערציילט, האָט מען שוין נעכטן געהערט פֿון דעם גרויסן אומגליק, אָבער ר׳האָט נישט געקענט באַקומען קיין פֿור, און קומען צו פֿוס האָט ער נישט געוואָלט — וואָס וועט ער קומען: קוקן? ער פֿאַרשטייט, אַז מע מוז אונדז אַוועקפֿירן קיין זאַדיברעווקע צום זיידן, אונדז׳אַ׳מיר דאָך נישט ווו איבערצונעכטיקן.

סראָל האָט אונדז מיטגעבראַכט פֿרישע זעמעלעך, געמיינט אונדז איינעמען מיטן גוטן ביסן, אָבער אַז דער וואָגן האָט אָנגעהויבן פֿאָרן און די מאַמע האָט גענומען זיך ווישן די אויגן מיטן פֿאַרטעך, האָט זיך אונדזער צער נישט געקענט מער צוריקהאַלטן — אונדז׳אַ׳מיר זיך שטיל צעוויינט. סראָל האָט אונדז צוגעזאָגט: ר׳עט קומען צו אונדז, אַזוי גיך ווי ר׳עט קענען, ר׳איז אויך נישט בײַם טאַטן אין ווײַנהויז.

ר׳איז געוואַקסן אַ לײַטישער בחור, דעם אָרעמען לוין געשפּאַרט גרײַצער צו גרײַצער — ביז ר׳האָט אָפּגעשפּאַרט גענוג צו ווערן אַ סוחר פֿאַר זיך. אָבער אין יענער צײַט איז ער נאָך געווען אַן אָנגעשטעלטער און ווען אונדז זע׳מיר געזעסן אין וואָגן און ער האָט אונדז געפֿירט קיין זאַדיברעווקע, איז אים נישט געווען אַזוי פֿויגלדיק אויפֿן האַרץ. ר׳האָט אונדז זייער ליב געהאַט און האָט זיך געפֿילט ווי אונדזער פֿאַרזאָרגער, אָבער וואָס האָט ער אונדז געקענט העלפֿן? קען ער דען די שווער פֿאַרהאָרעוועטע פֿאַר רײַניש אַוועקגיבן דער מאַמען? וואָס וועט ער טון? ער האָפֿט דאָך אויך אַ מאָל צו ווערן פֿאַר זיך. די מאַמע האָט טאַקע נישט געוואָלט דערפֿון הערן. בײַם יינגל צונעמען? גאָט זאָל זי אָפּהיטן!

זע׳מיר געפֿאָרן צום זיידן, ווו אַפֿילו דאָס שטיקל מאַמעליגע מיט מילעך האָט מען אונדז נישט געקענט געבן, ווײַל ס׳איז בײַ אים אויך נישט געווען אַזוי אײַ־אײַ־אײַ. וואָס זײַן ברודער, דער פֿעטער מאָקיע, האָט נישט געגיבן, איז נישט געווען. נאָר אַ לעכערדיקן זאַק איז נישט לײַכט אָנצופֿילן. אונדז זע׳מיר אַהין געבראַכט געוואָרן צו געפֿינען אַ היים, איז דאָס געווען אַ גאָר קליינע גדולה סײַ פֿאַר אונדז, סײַ פֿאַרן גאַנצן הויזגעזינד. אָבער ביז די מאַמע וועט קענען אויף אונדז עפּעס אָרויפֿ־שלעפּן אָנגעטועכץ, איז דאָס געווען דער איינציקער פּלאַץ, ווו מע האָט קיינעם נישט באַגעגנט און זיך נישט געדאַרפֿט שעמען מיטן דלות.

שוין ווי אַ קינד פֿון צען יאָר האָב איך מיך געפֿילט ווי אַ פֿאַלנער מענטש. כ׳האָב געזען דער באַבען אַזוי ווײט ניצלעך צו זײַן, אַז כ׳בין זיכער געווען, כ׳פֿאַרדין מיר דאָס קאַרגע ביסל עסן. אָבער פֿון מײַן שוועסטער ריווציע האָב איך צרות געהאַט. נישט גענוג זי פֿלעג נישט וועלן העלפֿן בײַ די שווערע הויזאַרבעטן, פֿלעג זי נאָך טון שאָדן. די באָבע — פֿון נאַטור נישט קיין גרויסער דימענט, און נאָך פֿון דער

ביטערער מערכה אָנגעצויגן — האָט געהאַלטן אין איין שרײַען אויף ריוּוציען און איר דערגיין די יאָרן. איך האָב דערפון זייער געליטן, און ווען כ'האָב זי געבעטן: „ריוּוציע, טו עפּעס!" האָט זי תמיד געהאַט אַ טענה, אַז זי איז נישט קיין דינסטמויד און לויט ווי מע באַהאַנדלט זי, איז אַלץ, וואָס זי טוט, צו פיל.

צווי פּאַרטייען: די באָבע אויף איין זײַט און דער זיידע — אויף דער צווייטער. ער האָט געוואָלט, אַז אונדז זאָ'מיר נישט פילן, אַז אונדז זע'מיר אין דער פרעמד און געטענהט צו דער באָבע: „וואָס טרײַבסטו נישט די̈ינע קינדער צו דער אַרבעט? וואָס ווי'סטו פון די אָרעמע קינ־דער?" אָבער גיי רעד, אַז ריוּוציע — צי אינמיסטן, צי נישט — וואָס זי האָט גענעמען טון, איז אַרויסגעקומען אַ שאָדן! איז זי געגאַן וואַשן דאָס געפעס, האָט זי געמוזט עפּעס צעברעכן; און ווען זי האָט זיך אַנידערגעזעצט הוידען אויף אַ קליין בענקעלע, האָט זי זיך איבערגע־קערט און דערהרגעט אַ פּאָר קאַטשקעלעך... נו, נו — איז געווען פרייליך! געוואַלדעס און קללות האָט שוין נישט געפעלט, און איך, כאָטש מיך פלעג זי ליבן און יעדן דערציילן, אַז כ'בין אַ גרויסע בריה, אַ מזיק־טוב, פלעג מיר דאָס אַלץ צוריקקריכן. די באָבע, וואָס איז געווען צו ריוּוציען אַזוי שלעכט, איז צו די אַנדערע אייניקלעך זיך צעגאַנגען פאַר גוטסקייט, כאָטש זיי זענען געווען פונקט אַזוי ווי מיר, שטיפאייניקלעך, נאָר מיט איין חילוק: זייערע טאַטע־מאַמעס זענען געווען פאַרמעגלעך און געהאָלפן דעם זיידן. און די באָבע האָט דאָך געדאַרפט צו עמעצן אויסלאָזן איר ביטער האַרץ, איז עס געווען מײַן שוועסטער ריוּוציע. איבערגעגעסן, ווי שוין געזאָגט, האָבן מיר זיך אויך נישט און כאָטש אַזוי, האָ'מיר דער מאַמע קיין מאָל נישט דערציילט. אונדז'אָ'מיר איר נישט געוואָלט קיין צרות אָנטון. זי האָט נעבעך גענוג געליטן וואָס אונדז גיי'מיר אַרום בושת־פּנים.

ווען די מיל איז געגאַנגען, איז שוין קיין דאגה נישט געווען זיך דעם מאָגן אָנצושטאָפּן, ווײַל די גויים פלעגן קומען אין מיל אַרײַן מיט זייער תבואה, האָבן זיי זיך מיטגענעמען אַחוץ זייער כאַרטש אַ טאַרבע מיט אויפּס און זיי פלעגן אונדז טאַקע מכבד זײַן מיט אַ היפּשער פּאַרציע, אַזוי אַז אונדז'אָ'מיר שוין געקענט מוחל זײַן אויפן געציטערטן שטיקל ברויט. אָבער זעלטן איז די מיל געגאַנגען און גויים האָבן נישט געהאַט וואָס צו קומען מיט זייער תבואה, איז געווען פּוסטע נישט נאָר אין מיל, נאָר אויך בײַ אונדז אין די מעגן.

אַ מאָל האָט אַ גוי מיך מכבד געווען מיט אַ גאַנצער טאַרבע פלאָמען. הונגעריק בין איך תמיד געווען, האָב איך מיך אַזוי צוגעכאַפּט, אַז כ'בין שיִער נישט צעפּלאַצט געוואָרן. וואָס האָב איך דען מישטיינס געזאָגט אויפגעגעסן? אין גאַנצן אַ פּערציק־פופציק שטיק... פאַר מײַן צעניעריק בײַכל איז דאָס געווען אַ ביסעלע צו פיל. אַז די מאַמע איז דערנאָך

געקומען מיך אַהיימנעמען, האָט די באָבע דערציילט, אַז ווען נישט די רפואות: צעפּלעך, רעצינעס־איל, וואָלט איך פון דער וועלט געגאַן. די מאַמע האָט אויף מיר געשריגן: „מע טאָר קיין חזיר נישט זײַן!״ גיי דערצייל איר, אַז כ׳בין געווען הונגעריק.

ס׳האָט זיך איין מאָל געמאַכט, אַז די קינדער פון דער מומע חיה־ריווע פון מיכאַלטש זענען געקומען צו גאַסט. שלמה דעם פעטער אַהרנס, וואָס ער האָט געקענט קוטשירן, האָט זיי געבראַכט אויף אַ פּאָר טעג אַהער. דער עלטסטער פּאַרעבאָק, שלמה — ער האָט געקערט זײַן דרײַצן־פערצן יאָר, שוין געגאַן אין גימנאַזיע — האָט מיט זײַן גוט און איידל האַרץ און מיט זײַן חוש פאַר גערעכטיקייט געזען, ווי איך ווער אויס־געניצט. איידער ער איז אַהיימגעפאָרן, האָט ער מיך צוגערופן און גע־פרעגט, צי איך וויל מיטפאָרן. כ׳האָב מיך צעוויינט און געפרעגט: „וואָס וועט זײַן מיט ריווציען, אַז איך וועל אַוועקפאָרן?״ ער האָט מיר געענ־פערט, אַז ריווציע לאָזט זיך נישט אַזוי אויסניצן ווי איך און ביידע קענען נישט מיטפאָרן.

שלמה איז אַהיימגעפאָרן און געקערט אַלץ דערציילן. שפּעטער מיט אַ צוויי טעג איז געקומען אַ קאַרטל: מע פאַרבעט דעם זיידן מיט דער מומע ציפּע אויף שבת, און מע זאָל ליפשעלען אויך מיטנעמען. ס׳איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה: די באָבע האָט קיין שום אופן מיך נישט געוואָלט לאָזן פאָרן! וואָס הייסט, מע וועט בײַ איר צונעמען די רעכטע האַנט? לאָזן זיי נעמען ריווציען, וואָס עסט אומזיסט און טוט נאָר שאָדנס! אָבער אַחוץ געוואָלדעווען האָט זי גאָרנישט געקענט טון. מע האָט זיך צונויפגעפּאַקט און מ׳איז געפאָרן צו דער רײַכער משפחה אויף שבת. מיך האָט די באָבע געקושט און געבעטן איך זאָל דאָרטן גאָרנישט דער־ציילן, ווי אַזוי ס׳איז אונדז געווען בײַ איר. ס׳איז געווען איבעריק מיר דאָס אָנצוזאָגן, איך האָב נישט געפילט קיין פאַרדראָס אין דעם מאָ־מענט, נאָר רחמנות אויף יעדן איינעם פון זיי: פאַר וואָס אַ פּאָר קילאָ־מעטער פון זיידנס הויז וווינען דעם פעטער מאָקיעס קינדער — פּסע־סערס — נגידים מיט דינסטן, גובערנאַנטקעס פון פאַריז פאַר זייערע קינדער; מע פאָרט קיין קאַרלסבאַד זיך קורירן, קיין מאַריענבאַד פאַרלירן וואָג; מע לעבט ווי גאָט אין פראַנקרײַך, און דאָ — די זעלבע משפחה — און אַזוי אויף צרות! פאַר וואָס — האָב איך תמיד געפרעגט דעם רבונו־של־עולם. אַז מײַן זיידע איז קליגער און אַז ציפּע מיט שיינדלען זענען שענער און קליגער פון פעטער מאָקיעס קינדער האָב איך געוווּסט. הײַנט ציפּעס און שיינדלס זינגען ווער פאַרמאָגט? אָבער קיין מזל איז נישט געווען. אַ שידוך איז טאַקע קריעת־ים־סוף, פלעג איך הערן זאָגן, אָבער פאַר וואָס נישט בײַ די נגידים? ציפּע — ווער ס׳האָט זי געזען, ווער ס׳האָט זי געהערט זינגען האָט זיך פאַרליבט אין איר. מע איז פּשוט אויסגעגאַן נאָך אירע טריט, אָבער אַזוי ווי ס׳איז אַוועק אַ שטיקל צײַט,

איז געוואָרן אויס ליבע. די באָבע, וואָס זי האָט שטאַרק ליב געהאַט ציפּען און שיינדלען נישט אַזוי, האָט געהאַט דעם תּירוץ, אַז די בחורים ווילן נישט וואַרטן ביז שיינדל וועט חתונה האָבן (ציפּע איז געווען די יינגערע), ווײַל „ווי הייבט מען עס אָן דעם קוילעטש פון דער מיט?״ אַז דאָס איז געווען נאָר אַ תּירוץ, האָט מען ערשט שפּעטער געזען.

דערווײַל האָט ציפּע געהאַלטן אין איין פירן ליבעס און פון יעדער ליבע האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. דערצו איז זי געווען אַ טיפּ מיידל, וואָס זי האָט אַלץ גענומען ערנצט. ווען זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ בחור, איז עס געווען מיט דער גאַנצער נשמה. און אַז די ליבע האָט זיך אויסגעלאָזט, איז זי קראַנק געוואָרן און מע האָט זי געמוזט דאָקטערן. די נגידישע שוועסטער, גיטל אָדער חיה־ריווע, פלעגן זומער פאָרן קיין דאָרנע, האָט מען שוין געמוזט מיטנעמען ציפּען אויף זייערע הוצאָות: אַ מיידל צו לײַט און גייט אַרום פאַרחלומט און קראַנק! און אַז גאָט האָט געהאָלפן, זי איז פון קוראָרט אַהיימגעקומען אַ שײַנענדיקע, אַ געזונטע, האָט זי באַלד געפונען אַ פרישן פאַרערער, וואָס פלעג, נאָך אַ פּאָר מאָל זי טרעפן, זיך אײַנליבן אין איר ביז איבער די אויערן.

# אַ פּוסטער עסק

דאָס מאָל איז עס געווען אשר שטערנבערג, אַ זון פון זלמן שטערנבערג פון שובראַנעץ, אַ דאָרף אַ פּאָר קילאָמעטער פון טשערנעוויץ. דער פּראָפּינאַטאָר זלמן שטערנבערג האָט געהאַט זעקס קינדער. דער עלטסטער — אשר, אָדער ווי מע האָט אים דעמאָלט גערופן: „אולריך״ — האָט געהאַט אַ פּאָסטן ווי אַ געמיינדע־סעקרעטאָר איבער פיר דערפער. זײַנע שׂכירות זענען געווען גרויס און זײַן אָנזען — גאָר געהויבן. שיין, געבילדעט און קײַזערלעך־קעניגלעכער באַאַמטער — דאָס האָט עפּעס געמיינט! נאָר מײַן זיידע, אַז ער האָט אים געזען אַרײַנקומען אין הויז, האָט ער נעבעך שטיל אָפּגעקרעכצט: אַ דײַטש, אַ גומע־גוי קומט אין זײַן הויז אַרײַן... די באָבע האָט אים פאַרפּאַטשט דאָס מויל: „שרעק דיך נישט, ער וועט נישט וועלן נעמען אַ טאָכטער פון אַ קבצן! און דײַן זון שלמה איז בעסער? לייגט אפשר צוויי פּאָר תּפילין?״

אשר פלעג קומען צו פאָרן אין זײַן אייגענעם זאַנדלײַפער (אַזוי האָט געהייסן אַ שיינער פּריצישער וואָגן געצויגן פון איין פערד), און פלעג נעמען די דאַמען ציפּע און שיינדל: און — חי־געלעבט! — אַרײַנפאָרן קיין טשערנעוויץ, גיין אין טעאַטער, עסן אין בעסטן רעסטאָראַן און לעבן ביז אין טאָג אַרײַן. ווו אַ קרענצכען, ווו אַ באַל, איז מען געגאַן.

ס'איז פונקט געווען אין דעם זומער, ווען אונדז זע'מיר אָפּגעבערענט געוואָרן און זע'מיר געווען בײַם זיידן. כאָטש קינדער, האָבן מיר זיך

באַטייליקט אין אַלץ ווי גרויסע. אונדז'אַ'מיר זיך צוגעהערט ווי שיינדל מיט ציפֿען פֿלעגן אַהיימקומען זינגענדיקע, גליקלעכע און אונדז'אַ'מיר זיך געפֿרייט מיט זיי אין איינעם. נאָר דער זיידע האָט נעבעך געזיפֿצט און געשאָקלט מיטן קאָפּ: „ס'איז אַ פֿוסטער עסק, סע וועט פֿון דעם מעל קיין ברויט נישט אַרויסקומען". מע האָט שיינדלען, די עלטערע, געהאַלטן אין איין אַרומשיקן אָנקוקן חתנים. זי פֿלעג אַהיימקומען פֿון אַזאַ אָנקוק־עכץ פֿאַרצרהט און וויינען: זי קען אַזאַ חתן נישט נעמען. זי האָט געוואָלט אַ „דײַטש", נישט קיין בחור מיט פאות. אָבער זי האָט קיין ברירה נישט געהאַט און איז געפֿאָרן. בײַ דער באָבען און בײַ דער גאַנצער משפחה איז געווען זיכער: אַזוי ווי שיינדל וועט אַ כלה ווערן, וועט אָשר זיך באַלד דערקלערן ציפֿען אין ליבע און טאַקע אַ חתן ווערן. כאָטש דעם זיידן איז עס נישט געווען ניחא, אָבער ציפֿען וואָלט ער שוין קיין דעה נישט געזאָגט: אַבי אַראָפּ פֿונעם מאַרק און מער קיין מחלוקות אין שטוב. אָבער סע טוט זיך נישט, ווי סע דאַכט זיך, געגנוג וואַסערן זענען אַריבער, ביז ס'האָט אַ סוף גענעמען צון אַלע מחלוקות בײַם זיידן אין הויז.

# די משפחה ציט זיך איבער

דערווײַל האָט דער פֿעטער מאָקיע אײַנגעזען, אַז די מיל איז נישט קיין תכלית — קיין פרנסה גיט זי נישט, נאָר צרות און דאגות. האָט ער דעם זיידן פֿאַרגעלייגט, ער זאָל זיך אַרײַנציִען קיין באָיאַן. ער וועט אים אַרײַנשטעלן אין דער הויפּט־פּראָפֿינאַציע ווי אַ נאמן און אין הויז מאַכן אַ שענק, וועט זײַן פרנסה און מע וועט וווינען צווישן ייִדן, וועט טאַקע גאָט העלפֿן ער וועט אַ שידוך טון מיט שיינדלען. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ס'איז אַן אויפֿריכטונג געוואָרן פֿאַר זיי: פֿונעם פֿעלד לעבן זאַדיברעווקע אין אַזאַ שיינער ייִדישער שטאָט ווי באָיאַן — עפּעס אַ חילוק! הײַנט איז דאָך מאָקיע גאָטעסמאַן דער גידיטש דאָרט! דעם כּבֿוד, וואָס מײַן זיידע מיטן גאַנצן הויזגעזינד האָבן דאָרט געהאָט, איז גאָר נישט געווען קיין קלייניקייט!

די מומע חיה־ריווע מיט איר משפחה האָט זיך אַרײַנגעצויגן קיין באַראָוועץ, נישט ווײַט פֿון דער זוויניעטשקע. זייער שטאָט איז געווען זאַלישטשיק, אַזוי אַז כמעט יעדע וואָך האָ'מיר געהאַט עמעצן פֿון יענער משפחה צו גאַסט. און זיי זענען נישט געקומען מיט ליידיקע הענט, איז אַוודאי געווען ששון־ושימחה בײַ מיר. און די מאַמע האָט זיך געפֿרייט, וואָס איצט וועט זי האָבן איר טײַערע שוועסטער אַזוי באָענט און זי וועט קענען אַלע מיטוואָך־און־דאָנערשטיק זיך אַרײַנכאַפּן צון איר און זיך אָפּדערציילן פֿונעם האַרץ און אַהיימברענגען פֿון כל־הגוטס, געקאָכטס און געבאַקנס. נאָר איין מאָל האָב איך זיך צוגעהערט, ווי זי האָט גערעדט

מיט רחלען און איר געזאָגט, אַז זי איז נישט שטאַרק נתפּעל פֿונעם בײַט, וואָס איר שוואָגער האָט געמאַכט מיט דער פּראָפּיגאַציע: אַ דאַרף פֿון רוצחים, אַ שטוב מיט מיידלעך און חיה־ריווע נעבעך אַ קראַנקע... און מײַן מאַמע — (נישט קיין גרויסע פילוסופקע, אָבער מיט איר פּשוטן שׂכל, אַז זי האָט עפּעס געזאָגט, האָט זי כּמעט תּמיד געטראָפֿן. אויך דאָ איז זי נישט אומגערעכט געווען: דאָס דאַרף באַרעוועץ מיטן שכנישן דאַרף קיסעלעוו — הלוואַי וואָלטן זיי אָפּגעמעקט געוואָרן פֿון דער ערד! דאָרט האָט מען אין 1906 דעם פּעטער אײַזיק דערהרגעט (אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ ברונעם); און אין די היטלער־ימח־שמו־צײַטן, האָט מען דאָרט אַלע ייִדן אויסגעקוילעט און נישט קיין אַנדערע ווי די גויים אַליין — די שכנים וואָס האָבן זיך ניבע געחבֿרט מיט די ייִדן, געווען אין שמעלקע, נאָר אונטערן פּעלץ געטראָגן אַ מעסער, גרייט בײַ דער ערשטער געלעגנהייט אַרײַנצושטעכן אין יעדן ייִדנס האַרץ, אַן אַ פֿאַרוואָס און אָן אַ פֿאַרוואָס.

## אַן אייגענע היים

דערווײַל איז אַוועק נאָך אַ יאָר, און אונדז'אַ'מיר זיך צו ביסלעך אײַנגעמעבלירט אַ שטוב. די מאַמע האָט געקריגן 30 רײַניש פֿון דער רעגירונג (אַזוי האָט מען יעדן געגעבן הילף, מע זאָל זיך צוריק שטעלן אויף די פֿיס); און צוואַנציק דאָלאַר האָט חיים מיט לאַזערן געשיקט פֿון אַמעריקע. די מאַמע האָט געקויפֿט אַ ביסל מעבל און אונדז אַנגעטון. די זוויניעטשקע האָט זיך צו ביסלעך אויפֿגעבויט. נאָר אונדז'אַ'מיר נישט געקענט דאָס טון, ווײַל אונדזער הויז איז נישט געווען אונדזערס. עד־היום שטייט דער פּלאַץ דאָרט ליידיק און אַן אַ נאָמען — מע ווייסט נישט וועמען סע קער.

אַזוי ווי ס'איז געווען אַ דוחק אין שטיבער, האָבן מיר זיך — דעם ערשטן ווינטער, אַז די מאַמע האָט אונדז אַהיימגעבראַכט — אַרײַנגעצויגן צו דער מומע סימע, אין אַ שטיבל, וואָס אַרײַנגיין האָט מען קוים געקענט און זיך אויסדרייען אַוודאי און אַוודאי נישט. נאָר וואָס דען? גליקלעך זע'מיר געווען — אַן אייגענע היים! טאַנצן, שפּרינגען, אַ גאַנצן טאָג זינגען, קיין פּרינצעסין איז צון אונדז נישט גלײַך געווען. וואָס הייסט! אַלץ, וואָס דאָס האַרץ גלוסט און דער קינדערישער קאָפּ דיקטירט, קע'מיר אָן יעדער מורא, אָן קריטיק פֿון פֿרעמדע שטרענגע אויגן דורכפֿירן. און די מאַמע האָט צון אַלעמען מסכּים געווען. טאָמער האָט עמעצער פֿון די פֿרײַנט געהאַט צון איר טענות: סטײַטש, זי לאָזט אונדז וואַקסן ווי די ציגן, האָט זי געשמייכלט און זיי פֿאַרמאַכט דאָס מויל, אַז זי פֿאַרהאָפֿט צו גאָט, אַז אירע ווילדע ציגן וועלן אויסוואַקסן פּונקט אַזוי

סטאַטעטשנע ווי די מיידלעך פֿון אירע רײַכע קרובֿים. און טאַקע, אונדז זע׳מיר שפּעטער געווען מוסטער־מיידלעך. אַז מ׳האָט געוואָלט עמעצן מוסר זאָגן, האָט מען תּיכּף אונדז אַנידערגעשטעלט אַקעגן: „קוקטס נאָר טויבעס קינדער, געוואַקסן אָן אַ טאַטן!״

אין ווינטער האָ׳מיר נאָר געוווינט אין דער מומע סימעס נאָרע, ווײַל זומער האָט מען געקענט דאָרטן דערשטיקט ווערן. אויף פּסח האָט די מאַמע געדונגען אַ וווינונג בײַ רעבאָרקע דעם פּאָליאַק. דאָס שטיבל איז געווען קליין, אָבער מער אָנגעלייגט בײַ אונדז, ווי בײַ אַנדערע צוויי־דרײַ שטיבער. די מאַמע האָט געקויפֿט צוויי בעטן, און דאָס איז געווען דאָס שלאָפֿצימער; אין דער מיט האָט מען זיך קאָם געקענט דורכשטופּן זיך אַרײַנצולייגן אין בעט. דערנאָך איז געשטאַנען אַ טיש מיט אַ פּאָר בענקלעך און דאָס האָט געהייסן אונדזער „שפּײַזע־צימער״, און אפֿשר אין שפּאַן ווײַטער איז געווען די קיך. קיין מעבל האָ׳מיר אין קיך נישט געהאַט און נישט סע האָט אונדז אויסגעפֿעלט: אויף דער וואַנט האָט געהאַנגען אַ טעלער־שאַפֿקעלע, אַ פּאָר פּלישיקע טעפּ און עטלעכע מילעכיקע רײַנדלעך. אַ לאַנגע באַנק איז געשטאַנען מיט אַ קריגל וואַסער און אַ שיסל זיך צו וואַשן. אַ גוטער אויוון, ווו די מאַמע האָט אונדז געבאַקן גוטע קנישעס, מאַלײַ און בובעס, און אַ שפּאַרעט, ווו די מאַמע פֿלעג אונדז קאָכן פֿון דאַנע־מאכלים: פֿאַסאָליעס מיט טייגלעך, באַרבוליעס מיט טייגלעך, און נאָך... אונדזער קליינע היים, אונדזער גן־עדן, איז געווען אַ מקום־מיקלט אויף פֿאַר אַלע יינגלעך און מיידלעך, וואָס אין זייערע היימען זענען זיי געשטאַנען אונטער שטענדיקער קאָנטראָל. בײַ אונדז האָבן זיי זיך געפֿילט גוט. מע האָט געשפּילט אַ דאָמען, פֿאַרגעשטעלט טעאַטער, און זיך געפֿילט פֿרײַ ווי די פֿייגעלעך אין וואַלד. שיין, ריין האָ׳מיר געהאַלטן אונדזער איים און דאַכט זיך, אַז דאָס איז געווען דאָס שענסטע און גליקלעכסטע יאָר אין אונדזער לעבן — אונדז־אָ׳מיר דעם גאַנצן טאָג נאָר געלאַכט און געזונגען. איך בין צוריקגעגאַנגען אין שול אַרײַן, און ריוועציען האָט די מאַמע געגעבן לערנען צון אַ שנײַדערין קיין זאַלישטשיק.

כ׳האָב געשוועבט אין זיבעטן הימל. און וואָס איז דער חידוש? אַרומגערינגלט מיט ליבע פֿון קליין ביז גרויס — און זינגענדיק: אויפֿגעמאַכט די אויגן אין דער פֿרי, האָב איך אויפֿגעמאַכט דאָס מויל צום זינגען. דער גוי, אונדזער באַלעבאָס, פֿלעג זאָגן דער מאַמען: „וואָס האָסטו אין שטוב — מיידלעך צי פֿייגל?״ כ׳בין געהאַט געווען בײַם פֿעטער אַהרן און דער מומע חיה־ריווע אַ פּאָר חדשים. דאָרט אין דאָרף האָב איך געהאַט געניג צײַט זיך אויסצולערנען אַלע גויִשע לידער. אויף דער זוויניעטשקע האָט מען די שיינע לידער נישט געהערט. דערפֿאַר האָט מען מיך אויפֿגענומען פֿאַר אַ זינגערין פֿון גויִשע לידער. אונדזער באַלעבאָס האָט געהאַט פֿיר קינדער, צוויי מיידלעך און צוויי שקצים. די

טעכטער האָבן זיך געשניטן אויף צו ווערן עפּעס בעסערס ווי די געוויינ־לעכע מיידלעך אין זייער שטאַנד. ביי זיי האָבן תּמיד געוווינט שטודענטן פון דער זאַלישטשיקער גימנאַזיע. אַלע רייכע גויים האָבן געגעבן זייערע זין דאָרטן שטודירן. נו, איז געווען פריילעך! מע פלעג מאַכן „קרענצ־כענס" און הוליען ביז האַלבע נאַכט כמעט יעדן זונטיק — און איך אין דער מיטן! איך האָב דאָך שיין געזונגען און כ'האָב אויך געקענט מיט־האַלטן מיט די געזעלשאַפטלעכע שפּילן, כאָטש כ'בין סך־הכּל אַלט געווען צוועלף יאָר.

# ס'איז פריילעך

כ'בין דאָך געווען אַ גאַנצער בשעת־מעשׂ' ביי מיר אין שול. און מיין לערערין וואָלט פאַר מיר נישט געווען געגעבן אַ זאַק מיט באָרשט, האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אי מיט מיין לערערין אי מיט אונדזער באַלעבאָסטע, אַז זיי זאָלן זיך משדך זיין: „וואָס טויג איינך שטודענטן, האָב איך געטענהט, דו האָסט אַ גרויסע טאָכטער מיט וועלכער דו ווילסט אַ גוטן שידוך טון, ווי קענסטו זיך אויף דעם ריכטן, אַז ביי דיר וווינען שטודענטן?" מיט דער לערערין האָב איך איינגעטענהט, אַז סע וועט איר אַ סך לייכטער זיין, ווען זי וועט וווינען ביי אונדזער באַלעבאָס, ווייל ער האָט אייגענע פעלדער און אַן אייגענע מיל און זיי ווילן, אַז זייער טאָכטער זאָל קומען אין בעסערע הייזער, וועלן זיי איר נישט קיין סך רעכענען. כ'האָב נישט געזאָגט קיין גוזמא, אַזוי איז עס טאַקע געווען, און מיין לערערין האָט זיך אַריינגעצויגן צון אונדזער באַלעבאָסטע. זיין טאָכטער יוזע, אַ שיינע און אַ פריילעכע און, ווי מיין מאַמע פלעג וועגן איר זאָגן, „זי האָט ניט פיינט וואָס אַנדערע האָבן ליב". אונדזערע בחורים האָבן תּיכּף געזען, אַז דאָס איז עפּעס פאַר זיי און זיך גענומען שאַרן. זיי האָבן נישט געמיינט חלילה ווער ווייסט וואָס, בלויז זיך אַ דול טון. אָבער אין יענער צייט און בפרט אויף דער זוויניעטשקע האָט מען נישט געדאַרפט קיין סך, נאָר אויפמאַכן דאָס מויל אויף איין זייט־עק, האָט מען שוין געוווּסט אויף דער צווייטער זייט־עק! און אונדזערע, די בני־גאָטעסמאַן, האָט מען אַוודאי און אַוודי געהיט, ווייל מ'האָט געזוכט מיט אַלע כּוחות צו געפינען אויף זיי אַ חסרון. נישט־פאַרגינערס זענען דאָ אומעדום, איבער הויפּט אין אַ קליין אָרט, וווּ יעדער ווייסט וואָס ביים צווייטן קאָכט זיך.

מאַכט זיך אַזאַ מעשׂה: קיין העכערע שולן זענען ביי אונדז נישט געווען און אַפילו ווען יאָ, ווי וואָלט מען געלאָזט גרעסערע זין און טעכ־טער גיין אין גוייִשע גימנאַזיעס? אָבער לערנען וויל מען דאָך, וועלכער ייִדישער טאַטע וויל נישט זיינע קינדער זאָלן זיין געבילדעט? איז דעמאָלט

געווען אַ מאָדע: מע פֿלעג צונעמען אַ שטודענט, וואָס האָט געדאַרפֿט קענען אי אַ בלאַט גמרא, אי צושטעלן דאָס יונגוואַרג כאָטש ביז צו דער מאַטורע. אַז מע האָט שוין געהאַלטן אַזוי ווײַט, איז מען געווען פֿאַררעכנט פֿאַר נישט קיין רויעם בחור אָדער מיידל. דאָס האָבן זיך געקענט פֿאַרגינען נאָר פּסעסערס אָדער רײַכע סוחרים. און זיידע פּרעשל (רחלס מאַן), כאָטש פֿון ביידע אָפּגעהיט, נאָר אַן איידעלער און זייער אָנגעלערנטער ייִד און דערצו עליע גאַטעסמאַנס איידעם, האָט ער זיך אויך געוואָלט פֿאַרגינען אַזאַ לוקסוס. ער האָט טאַקע אַראָפּגעבראַכט אַ לערער מיטן נאָמען פֿרידמאַן.

דער דאָזיקער הער פֿרידמאַן, אַן אָרעמער בחור אָן אַ טאַטן אָבער מיט אַן אָפֿענעם קאָפּ, האָט ביז זעכצן יאָר געלערנט אין אַ ישיבֿה און דערנאָך זיך געגעבן אַ נעם צו וועלטלעכער בילדונג. ער האָט געמאַכט מאַטורע און אָנגעהויבן שטודירן אויף קרײַז־ראַבינער, און ר'איז שוין כמעט געווען פֿאַרטיק, איז ער פֿון נישט דערעסן און נישט דערשלאָפֿן קראַנק געוואָרן און געמוזט אויף אַ שטיקל צײַט איבעררײַסן מיטן שטודירן. אים האָט עס זיידע פּרעשל אַראָפּגעבראַכט לערנען מיט זײַנע ייִנגלעך. אַז די מיידלעך האָבן דערזען דעם שיינעם בחור און געהערט זײַנע שיינע, קלוגע רייד, האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף טאַטע־מאַמע, אַז דער שטודענט זאָל אויך זיי לערנען. און זיי האָבן געפּועלט. איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע קשיא — בײַ וועמען זאָל מען דעם לערער אײַנקוואַרטירן? רחל האָט געגעבן אַן עצה: „וווינען וועט ער בײַ מיר און עסן בײַ טויבען". אונדז'אַ'מיר דאָס דערהערט, האָ'מיר זיך זייער דערפֿרייט: סטײַטש, ער וועט עסן מיט אונדז בײַ איין טיש, אונדז ווע'מיר געניסן פֿון זײַנע לעקציעס אומזיסט! (כ'האָב שוין אַזוי אויספּלאַנירט, אַז כײַציע מיט שפּרינציען זאָלן בײַ אונדז אין שטוב נעמען זייערע לעקציעס). איך בין געווען אַזוי דאָרשטיק נאָך אַ ביסל וויסן, אַז כ'האָב געשלונגען יעדעס וואָרט, כ'האָב דאָך געחלומט צו ווערן אַ לערערין. די מאַמע האָט עס צוגעזאָגט אי מיר, אי מײַן לערערין ציגעלי, וואָס האָט תּמיד געזאָגט דער מאַמען, אַז „אירע לאָורא האָט אײנען גוטען קאָפּף, זי ווירד עס צו שטאַנדע ברינגען" (אײַער ליפּשע האָט אַ גוט קעפּל, זי וועט נאָך זײַן אַ לײַט). צום באַדויערן, איז גאָרנישט דערפֿון געוואָרן. ווו האָט מײַן אָרעמע מאַמע געזאָלט נעמען געלט מיך צו שיקן קיין טשערנעוויץ לערנען?

פּונקט אין יענער צײַט, ווען מע האָט אַראָפּגעבראַכט דעם לערער פֿרידמאַן און ער האָט אָנגעהויבן עסן בײַ אונדז, האָט זיך אויך מײַן לערערין אַרײַנגעצויגן צון אונדזער באַלעבאָס. זי איז געווען אַ גוט צווייטל צו זײַן טאָכטער יוזע. האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ שיקן בריווע־לעך פֿון אונדזערע ייִנגלעך צו זיי און צוריק. ביז מע האָט זיך אָפּגע־שמועסט, אַז אין אַ שבת־צונאַכטס וועט מען זיך צונויפֿקומען בײַ אונדז

ניבעטאָ לערנען, און מע וועט אַ ביסל פאַרברענגען מיט די שכנישע מיידלעך. ס'האָט געמוזט זײַן אַ גרויסער סוד — קיין פויגל טאָר נישט וויסן. דערונטער זענען געווען דאָגיע זײַדמאַן, רחלס זון פון איר ערשטן מאַן, אָבער דער שטיפטאַטע זיידע פרעשל האָט אים געהאַלטן ווי אַן אייגענעם זון; ער איז געווען איינער פון די אָנפירערס. דער צווייטער איז געווען דאָדקע גאָטעסמאַן, וואָס האָט שפּעטער געענדיקט אויף דאָקטאָר־מעדיצין. און נאָך אַ פּאָר אַזוינע וויל־קענעוודיקע, רײַכע קינדער.

זיי האָבן זיך אָפּגערעדט מיט מײַן מאַמע, זי זאָל אַרײַנגיין צו רחלען און דאָרט האַלטן אַן אויג. זי האָט דאָס נישט אײַנגעזען פאַר אַזאַ חטא — פאַר וואָס זאָלן יונגע קינדער נישט האָבן אַ ביסל פאַרגעניגן? זיי וועלן זיך חלילה נישט פאַרטרפענען, ווײַל מער ווי אויפּס און ניס וועלן זיי נישט געניסן. אײַ, טאַנצן מיט מיידלעך, בפרט מיט שיקסעס, איז יאָ אַ חטא? האָט זי נישט געוואָלט וויסן. דער ערשטער שבת־צונאַכטס איז אַריבער בשלום. קיין מענטש איז נישט געוואָר געוואָרן. די ייִדישע מיידלעך האָט מען נישט גערופן, ווײַל מ'האָט מורא געהאַט זיי וועלן דערציילן. נאָר שפּרינציע האָט עפּעס דערשמעקט, אַז נישט קיין פּראָסטע צונויפקומעכץ איז בײַ טויבען. דעם צווייטן שבת־צונאַכטס, אַז דער עולם האָט זיך צונויפגעקליבן צו דער פריילעכער שימחה — די פענצטער זענען געווען פאַרהאַנגען, נאָר דאָס פריילעכע זינגען און פליעסקען האָט מען געהערט — האָט זיך פלוצעם, ווי אַ דונער פונעם הימל, דערהערט אַ קלאַפּן אין דער שויב און שרײַען מע זאָל עפענען. קיינער האָט די טיר נישט אויפגעמאַכט, אָבער מער האָט מען קיין צונויפקומען נישט געפּלאַנט. ס'איז זיי שוין פאַרגאַנגען דער חשק...

די מאַמע מײַנע האָט, ווי געשיקט זיך, אַרײַנגעכאַפּט אַ שיינעם מי־שברך. ס'איז אַ סבֿרא, אַז רחל האָט געוווּסט פונעם אונטערהאַלט און איז געווען מטיבֿ, ווײַל שפּעטער מיט אַ שטיק צײַט האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט: „פאַר וואָס זאָלן יונגע קינדער נישט האָבן אַ ביסל פאַרגעניגן?" ס'איז געווען אַז זי מיט אירע חבֿרטעס האָבן קיין מאָל נישט געטאָרט אויף אַ בחור אַ קוק טאָן, כאָטש דאָס חיות איז זיי אויסגעגאַן זיך אַ דול צו געבן מיטן אַנדערן מין.

# קאַלטס און וואַרעמס

אין יענעם ווינטער זענען בײַ אונדז פאַרגעקומען צוויי גרויסע געשעענישן, אי אַ פריילעכס, אי זייער אַ טרויעריקס. חנוכּה, ווען ייִדן עסן וואַרעניקעס מיט שמאַלץ און שפּילן אין דריידל אָדער קאָרטן, איז בײַ מײַן פעטער אַהרן געזעסן אַ גאַנצע געזעלשאַפט און פאַרבראַכט בײַ

קאַרטן. פּלוצעם האָט מײַן פֿעטער, אַ ייִד אין די פֿערציקער, געזאָגט, אַז סע דריקט אים אונטערן האַרץ. און ס׳האָט נישט גענעמען קיין פֿינעף מינוט, איז ער געווען טויט. ס׳איז געווען אַזאַ אומגליק, אַז די שטיינער האָבן געוויינט.

שפּעטער מיט צוויי וואָכן איז צון אונדז אָנגעקומען אַ טעלעגראַם, אַז חיים קומט אַהיים פֿון אַמעריקע. די מאַמע האָט זיך געפֿרייט — גאָט שיקט איר כּאַטש אַהיים דעם רײַכן זון פֿון אַמעריקע. (ערשט האָט זי דאָך פֿאַרלוירן איר טײַערן ברודער, וואָס האָט זי געשטיצט איר גאַנץ לעבן.) אָבער אַז איר זון קומט צוריק, וועט זי ווערן אויפֿגעריכט. און אויף אַ שטיקל צײַט איז טאַקע אַזוי געווען. חיים איז אַהיימגעקומען און ס׳איז געוואָרן פֿריילעך.

אַן ערך צוויי וואָכן שפּעטער, אין אַ שבת, בײַם אַוועקגיין אין שול אַרײַן, זע איך ווי מײַן מאַמע גרייט צו אויפּס, אײַנגעמאַכטס מיט פֿאַר־שיידענע בעקערײַען, מיין איך, אַז סע קומען אַוודאי געסט פֿון זאַלישטשיק, אָדער אפֿשר גאָר עפּעס אַ מחותּן פֿאַר חיים. נאָר אויפֿמאַכנדיק די טיר אין שול בין איך אַזוי איבערראַשט געוואָרן, אַז איך בין שיִער נישט אַוועקגעפֿאַלן אין חלשות. די לערערין מיט אַלע קינדער האָבן זיך בײַ מײַן אַרײַנקומען אויפֿגעשטעלט און האָבן אָנגעהויבן זינגען: „האָך זאָל זי לעבען, גראָס זאָל זי וואַקסען, דרײַ מאָל האָך!” דערנאָך זענען מיר אַלע געגאַן צון אונדז אַהיים. מע האָט מיר געפּראַוועט מײַן דרײַצעטן געבוירן־טאָג. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן האָב איך אַזאַ אמתע קינדערישע פֿרייד איבערגעלעבט. ס׳איז געווען אַ יום־טובֿ מיט פּרעזענטן, מיט זינגען, מיט שפּילן. און מיט דער פֿרייד האָט זיך אויך געענדיקט מײַן פֿריילעכע יוגנט. ס׳האָט אָנגעהויבן בײַ אונדז אין שטוב אַן אַנדערע לופֿט צו וויִען. ס׳איז געוואָרן אַן ערנצטע שטימונג.

מײַן ברודער חיים האָט אַהיימגעבראַכט זײַנע צוויי הונדערט דאָלאַר און האָט געשפּילט דעם גרויסן קעגן אונדז. די מאַמע האָט געהאַט אַ סך כּבֿוד, אָבער טאַקע נישט קיין סך מער, ווײַל מאַטעריעלע הילף האָבן מיר זייער ווייניק געהאַט; אמת, ער האָט געדונגען אַ שיינע דירה, צו־געקויפֿט אַ ביסל מעבל און אונדז׳אַ׳מיר געהאַט אַ שיינע היים. מע האָט אים אָנגעהויבן רעדן שידוכים מיט רײַכע שיינע מיידלעך און די מאַמע האָט געשעפּט נחת. אָבער נישט מיר קינדער. ער האָט אונדז אָנגעהויבן צו קריטיזירן, ס׳איז אים גאָרנישט געפֿעלן — „פּרעצי יאַ בו נאַ סוויקי!” (׳סטײַטש — איך בין דאָך עפּעס געווען אויף דער וועלט׳). ער האָט געוואָלט אונדז לערנען און אונדז׳אַ׳מיר זיך נישט געלאָזט פֿון אים קיין דעות זאָגן, זענען געוואָרן מחלוקות. איך פֿלעג דעריבער אַ סך מאָל אַרײַנפֿאָרן צו דער מומע חיה־ריווע מיר אויסרעדן דאָס האַרץ.

אײן מאָל זיצנדיק בײַ זיי, הער איך, אַז שלמה דעם זיידנס שדכנט זיך צו שׂרה זײַדמאַן, נאָר איר שטיפֿטאַטע, זיידע פּרעשל, וויל נישט דעם שידוך, ווײַל שלמה איז נישט גענוג געלערנט און איז אַ מחלל־שבתניק. מיט אַ צײַט שפּעטער, איז שׂרה אַ כּלה געוואָרן מיט אַ פֿרומען בחור, מרדכי־לייב האָמער פֿון דאָרנע. ס'איז געווען אַ גוטער שידוך פֿאַר דער משפּחה, אָבער שׂרה האָט נעבעך אָפּגעוויינט אירע יאָרן מיט איר מאַן, נאָר ווען איז עס אַנגעגאַן? אָבי ר'איז געווען אַ פֿרומער, אַ חסידישער בחור. און שלמה דעם זיידנס, וואָס ער האָט זי אַזוי געוואָלט, האָט געהאַט די גאַל אין מויל.

## איך — אַ שדכנטע

די זעלבע וואָך, וואָס שׂרה איז אַ כּלה געוואָרן, קומט שלמה אַרײַן צום אונדז און איך זע, אַז ער איז זייער טרויעריק. רוף איך מיך אָן צום אים: „קוק, שלמה, וואָס קריכסטו דאָרט, ווו מע שטעקט זיך פֿעדערן אין דאָס אַרײַן? ס'איז דאָ בײַ דײַן שוועסטער אַזאַ בלום — שיין, קלוג און אַ טײַערע באַלעבאָסטע — נאָר וואָס דען? זי האָט אפֿשר וויניקער מיט טויזנט רײַניש ווי שׂרה. איז זי דאָך דײַן טײַערער שוועסטערס טאָכטער און מע וועט דיך דאָרט טראָגן אויפֿן קאָפּ!" זאָגט ער: „גיי, וואָס דיר קען אײַנפֿאַלן! לאה גייט נאָר אַרום מיט שטודענטן און איך בין אַ פֿראָסטער בחור". — „ווייסט וואָס, שלמה, זאָג איך, מײַן גאַנץ לעבן חלום איך פֿון אַ פּאָר קאַלאָשן, און קיינער האָט מיר נאָך ביז הײַנט נישט געקויפֿט. אַז דו זאָגסט מיר צו, וועסט מיר קויפֿן, וועל איך זײַן די שדכנטע. וועט דער שידוך אויסגעפֿירט ווערן, וועסטו געבן דער מאַמען פֿינעף רײַניש און מיר אַ פּאָר קאַלאָשן, און טאָמער נישט — וויל איך כאָטש אַזוי מײַן לוין, די קאַלאָשן". שלמה איז מסכּים געווען, און איך בין אַרײַנגעפֿאָרן צו דער מומע חיה־ריווע און האָב זיי וועגן מײַן שליחות דערציילט. איך בין געווען זיכער, אַז די מחותּנים — סײַ דער פֿעטער אײַזיק, סײַ דער זיידע — וועלן זײַן איבערגליקלעך. לאה איז אפֿשר נישט געווען אַזוי באַגײַסטערט, נאָר זי האָט זיך באַרעכנט, זי איז די עלטסטע פֿון פֿינעף מיידן; די מאַמע איז אַ קראַנקע, דער טאַטע — נישט קיין גרויסער עושר און זי — כאָטש זי האָט נישט קיין דאגה אַ חתן, אָבער אַ פֿרעמדן וועט מען מוזן באַצאָלן דעם פּרײַז און שלמהן וועט מען אָפּקומען מיט שהי־פּהי. אַ כּלל, מע האָט די שדכנטע באַלד משלח געווען אַהיים, און איך האָב שלמהן געזאָגט: „גיי פֿאָרע דיך אין קעשענע! קויף מיר אַ פּאָר קאַלאָשן און דער מאַמען גיב פֿינעף גילדן!" דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן און ז'אָבן מיך זיכער דערפֿאַר נישט געשאָלטן, ווײַל זיי זענען געווען דאָס גליקלעכסטע פּאָרל אויף דער וועלט.

# פֿאַרביטן די כּלה

מע האָט אַרומגערעדט, אַז שיינדל האַלט בײַ ווערן אַ כּלה מיט אַ רײַכן חסידישן בחור, וואָס האָט אַליין אַן אײיער־געשעפֿט. פֿאַרן זיידן וואָלט דאָס געווען אַ גרויס געווינס צו קריגן אַ בחור, וואָס פֿאָרט צום רבין. בקיצור, אין אַ שיינעם טאָג איז דער שידוך געשלאָסן געוואָרן און די גאַנצע משפּחה האָט זיך געפֿרייט, אַחוץ דער כּלה. פּלוצעם איז אָשר מאַנטיק צוגעקומען צו שיינדלען און זי געפֿרעגט, צי זי האָט טאַקע ליב דעם חתן אירן דעם יאַיעשניק. זי, נעבעך שטאַרק פֿאַרביטערט, האָט אים געענטפֿערט, אַז זי האָט געמוזט דאָס טון כּדי אים מיט ציפּען פֿרײַ צו מאַכן דעם וועג. ס׳איז דאָך אַן אָפּגערעדטע זאַך בײַ זיי, אַזוי גיך ווי זי וועט אַ כּלה ווערן, וועלן זיי ביידע ווערן חתן־כּלה. אָשר האָט צון איר אויסגעביטן חלומות; ער האָט קיין מאָל נישט ערנצט געקלערט מיט ציפּען, נאָר וועגן זי, שיינדל, וויל מיט אים חתונה האָבן, איז ער דערבײַ. און טאָמער וויל זי נישט גלייבן, גייט ער מיט איר אַרײַן צון אַ רבין און גיט די האַנט, אַז ער מיינט דאָס ערנצט.

די אָרעמע שיינדל, דערהערנדיק די ווערטער, איז אי דערציטערט געוואָרן פֿאַר פֿרייד, אי דערשראָקן פֿאַרן גרויסן איבערקערעניש, וואָס ס׳וועט זיך אָפּשפּילן אין דער היים. זי האָט מורא געהאַט סײַ פֿאַרן זיידן, סײַ פֿאַר דער באָבען און זיך געשראָקן אַהיימצופֿאָרן. האָט אָשר געזאָגט: „קום, לאָמיר אַרײַנפֿאָרן צו חיה־ריוועןֹ, זי איז די איינציקע וואָס וועט אונדז פֿאַרשטיין. זי האָט בײַ דײַן טאַטן אַ וואָרט און זי קען אונדז העלפֿן!“ געזאָגט און געטון. אַרײַנגעפֿאָרן צו דער מומע חיה־ריווע און איר אַלץ דערציילט. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט בײַם קאָפּ: „וויי איז מיר! דער טאַטע וועט די בושה נישט אַריבערטראָגן. הײַנט וואָס וועט ציפּע זאָגן? שוין יאָרן, ווי מע ווייסט, אַז ציפּע און אָשר זענען כּמעט חתן־כּלה, אַצינד נאָ דיר אַן איבערקערעניש! וואָס זאָל זי אָנהייבן צו טון?“ ס׳האָט איר גאָרנישט געהאָלפֿן — זי האָט געמוזט אַרײַנפֿאָרן צום זיידן. דער אָרעמער זיידע האָט זיך שיִער נישט אויסגעריסן באָרד־און־פּאות: „געוואָלט געשריגן, גזלנים, וואָס ווילט איר פֿון מײַן לעבן האָבן?“

נאָך לאַנגן וויינען און רעדן, איז שיינדל אַליין אַרײַנגעפֿאָרן צום חתן, אים אָפּגעגעבן דעם רינג און געזאָגט, אַז זי לאָזט אָפּ דעם שידוך. אָבער דער חתן האָט געטענהט: פּאַוואָליע! מיט אים מאַכט מען נישט אַזעלכע געשעפֿטן. ער איז נישט מוחל און ער לאָזט נישט אָפּ דעם שידוך. אַ כּלל, ס׳איז געווען צרות. מע האָט אים גערופֿן צום רבין און דער רבי האָט קוים געפּועלט ער זאָל נעמען דרײַ הונדערטער פֿאַר דער מחילה. ס׳האָט זיך געטון אויף טיש און אויף בענק. ציפּע איז נעבעך געווען פֿאַרשעמט און אומגליקלעך; די באָבע האָט שיינדלען

פֿאַרשאָלטן די ביינער מיטן חתן אין איינעם. אָבער וואָס איז דאָס אָנגעגאַן חתן־כּלה? זיי האָבן קוים זיך דערוואַרט אויפֿן טאָג, ווען זיי וועלן זײַן פֿאַראייניקט אויף תּמיד.

בײַ אונדז איז דערווײַל אויך פֿריילעך צוגעגאַנגען. די מאַמע איז געווען פֿאַרפּוצט און איז אַרומגעפֿאַרן אָנקוקן שידוכים פֿאַר חיימען און פֿאַר סראָלן, ביז גאָט האָט געהאָלפֿן חיים איז אַ חתן געוואָרן פֿון סערעט מיט אַבֿרהם שאַליטס יינגסטער טאָכטער, גיטל. דער מחותּן איז געווען אַ ייִד אַ סוחר, געהאַט אַ האָלצלאַגער און האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין שטאָט. גיטל איז געווען נישט קיין מיאוס מיידל און זיי זענען געווען מער־ווייניקער אַ פּאַסיק פּאָרל.

# אויך די יוצרות פֿאַרביטן

אַזוי ווי אָשר איז געווען „קבֿזער־אונד־קעניגליכער־בעאַמטער" און האָט געהאַט שיינע געסט, און דער מחותּן — מײַן זיידע נפֿתּלי — איז געווען מאַקיע גאַטעסמאַנס ברודער, האָט מען געוווּסט: סע וועט זײַן אַ שיינע חתונה און מע האָט זיך צוגעגרייט מיט אַלעם גוטן. יעדער, אָבער נישט מײַן שוועסטער און איך! כאָטש כ'בין שוין געווען אַ מיידל פֿון דרײַצן יאָר און ריווקיע מיט צוויי און אַ האַלב יאָר עלטער, האָט קיינער נישט געקלערט, אַז אונדז דאַרף'מיר אויך שיינע קליידער צו דער חתונה. חיים האָט דער מאַמען געמאַכט אַ שיין זײַדן קלייד, זיך אויסגעקליידט ווי אַ רײַכן חתן־בחור; אונדז — איז די מאַמע נעבעך אַוועק די לעצטע וואָך פֿאַר דער חתונה נעמען אַ פּאָר מעטער באַטיסט. יוזע דער רעהאָר־טשעכעס האָט געזאָלט צושנײַדן און ריווקיע, וואָס האָט „געקענט" נייען, האָט געדאַרפֿט אויפֿנייען אונדזערע קליידער. ס'איז שוין געווען דאָס אמתע געניי: געמאָסטן, גענייט און געטרענט און ווידער אָנגעהויבן אויף ס'נײַ...

כ'וויל מיך מער אַ ביסל אָפּשטעלן צו באַשרײַבן די צוגרייטונגען, די נסיעה און דעם „נאָכשפּיל" פֿון דעם געשעעניש. ווײַל ס'איז געווען אַ גאַנצער פּורים־שפּיל וואָס כ'האָב צונויפֿגעשטעלט — אַ גוטער לץ בין איך געווען און האָב געקענט גוט דערציילן — און נאָך יאָרן, ווען די משפּחה איז זיך צונויפֿגעקומען און געוואָלט אַ ביסל לאַכן, האָב איך זיי געמוזט דערציילן אונדזער נסיעה אויף דער חתונה פֿון שײַנדלען מיט אָשרן.

ווי געזאָגט, האָט די גאַנצע משפּחה זיך געגרייט און שנײַדערס האָבן זיך צוגעהײַלט, סע זאָל אַלץ פֿאַרטיק ווערן צו דער רעכטער צײַט. נאָר אונדז ביידע — די באַגנטסטע, דאַכט זיך, און דאָך אַזוי ווײַט! אונדזערע צוגעשניטענע, צעטרענטע שטיקלעך באַטיסט, אונדזערע ערשטע

באַלקלײדער, זענען נאָך געװען װײַט פֿון פּאַרטיק. ס'איז שױן געװען דאָנערשטיק, צװײ טעג פֿאַרן פֿאַרשפּיל און אײן־קול — נישט פּאַרטיק! ריװוציע איז געזעסן און גענייט און געטרערנט... פּלוצעם קומט די מאַמע צו לױפֿן — זי האָט באַקומען אַ צעטל פֿון חיה־ריװוען — זײ פֿאָרן אױפֿן פֿאַרשפּיל, פֿאַר װאָס זאָל'מיר אױך נישט פֿאָרן? דער טאַטע מאַכט חתונה שײנדלען, דאַרף מען זיך פֿרײען שױן פֿון הײַנט אָן! אונדז'אָ'מיר אירע רײד נישט גענעמען צו ערנצט. איך האָב מיך נאָך געװויצלט: „אװדאי דאַרפֿ'מיר פֿאָרן שױן אױף שבת, װען דען װע'מיר אױספֿירן אונדזערע טואַלעטן?"

ס'האָט אָבער נישט געדױערט קײן האַלבע שעה און די מאַמע קומט װידער צו לױפֿן: „מײדן, װוּ זענט איר? אַבֿרהם־אײַזיק דער בעל־עגלה קומט באַלד און איר זענט נאָך גאָר נישט פּאַרטיק!" מישטײנס געזאָגט, װאָס האָבן מיר געהאָט זיך אײַנצופּאַקן! אַרױסנעמען די שיך און זײ טראָגן אין די הענט, װײַל די פּיס אָפּװאַשן און אױסצװואָגן װעט די מאַמע אונדז שױן אין באַיאַן! דאַרף מען נאָר נעמען דאָס פּעקל אױפֿן פּלעקל און הײדאַ — אין װעג אַרײַן! די מאַמע איז דערװײַל אַרומגעלאָפֿן זיך געזעגענען, און איך מיט ריװוציען האָבן געדאַרפֿט אַלץ אַרױסטראָגן אױפֿן װאָגן. אין צװישן האָט סאָװועטאָ — אונדזער שאַלאָטן־שמש, װאָס פֿלעג שבת פֿאַר אונדז פֿײַער מאַכן און אַראָפּנעמען די לײַכטער — איצט אָפּגעבראַכט די באָסע װעש. און אַזױ װי קײנער איז נישט געװען אין שטוב, האָט זי דעם פּאַק אַנידערגעלײגט אױפֿן באָמבעטל. די מאַמע, שױן אָפּגעזעגנט זיך מיט גאַנץ זװיניעטשקע, איז אַרײַן מיט אַ געשרײ: „װאָס שטײט איר, מײדן? אַבֿרהם־אײַזיק װעט אונדז איבערלאָזן, זענען מיר אומגליקלעך! לױף אַרײַן, לאָז ריװוציע צונױפֿנעמען די שטיקלעך — בײַם טאַטן איז דאָ אַ מאַשין, װעט לאה חיה־ריװועס שױן אַרױסקינטשען די קלײדלעך!" זי האָט געכאַפּט אַלץ װאָס איז געלעגן אױפֿן באָמבעטל, ריװוציע האָט גענעמען די שטיקלעך און איך די שיך אױף די פּלײצעס און אַרױף אױפֿן הױכן װאָגן. אַלע שכנים זענען געשטאַנען בײַם װאָגן, זיך מיט אונדז געזעגנט און מקנא געװען — װאָס הײסט: פֿאָרן אױף אַזאַ חתונה! הײַנט דאָס פֿאָרן צום ערשטן מאָל מיט דער באַן!...

אָפּגעפֿאָרן שױן אפֿשר אַ מײַל, פּלוצעם — אונדז פֿיל'מיר סע הײבט זיך דער װאָגן. איך פֿרעג שטילערהײט: „מאַמע, װאָס איז דאָס עפּעס פֿאַר אַ כּישוף? סע הײבט זיך דער װאָגן!" די מאַמע האָט צו מיר אױסגעביטן חלומות: „װאָס אַ מויד קען אײַנפֿאַלן!" כ'האָב געפֿרעגט ריװוציען, צי זי פֿילט אױך. ריװוציע, אַ פּחדליװוע, האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און דערצײלט די װײַבער לעבן איר, ביז סע האָט יעדער דערפֿילט, אַז אונדז הײב'מיר זיך. װען דער בעל־עגלה האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ קרעטשמע אָנפּױען די פֿערד, זענען די װײַבער צון אים צו מיט אַ געשרײ: סטײַטש, װאָס פֿירט ער אין װאָגן װאָס סע הײבט זיך און טרעסעט זײ אױס די

קישקעס? דער בעל־עגלה האָט זיך שטאַרק צעלאַכט און אָנגעהויבן שרייַען און שפּייַען: „וואָס מיינט איר, צוליב אייַך וועל איך ערבֿ־שבת פֿאָרן קיין לוזשאַן? פֿון אייַערע פּאָר זעקסערלעך וועל איך קענען שבת מאַכן און אָנגרייטן האָבער פֿאַר מייַנע פֿערדלעך?" וואָ׳דען? דער קצבֿ האָט אים געשיקט מיט עטלעכע קעלבלעך קיין לוזשאַן אין דעם שלאַכט־הויז, האָט ער זיי אַרייַנגעפּאַקט אין וואָגן און איבער זיי אַרויפֿגעזעצט די פּאָר פּאַרשוינען. און טאָמער געפֿעלט עמעצן נישט, מעג ער זיך געזונטערהייט אַראָפּקריכן פֿון וואָגן און זיך אומקערן אַהיים. איך האָב מיך דערווייַל געחכמהט און געזונגען אַ גאַנצע נאַכט און די ווייַבער האָבן מיר מיטגעהאָלפֿן. צו ביסלעך האָט מען פֿאַרגעסן אין די קעלבלעך און ווען נישט וואָס מ׳אָט געוואָלט אויסגלייַכן צו מאָל די פֿיס, וואָלט גאָרנישט געווען. נאָר אַזוי ווי די קעלבלעך האָבן דערפֿילט אַ פּאָר פֿיס אויף זייערע פּלייצעס, האָבן זיי אָנגעהויבן צו טאַנצן. זיי טאַנצן — מיר זינגען, אַז מע האָט נישט געדאַרפֿט גיין אין טעאַטער.

ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, זע׳מיר אָנגעקומען קיין לוזשאַן. דער וואָגן איז שטיין געבליבן און אונדז זע׳מיר געשטאַנען לעבן אַ קרעטשמע. די מאַמע האָט געקענט דעם ייִד, איז זי אַרייַנגעגאַן איבעווייניק. ס׳איז געווען פֿרייַטיק פֿאַר טאָג. די רענדאַרינטע האָט אַרויסגענעמען פֿונעם אויוון פֿרישן מאַליי, האָט די מאַמע געקויפֿט אַ שטיקל מיט אַ גלאָז מילעך, האָ׳מיר זיך מחיה געווען. אָפּגעגעסן, האָט אונדז די מאַמע צוגעפֿירט צום פּרוט אונדז׳אָ׳מיר זיך אָפּגעוואַשן, צוגעקעמט און זיך צוגעשלעפּט מיט די פּעק צו דער באַנסטאַנציע. מיט האַרץ־קלאַפּעניש בין איך אַרייַן אין וואַגאָן — דאָס ערשטע מאָל אין מייַן לעבן. גאָט האָט געהאָלפֿן אונדז זע׳מיר בשלום אָנגעקומען קיין באַיאַן.

אַז דער צוג איז שטיין געבליבן, האָ׳מיר דערזען סראָל דעם ייִדנס שטיין און אָפּוואַרטן די חתונה־געסט. דערזעענדיק די מאַמע און אונדז צוויי, איז ער זייער פֿריילעך געוואָרן: סוף־כּל־סוף זענען מיר געקומען ווי רייַכע מחותּנים מיט אַ סך געפּעק (ער האָט אַוודאי געמיינט, אַז טויבע, די עלטסטע שוועסטער האָט אָנגעבראַכט פֿון כּל־הגוטס: געקאָכטס און געבאַקנס, אַחוץ שיינע חתונה־קליידער). ווען ער האָט אויפֿגעהויבן דעם גרויסן פּאַק איז אים פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן. „טויבע!, האָט ער אויסגעשריגן, וואָס האָסטו אין דעם פּאַק? ער וועגט דאָך אפֿשר צען צענטנער!" די מאַמע — גאַנץ אומשולדיק: „וואָס הייסט, מע קומט אויף אַ פּאָר טעג, מוז מע זיך דאָך צוגרייטן!" און אַזוי איז עס טאַקע געווען: מיר זענען געווען צוגעגרייט מיט — קאָלטענעס... דער אָרעמער סראָל האָט נעבעך קוים דערטראָגן דעם פּאַק און, נאָך דעם מ׳האָט זיך אָנגעקושט און אָנגעפֿרייט, האָט מען זיך אַרומגעשטעלט, די מאַמע זאָל אויספּאַקן די אוצרות. ווי פֿינצטער איז יעדן געוואָרן פֿאַר די אויגן, ווען מ׳אָט צעבונען דעם גאָר גרויסן פּאַק! אוי, אַן אומגליק!

די מאַמע האָט שיִער נישט געחלשט. וואָס איז דאָ געשען? סאָוועטאַ האָט געבראַכט דאָס געוואָשענע גרעט, און אין הײַלעניש האָט מען אָנשטאָט צו נעמען דער מאַמעס קלייד, געכאַפּט דאָס נאַסע גרעט אויף דער חתונה! מע האָט זיך אָבער באַלד באַרוּיִקט, אַרויפֿגעטראָגן אויפֿן בוידעם דאָס גרעט און חיימען געשיקט אַ טעלעגראַם, אַז ער זאָל ברענגען דעם אַנדערן פּאַק מיט די זאַכן. לאה האָט אויפֿגעגנייט אונדזערע צוגעשניטענע קליידלעך און ס'איז געפּראַוועט געוואָרן אַ חתונה, הלוואַי בײַ אַלע מײַנע ליבע.

# ווי קומט מען אַהיים?

מיטוואָך אין דער פֿרי האָט זיך אָנגעהויבן די קשיא: ווי אַזוי קומען מיר אַהיים? האָט זיך אָנגערופֿן דער באַבעס ברודער, אַבֿרהם — ער וועט אונדז מיטנעמען ביזן האַלבן וועג, ווײַל ער פֿאַרנעמט זיך פֿון דאָרט קיין קאַרעליוועקע. די מאַמע האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער, זי האָט געמיינט: אפֿשר וועט חיים אונדז מיטנעמען. אָבער חיים האָט געזען אונדז'אַ'מיר נישט אויף הוצאָות, האָט ער געזאָגט, ער וועט מיט־נעמען ריוועציען מיט דער באַן און איך מיט דער מאַמען זאָלן זיך לאָזן מיט דער פֿור. אַ כּלל אונדז'אַ'מיר זיך אָפּגעזעגנט און זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף דער קעלניע. מיד איז מען געווען פֿון נישט שלאָפֿן און הייס איז געווען אין דרויסן, און אײדער אונדז'אַ'מיר זיך אַרומגעקוקט, איז דער פֿעטער אַבֿרהם שטיין געבליבן און געזאָגט: „טויבע, זײַ אַזוי גוט און קריך אַראָפּ פֿון וואָגן". מיר איז אַרײַן אַ קויל אין האַרץ: וואָס הייבט מען אָן צו טון? נישט קיין געלט, און די היץ ברענט, כאָטש לייג זיך אַוועק און וואַרט אויף אַ נס! די מאַמע האָט מיך אָנגעקוקט מיט רחמנות, אָבער איך האָב נישט געוואָלט וויזן, אַז כ'בין פֿאַרצרהט און האָב גע־לאַכט: „מאַמע, זאָרג דיך נישט, אונדז וועל'מיר צו ביסלעך זיך לאָזן אין וועג אַרײַן און גאָט וועט העלפֿן, אונדז וועל'מיר אַ מאָל אַהיימקומען".

און גאָט איז אַ גוטער, אין שווייס און אַנגסטן זע'מיר געגאַנגען, אָדער בעסער געזאָגט, זיך געשלעפּט. בײַ יעדע הונדערט שריט זיך אַוועקגעזעצט און אָפּגערוט. די מאַמע האָט שטאַרק מורא געהאַט, אונדז זאָל'מיר נישט דאַרפֿן ערגעץ אונטער וועגס נעכטיקן. סוף־כּל־סוף איז אָנגעפֿאָרן אַ גוי מיט אַ וואָגן תּבֿואה, האָב איך אים געבעטן ער זאָל אונדז מיטנעמען. יאָ, ער פֿאָרט קיין קיטשערע, אַ מײַל פֿאַר זאַסטאַווגע, ביז אַהין קען ער אונדז מיטנעמען. איבערגעליקלעך זע'מיר געווען — גוט איז בײַ אַ ייִד אַ האַלב שוואַרץ־יאָר — זאָגט די וועלט אַ ווערטל. אונדז־אַ'מיר זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויפֿן וואָגן און נישט געוואָלט ווײַטער קלערן.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און דער ערל האָט אונדז אויפֿגעוועקט פֿון אונדזערע חלומות, אַז דאָ פֿאַרנעמט זיך דער וועג אין דאָרף אַרײַן. אונדז׳אָ׳מיר אים שיין געדאַנקט און זע׳מיר אַראָפּ פֿון וואָגן. די מאַמע איז געבליבן אַ דערשלאָגענע. איך האָב געזאָגט: „מאַמע, זאָרג נישט, ס׳איז אין גאַנצן איין מײַל פֿון זאַסטאַווגע. אַז אונדז וועמ׳יר זיך זען דאָרט, וועמ׳יר איבערנעכטיקן בײַ פערל פֿישער”. די צרה איז אָבער די:ע — ווי זעט מען זיך שוין דאָרט?

איז מיר אײַנגעפֿאַלן: אפֿשר וואָלט די מאַמע אַליין אַראָפּגעגאַן צום איינער פֿון די געשוועסטערקינדער און איר דערציילט, אַז זי האָט מיך מיט די זאַכן איבערגעלאָזט אויפֿן קיטשערעווער באַרג, און זי קען נישט באַקומען קיין פֿורל. די מאַמע האָט זייער נישט קיין חשק געהאַט מיך איבערצולאָזן אויפֿן שטראָז אין מיטן פֿעלד פֿאַר נאַכט, ווען שקצים טרײַבן אַהיים די בהמות, אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין ברירה. כ׳בין געבליבן זיצן אויף אַ קופּע שאָטער מיטן פּאַק גרעט און די מאַמע האָט זיך געלאָזט באַרג־אַראָפּ. איך האָב געהאַט האַרץ־קלאַפּעניש און די מאַמע אוודאי נאָך מער — נאָך אַלעמען בין איך דאָך ערשט געווען אַ דרײַצן־יעריק מיידל! אָבער ווי זאָגט דער גוי: „לעכאַ ביע זהעניע” (דאָס שלעכטס וועט נישט אומקומען). ס׳האָט נישט געדויערט מער ווי אפֿשר אַן אַנדערט האַלבן שעה און די מאַמע איז געקומען מיט זייערס אַ פֿורל. אין יענער צײַט האָבן אַ סך ייִדן געהאַט אַ פֿערד־און־וואָגן, אַזוי ווי הײַנט אַן אויטאָ, און אַ שייגעץ בײַם הויז, ער זאָל באַדינען דאָס פֿערדל. די מאַמע האָט דעם שייגעץ געגיבן אַ פּעקל טאַטין, און באַלד זע׳מיר געווען אויפֿן אָרט. מ׳אָט אונדז געגיבן צו עסן און ס׳האָט געהייסן אונדז וועמ׳יר דאָרט איבערשלאָפֿן, דעם צווייטן טאָג וועט מען יאַקאָס געפֿינען עפּעס אַ וועג ווי אַזוי צו קומען אַהיים. כ׳האָב קיין מאָל נישט שטאַרק ליב געהאַט די רײַכע משפּחה, וואָס זי האָט אויף אונדז געקוקט פֿון אויבן אַראָפּ, און האָב דעריבער קליין חשק געהאַט דאָרט צו נעכטיקן. כ׳האָב געבעטן די מאַמע, זי זאָל זיך דורכגיין, אפֿשר וועט זי געפֿינען אַ געלעגנהייט וואָס זאָל אונדז סוף־כּל־סוף ברענגען אַהיים. די מאַמע האָט ליב געהאַט מיך צו פֿאָלגן, אַזוי ווי איך זי, און ז׳איז אַרויס זוכן אַ פֿערד־און־וואָגן. ז׳איז באַלד צוריקגעקומען: ז׳האָט געטראָפֿן צוויי זוויניעטשקער פֿורן — שלמה דעם סטאָליערס און סענדער רייזעלעס. זיי זענען געקומען נאָך שטיינער (מצבֿות) וואָס מע פֿלעג דעמאָלט פֿירן פֿון וואַסעלעוו קיין זוויניעטשקע. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז סע וועט נישט זײַן קיין גאָר פֿויגלדיקע נסיעה: אונדז וועמ׳יר דאַרפֿן זיצן אויף שטיינער, און זיך אָפּקוועטשן דאָס געזעס. מיך האָט דאָס נישט געהאַרט — אַבי אַהיים... כ׳בין דערנאָך צוויי טעג געלעגן: אי דער איך־בעט־איבער־אײַער־כּבֿוד אי די פֿיס זענען געווען געשוואָלן...

# נישט געבעטן, דאָך געקומען

סראָל איז אַ חתן געוואָרן מיט הערש פּישבאַכס טאָכטער אסתּר פון ווערענטשענקע, האָט די מאַמע שוין געהאַט פאַרזאָרגט די צווײ עלטערע זין. איך בין יענעם זומער געווען מער בײַ דער מומע חיה־ריווע ווי אין דער היים און פלעג האַלטן אין איין פרעגן די מומע: „מומע, וואָס וועט זײַן מיט אונדז?" די מיסחרים וואָס די מאַמע האָט פריִער געמאַכט, האָבן איצט נישט געפּאַסט: וואָס וועלן זאָגן די מחותּנים, אַז זיי וועלן הערן די מאַמע איז אַזאַ בלוטיק אָרעמע אַלמנה? אָבער גאָט איז אַ פאָטער — אַז ער גיט נישט אַ מכּה, גיט ער אַ בלאַטער.

אונדז'אָ'מיר געהאַט אין יזגאַליניצע אַ מומע רייזיע. איר טאָכטער ליפשעלעס מאַן, נישט האָבנדיק צו וואָס זיך צו נעמען, איז ער געהאַט אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. זי איז געבליבן לעת־עתּה מיט טאַטע־מאַמע אין דער היים, ביז זי וועט געלעגן ווערן. ער דאָרט אין אַמעריקע האָט געדאַרפט זיך דערווײַל אַרויפאַרבעטן. ר'איז געוואָרן אַ פענצטער־פּוצער און נישט שלעכט פאַרדינט. זי נעבעך האָט שוין אַרויסגעקוקט זיי זאָלן זײַן פאַראייניקט אין אַמעריקע. אין צווישן איז דער יונגער־מאַן אַראָפּ־געפאַלן פונעם זעקסטן גאָרן און איז דערהרגעט געוואָרן. די לאַנדסלײַט האָבן אַהיימגעשריבן, איז זי שוין אין צרות און אין לייד אַליין געפאָרן קיין אַמעריקע און דאָס קינד איבערגעלאָזט בײַ טאַטע־מאַמע. ס'איז אַוועק אַ שיינע פּאָר יאָר ביז זי איז אַהיימגעקומען אָפּנעמען דאָס קינד. אַרײַנגע־כאַפּט זיך צו אונדז אויף שבת און אַרומגעקוקט זיך אויף אונדזער מצבֿ, האָט זי אָנגעהויבן אײַנצורעדן דער מאַמען, אַז זי זאָל איר מיטגעבן ריווציען. זי האָט נישט געדאַרפט צו פיל אויף איר אַרבעטן און זי האָט געפּועלט. חיים האָט געמוזט גיבן אויף הוצאות, אי דאָס ערשטע קלאַס, ווײַל די קוזינע ליפשעלע האָט נישט געוואָלט פאָרן צווייטע קלאַס! שוין געפּטרט ריווציען, בין איך געבליבן סאַם פּאַן נאַ יאַרמאַראַק (איינע אויפן יריד)...

מ'האָט זיך אָנגעהויבן רעשן מיט חיימס חתונה. פון מיך מיטנעמען איז קיין רייד נישט געווען. קיינער האָט מיך אַפילו נישט געפרעגט און איך זאָל בעטן? פּאַוואָליע! נאָר, אַז ס'האָט געהאַלטן בײַם פאַרשפּיל, איז געקומען די מומע חיה־ריווע און איך האָב איר אײַנגערעדט אַ סוד, אַז קיינער קלערט אַפילו נישט, אַז כ'וואָלט געדאַרפט פאָרן אויף מײַן ברודערס חתונה. אַחוץ דעם וואָס איך וויל טאַקע, איז פּשוט אַ מיאוסע זאַך פאַר מענטשן: וואָס וועלן די מחותּנים זאָגן? דער חתן האָט צווײ שוועסטער און מיט אַ מאָל האָט מען איינע עקספּעדירט אַכט טעג פאַר דער חתונה קיין אַמעריקע — און די צווייטע האָט מען אויך נישט מיט־געבראַכט... דער מומע איז דאָס אַרײַן אין דער נאָז און זי האָט אָנגעהויבן צו פרעגן: „צי דאַרף מען זיך מיט ליפשעלען שעמען?"

די מאַמע האָט געצויגן מיט די אַקסלען — זי האָט נישט קיין דעה. און דער חתן האָט געזאָגט, אים האַרט נישט — יאָ פאָרן, נישט פאָרן. האָב איך מיך שוין אָנגעכאַפּט: טאַקע יאָ פאָרן! איצט, נישט קיין קלייד, נישט קיין מאַנטל, ס'איז ווינטער, אַ ווײַטער וועג און — איך, דעם חתנס שוועסטער... זאָל זיך דער חתן שעמען, האָב איך געקלערט. כ'האָב געהאַט רײַכע חבֿרטעס, בין איך אַוועק צו איינער און האָב אַזוי לאַנג געזוכט און אָנגעמאָסטן, ביז גאָט האָט געהאָלפן, כ'האָב מיר צוגעפּאַסט אַ קלייד און אַ מאַנטל און בין אויך געווען אַ מחותּנתטע. ווי גייט דאָס לידל: נישט געבעטן און דאָך געקומען, כאָטש אַן אָרעמע, פאָרט אַ מומע...

די חתונה איז געווען אַזוינס און אַזעלעכס. אין „בירפּאַלאַסט" (אַ גרויסער זאַל) איז געווען דער אונטערהאַלט, און צו דער חופּה איז מען געגאַנגען איבער דער גאַנצער שטאָט. דער חתן — אין אַ ווײַסן קיטל און מיט אַ שטרײַמל אויפֿן קאָפּ. די חתונה האָט זיך געצויגן ביזן אַנדערן זונטיק.

איך האָב דערשמעקט, אַז מע רעשט זיך — אַזוי גיך ווי סראָל וועט חתונה האָבן, וועט מען דער מאַמען אויך אויסזוכן אַ שידוך. פֿאַר מיר האָט מען זיך געהיט, אָבער קיין פֿינגער אין מויל אַרײַן האָט מען מיר נישט געדאַרפֿט אַרײַנלייגן. כ'האָב געמאַכט אַ שווײַג. וואָס, מישטיינס געזאָגט, האָב איך שוין געקענט אַ דעה זאָגן? די מאַמע האָט געדונגען דעם קעלער פֿונעם הויז, וווּ אונדז'אַ'מיר געוווינט און האָט זיך אויסגע־לערנט צו מאַכן קוואַס. אַ שטיקל געוועלבל מיט קוואַס און צוקער, קאַווע, באַנבאָנעס, קעז און פּוטער וואָלט אפֿשר שוין געקענט טראָגן פּרנסה, ווען די מאַמע וואָלט נישט געווען אַזאַ בעל־רחמנות. זי איז גיך געוואָרן אויס סוחרטע, ווײַל אַלע קבצנים זענען געוואָרן אירע קונים און האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן. און ווי אַזוי זאָגט מען אָפּ, אַז אַן אָרעמע פֿרוי קומט אָדער שיקט עמעצן עפּעס באָרגן?

דעם אַכצעטן אויגוסט, דעם קייסערס געבוירן־טאָג, איז געווען אײַנגעפֿירט, אַז מע פֿלעג אַרויסשטעלן ליכט אין די פֿענצטער און אָנצינדן אַ פֿאַס מיט דויגק אויפֿן באַרג און אַלע שילער פֿון דער פֿאָלקשול פֿלעגן אַרומגיין און זינגען: „האָך זאָל לעבן דער קאַיזער פֿראַנץ־יאָזעף!" איין מאָל איך אַזאַן אָוונט זענען די שילער אַרומגעגאַן און געזונגען: „נאַשאַ טויבאַ נאַי זשעיע, באָ נאַם דאָברע קוואַס דאַיע!" (אונדזער טויבע זאָל לעבן, ווײַל זי גיט אונדז גוטן קוואַס). מע האָט געלאַכט און זיך געפֿרייט מיט דער מאַמעס נושׂא־חן זײַן אי בײַ ייִדן אי בײַ גויים, אָבער וואָס איז דערפֿון אַרויסגעקומען, אַז קיין פּרנסה איז נישט געווען?

# דער שמאַלצגרוב

סראָל האָט פֿאַר פּסח אויך חתונה געהאַט, און איך האָב מיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז די מאַמע מוז ווידער חתונה האָבן. מ׳האָט מיר אײַנגערעדט, אַז ווען די מאַמע קריגט אַ גוטן שידוך, וועט פֿאַר מיר אויך בעסער זײַן, און נאָך אַלעמען, וויפֿל קען זי זיך נאָך מוטשען? אין אַ שיינעם זומערטאָג האָט מען געבראַכט עפּעס אַ ייִד. אַ גאַנצן טאָג האָט מען זיך אַרומגערעשט און פֿאַר נאַכט האָט מען בײַ רחלען אין שטוב געשטעלט אַ חופּה. איך בין געלעגן אין דער דריטער שטוב און געוויינט. כ׳האָב געפֿילט, אַז כ׳פֿאַרליר מײַן מאַמע. נאָך אַלעמען האָב איך דעם טאַטן נישט געקענט, האָט די גאַנצע ליבע זיך קאָנצענטרירט נאָר אויף דער מאַמען, און איצט קומט אַ פֿרעמדער ייִד און נעמט זי מיר צו! כ׳האָב געהאַט אַ גרויסע ווייטיק, נאָר אַזוי ווי מע האָט מיר אײַנגערעדט, ער איז אַ געוועזענער פּסעסער און אַ שטיקל עושר, בין איך שוין געווען צופֿרידן. זאָל כאָטש דער מאַמען זײַן גוט. מיר, אַז סע וועט זײַן, ווי ער האָט צוגעזאָגט, איז גוט; און טאָמער נישט, וועל איך פֿאָרן קיין אַמעריקע. דאָס האָב איך נאָר געקלערט, זאָגן האָב איך דאָס נישט געטאָרט. די מאַמע האָט גענוג געוויינט און געקלאָגט, וואָס ריוועציע איז אַוועקגעפֿאָרן: ווען זי וואָלט געווען געוווּסט אויף אַזוינעם, פֿלעג זי תּמיד איבערחזרן, וואָלטן מיר שוין אַלע לאַנג געווען אין אַמעריקע.

אַ כּלל, די מאַמע האָט חתונה געהאַט מיט זלמן שטערנבערג, וואָס מע האָט אים גערופֿן זאַלמעוואָליע, אַ געוועזענער פּסעסער, אַ שיינער — הויך, שטאַרק, געהאַט אַ פּאָר הונדערט רײַניש, בקיצור: אַ שמאַלצגרוב...

יעדער האָט געזאָגט: „טויבע איז געווען דרײַצן יאָר אַן אַלמנה, זיך ביטער געפּלאָגט, ביז זי האָט אויפֿגעצויגן די קינדער. איצט האָט איר גאָט געהאָלפֿן: זי וועט אויפֿגעריכט ווערן". זי האָט חתונה געהאַט מיט אַזאַ שיינעם באַלעבאַטישן ייִד, ער האָט געלט, שיינע, לײַטישע קינדער, ס׳איז זיך דאָ מיט וועמען צו באַרימען. אָבער דעם אַנדערן טאָג פֿון זײַן אַריבערציִען זיך צון אונדז, איז מיר פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן...

כ׳האָב דערזען דעם אַלטן זײַט־זשע־מוחל: אַ ייִד אַ דעמב מיט צוויי ביסטרע אויגן. ער האָט באַלד אָנגעהויבן צו מושטירן: סטײַטש, אַזאַ געזונטע מויד רופֿט די מאַמע „קינד"! זײַנע טעכטער אין מײַנע יאָרן האָבן געמאָלקן די קי, געהאָלפֿן אין הויף, כאָטש ער איז געווען אַ פּסעסער! מײַן מאַמע איז דעמאָלט געווען אַ זיבן־אַכט און פֿערציק יאָר אַלט, לעבנס־לוסטיק אַזוי ווי איינע פֿון פֿינעף און דרײַסיק. און דאָ איז אַרײַנגעקומען איינער, וואָס מע דאַרף פֿאַר אים האָבן דרך־ארץ. מענטשן זענען זי מקנא געווען און זי האָט זיך געפֿילט געהויבן, אָבער איך האָב אים פֿײַנט געהאַט, דעם דאָרפֿס־בעל־גופֿערו, וואָס ער דאַרף פֿאַרטרעטן מײַן

טאַטן... נאָר איך בין קלוג גענוג געווען צו שווײַגן און זען וואָס סע וועט ווײַטער זײַן.

סע זענען אַוועק אַ צוויי־דרײַ וואָכן און זאַלמעוואָליע האָט אָנגעהויבן קלערן פֿון פּרנסה. מע האָט אים באַרײַעט צו דינגען דעם אָקציז בײַ די קצבֿים. דאָס איז געווען אַזאַ מין קאָנטראָל איבערן שעכטהויז. ס'איז נישט געווען שווער צו פֿאַרשטיין, אַז „פֿון דעם מעל וועט קיין ברויט נישט אַרויסקומען". מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין זאַסטאַוונע עפּעס אין אַ גויִיש שטיבל, האָבן אָפּגעוווינט דאָרט אַ פּאָר וואָכן, ביז מע האָט בײַ אים צוגענומען די פּאָר רײַניש און ער איז געבליבן נקי, האָט מען אויסגעדרייט דעם דישל און — צוריק אויף דער זוויניעטשקע.

# בײַ יענעם

קיין פּרנסה איז נישט געווען. זאַלמעוואָליעס זין האָבן צוגעזאָגט אים צו שטיצן, אָבער דערווײַל האָט די מאַמע זיך צוריקגענומען צום האַנדלען. פֿאַר מיר האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אמתדיקע גיהנום... איך האָב געזען, ווען די מאַמע גיט מיר עסן, זעט זי תּמיד, ער זאָל נישט זײַן אין שטוב! דאָס האָט מיך שטאַרק פֿאַרדראָסן, נאָר וואָס האָב איך געזאָלט זאָגן? פֿאַר וועמען מיך באַקלאָגן? די מאַמע האָט זיך באַרימט, אַז ס'איז איר גוט און זי איז צופֿרידן, האָב איך דען געקענט זאָגן, אַז מיר איז שלעכט? איך האָב אַלץ מעגלעכע געטון, אַז איך זאָל זיך מיט אים נישט צונויפֿטרעפֿן. דעם גאַנצן טאָג בין איך געזעסן בײַ רחלען. די מאַמע פֿלעג מיר אַפֿילו דאָס עסן אַרײַנברענגען.

שׂרה, רחלס טאָכטער, איז געווען בײַ איר זיידן. זי האָט דאָרט געפֿירט די באַלעבאַטישקייט (פֿאַרשטייט זיך מיט אַ דינסט און מיט אַ שייגעץ), ווײַל איר באָבע האָט געהאַלטן אין קרעטשמע. איצט, אַז שׂרה האָט גע־דאַרפֿט חתונה האָבן, האָט מען געזוכט עמעצן פֿון דער משפּחה, וואָס זאָל פֿאַרנעמען איר אָרט. בײַ מיר האָט זיך געבימבלט אין קאָפּ: אפֿשר איך? אָבער זאָגן האָב איך דאָס נישט געטאָרט, די מאַמע וואָלט מיך נישט געלאָזט: סטײַטש, איר ליפּשעלע, איר קלוג און גוט קינד, זאָל גיין זײַן בײַ יענעם? כאָטש בײַם רײַכן פֿעטער, אָבער אַלץ בײַ יענעמס טיש...

ס'האָט אָבער איין מאָל געטראָפֿן, אַז די מאַמע האָט מיר געגעבן אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער און אַזוי ווי זאַלמעוואָליע האָט אויפֿגעמאַכט די טיר, האָט די מאַמע גענומען דאָס שטיקל ברויט און עס אויסגעדרייט מיט דער פּוטער אַראָפּ. ווי איך האָב דאָס דערזען, האָב איך געגעבן אַ וואָרף מיט דעם שטיקל ברויט און בין אַרויס פֿון שטוב. איך בין אַרײַן צו רחלען און האָב אָנגעהויבן וויינען און בעטן, זי זאָל שוין אַריבערגיין

צו דער מומע האַגיע און איר זאָגן, אַז איך בין גרייט צו גיין צו איר אַרבעטן אויפֿן אָרט פֿון שׂרהן, און איך וועל פֿאַרבלײַבן בײַ איר ביז איך וועל קענען אָוועקפֿאָרן קיין אַמעריקע. די מאַמע האָט דאָס דערהערט, האָט זי אָנגעהויבן וויינען און קלאָגן, ס׳האָט איר אָבער גאָרנישט גע־האָלפֿן: דעם אַנדערן אינדערפֿרי בין איך געוואָרן אַ דינסט.

סע רעדט זיך אַזוי „אַ דינסט", איך האָב נאָר גדאַרפֿט אַכטונג געבן אויף דער דינסט און אָפּהיטן דאָס הויז. קיין געלט האָט מען מיר נישט צוגעזאָגט חלילה: איך וועל מיך לערנען זײַן אַ באַלעבאָסטע און דאָס אַליין איז שוין געווען אַ שיינער „לוין". די מאַמע האָט נעבעך געוויינט דעם ערשטן טאָג, אָבער זאַלמעוואַליע האָט איר אויסגערעדט: ס׳איז נישט קיין אומגליק, אַז אַ מיידל לערנט אַ ביסל באַלעבאַטישקייט. אַמאַי שׂרה זײַדמאַן האָט געמעגט זײַן ביז צו דער חתונה דאָרט? פֿאַר וואָס זאָל איך נישט טאָרן? סע וועט מיר אָסור צום שידוך שאַטן! ס׳איז דען עפּעס בײַ פֿרעמדע? ס׳איז דאָך בײַם אייגענעם פֿעטער!

דעם ערשטן אינדערפֿרי האָב איך געמוזט אויפֿשטיין גלײַך מיטן טאָג. אַזוי איז דאָרט געווען אײַנגעפֿירט. זעקס אַ זייגער האָט די מומע האַגיע מיט ליבען אויפֿגעמאַכט די קרעטשמע; דער פֿעטער עליע איז געגאַן דאַווענען מיטן ערשטן מנין, און ביז דעמאָלט האָבן שוין געמוזט זײַן די קי אויסגעמאָלקן. איך האָב קיין קי נישט גדאַרפֿט מעלקן, אָבער שטיין און היטן. בין איך געשטאַנען און געדרימלט: ווער איז עס געווינט געווען אויפֿשטיין אַזוי פֿרי? אין דער היים האָט די מאַמע פֿאַרהאַנגען די פֿענצטער, די זון זאָל מיך נישט אויפֿוועקן. און אַז כ׳בין אויפֿגע־שטאַנען, פֿלעג שוין די קאַווע וואַרטן אויפֿן טיש. אָדער האָט די מאַמע אויסגערופֿן: „נו, ליפּשעלע, דער בעטלער איז שוין אויפֿן דריטן דאָרף! גיי שוין, גיס דיר אָפּ די הענט און באַנעץ דיר דעם גאָרגל!" דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז ס׳איז שוין שפּעט און איך ווער נעבעך פֿאַר־שמאַכט.

און דאָ, אין מײַן נײַער דערוואַקסענער היים, דאַרף איך שוין זײַן זעקס אַ זייגער צוריק פֿון דער שטאַל מיט דער שיקסע, און העלפֿן אַרײַנטראָגן אַ דיניצע מילעך, וואָס איז גרעסער פֿון מיר. די מומע איז שוין געשטאַנען און געוואַרט, ווײַל זי האָט גדאַרפֿט צעמעסטן די מילעך. ס׳האָט געהייסן, אַז איך וועל מיך דאָס אויסלערנען, וועל איך דאָס דאַרפֿן טון. אַחוץ שׂרה די מילעכיקע, זענען נאָך געשטאַנען אַ פּאָר קינדער מיט טעפּלעך און רײַנדלעך, וואָס יעדעס האָט באַקומען מילעך; טייל פֿאַר געלט און טייל פֿאַר מיצווה (פֿון דעם האָט די מומע האַגיע געהאַלטן). פֿאַר צעטיילן פֿאַר אָרעמע קראַנקע איז די טיר קיין מאָל נישט געווען פֿאַרמאַכט. אין קרעטשמע האָט זי נישט אַזוי געקענט געבן, ווײַל ס׳זענען געווען צו פֿיל אויגן; אָבער דאָ אין קיך האָט מען געגעבן דעם גאַנצן גייענדיקן טאָג.

נאָך דעם ווי מען האָט די מילעך צעמאָסטן און צעטיילט, איז מײַן אַרבעט געווען אויפֿצושטעלן קאָכן איבערבײַסן.

דער איבערבײַס איז באַשטאַנען פֿון אַ גרויסער רײַן מילעך (אפֿשר פֿון צען קאָרט), איך האָב זי נישט געקענט אַנידערשטעלן אויפֿן שפּאָרעט; צו דעם האָט מיר געמוזט העלפֿן די שיקסע, וואָס האָט פֿון מיר חוזק געמאַכט: איך בין אַ „שטרויענע פּאַנעטשקע״; אַ גריץ פֿון רעטשענע גרויפּן און אַ גרויסער טשײַניק מיט קאַווע. דאַכט זיך גאָר פּשוט, אָבער ווי שווער איז עס מיר אָנגעקומען יעדן צופֿרידנצושטעלן...

איך האָב דײַקע געוואָלט, אַז אַלץ זאָל זײַן ווי פֿריִער, ווען שׂרה האָט געפֿירט די באַלעבאַטישקייט, אָבער ווי האָט דאָס געקענט מעגלעך זײַן? זי איז דאָך געווען די באַלעבאָסטע און יעדער האָט מורא געהאַט פֿאַר איר קוק, און איך, די דרײַצן־יעריקע „מויד״ האָב געציטערט פֿאַר יעדנס קוק: אפֿשר וועל איך נישט קענען יוצא זײַן? פֿאַר אַכט אַ זייגער האָב איך געדאַרפֿט אַרײַנשיקן דער מומע האַגיען און ליבען דאָס פֿריש־טיק, האָב איך געציטערט, ביז די שיקסע איז צוריקגעקומען: איז עס געפֿעלן? איז עס געווען גענוג זיס? גענוג הייס? בכּלל — וואָס האָט מען געזאָגט? דערנאָך האָט מען געמוזט אויסטיילן קאַווע פֿאַר איטלעכן באַזונדער. האָב איך פֿריש געציטערט — אפֿשר גיב איך צו פֿיל? אפֿשר צו ווייניק? איך האָב נישט געוווּסט גענוי די מאָס און מיך געשעמט יעדעס פּיצעלע צו פֿרעגן. איך בין געווינט געווען צו טאָן און יעדער זאָל זײַן צופֿרידן און מיך לויבן און דאָ פּלוצעם — אַ גרויס שטרײַמל פֿאַר מײַן קליינעם קאָפּ... אָבער פֿאַרפֿאַלן; כ'האָב מיך אונ־טערגענומען און אַפֿילו ווען איך וועל צעשפּרונגען, וועל איך מוזן מיך האַלטן.

## דער פֿעטער עליע

דערנאָך איז דער פֿעטער געקומען פֿונעם דאַווענען... ער איז געווען אַזאַ בכּבֿודיקער ייִד, אַז ווען דער כּהן־גדול איז דורכגעגאַן דעם בית־המיקדש, האָט מען אים נישט מער כּבֿוד אָפּגעגעבן, ווי דעם פֿעטער עליע ווען ער איז געגאַן אין קלויז, טריט בײַ טריט, ווי אַ מלך. איך האָב אים געמוזט דעקן דעם טיש און מאַכן זײַן איבערבײַס (די שיקסע האָט אים נישט געטאָרט אַפֿילו אַ גלאָז וואַסער דערלאַנגען). נאָכן עסן האָט ער זיך געלייגט שלאָפֿן אויף אַ שעה, און דערנאָך איז ער אַ ביסל אַרײַנגעגאַן העלפֿן אין קרעטשמע. צוועלעף אַ זייגער האָט געמוזט זײַן גרייט דער אָנבײַסן און דאָס איז שוין נישט געווען אַזוי לײַכט ווי דער איבערבײַס.

קודם — עפּעס אַ גוטער פֿאַרשפּײַז; דערנאָך — אַ גוט ביסל יויך,

געקאָכט פֿון צוויי־דרײַ פֿאַרשידענע פֿליישן און גוט פֿאַרבראָקט, אַז סע האָט געמוזט שמעקן. דערצו אַליין געמאַכטע לאָקשן. צום ערשטן מאָל האָט מען מיר געוויזן, ווי מע דאַרף זיי קנעטן און אויסוואַלגערן דין ווי אַ ציגײַער־פּאַפּירל, דערנאָך בראָקן שיין, גלײַך, אַז זיי זאָלן פֿאַרדינען דעם נאָמען נאָדלען, ווײַל אויף דײַטש הייסן דאָך לאָקשן Nudeln. מיט האַרץ־קלאַפּעניש האָב איך געקנעטן, געוואַלגערט און געבעטן גאָט, סע זאָל מיר געראָטן. בײַם אָפּקאָכן די לאָקשן צו דער יויך האָט עס אויך געמוזט זײַן מיט אויסרעכענונג: נישט חלילה צו פֿיל אָדער צו ווײַניק. ווײַל אַז מע קאָכט זיי לענגער, האָט מען מיר אָנגעזאָגט, ווערן זיי ווי מייקעכץ; און אַז צו ווייניק זענען זיי ווי שטרוי. נו, גיי ווייס די נגידישע העלדזער צופֿרידנצושטעלן! צום פֿלייש, ווידער, האָט געמוזט זײַן אַ זויער אוגערקעלע, אָבער נישט חלילה ווי מע האָט עס אַרויסגענעמען פֿונעם פֿאַס צי פֿונעם סלוי! ס׳האָט געמוזט זײַן שיין אָפּגעשיילט און אויף דינע רעפּטעלעך צעשניטן. דאָס ערשטע מאָל האָט עס מיר אויסגעזען ווי אַ משוגעת: וואָס הייסט אַ זויערע אוגערקע אָפּגעשיילט? אָבער אַזוי איז געווען אײַנגעפֿירט און נישט אַנדערש האָט געטאָרט זײַן.

דערנאָך — אַ סדרה צימעס. יעדן טאָג האָט געמוזט זײַן אַ פֿריש צימעסל: אָדער מייערלעך, אָדער פֿרישע אויפּסן, צי פֿון גרינסן עפּעס צוגעגרייט. דער עיקר: ס׳האָט געמוזט שמעקן דעם פֿעטער עליע. מ׳האָט מיר אָנגעזאָגט און איך האָב מיר געמוזט דאַרן דעם קאָפּ, סע זאָל געפֿעלן. און ווי וואָלט דאָס דען מעגלעך געווען פֿאַר מיר, אַ קינד וואָס כ׳האָב אויף מײַן לעבן נישט געזען אַפֿילו אַזאַ נגידיש באַלעבאַטעווען? איז אָבער גאָט אַ גוטער, האָט געוווינט אין שכנות זײַן טאָכטער אסתּר — אַ נשמה פֿון אַ מלאך אין אַ קראַנקן מענטשלעכן גוף. זי פֿלעג אַרײַנקומען אין דער פֿרי, ווען קיינער איז נישט געווען אין הויז, און מיר אָנזאָגן אַזוי און אַזוי זאָל איך טון — אַזוי פֿיל דאַרף מען צעטיילן און אַז דער פֿעטער וועט קומען פֿון קלויז, זאָל שוין אַלץ זײַן צעטיילט, ווײַל ער זעט נישט אָן, אַז מע קומט עפּעס נעמען, און די אָרעמע מענטשן היטן זיך ער זאָל נישט זען.

דער פֿעטער אַליין האָט געהאַט דאָס גרעסטע פֿאַרגעניגן, אַז ער האָט אַהיימגעבראַכט אַן אורח צום עסן. און דאָס איז כּמעט תּמיד געווען. אָבער אַז גאָט האָט געהאָלפֿן, ער האָט אַהיימגעבראַכט צוויי אורחים? ער איז געווען מלא־ושימחה, אָבער מיט מיר האָט עס געוואָרפֿן אַ קדחת. ווען כ׳האָב אים דערזען אַרײַנשפּאַצירן מיט צוויי ייִדן און גיבן אַ באַפֿעל: „אַנו, ליפּשעלע, עפּעס אַ גוטן אָנבײַסן פֿאַר אונדז אָנגעגרייט? מיט זענען טויט הונגעריק!” איך האָב מיך דען געריכט אויף צוויי פֿרעמדע צום טיש אין אַ פּראָסטן טאָג? אָבער פֿרעגן צי עפּעס זאָגן האָט מען נישט געטאָרט, נאָר שווײַגן און זען אַז אַלץ זאָל קלאַפּן, און איך האָב אַלץ צו שטאַנד געבראַכט מיט גרויסער מי און גענוג טרערן...

דאָס איז געווען נאָר די ערשטע פּאָר וואָכן, דערנאָך האָב איך מיך אַזוי אַרײַנגעפּאַסט, אַז ס׳איז שוין געגאַן ווי געשמירט. פאַר שבת פלעג די מומע האָגיע אַליין קאָכן. זי איז פרומטיק אין דער פרי נישט געגאַן אין קרעטשמע און צוגעגרייט אויפן הייליקן שבת — איך האָב איר געהאָלפן. אַז דאָס איז געווען אַ קלייניקייט, קען איך נישט זאָגן — נאָך הײַנט קלאַפּט מיר דאָס האַרץ פאַר מורא, ווען איך דערמאָן מיך (וואָס דאָס קינדערישע האַרץ האָט מיטגעמאַכט!).

איך האָב באַקומען אַ נאָמען פאַר אַ גרויסער בריה — סטײַטש, אַז איך קען דערגאָדזען די רײַכע משפחה! איך האָב פון דעם קיין תענוג נישט געהאַט. איך האָב ליב געהאַט צו הערן, אַז איך בין איינע פון די בעסטע שילערינס אין שול; איך האָב נישט פײַנט געהאַט, ווען מע איז זיך צונויפגעקומען, מע האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ גוטער זינגערין; פאַר אַן אײַזערנעם קאָפּ בײַם נאָכדערציילן מעשׂיות און וויצן; אָבער פאַר אַ גוטער קעכין בין איך דעמאָלט נישט נײַגעריק געווען מע זאָל מיך האַלטן.

## ווידער אויפגעלעבט

אין אַ מאַנטיק, אין טשערנעוויץ, פלעגן זײַן פאַרזאַמלט סוחרים אויף דער בערזע, — ווער קויפן, ווער פאַרקויפן סחורה, אויך אַנקוקן שידוכים פלעג מען. אַלץ פלעג זיך אָפּשפּילן אויף דער בערזע. און טרעפן זיך מיט משפחה פלעג מען אויך קענען... אַז מײַן מאַמע איז אין איינעם אַ מאַנטיק געקומען קיין טשערנעוויץ, האָט זי זיך באַגעגנט מיטן זיידן. ווען זי האָט אים דערציילט, ווי איך בין פון אַ לערערין געוואָרן אַ דינסט, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט בײַם קאָפּ: „וואָס האָסטו עס דערלאָזט?" די מאַמע נעבעך האָט אָנגעהויבן וויינען: זי איז נישט שולדיק, איך האָב בשום־אופן נישט געוואָלט בלײַבן אין דער היים. אַהין־אַהער, מע האָט זיך צונויפגערעדט, אַז למען־השם אַזוי ווי די מאַמע קומט צוריק אַהיים, פּאַקט זי מיך אײַן און שיקט מיך אַוועק צום זיידן. ציפּע האָט דעם זומער חתונה און די באָבע בלײַבט אַליין, קען קיין אַנדערע סבֿרא נישט זײַן ווי איך זאָל בלײַבן מיט דער באָבען.

די מאַמע איז דינסטיק אין דער פרי געקומען צו דער מומע האָגיע און געזאָגט, אַז איר טאַטע מאַכט חתונה די מיזינקע און וויל, אַז איך זאָל בלײַבן בײַ אים, ביז גאָט וועט העלפן עפּעס אַ תּכלית אויך פאַר מיר. ס׳איז געווען געזאָגט — געטאָן. די באָבע האָט געטאַנצט פאַר פרייד, ווען זי האָט מיך דערזען — ס׳איז געווען באמת אַ פריילעכער שבת. איך האָב אויפגעלעבט ווי אַ פיש אין וואַסער: געזונגען, און פריילעך ווי פריִער, אײדער די מאַמע האָט חתונה געהאַט.

וואָס האָט מיר דען געפעלט? פאַר קיין אַרבעט האָב איך נישט

מורא געהאַט — קיין פֿרעסערין בין איך נישט געווען, און ס'האָט נישט דײַקע געמוזט זײַן דאָס בעסטע. און דערפֿאַר בין איך געווען אַזוי אָנגעזעצן בײַ דער באַבען. דאָרט האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, ס'איז נישט דערגאַנגען, ווײַל דער זיידע האָט קיין מאָל נישט געפֿרעגט, צי ס'איז דאָ צי נישט: אַן אורח צום טיש האָט ער תּמיד אַהיימגעבראַכט. די יויך האָט געקלעקט (וואַסער איז נישט געווען קיין מאַנגל), אָבער אַז ס'איז געקומען צום פֿלייש, פֿלעג די באַבע נעבעך ווערן גרין־און־געל: וואָס טוט מען? דער אורח וועט מסתּמא מאָרגן צעפּויקן, אַז בײַ נפֿתּלי גאָטעסמאַן גיט מען אַן אָרעמאַן נישט אָנצועסן... האָב איך איר צוגערעדט זי זאָל פֿאַר אונדז ביידן גרייטן דעם טיש אין קיך, וועט קיינער נישט זען, וואָס אונדז עס'מיר און וויפֿל אונדז עס'מיר. הונגערן האָט מען נישט געדאַרפֿט: מאַלײַ איז געווען; אַ גרויסער טאָפּ דעמפּעכץ איז געווען; קוגרידזיעס אין גאָרטן זענען אויך געווען — נו, האָט מען געדאַרפֿט בלײַבן הונגעריק? צי מע האָט געגעסן די זרוע פֿלייש צי נישט, האָט נישט אויסגעמאַכט. בקיצור — ס'איז מיר געווען זייער גוט.

האָט אָבער מײַן ברודער אין אַמעריקע, לאָזער, באַקומען פֿון מיר די בריוו, אַז די מאַמע האָט חתונה געהאַט און איך האָב געמוזט אַוועק פֿון דער היים, איז ער געלאָפֿן און מסתּמא פֿאַר די לעצטע צען דאָלאַר געגעבן אַן אַדרויף אויף אַ שיפֿסקאַרטע. אַז ס'איז אָנגעקומען די גוטע בשׂורה, איז מיר קאַלעמוטנע געוואָרן אויפֿן האַרץ. כ'האָב שוין חרטה געהאַט אויפֿן גאַנצן ענין, אָבער פֿאַרפֿאַלן — אַז מע זאָגט אַלף, מוז מען אויך זאָגן בית. און בייז איז טאַקע אַרויסגעקומען, ווײַל ס'איז געווען דאָס יאָר 1907 און אין אַמעריקע — אַ גרויסע קריזע. מײַן שוועסטער איז נאָך נישט געווען אײַנגעאָרדנט. זי איז געגאַן פֿון איין שאָפּ צום צווייטן און נישט געקענט קריגן קיין אַרבעט. דער זיידע האָט מיך געבעטן איך זאָל צוריקשיקן די שיפֿסקאַרטע און ער וועט מיך נעמען פֿאַר אַן אייגן קינד. און אַז סע וועט קומען די צײַט, וועט ער מיך מיט גאָטס הילף אויך חתונה מאַכן. האָב איך געלאַכט און געפֿרעגט: „זיידע, מיט גאָטס הילף און מיטן פֿעטער מאָקיעס קעשענע?"

# דעם פֿעטער מאָקיעס ביכעלע

דער זיידע האָט נעבעך נישט געוואָלט הערן פֿון אַמעריקע, אָבער ריווציע האָט אָנגעהויבן שרײַבן איך זאָל נישט דערוועגן צו לאָזן פֿאַלן די שיפֿסקאַרטע, ווײַל סע וועט מיר באַנג טון. אײַ, ס'איז דעמאָלט געווען אַזוי שלעכט אין אַמעריקע? וועט די שלעכטע צײַט אַוועק און סע וועט זיך ווידער מאַכן אַרבעט, אַבי געזונט און גוטן ווילן.

תּיכּף נאָך די יום־טובֿים האָב איך מודיע געווען דער רײַזע־אַגענטור,

אַז כ׳בין גרייט צו פֿאָרן, נאָר בעט איך זיי, אַזוי ווי סע וועט זיך מאַכן עפּעס אַ גוטע געזעלשאַפֿט זאָלן זיי מיר לאָזן וויסן, וועלן מיר אין איינעם פֿאָרן. אָבער ס׳איז געווען דאָס גוטע יאָר, ווען מע האָט זיך אין גאָלדענעם לאַנד געוואָרפֿן פֿונעם פּיפּטן גאָרן פֿאַר נויט, און אַלע וואָס האָבן געהאַט שיפֿסקאַרטן האָבן מוחל געווען די אַמעריקאַנער גליקן און זענען געבליבן אין דער היים. אָבער איך — אַ קליינע מויד, נאָר אַ גרויסער עקשן האָב מיך פֿאַר גאַרנישט געשראָקן. וואָס מישטיינס געזאָגט האָב איך שוין געהאַט צו פֿאַרלירן? זיצן בײַם זיידן, פּאַסן די קו און וואַרטן דער פֿעטער מאָקיע זאָל מיך שפּעטער אַ מאָל דאַרפֿן פֿאַרזאָרגן, האָב איך בשום־אופֿן נישט געוואָלט.

כ׳געדענק, די באָבע האָט מיך אַ מאָל אַרויפֿגעשיקט אין הויף צום פֿעטער מאָקיע עפּעס נעמען און פּונקט ווען כ׳האָב אויפֿגעמאַכט די טיר איז דער פֿעטער מאָקיע אַרײַנגעקומען. מיך דערזען, האָט ער געגעבן אַ פֿרעג: „חנה־גיטל, ווער איז דאָס מיידל?" די מומע האָט אים געענטפֿערט: „דאָס איז דאָך נפֿתּליס איינִיקל, טויבעס מיזינקע". דער פֿעטער האָט מיך צוגערופֿן און געפֿרעגט: „ווי רופֿט מען דיך טאָכטער?" „ליפֿשע טויבע נפֿתּליס" האָב איך דרייסט געענטפֿערט. ער האָט אָנגעהויבן זוכן אין די קעשענעס, ביז ער האָט אַרויסגענעמען עפּעס אַ ביכעלע און אָנגעהויבן מישן און זוכן און אַזוי צו זיך אַליין רעדן: „אַז זי איז נאָך נישטאָ, דאַרף מען זי פֿאַרשרײַבן". איך האָב תּיכף פֿאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, און האָב מיך קאַליש אָנגערופֿן: „פֿעטער, פֿאַרשפּאָרט אײַך די אַרבעט. איך פֿאָר אַוועק קיין אַמעריקע". דער גוטער פֿעטער מאָקיע האָט אויפֿגעהויבן די לאַנגע שוואַרצע ברעמען און אַ פּאָר גוטע קלוגע אויגן האָבן מיך אָנגעקוקט. ער האָט געזאָגט: „גאָט זאָל דיך פֿירן אין גלײַכן וועג, און אַז דו וועסט האַלטן בײַם פֿאָרן, זאָלסטו דיך קומען געזעגענען".

ווען כ׳בין אַהיימגעקומען און דערציילט דער באָבען, האָט זי אָנגעטייעט פֿון מײַן ענפֿער. כאָטש זי איז געווען קעגן מײַן פֿאָרן, איז איר אָבער געווען אַזוי דערעסן דאָס וואָס דער פֿעטער מאָקיע איז געווען דער וואָס ער האָט פֿאַרזאָרגט אירע טעכטער און נישט דער טאַטע. און אַזוי ווי כ׳בין איר געשטאַנען זייער נאָענט, האָט זי זיך געפֿרייט מיט מײַן אַרײַנזאָגן אים. זי האָט מיך נאָר געפֿרעגט, פֿון וואַנען כ׳האָב געוווּסט, וואָס ער האָט געמיינט. האָב איך איר געזאָגט: „מע דאַרף זײַן אַ חכם צו פֿאַרשטיין צו וואָס ער האָט געזוכט דאָס ביכעלע? כ׳האָב נישט שוין הונדערטער מאָל געהערט פֿון דער מעשׂה, אַז ער טראָגט בײַ זיך פֿאַרשריבן אַלע יתומים און גלאַט אָרעמע מיידלעך אין דער משפּחה, וואָס ער וועט מוזן פֿאַרזאָרגן?

אַז דער זיידע האָט דערהערט פֿון דעם, איז עס אים נישט אַזוי שטאַרק געפֿעלן, ווײַל ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז צו זײַן ברודער מאָקיע דאַרף מען זיך גוט די הענט וואַשן, איידער מען רעדט צון אים, קומט אַזאַ שנעק

און ענפּערט אַזוי אָפּ... מיר האָט ער גאַרנישט דערמאָנט פון דעם, נאָר איך האָב געהערט, ווי ער האָט פאַרגעהאַלטן דער באָבען: „דײַן קאָפּ דערבײַ. אַלטע שפּײַען און יונגע קײַען". אָבער פאַרפאַלן — ס'איז געשען. נאָר איין חסרון האָט עס דאָך געהאַט. ווען די איבעררייד וואָלט נישט געווען פאָרגעקומען, וואָלט איך געווען געגאַן מיך געזעגענען אין הויף אַרײַן און דער פעטער וואָלט מיר זיכער געווען געגיבן אַ צענערל אַ נעדיזנע. אַזוי בין איך נישט געגאַן. כ'האָב געקענט באַשטיין, מײַן רײַכער ברודער חיים זאָל מיר געבן אויף דער באַנקאַרטע ביז אַנטווערפּן, ווײַל מײַן שיפסקאַרטע איז געווען באַצאָלט בלויז פון אַנטווערפּן ביז ניו־יאָרק. סע רעדט זיך נאָר אַזוי „באַצאָלט". מע האָט זי געדאַרפט באַצאָלן און דאָס האָט געדויערט אפשר אַ יאָר.

## איך גרייט מיך אין וועג אַרײַן

כ'האָב געוואַרט ביז ס'איז אָנגעקומען דער טערמין: אָדער איך פאָר, אָדער מע וועט צו נישט מאַכן מײַן פאָרן. בין איך מיט חיים אַרײַנגעפאָרן קיין טשערנעוויץ און האָב געלאָזט פאַר מיר מאַכן אַלע פּאַפּירן. אין אַ שנייזיקן, קאַלטן טאָג איז אָנגעקומען די בשורה, אַז מע האָט שוין פאַר מיר באַשטעלט אַ פּלאַץ אויף דער שיף „פאַטערלאַנד", וואָס זי וועט דעם צוואַנציקסטן יאַנואַר אָפּגיין פון אַנטווערפּן.

איז מען מיט מיר אַרײַנגעגאַן אין זאַלישטשיק צון אַ קרעמער, וואָס האָט געהאַנדלט מיט פאַרטיקע קליידער. אַז ער האָט דערזען די חד־גדיא, האָט ער אַרויסגעזוכט אַ בלאָען מאַנטל מיט עפּעס אַ סאַמעטענעם קראַגן, מיט גרויסע מעשענע קנעפּ. ס'איז זיכער געווען אַן איבערבלײַבעניש פון כעמיצקעס צײַטן, און געלעגן איז ער אויף מיר ווי אַ הונט אויף אַ לײַלעך: אַ ביסל לויז (סע שאַט נישט, מע וועט מאַכן אַ פּאַלבאַן), אָבי אַ מאַנטל און דערצו מיט מעשענע קנעפּ; אַ ביסל איז ער אויוון געווען ברייט, הינטן — שמאָל (אָבער ס'איז אַ קלייניקייט: ער האָט געהאַט אַ גוטן אײַנ־שלאַק...). כ'האָב געזען, מע טוט מיך אָן ווי פּורים צום פאַרשטעלונג, אָבער כ'האָב נישט געסמיעט זיך אַרײַנצומישן,— ס'זענען דאָך עפּעס געגאַן מבינים: ליפּשעלע דעם פעטער ניסנס, וואָס איז געוואַקסן אין זאַלישטשיק און געהאַט רײַכע חברטעס. זי האָט אוודאי מער פאַרשטאַנען פון מיר! כ'האָב מיר געטראַכט, אַז כ'וועל נאָר אַראָפּגיין פון דער שיף, וועט מיך לאָזער אויסקליידן ווי אַן אמתע אַמעריקאַנערקע. אַז ער האָט אַזוי געטון צו ריוויזיען, פאַר וואָס נישט צו מיר?

אַז מע האָט מיך אַרײַנגעפירט צו דער מאָדיסטקע קויפן אַ הוט און זי האָט דערזען דעם מאַנטל, האָט זי צוגעפּאַסט פּונקט דאָס וואָס זי האָט געוואָלט פּטור ווערן — אַ ווײַסע אַסטראַכאַן־קאַפּע. ס'האָט געהייסן „ווײַס",

אבער אַז די געוועלבעריין האָט געקענט פֿון שוואַרץ נעבעך ווערן גראָ און נישט געפֿינען קיין בעלן, וואָס איז דער חידוש אַז עפּעס אַ ווײַס־קעצענע קאַפּע, וואָס איז געלעגן כּמה יאָרן פֿאַרשטויבט אין אַ ווינקל זאָל דעם קאַליר פֿון געל־גראָער ווײַסקייט באַקומען? אַז איך האָב דערזען דעם הוט מיט דער ווײַסער פֿעדער, ווי אַ רעוויזאָר פֿלעג טראָגן, האָב איך שוין גאָר קיין ווערטער נישט געהאַט. וואָס זיי האָבן גענומען, האָב איך געזאָגט באָם.

אַזוי האָט מיך די מאַמע אויסשטאַפּירט, מיר נאָך אָפּגעבאַקן אַ זעקעלע סוכאַרקעס, כ׳זאָל נישט פֿאַרהונגערן חלילה; אויך האָט זי מיר מיטגעגעבן אַ פּאָר הייפּטלעך קנאָבל — די ווײַבער האָבן געזאָגט, אַז קנאָבל איז אַ רפֿואה פֿאַר דער ים־קרענק — אַז מע קומט אין מיטן ים, זאָל מען כּסדר עסן קנאָבל, און ווער סע קען נישט עסן, זאָל כאָטש שמעקן דערצו. צו דער ריכטיקער מינוט האָט מען מיך אָפּגעפֿירט קיין טשערנעוויץ, ווו כ׳האָב געדאַרפֿט טרעפֿן עפּעס אַ משפּחה, וואָס האָט געדאַרפֿט אויך פֿאָרן דורך דער זעלבער אַגענטור קיין אַמעריקע. אָבער ווי אומגליקלעך בין איך געוואָרן דערהערנדיק, אַז יענע משפּחה האָט איר פֿאָרן אָפּגעלייגט אויף זעקס חדשים, און איך — דער גרויסער העלד — מוז מיך אַליין לאָזן אין וועג אַרײַן. חיים, אַ וועלטסמענטש, האָט מיך געטרייסט, אַז אַליין וועל איך נאָר פֿאָרן ביז מיסלאָוויץ (דאָס איז געווען די רוסיש־דײַטשע גרענעץ), און דאָרט קומען געוויג ייִדן פֿון רוסלאַנד, וואָס פֿאָרן דעם זעלבן וועג. „וועסט שוין געפֿינען קאָמפּאַניע, זאָלסט נאָר נישט אַנטשלאָפֿן ווערן, ווײַל מע קען בײַ דיר צונעמען דאָס רענצל מיט אַלע זאַכן און דו קענסט בלײַבן אָן אַ העמד!“.

די שיפֿסקאַרטע האָט מען מיר אײַנגענייט אין אַ זעקעלע אויפֿן האַלדז. אָבער די באַנקאַרטע און מײַן אַנגעטועכץ מיט די פּאָר קראַנעץ, וואָס האָט געדאַרפֿט קלעקן ביז אין דער גאָלדענער מדינה זענען געלעגן אויף דער פּאָליצע אין אַ רענצל, און איך האָב נישט געטאָרט אַראָפּנעמען אַן אויג דערפֿון גאַנצע דרײַ מעת־לעת (אַזוי פֿיל האָט געדויערט דער וועג ביז אַנטווערפּן). מע האָט מיר אָנגעזאָגט וויפֿל מאָל איך דאַרף מיך איבערזעצן. ביז לעמבעריק איז דער צוג געגאַנגען דירעקט; פֿון לעמבעריק ביז קראָקע איז אויך דאָ אַ דירעקטער צוג, מע דאַרף נאָר האַלטן אָפֿן די אויגן. און אַז מע ווייסט נישט — פֿרעגן. ווער סע פֿרעגט, דער בלאָנדזעט נישט. פֿון קראָקע קיין מיסלאָוויץ איז שוין אַ קלייניקייט: בלויז איין נאַכט פֿאָרן...

## איך פֿאָר קיין אַמעריקע

נאָך די אַלע אָנזאָגעכצן און געזעגענען זיך, האָב איך מיך אויפֿגעזעצט אין דער באַן. מיד בין איך געווען, און ביטער אויפֿן האַרץ: כ׳האָב מיך

אַרומגעקוקט — לויטער פרעמדע פּנימער. אַז דער צוג האָט זיך גערירט, האָב איך אָנגעהויבן וויינען און רעדן צו גאָט: פאַר וואָס בין איך אַזוי אומגליקלעך, אַז אַפילו אַ היימישער מענטש איז מיר נישט באַשערט צו האָבן אין דעם לאַנגן וועג, וואָס טראָגט מיך אַוועק פון מײַן היים און מײַן יוגנט? ווער ווייסט וואָס סע וואַרט אויף מיר דאָרט, אין דעם ווײַטן פרעמדן לאַנד?

אַזוי זיצנדיק און שטיל וויינענדיק זענען מיר אָנגעקומען ביז קיין סטאַניסלע. סע האָט געגיבן אַ שפּאַר אַרײַן דורכן פענצטער ליכט פון דעם גרויסן וואָקזאַל; אַ רעש, גערודער, געשרייען אין פאַרשידענע לשונות. כ׳בין געזעסן אַ פאַרחלשטע פון צרות און טרויער. קומט צו מיר צו אַ פרוי, וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן אַקעגן מיר און מיך באַטראַכט, און זי זאָגט צו מיר: „טאָכטער, גיי אַראָפּ, נעם אַ טרונק וואַסער, וועסטו אויפ־געמונטערט ווערן". איך האָב מיך דערפרייט הערנדיק אַזוינע צוגעלאָזטע ווערטער. „ביז ווהין פאָרט איר?" האָב איך זי געפרעגט. „איך פאָר, זאָגט זי, ביז קראָקע", און דאָ האָט זי מיך געפרעגט ווהין איך פאָר. מיר אָבער האָט מען אָנגעזאָגט כ׳זאָל קיינעם נישט דערציילן, אַז איך פאָר קיין אַמעריקע, אַנישט וועט מען בײַ מיר צוגנבֿענען די שיפסקאַרטע, כ׳וועל נישט קענען דערהיטן די גנבֿים. און כאָטש כ׳האָב דערקענט, אַז די פרוי איז נישט איינע פון די וואָס איך דאַרף פאַר זיי מורא האָבן, אָבער מע האָט מיר אַזאַ סך אַרײַנגעקלאַפּט אין קאָפּ, אַז כ׳האָב נישט געקענט קיינעם גלייבן און כ׳האָב איר געזאָגט אַ ליגן, אַז כ׳פאָר אויך קיין קראָקע. „אויב אַזוי פאָרן מיר אין איינעם ביז קראָקע, און דערנאָך איז גאָט אַ פאָטער!" פון די לעצטע ווערטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מײַן שכנטע פאָרט אויך ווײַטער, נאָר זי לײַדט אויפן זעלבן אונטערגאַנג וואָס איך — זי האָט מורא אויסצוזאָגן, אַז זי פאָרט קיין אַמעריקע, פאַר גנבֿים. כ׳האָב מיך דערפרייט מיט דער פרוי, און אַז זי האָט נאָך אַ מאָל מיך דערמאָנט, כ׳זאָל גיין טרינקען אַ גלעזל טיי אָדער סאָדאַ־וואַסער, האָב איך זי גע־פאָלגט און בין אַראָפּ אויף דער גרויסער סטאַנציע.

## שרעק מיך, אָבער שטראָף מיך נישט

ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן, וואָס כ׳האָב געזען אַזאַ סך מענטשן און אַזאַ גערודער געהערט. איך בין ווי צעחושט צו צום בופעט און מיר געהייסן גיבן אַ טרונק. און ווי כ׳האָב נאָר צוגענעמען דאָס גלאָז צום מויל, הער איך אַ געשריי אויף פויליש, אַז די באַן גייט שוין אָפּ און יעדער זאָל גיך זיך אַרײַנזעצן. איך האָב נישט פאַרשטאַנען — ווי איז דאָס מעגלעך? די פרוי האָט מיר דאָך געזאָגט, אַז די באַן שטייט דאָ צוואַנציק מינוט, און איצט איז ערשט פינעף אָדער זעקס מינוט. אָבער

אין מײַן אויפֿרעגונג האָב איך געטראַכט, אַז אפֿשר האָב איך נישט גוט פֿאַרשטאַנען און איבערלאָזנדיק דאָס גלאָז אויפֿן טיש, בין איך תּיכּף אַרויסגעלאָפֿן און — ריכטיק: דער קאָנדוקטאָר שטייט און טרײַבט אַרײַן אַלע פּאַסאַזשירן. איך, נישט-טויט נישט-לעבעדיק, בין אַרויף אויפֿן צוג און קאָם בין איך געווען אינעווייניק, האָט זיך שוין דאָס טירל פֿאַרמאַכט, און מע פֿאָרט. פֿאַרדעכעט, קאָם געקענט דעם אָטעם אָפּכאַפּן, בין איך געלאָפֿן פֿון קופּע צו קופּע און געזוכט די פֿרוי, וואָס זי האָט געהיט מײַנע זאַכן. אָבער — אַ נעכטיקער טאָג, נישט די פֿרוי און נישט די זאַכן!

די מענטשן האָבן מיך געזען אַרומלויפֿן, האָבן זיי אַ פּנים געמיינט אַ צעדולטע זוכט דעם נעכטיקן טאָג. ביז איך בין צוגעגאַן צו אַ ייִד וואָס איז געזעסן און מיך באַטראַכט מיט רחמנות. כ'האָב אים געפֿרעגט ווהין דער צוג גייט. „וואָס הייסט ווהין? קיין סטרי". כ'האָב דאָס דערהערט, האָב איך שיִער נישט געחלשט: סטרי ליגט פּונקט אויף דער פֿאַרקערטער זײַט ווו מײַן צוג האָט געזאָלט פֿאָרן. איך בין געבליבן זיצן און טרערן האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן איבער מײַן פּנים. סע האָבן זיך אַרום מיר אַרומ־געשטעלט מענטשן און יעדער האָט עקסטער געוואָלט וויסן, וואָס ס'איז געשען. איך האָב מיט אַלע כּוחות געפּרוּווט מיך באַרויִקן, ווײַל כ'האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ווײנען וועט מיר גאָרנישט העלפֿן, מע מוז עפּעס טון. כ'האָב זיי דערציילט וואָס מיט מיר איז געשען. זיי האָבן מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז מײַן באַן קער אַוודאי נאָך דאָרט שטיין אין לעמבעריק, אָבער איך פֿאָר קיין סטרי. און דאָס אַרויסגיין אויף אַ קליינער סטאַנציע, אַזוי ווי איך האָב געוואָלט, וועט מיר גאָרנישט העלפֿן, סע וועט נאָך אַרגער מאַכן, ווײַל פֿון סטרי וועל איך גיכער קענען קומען קיין לעמבעריק ווי פֿון אַ קליינער סטאַנציע. אַז, כ'בין געבליבן אָן די זאַכן און אָן דעם באַנבילעט, אויך קײַן גרײַצער בײַ דער נשמה האָב איך נישט? ווי אַזוי וועל איך ווײַטער קענען פֿאָרן? באַלד וועט אַרײַנקומען דער קאָנדוקטאָר איבערקוקן די בילעטן און איך האָב אים גאָרנישט צו ווײַזן...

כ'האָב פֿריש אָנגעהויבן צו וויינען — וואָס זאָל איך טון? אָבער סע געפֿינען זיך אומעטום ייִדן בני־רחמנים, האָבן זיך צוניפֿגענומען אַ פּאָר יונגע־לײַט, וואָס פֿאָרן טאָג־ונאַכט אַרום און זענען אויסגעקאָכט מיט אַלע קאָנדוקטאָרס, און בײַ דער ערשטער סטאַנציע זענען זיי אַראָפּ און אַרויפֿגע־בראַכט דעם פּאָליאַק. דאָס ערשטע האָבן זיי געפּועלט, ער זאָל מיך לאָזן פֿאָרן אָן אַ בילעט ביז קיין סטרי. אויך האָט ער זיי צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיך איבערגעבן דאָרט צו דעם קאָנדוקטאָר, וואָס וועט פֿירן דעם ערשטן צוג קיין לעמבעריק. ר'איז געווען אַ בעווילניער גוי און האָט צוגעזאָגט אַזוי צו טון, ווי זיי האָבן אים געבעטן. איז דאָך שוין גוט? פֿרעג איך אים — פּויליש האָב איך גוט געקענט — וואָס וועט זײַן, אַז כ'וועל מײַנע זאַכן נישט געפֿינען? און ווי אַזוי קען איך זיי טאַקע געפֿינען? האָט

דער פּאַליאַק מיר געענטפערט, אַז מע קען טעלעגראַפירן צום צוג, וואָס האָט געדאַרפט זײַן צו דער און דער צײַט אין לעמבעריק און איז שטיין געבליבן אין סטאַניסלע, און סע האָט אַזוי און אַזוי געטראָפן. „ווערט זיך דען עמעצער נעמען די צײַט און די מי און אַרומגיין דעם גאַנצן צוג זוכן?" האָב איך געפרעגט. „אַוודאי", האָט דער פּאַליאַק געזאָגט, ווען איך זאָל וויסן דעם וואַגאָן־נומער וואָלט דאָס געווען אַ סך לײַכטער". און ווי ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט, האָב איך פּלוצעם געגעבן אַ שפּרינג אויף — כ׳וויס דעם נומער פון וואַגאָן! אַלע האָבן מיך אָנגעקוקט, ווי איך רעד פון היץ. ווי קען איך געדענקען אַזאַ לאַנגן נומער, ווען כ׳האָב אַפילו נישט געקענט טרעפן מײַן אייגענעם צוג? ס׳איז אָבער דאָך אַזוי געווען. בײַם אַרויסגיין פון צוג האָט מײַן האַרץ מיר אַ פּנים געזאָגט, אַז מע קען נישט וויסן, סע קען עפּעס געשען, האָב איך מיר אײַנגעחזרט דעם נומער פונעם וואַגאָן.

ווי די אַרומיקע האָבן דאָס דערהערט, האָט מען אָנגעהויבן אַנדערש אויף מיר צו קוקן. מע האָט זיך צונויפגעלייגט די פּאָר זעקסערלעך און דער קאָנדוקטאָר האָט געשיקט אַ טעלעגראַם. איך בין געזעסן און געבעטן גאָט, סע זאָל מיר געשען אַזאַ נס, כ׳זאָל געפינען דאָס רענצל מיט מײַנע זאַכן. ביז סטרי איז שוין געווען ווי ס׳איז. מע האָט מיר אָנגעבאָטן עסן און טרינקען, אָבער ווער האָט געקענט קלערן פון אַזעלכע זאַכן, אַז מײַן גאַנץ לעבן האָט געהאָנגען אין איין געדאַנק: צי וועל איך געפינען מײַנע זאַכן?

אַרום צוועלעף בײַ נאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין סטרי. די שטאָט וואָס איז מיר באַקאַנט געווען פון מײַנע קינדער־יאָרן — מײַן מאַמע פלעג מיר תמיד זינגען דאָס לידעלע:

פּי, פּי, פּי, דײַן מאַמע וועט פאָרן קיין סטרי.
וואָס וועט זי דיר ברענגען? אַ קעלבעלע מיט אַ קו.
ווער וועט עס מעלקן? איך און דו.
ווער וועט טרינקען די מילעך? טאַקע נאָר דו.

צום סוף, קום איך גאָר קיין סטרי מיט האַרץ־קלאַפּעניש: וואָס וועל איך דאָ אָנהייבן? נישט קיין געלט, נישט קיין באַקענטע, און דאָס אַרגסטע פון אַלע צרות: ס׳איז ווינטער און איך בין געבליבן אָן אַן אייבערשט מלבוש. זיצנדיק אין געהאַקטע צרות האָב איך געהאַלטן אין איין בעטן גאָט: „רבונו־של־עולם, שרעק מיך, אָבער שטראָף מיך נישט!" אַזוי פלעגן די אַלטע ווײַבער תמיד זאָגן, ווען ס׳איז אויף זיי געקומען אַ צרה און איך, אין דער גרויסער מצודה, בין אויך געוואָרן אַן אַלטע ייִדענע און מיך אויסגעטענהט מיטן אייבערשטן.

סע האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן די ערשטע צייכנס פון דער שטאָט־טישער באַנסטאַנציע און די מענטשן וואָס זענען מיט מיר געפאָרן האָבן זיך מיט מיר געזעגנט. זיי האָבן מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל נישט אָפּטרעטן פונעם ערל — ער האָט צוגעזאָגט מיר ווי ווײַט מעגלעך צו העלפן. דער

צוג איז שטיין געבליבן און אַלץ וואָס לעבט איז אַרויס. איך, נעבעך — אַ לײַכטער פאַרשוין מיט אַ שווער האַרץ, בין פאַוואָליע נאָכגעגאַן דעם קאָנדוקטאָר. ער האָט מיך צוגעפירט צום שטיבל, ווו זיי בײַטן זיך איבער און איז אַרײַן. כ׳האָב מורא געהאַט, טאָמער וויל ער זיך אַרויסדרייען און וועט נעלם ווערן אין דער פינצטערער נאַכט, האָב איך דעם ערל נישט אָפּגעלאָזט פון אויג. ער איז אַרײַן אין וועכטער־שטיבל, בין איך אויך נאָך. מע האָט מיך אָנגעקוקט — איך האָב שוין מער נישט געקענט וויינען. כ׳בין אים שטום נאָכגעגאַן, און אַז זיי האָבן אים געפרעגט ווער דאָס באַשעפעניש איז, האָט ער זיי דערציילט די גאַנצע מעשה. זיי האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע אָנגעקוקט און מיט אַן איראָנישן שמייכל מיך באַטראַכט. איך בין געשטאַנען און געוואַרט — וואָס וועט מען מיט מיר דאָ טון? קוים זיך דערוואַרט: ס׳איז אַרײַנגעקומען איינער פון די זייעריקע, מײַן פאַר־זאָרגער, איז צון אים צוגעגאַן, און אים געגעבן צו פאַרשטיין אין וואָס דאָ גייט. יענער איז צו מיר צוגעקומען און געזאָגט איך זאָל נישט וויינען: אין צוויי שעה אַרום גייט אַ צוג אָפּ קיין לעמבעריק, וועט ער מיך מיט־נעמען און אַז כ׳וועל האָבן מזל, קען איך דאָרט געפינען מײַנע זאַכן. כ׳האָב אים געדאַנקט פאַר די טרייסטווערטער און פאַר מיטנעמען מיך. ווי זאָגט מען בײַ אונדז: אַ גוי פאַרלענגערט דאָס גלות. און דער גוטער גוי, וואָס האָט מיך מיטגענומען ביז קיין לעמבעריק אויף זײַן ריזיקע אָן אַ בילעט און האָט מיך נאָך געטרייסט, האָט זיכער פאַרדינט אַ גרויסע מיצווה. געהאָפט האָב איך טאַקע, אַז סע וועט זײַן אַזוי, אָבער אין מיר האָב איך געטראַכט: אַזאַ בר־מזל בין איך?

דערווײַל איז געווען וואַרעם אין שטיבל — ס׳האָט געברענט אַ גרויסער אײַזערנער אויוון און אַלע מאָל האָט מען אַרײַנגעוואָרפן אַ פּאָר לאָפּעטעס קוילן. כ׳בין געזעסן און געטראַכט — וואָס וואָלט איך געטון איצט אין דרויסן? ס׳איז פינצטער און סע פּוקעט אַ שניי, און איך — הויל און בלויז. צו יעדן אומגליק באַשערט גאָט אַ שטיקל גליק. דער זייגער האָט זיך דערווײַל צוגערוקט צו עלעף, און מײַן באַשיצער האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז אין פינעף מינוט גייט אָפּ דער צוג, מיר מוזן גיין.

מיט מיר האָט עס געוואָרפן פאַר קעלט און הונגער, אָבער איך האָב געשוויגן ווי די פינצטערע נאַכט. גוט וואָלט געווען, ווען קיינער וואָלט מיך נישט געזען, — אָן אַ מאַנטל, אָן סאַק־און־פּאַק — דער עולם אין קופּע האָט דערזען אַזאַ ווילדן פאַרשוין, איז מען צו מיר צוגעשטאַנען: ווו זענען מײַנע זאַכן? אָן אַ מאַנטל אין דער ווינטערדיקער נאַכט?

אַקעגן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין לעמבעריק. ווען דער צוג איז שטיין געבליבן, ווייס איך נישט מיט וואָס פאַר אַ כוח כ׳בין אַראָפּ פון צוג און מיך נאָכגעשלעפּט דעם קאָנדוקטאָר. לעמבעריק האָט דענצמאָל געהאַט דעם שענסטן וואָקזאַל אין גאַנץ מיזרח־אייראָפּע, און אַלע וואָס האָבן אים שוין געהאַט געזען האָבן מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל למען־השם

נישט פֿאַרגעסן גוט מיר אָנקוקן דעם גאַנצן וואָקזאַל, ווײַל ס׳איז אַ חריפֿות. האָב איך דאָך אַוודאי דעמאָלט נישט מער געהאַט אין קאָפּ, ווי צו באַוווּנ־דערן דעם באַנהאָף...

ס׳האָט מיר געוואָרפֿן צאָן אין צאָן פֿאַר קעלט און שרעק — טאָמער חלילה, נישט די שעה זאָל עס זײַן — כ׳וועל נישט געפֿינען מײַן פּעקל, וואָס וועל איך טון? אַ כּלל, גאָט איז אַ פֿאָטער — איך בין נאָכגעגאַן דעם גוטן מענטש, טרעפּ־אַרויף, טרעפּ־אַראָפּ, ביז ר׳האָט מיך צוגעפֿירט עפּעס צון אַ גרויסן פּלאַץ, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ וועכטער־שטיבל. אינע־וויניק איז געווען ליכטיק, אָבער קיינער איז דאָרט נישט געווען. דער מאַן האָט מיר געהייסן וואַרטן אין דרויסן און ער האָט אויפֿגעמאַכט די טיר. ווען איך האָב געכאַפּט אַ קוק אין שטיבל אַרײַן, האָב איך נישט געקענט גלייבן מײַנע אויגן: אויף אַ באַנק איז געשטאַנען מײַן רענצל און פֿון אויוון איז געלעגן מײַן מאַנטל מיט מײַן ווײַסער קאַפּע, וואָס איך האָב פֿון זיי אַזוי אָפּגעשפּעט, ווען מע האָט עס פֿאַר מיר אײַנגעהאַנדלט. איצט, אַז איך האָב זיי דערזען, האָב איך געגעבן אַזאַ קוויטש פֿאַר פֿרייד. דער גוי האָט זיך איבערגעצלמט. מ׳האָט אויפֿגעמאַכט דאָס רענצל און אַלץ געטראָפֿן, אַפֿילו אַ צייגדל קנאָבל האָט נישט געפֿעלט. דער גוטער פּאַ־ליאַק האָט מיר געהאָלפֿן טראָגן דאָס רענצל און איך האָב מיר אָנגעטון דעם מאַנטל און הוט און בין ווידער געוואָרן אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך. ער האָט מיך צוגעפֿירט צו דער קאַסע, און איך האָב מיר געקויפֿט אַ בילעט ביז קראָקע. מיר האָבן זיך אָפּגעזעגנט און איך האָב זיך אַוועק־געזעצט וואַרטן אויף מײַן צוג. איך בין געווען אַזוי אָפּגעמוטשעט — נישט געשלאָפֿן, נישט געגעסן שוין פֿיר און צוואַנציק שעה. אָבער איך האָב געדאַנקט און געלויבט גאָט, וואָס איך בין אָפּגעקומען מיט דער שרעק. נישט אומזיסט פֿלעג די באָבע זאָגן „ווען פֿרייט זיך אַן אָרעמאַן? אַז ער פֿאַרלירט און געפֿינט".

## מע קען זיך אויף מיר פֿאַרלאָזן

פֿאַרנדיק פֿון לעמבעריק קיין קראָקע האָב איך מיך שוין באַקענט מיט מענטשן. מע האָט געשמועסט און געזונגען און אַזוי איז אַוועק די צײַט. מיט איין פֿאַמיליע, וואָס זי איז אויך געפֿאָרן קיין מיסלאָוויץ, האָב איך מיך נענטער באַקענט, און מען איז שוין נישט אָפּגעטרעטן איינס פֿון ס׳אַנדערע. בײַם איבערשטײַגן אין צוג קיין מיסלאָוויץ איז שוין געווען אַ גרויסע פֿרײַנדשאַפֿט. זיי זענען אַראָפּגעגאַן, געבראַכט הייסע טיי. איך האָב געמוזט מיטהאַלטן מיט זיי, דערפֿאַר האָב איך זיי געזונגען שיינע לידער. זיי האָבן זיך גאָר געקוויקט מיט מײַן זינגען, און איך — מיט זייער זיסער טיי. ס׳איז געווען חי־געלעבט.

מיר זענען אָנגעקומען קיין מיסלאָוויץ צוועלעף בײַ נאַכט. אַז דער צוג איז שטיין געבליבן, האָבן שוין אַ פּאָר מאַכעבולעניקעס פֿון דער אַגענטור אויף אונדז געוואַרט. זיי האָבן אונדז אַרײַנגעפֿירט אין אַ זאַל און מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי, ווו מע האָט אונדז פֿאַרשריבן און אָוועקגענעמען די ווערטזאַכן. דערנאָך האָט מען אונדז אָנגעוויזן, ווו מיר וועלן זיך אויפֿהאַלטן ביז צום אָוועקפֿאָרן פֿון דאַנעט. אַז איך האָב אויפֿגעמאַכט די טיר פֿונעם זאַל, ווו מיר האָבן געזאָלט זיך אײַנקוואַרטירן, האָב איך דערזען אַ פּאָר הונדערט מענטשן און אַ שטונק האָט מיר אַ זעץ געטון אין דער נאָז, אַז כ׳האָב שיִער נישט געחלשט. אַלע וואָס זענען געווען מיט מיר אין צוג האָבן זיך אַרײַנגעשלעפּט מיט די פּעק און מיט זייערע קינדערלעך, נאָר איך בין געבליבן שטיין און נישט געקענט זיך רירן פֿון אָרט: סטײַטש — אַזוי פֿיל מענטשן, וואָס האָט מען אונדז דאָ אַרײַנגעשטופּט? אָבער באַלד איז מיר קלאָר געוואָרן: ס׳איז דער זאַמלפּלאַץ פֿאַר די עמיגראַנטן. דאָ קומט מען זיך צונויף, די גאַנצע כאַפּטע, וואָס זיי דאַרפֿן אין דער וואָך אָפּפֿאָרן קיין אַמעריקע. פֿון דאַנען ווערן זיי מיט וואָך אָפּגעשיקט צו זייען שיף. „און ווי לאַנג, האָב איך געפֿרעגט אַ ייִד, וואָס ער איז צו מיר צוגעקומען, דאַרף מען אַדאָ וואַרטן?" „בישקשה, האָט ער מיר געענטפֿערט, ווי דאָס מזל טראָגט אויס — צוויי־דרײַ מעת־לעת — און אַ מאָל מער. אַזוי ווי ס׳איז שוין דאָנערשטיק און שבת מוז די שיף אָפּגיין, איז שוין נישט צו ווײַט צו וואַרטן".

איך האָב פֿאַר חידוש זיך נישט געקענט רירן פֿון אָרט: ווי אַזוי קענען מענטשן זיך דאָ אויפֿהאַלטן אַ פּאָר מעת־לעת? „ווו שלאָפֿט מען דאָ?" האָב איך געפֿרעגט. „ווער סע קומט פֿריִער, דער געפֿינט אַ שטיקל פּלאַץ אויף אַ באַנק, און ווער נישט — איז דאָך דאָ אַזאַ גרויסע פּאָד־לאָגע... און בעטגעוואַנט האָט ברוך־השם יעדער ייִד, איז קיין דאגה נישט ווו צו שלאָפֿן. אײַ, ווײַבער מיט קליינע קינדער פּלאָגן זיך אַ ביסל צו? נו, איז וואָס? בײַ פּאַניען האָט מען זיך מער געפּלאָגט. גאָט האָט געהאָלפֿן, מיר ווערן פֿון אים פּטור, מעג עס אָנקומען אַ ביסל שווערלעך. נאָר פֿון די עשׂוים לײַדט מען דאָ אויך דאָס גלות. זיי זענען געזונט ווי די פֿערד — ווער קען זיך מיט זיי באַרען וועגן אַ שטיקל פּלאַץ? זיי פֿאַרנעמען טאַקע די בענק, און אונדז ייִדן ליג׳מיר טאַקע אויף דער פּאָדלאָגע".

„און עסן?, האָב איך געפֿרעגט, אַז איר זענט שוין אַ פּאָר טעג דאָ, דאַרף מען דאָך עסן". „איז טאַקע צרות", האָבן מיר עטלעכע ווײַבער מיט אַ מאָל געענטפֿערט. „ווער ס׳האָט נאָך אַ פּאָר רובל, גייט אַרײַן — דאָ איז דאָ אַ קאַנטינע — מע קען באַקומען אַ געקאָכט איי, אַ בולקעלע, און סאַמעוואַרעס האָבן מיר געַנוג, טיי און צוקער, אויך וואַסער — קיין דאגה נישט. נו, איז וואָס, מע וועט שוין דורכשטורקען די צײַט.

דאָס ייִדישע גלות זאָל אַזוי פֿיל געדויערן, ביזקל וואָגעט אונדזער זײַן דאָ וועט געדויערן. זיי, די עשׂוים גייט עס צעזעצטערהייט: דאָס פֿרעסט דבֿר־אַחר, דאָס זשליאָגעט יש און דערנאָך גיט דאָס ריחות פֿון זיך, אַז מע קען דערשטיקט ווערן". נאָר — אַ ברירה האָט מען? מע נעמט אַלץ אָן פֿאַר ליב, אַבי וואָס ווײַטער פֿון פּאָניע חזיר. „דאָס אומגליק איז דאָס, זאָגט נעבעך דער ייִד, ס'איז נישטאָ ווו צו נעמען אַ ייִדיש וואָרט אין מויל אַרײַן. אין דער טמאר שטוב טאָר מען דאָך אַפֿילו נישט אַ סידורל אויפֿמאַכן!" „נו, האָב איך געפֿרעגט, ווער גיט דאָ אַכטונג, סע זאָל קיין אומגליק נישט געשען?" „וואָס הייסט — ווער? עטלעכע מאָל אַ טאָג מאַכט מען דאָ אויף די טיר און סע קומען צו גיין עפּעס דײַטשן, גיבן עפּעס אַ בורטשע אויף דײַטשמעריש, האַלטן זיך צו די נעז, גיבן אַ שפּײַ: 'פֿפֿוי, שוואַײַנע!' און גייען אַוועק. נאָר אײנער איז דאָ עפּעס אַ פֿײַן דײַטשל, וואָס גייט אָנגעטון ווי אַן אָפֿיציר; שענקט די קינדער אַ צוקערל און זאָגט, אַז מאָרגן וועלן מיר פֿאָרן. אָבער ווער קען דען מיט אים רעדן?"

„איר קענט אפֿשר רעדן דײַטש?" האָבן אפֿשר צוואָנציק פּאָר אויגן אויף מיר זיך אָנגעשטעלט. „אַוודאי קען איך", האָב איך געענטפֿערט. „נו, גייט אַרײַן אין קאַנטינע און רעדט פֿאַר אונדז עפּעס אַ גוט וואָרט". אין דער קאַנטינע איז טאַקע געווען פֿון אַלעם גוטן צו באַקומען, נאָר ערשטנס איז נישט געווען דאָס געלט, און צווייטנס — ווער האָט דען געוואָלט עסן? שלאָפֿן, מיך אָפּוואַשן, אַ ביסל רו נאָך דער דרײַטעגיקער נסיעה; די שיך, וואָס זיי זענען מיר שוין געווען ווי צוגעוואַקסן צו די פֿיס, אַראָפּנעמען, און זיך קענען אויסשטרעקן אויף אַ בעט, דאָס יאָ. אָבער עסן איז מיר נישט געלעגן אין דער לינקער פּאה. און עטלעכע ייִדן זענען געשטאַנען און געוואַרט אויף מײַן אינטערווענץ בײַם דײַטש.

אַז איך בין צוגעגאַנגען צום בופֿעט, האָבן מיך אַרומגערינגלט עטלעכע פֿון די דײַטשן און מיך געפֿרעגט וואָס איך וויל. ווען זיי האָבן מיך געהערט ענטפֿערן אויף דײַטש, זענען זיי געווען זייער פֿאַרחידושט, ווײַל זיי זענען געוווינט געווען צו הערן פֿון די עמיגראַנטן ייִדיש, רוסיש, פּויליש, אונגעריש, אָבער נישט דײַטש. און אַז איך האָב זיי געזאָגט איך וויל רעדן מיטן עלטסטן, האָבן זיי אָנגעהויבן צו מאַכן שפּאַטישע באַ־מערקונגען. איך האָב זיי צוגעוואָרפֿן אַ בליק פֿון כּעס, און געזאָגט, אַז חוזק איז נישטאָ פֿון וואָס צו מאַכן. ווי ציוויליזירטע מענטשן מעגן זיי ענפֿערן ווי ס'קער צו זײַן — צי ס'איז מעגלעך אָדער נישט — אָבער לאַכט איז נישטאָ פֿון וואָס. זיי זענען אַ ביסל ספּידעט געוואָרן פֿון מײַן רעדן און איינער פֿון זיי, אַ ביסל אַן עלטערער, האָט זיך אָנגערופֿן, אַז דער שעף שפּילט ביליאַרד נישט ווײַט פֿון דאַנען און ער וועט צוגיין אים דאָס מעלדן. איעדער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט צו זען וואָס דאָ וועט אַרויסקומען. און טאַקע באַלד איז דער מענטש צוריקגעקומען און געזאָגט,

אַז ער קומט שוין. נאָך אַ פּאָר מינוט איז ער טאַקע אַרײַנגעקומען — אַ שיינער יונגער הער, אָנגעטון אין אַ מונדיר מיט „גאָלדענע" קנעפּ. איך בין אַ ביסל צעטומלט געוואָרן, אָבער איך האָב מיך באַלד געכאַפּט: וואָס האָב איך שוין צו פאַרלירן?

ער איז צוגעקומען און געפרעגט וואָס איך וויל. האָב איך זיך פאַר־ענפערט, וואָס איך האָב אים געשטערט אין דער שפּעטער שעה, אָבער איך בין פון דרײַ מעת־לעת פאָרן שטאַרק מיד און, ווען איך האָב געפרעגט ווו איך וועל שלאָפן, האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף דעם חזיר־שטאַל. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ און געזאָגט, וואָס קען ער טון? דאָ מוזן אַלע פאַרערס וואַרטן אויפן קומענדיקן טראַנספּאָרט. ס'איז אוממעגלעך, האָב איך אים געזאָגט, איך קען דאָ די נאַכט נישט פאַרברענגען. האָט זיך איינער פון זײַנע באַגלייטערס אָנגערופן: „האָסט נישט קיין ווײַב, ביסט דאָך אַ בחור אַליין, טאָ נעם זי אַהיים צו זיך!" איך האָב נישט געקלערט קיין סך און אים געענטפערט: „אפשר דײַן שוועסטער אָדער דײַן טאָכטער וואָלט אַזוי געטון, אָבער נישט איך!" דער פריץ האָט געגעבן אַ באַפעל צו זײַן דינער מיך אָפּצופירן אין נאָענטסטן האָטעל, מיר נעמען אַ צימער מיט וועטשערע און פרישטיק אויף זײַן רעכענונג און מאָרגן אין דער פרי מיך צוריק אָפּצונעמען. צו מיר האָט ער געזאָגט: „בראַוואָ, קלאַינעס פרוילײַן! איר קענט שוין אַליין פאָרן אויף דער וועלט. איר זענט גענוג קלוג, מע קען זיך אויף אײַך פאַרלאָזן!"

ווי אַ דונער זענען די ווערטער געפאַלן צישן עולם — סײַ זײַנע מענטשן, סײַ די אימיגראַנטן זענען געבליבן אָן לשון. דער דינער האָט מיך גענומען און אָפּגעפירט אין אַ האָטעל, נישט ווײַט פון דער באַן־סטאַנציע. מיט מיר האָט עס געוואָרפן פאַר שרעק. איך האָב שוין באַלד שיער נישט חרטה געהאַט איבער דעם גאַנצן ענין. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן — אַזאַ שטאָט, אַזעלכע גרויסע הײַזער, און אַ האָטעל! רבונו־של־עולם, די טעפּעכער איבערן גאַנצן הויז! און אַז מע האָט מיך פאַרשריבן און צוגעפירט צום ליפט — איך האָב מיר פירגענעמען מיך איבער גאָרנישט צו חידושן. מע מעג מיך פירן איבער דער גרעסטער און שענסטער שטאָט און מיר ווײַזן אַלע חידושים פון דער וועלט, וועל איך נישט אַרויסווײַזן, אַז סע וווּנדערט מיך.

אָבער יענע נאַכט, אַז דער דינער האָט מיך אַרויפגעפירט אויף איך ווייס אַליין נישט דעם וויפלטן גאָרן, בין איך נישט געווען אַזוי זיכער בײַ זיך. ער האָט מיר אויפגעשלאָסן די טיר און מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל וואַרטן — אין דער פרי וועט ער מיך קומען צוריקנעמען. דערווײַל מעג איך מיך וואַשן, באָדן, אויסשלאָפן, מע וועט מיר אין דער פרי אַרויפברענגען קאַווע, זאָל איך מיך נישט דערשרעקן, אַלץ וועט דער הער באַצאָלן. איך האָב פאַרשלאָסן די טיר און מיך אויסגעשטרעקט אויפן בעט ווי איך בין געשטאַנען און געגאַנגען, איך האָב פאַרגעסן אין

וואַשן זיך און אַפילו אין עסן. אַז כ'האָב מיך אויפגעכאַפּט און געגעבן אַ קוק אין פענצטער, האָט מיר אַלץ אויסגעזען אַזוי מאָדנע: קליינע מעבּ־לשעלעך מיט ווייסע טיכלעך און קוישן אויף די קעפּ. איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז דאָס ווייזט זיך מיר נאָר אויס קליין די מענטשן: ס'איז מסתּמא זייער הויך, און פון וואָס העכער מע קוקט אַראָפּ, אַלץ קלענער זעען די מענטשן אויף דר'ערד. איך האָב גיך אָפּגעשריבן אַ קאַרטל דער מאַמען און פאַר איר אויסגעגאָסן מיין ביטער האַרץ, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען די גאַנצע צייט וואָס איך בין פון איר אַוועק... זי האָט געקערט געבּוג וויינען אויף דעם קאַרטל, אָבער ס'איז געווען דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל וואָס כ'האָב מיך פאַר איר באַקלאָגט אויף מיין ביטער מזל. אָפּגעשריבן דאָס קאַרטל, מיך אָפּגעוואַשן, געכאַפּט דאָס פּעקל און — געגאַנגען. כ'האָב מורא געהאַט צו וואַרטן — טאָמער וועט דער דינער אין מיר פאַרגעסן; כ'האָב אויך מורא געהאַט צו פאָרן מיטן ליפט, בין איך אַראָפּגעלאָפן אַלע טרעפּ. ביז איך בין אָנגעקומען, האָב איך שיִער נישט פאַרלוירן דעם אָטעם. מע האָט מיך אויפגענומען ווי אַ גרויסן העלד — סטייטש, אַזוינס דורכצופירן! מע האָט צו מיר אַרויפגעקוקט ווי צו אַ שימשון־הגיבור, און יעדער האָט געוואָלט זיך מיט מיר חבֿרן.

ביז פאַר נאַכט האָבן מיר דאָרט פאַרבראַכט און דערנאָך האָט מען אונדז איינוואַגאָנירט ווי די בהמות און — הײַדאַ, ווייטער געפאָרן! ביז קיין אַנטווערפן איז דער וועג פאַר מיר געווען גאָר איינגענעם. מע האָט איבער מיר געציטערט ווי איבער אַ טייערן דימעט. איך בין געווען פאַר מיינע שכנים אַן איבערזעצער און אַ שליח אין אַלע וועגן. איך ווייס נישט פאַר וואָס, נאָר זיי, די רוסישע יִדן, האָט מען דעמאָלט באַטראַכט עפּעס ווי נישט קיין מענטשן. צי ווייל זיי האָבן נישט געקענט קיין דייטש, צי ווייל זיי האָבן זיך געשלעפּט מיט צו פיל שמאַטעס: גרויסע פּעק מיט בעטגעוואַנט, גרויסע סאַמעוואַרעס. אומעטום האָט מען זיי אָנגע־קוקט מיט ביטול. איך האָב געדאַרפט זיין זייער מליץ־יושר. זיי האָבן מיך כמעט געטראָגן אויף די הענט און איך בין געווען גליקלעך זיי צו קענען העלפן.

## אויף דער שיף

שבת, צוועלעף אַ זייגער ביי טאָג, האָט מען אונדז איינגעשיפט. מיר זענען געווען זייער אַ גוטע קאָמפּאַניע אין אונדזער קאַיוטע: פיר מיידלעך (אַלע, חוץ מיר, פון רוסיש־פּוילן). מיר האָבן באַלד געשלאָסן פריינד־שאַפט. אויסגעפּאַקט די זאַכן, און — אַרויף אויפן פאַרדעק, זען ווי די שיף לאָזט אָפּ די אַנקערס און נעמט זיך אין וועג אַריין. זייער אַ שיינע

שיף איז דאָס געווען, כמעט נאָך אַ נײַע, מיט אַ גרויסן פֿאַרנעם. „פֿאַטערלאַנד" האָט זי געהייסן. יעדער — די מאַטראָסן און אַלע אָפֿיצירן — האָבן גערעדט נאָר דײַטש. אַז די מוזיק האָט אָנגעהויבן שפּילן, איז עפּעס אַזוי טרויעריק געוואָרן אויפֿן האַרץ — ווער ווייסט, וואָס סע וואַרט אויף מיר אין דער נײַער וועלט?

מע האָט אָנגעהויבן קלינגען צום עסן, האָבן מיך מײַנע שיפֿסשוועסטער אָנגעהויבן שלעפּן צום טיש. אינעם גרויסן עסצימער זענען געשטאַנען לאַנגע טישן מיט ווײַסער חלה געגרייט. מע האָט דערלאַנגט פֿלייש אָדער פֿיש. איך בין נאָך געווען שטאַרק אָפּגעהיט, האָב איך געקוקט אויף די עלטערע ייִדן, וואָס זיי וועלן בעמען, וועל איך מיר אויך הייסן ברענגען. האָט מען זיי געבראַכט פֿיש — נו, נו, לאָז זײַן פֿיש לכבוד שבת. ווי איך האָב אָבער דערזען די פֿיש, איז מיר שיִער נישט־גוט געוואָרן: הייסע פֿיש (דאָס הייסט פֿריש געקאָכט)! נאָר וואָס האָב איך געזאָלט זאָגן, אַז אַלע, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט קיין פֿלייש, האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די פֿיש מיט גאָר אַ גרויסן אַפּעטיט? האָב איך דען געקענט זאָגן „איך וויל נישט"? ווי איך האָב אײַנגעטונקען דעם ערשטן ביס און גענומען צום מויל, איז מיר אַזוי שלעכט געוואָרן — עפּעס פֿיש געקאָכט אין עסיק — ס'האָט זיך מיר פֿאַרדרייט דער קאָפּ און מיט אַלע כּוחות האָב איך זיך אויפֿגעהויבן פֿון פּלאַץ, זיך קוים צוגעשלעפּט צו מײַן קאַיִטע. נאָר ביז איך האָב זיך אויסגעטון אַרײַנצולייגן אין בעט, האָב איך צוריקגעגעבן וואָס איך האָב נאָך געקערט עסן בײַ דער מאַמען. כ'האָב זיך זייער דערשראָקן, כ'האָב געמיינט, אַז כ'בין טאַקע אמתדיק קראַנק. נאָר ווי כ'האָב דערהערט, וואָס סע טוט זיך אַרום מיר — ווי יעדער טוט דאָס זעלבע וואָס איך — איז מיר שוין געווען לײַכטער אויפֿן האַרץ: אַ סימן, אַז ס'איז אַזאַ אונטערגאַנג און סע וועט מן־הסתּם אַריבערגיין.

אָט די ים־קרענק האָט אויך מײַנע שיפֿסשוועסטער נישט אָפּגעלאָזט. מיר זענען געלעגן פֿיר טעג ווי טויטע. ווען נישט די שכנים, וואָס זענען איבערגעקומען די קרענק גיכער פֿון אונדז און האָבן אונדז אַרײַנגעבראַכט אַלע מאָל עפּעס אַ וואַרעמען טרונק: אַ קאַווע אָדער טייע, וואָלטן מיר די גאַנצע צײַט געלעגן ווי די מתים. אָבער אויך דאָס איז בשלום אַריבער, און ס'האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ לעבן ביז טאָג. מ'איז זיך יעדן טאָג צונויפֿגעקומען אינעם גרויסן זאַל און איך האָב פֿאַר זיי געזונגען יעדן אויפֿדערנאַכט ביז שפּעט. די מאַטראָסן פֿון צווייטן קלאַס האָבן דערשנאַפּט, אַז ס'איז דאָ עפּעס אַ מיידל וואָס קען זינגען דײַטשע לידער, זענען זיי אַרויפֿגעקומען און מיטגעבראַכט געבראָטענע טײַבעלעך, פּוטער־געבעקס און אַנדערע גוטע זאַכן. איך האָב, פֿאַרשטייט זיך, דאָס פֿלייש נישט אָנגערירט (ווי וועל איך מיך פֿאַרטרפֿענען!), אָבער זיי פֿאַרשעמען האָב איך נישט געוואָלט, האָב איך עס צוגענעמען און

צעטיילט צישן מײַנע שיפסוועסטער, וואָס האָבן באַלאַסטעוועט מיט אַ ווילדן חשק. די מאַטראָסן האָבן געזען, איך עס נישט, האָבן זיי גע־פרעגט: וואָס אַ שטייגער וואָלט איך יאָ געוואָלט עסן? האָב איך געזאָגט: איך וויל גאָרנישט, זיי מעגן אויך אָן זאָכן קומען מיך הערן זינגען. איך האָב געזונגען שיינע דײַטשע ליבעלידער, אַז יעדער איז געווען ווי פאַרכישופט. און כּדי אונדזערע יידן זאָלן נישט האָבן אַ שלעכטע מיינונג פון מיר, אַז איך זינג פאַר זאָכן צום נאַשן, האָב איך געזאָגט, אַז ווען זיי וועלן נישט אויפהערן צו ברענגען, וועל איך אויפהערן פאַר זיי צו זינגען. האָבן זיי מיך געבעטן כאָטש אַ מאַראַנץ זאָל איך נעמען, זיי האָבן דאָס געטוג און סע וועט זיי פרייען ווען איך וועל זיי נישט אָפזאָגן. די מיידן און ווײַבער האָבן מיך אָנגעקוקט ווי חסר־דעה: סטײַטש, אַז מע בעט מיך און איך וויל נישט נעמען! זיי וואָלטן געכאַפּט!

אויפן צוועלעפטן טאָג האָט מען שוין דערזען פון דער ווײַטנס לאַנד. וואָס הייסט איז דאָס געווען אַ גדולה אויף אַלעמען! מ'האָט גע־טאַנצט און געזונגען, און יעדער האָט זיך אויסגעמאָלן די גליקן וואָס וואַרטן אויף אים אין דעם גאָלדענעם לאַנד... איך האָב אויך געהאָפט אויף גרויסע גליקן — וואָס הייסט, לאָזער, וואָס ער האָט מיך אַזוי ליב, וועט מיך געבן אין אַ שול און איך וועל ווערן, וואָס כ'האָב מײַן גאַנץ לעבן געחלומט צו ווערן — אַ לערערין! אָבער צום באַדויערן האָט עס דאָ גאַנץ אַנדערש אויסגעזען, און דאָס בין איך באַלד געוואָר געוואָרן.

## דער טויער פון קעסל־גאַרטן

ווי מע האָט אונדז אַראָפּגענומען פון דער שיף, האָט מען אונדז אַרײַנגעפירט אין אַ שטוב מיט אײַזערנע שטאַכעטן. אונדז זע'מיר דורכ־געגאַן אַלע צרות — אויגן־דאָקטוירים און כּלערליי רעוויזיעס — און די וואָס מע האָט געפונען פאַר געזונט טויגלעך אַנצוקוקן דאָס גילדענע לאַנד, האָט מען אַרײַנגעפירט אין אַ באַזונדערער שטוב און גענומען בײַ זיי די אַדרעסן פון זייערע קרובים, כּדי זיי צו וויסן צו געבן. און די וואָס מע האָט נישט געפונען געזונט, אָדער אַנדערע חסרונים, האָט מען פאַרהאַלטן אין דעם דאָזיקן קעסל־גאַרטן. מע האָט עס מיט רעכט גערופן אינדזל פון טרערן. איעדער עמיגראַנט, וואָס מע האָט דאָרטן פאַרהאַלטן, האָט אויסגעגאָסן באַכן טרערן.

אויך איך בין דעמאָלט געשטאַנען מיט האַרץ־קלאַפּעניש — ווער ווייסט? כאָטש איך בין געווען געזונט און פריילעך די גאַנצע צײַט, האָט מיך פלוצעם באַפאַלן אַ שרעק צוקוקנדיק דעם צער פון די אַנדערע, וואָס זיי זענען געשטאַנען אין דער רײַע פאַר די קאָמיסיעס מיט אויסגעלאָ־שענע אויגן און צעקלעמטע הערצער: ווער ווייסט, צי וועלן זיי זוכה

זײַן אָרײַנצוקומען אין דעם אַזוי געחלומטן גליקלעכן לאַנד? און טאָמער חלילה נישט, איז נאָר איין עצה — אַרײַנשפּרינגען אין ים אַרײַן. ס'איז אַ סבֿרא, אַז טאַקע דערפֿאַר איז געווען אַזוי באַוואַכט און מיט דראָט פֿאַרצוימט די וועגן פֿון קעסל־גאַרטן, ווײַל גענוג אָרעמע מענטשן האָבן אין די כוואַליעס פֿון ים געפֿונען זייער רו אַנשטאָט צוריקצופֿאָרן קיין איראָפּע. און אַזוי שטייענדיק בין איך געקומען צו מײַן טור. מע האָט מיך גאַנץ גוט בודק געווען און דערנאָך — אַרײַנגעפֿירט אין דער זײַט פֿון אַלע פֿריילעכע און איבערגעקומענע. איך האָב זיי געגעבן דעם אַדרעס פֿון מײַן שוועסטער און געפֿרעגט: ווי לאַנג וועל איך מוזן וואַרטן ביז מײַן שוועסטער אָדער ברודער וועלן מיך קומען נעמען. מע האָט מיר געענטפֿערט, אַז ביז אויף דער נאַכט וועל איך שוין מוזן וואַרטן, אַז טאָמער זענען מײַנע נאָענטע בײַ דער אַרבעט. ס'האָט אָבער געדויערט בלויז אַ פּאָר שעה און איך האָב פֿון דער ווײַטנס דערזען מײַן שוועסטער מיך רופֿן בײַם נאָמען און דורך די פּאַרענטשעס מאַכן מיט די הענט.

נאָך דעם ווי זי האָט זיך אָפּגעפֿאַרטיקט פֿון די אַלע פֿאָרמאַליטעטן און אונטערגעשריבן צוואַנציקערלײַ פּאַפּירן, אַז איך וועל זײַן גוט, ווויל און פֿײַן, וועל נישט פֿאַלן אַנקל סעם צו דער לאַסט, האָט מען אויפֿגעמאַכט דעם טויער און איך בין געווען פֿרײַ. אין דרויסן האָט געוואַרט לאַזער. געגעבן אַ כאַפּ מײַן פּעקל און מע איז מיט מיר געלאָפֿן צו דער „פּערי". איך בין געווען אַזוי פֿאַרחידושט פֿון זייער אויפֿפֿירן, אַז איך האָב נישט געקענט אַרויסרעדן אַ וואָרט. סטײַטש, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קבלת־פּנים? אַפֿילו זיך נישט צעקושט מיט מיר! גאָטעניו, האָב איך געקלערט — וואָס טוט זיך דאָ? אָבער איך האָב פֿאַרקלעמט די ציין, אַראָפּגעשלונגען די טרערן און געוואַרט — ווע'מיר זען, וואָס דאָ וועט זײַן...

מע האָט מיך מיט דער „פּערי" און דערנאָך מיט דער אייבערבאַן געפֿירט; איך האָב געשוויגן. לאַזער האָט מיך געפֿרעגט, צי איך האָב שוין געזען, אַז באַנען זאָלן פֿאָרן איבערן דאַך. האָב איך קאַלט געענטפֿערט, אַז ס'זענען גאָר קיין חידושים נישטאָ אויף דער וועלט, אַלץ חזרט זיך איבער. האָט ער מיך אָנגעקוקט און געזאָגט: „קוק אָן די גרינע! אויף דער זוויניעטשקע האָסטו אויך אַזוינס געזען?" איך האָב ביטער געשמייכלט און געטראַכט: אויף דער זוויניעטשקע האָסטו מיך ליב געהאַט, און איך בין זיכער, אַז דאָרט וואָל'סטו דײַן לעבן געווען געשטרעקט פֿאַר מיר, און דאָ בײַם אָנקומען — נישט אַפֿילו אַ קוש מיר געגעבן. אָבער איך האָב געשוויגן. מע האָט מיך געפֿרעגט פֿאַר וואָס איך שווײַג, האָב איך פּשוט געזאָגט: „איך וויל איר זאָלט מיט דער גרינער קיין בושות נישט אײַנגעמען, וועל איך בעסער שווײַגן. אַז מע שווײַגט, איז מען זי־כער, אַז מע רעדט נישט קיין נאַרישקייטן". אַזוי האָט מען מיך פֿאַרפֿירט צו פֿאַניע גאָטעסמאַן, דער מאַמעס אַ געשוויסטערקינד. איך האָב געקענט די גאַנצע משפּחה פֿון דער זוויניעטשקע, דערפֿאַר אַז מיר זענען צו־

געקומען צום הויז אויף ריווינגטאָן, אויפֿן פֿיפֿטן גאָרן (אַ הויז מיט אַ באָדשטוב — אין יענער צײַט אַ זעלטנקייט), בין איך געווען זייער פֿאַר־חידושט און געטראַכט, אַז דאָ ווערט אַ פּנים יעדער אויפֿגעריכט.

ווי נאָר איך בין אַרײַן אין הויז, האָט מען מיך אויפֿגענעמען מיטן נײַעם נאָמען „גרינע קאַטשקע". אויף דער נאַכט איז דער עולם זיך צונויפֿגעקומען. מע האָט גענעמען אויספֿרעגן „די גרינע" גרוסן פֿון דער היים. מיך האָט פֿאַרדראָסן וואָס זיי רופֿן מיך „גרינע". זיי זענען אַלע דאָך געווען סך־הכּל פֿון דער גרויסער שטאָט זוויניעטשקע אָדער ווערענטשענקע און דאָ, אין דער גאָלדענער מדינה, האָבן זיי אויך נישט געהאַט זיך אַזוי אַרויפֿגעאַרבעט, אַז זיי זאָלן דאַרפֿן פֿון מיר חוזק מאַכן. אָבער אויף מיר האָט מען זיך געקענט פֿאַרלאָזן: כ'בין אַוודאי קיין ענפֿער נישט שולדיק געבליבן, און זיי האָבן זיך אַלע מאָל איבערגעקוקט, ווי איינער זאָגט: „קוק ווער סע רעדט!" דער בעל־הבית פּאַניע גאָטעס־מאַן האָט נאָר געהאַט איין ווערטל: „ווער האָט נאָך דיר געשיקט? דײַן שיף שטייט נאָך, קענסט צוריקפֿאָרן!"

נאָר פֿאַר וואָס מײַן טײַערער ברודער לאָזער האָט מיך אַזוי קאַלט אויפֿגענעמען האָב איך נישט געקענט פֿאַרשטיין. ס'האָט נישט לאַנג גע־דויערט און איך האָב אויסגעפֿונען דעם ביטערן אמת: ער איז נעבעך געווען אָן אַרבעט; האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין צעבראָכענע פּעני. דאָס האָט אים זייער פֿאַרביטערט. ווען ריוואָציע איז געקומען אין לאַנד, האָט ער זי באַלד דעם צווייטן טאָג גענעמען אין גאַס און זי אויסגעקליידט בגדי־מלכות און מיך, האָט ער תּמיד געקלערט, וועט ער שיקן אין שול און מיך לאָזן לערנען כאָטש אויף לערערין. אָבער גיי טו עפּעס, אַז אין מיטן דערינען איז געוואָרן אַזאַן אומגליק, אַז ס'איז נישט מעגלעך געווען צו באַקומען אַ טאָג אַרבעט זיך דאָס חיות צו דערהאַלטן. איך בין דאָך געקומען צו פֿאָרן פּונקט אין מיטן דעם גרויסן קריזיס.

## אין גאָלדענעם לאַנד

דעם צווייטן טאָג איז לאָזער געקומען צו גיין מיטן פֿעטער בעריש, דעם טאַטנס יינגסטן ברודער, וואָס איז בײַ אונדז אין הויז אויסגעוואַקסן; מײַן טאַטע האָט אים אויפֿגעצויגן, ווען ער איז געבליבן אַ יתום, און אים דערנאָך אויך חתונה געמאַכט. לאָזער האָט אויף אים קיין גוט האַרץ נישט געהאַט, ווײַל ווען מײַן טאַטע איז אַוועקגעשטאָרבן, האָט ער געוואָלט איבער אים באַלעבאַטעווען. און לאָזער — דער יינגסטער פֿון די דרײַ יינגלעך האָט געליטן, ווײַל בעריש האָט געוואָלט ווײַזן דער וועלט, אַז בײַ אים וועט לאָזער מוזן זײַן אַ לײַט, און ער האָט אים געהרגעט־און־געשלאָגן. דער רעזולטאַט איז אָבער געווען פּונקט פֿאַרקערט: וואָס מער

מע האָט אים געשלאָגן, אַלץ אַרגער איז ער געוואָרן. און אַז זיי האָבן זיך שפּעטער געטראָפן אין אַמעריקע איז לאָזער בערישן געווען אַ דם־שונא. נאָר אַז איך בין געקומען און לאָזערן איז אַזוי ביטער געווען, האָט ער געבויגן דעם קאָפּ און איז אַרויסגעפאָרן צום פעטער בעריש.

יענער האָט דעמאָלט געוווינט אין ברוקלין, געהאַט אַ שפּײַזקראָם און ס'איז אים זייער גוט געגאַנגען. ער איז אויך געווען אַן אַגענט איבער אַ גאַנצן בלאָק הײַזער. ער פלעג פאָרן מיט אַ דראָשקע — און דאָס האָט אין יענער צײַט געקענט זיך פאַרגינען נאָר אַן עושר. ווי לאָזער איז מיט אים אַרײַנגעקומען, האָט דער פעטער זיך אָנגערופן: „נו, וואָס האָסטו זי עפּעס אַהער פאַרפירט? קום, ליפּשעלע, צו מיר! בײַ מיר איז דאָ כל־הגוטס און סע וועט דיר זײַן גוט ווי בײַ אַן אייגענער מאַמע". לאָזער האָט דאָס דערהערט, איז ער רויט אָנגעצונדן געוואָרן און האָט אָנגעהויבן צו טענהן מיט אים ענגליש. איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי רעדן, אָבער איין זאַך בין איך געווען זיכער: זיי דערקלערן זיך נישט אין ליבע. און אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן שעלטן און דײַקע אויף מאַמע־לשון, איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. לאָזער האָט געשריגן: „בערישל משומד, דו ווילסט מײַן שוועסטער זאָל באַדינען דײַנע פינעף ממזרים? דו ביסט הײַנט אַן עושר, ווילסטו האָבן אַן אומזיסטיקע דינסט? איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט אַרויסנעמען די גרינע און זי אויסקליידן, באַצאָלן דער מר"ס גאַטעסמאַן אַ פּאָר וואָכן פאַר איר, ביז איך וועל זיך צוריק זעצן אויף אַ דזשאַב, אָבער אַ דינסט!?"

דער פעטער איז אַן אַ זײַ־געזונט אַוועק, און דעם צווייטן טאָג איז אויך לאָזער פאַרשוווּנדן געוואָרן, און פאַר מיר און ריווּציען האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביטערע צײַט. נישט נאָר האָט מען מיר נישט געקענט קויפן אַ פּאָר שיך צי אַ קליידל, נאָר דער „מיסעס" צו באַצאָלן פאַר וועטשערע איז אויך נישט געווען. די ערשטע צוויי וואָכן האָט מען פאַר מיר באַצאָלט צו דרײַ דאָלאַר אַ וואָך פאַר דרײַ מאָל אַ טאָג עסן און שלאָפן. אָבער אַז די צוויי וואָכן זענען אַריבער און אַז לאָזער איז אַוועק, קיינער האָט נישט געוווּסט ווו אַהין, און קיין געלט האָט ריווּציע אויך נישט פאַרדינט גענוג סע זאָל קלעקן אי פאַר שלאָפן אי פאַר עסן, האָב איך אָנגעהויבן גיין זוכן אַרבעט. מע האָט מיך אויסגעלערנט אַ פּאָר ווערטער ענגליש: „אַי'ם נאָט טאָקן אינגליש, אַי'ם טאָקן דזשוירמען". איך האָב מיר אויפגעשריבן מײַן אַדרעס, געקויפט אַ צײַטונג און געגאַנגען זוכן אַרבעט. אַ פּעני פאַר „לאַנטש" האָט מיר ריווּציע מיטגעגעבן; פאַר אַ פּעני האָט מען דעמאָלט געקענט קויפן אָדער פינעף־זעקס באַנאַנען אָדער אַ פונט באָרן און דאָס האָט געקענט זײַן גענוג פאַר אַ מאָלצײַט.

דאָס איז אַזוי געגאַן אַ פּאָר וואָכן און איך האָב קיין אַרבעט נישט געקענט געפינען. ווו איך בין געקומען, איז געווען אַ ריי פון אַ פּאָר הונדערט מענטשן... ווען איך האָב געהאַט מזל, האָב איך שוין יאָ

באַקומען עפּעס אַ שטעלע מיך אויסצולערנען אַ פֿאַך. דעמאָלט האָט זיך אַזוי געפֿירט, אַז ווען מע האָט אויפֿגענומען אַ „האַנט” אויסצולערנען דאָס פֿאַך, האָט מען געמוזט אַרבעטן צוויי וואָכן אומזיסט כּדי דער „באָס” זאָל די צווייטע וואָך פֿאַרדינען, וואָס ער האָט פֿאַרלוירן די ערשטע בײַם אויסלערנען. און דאָס איז אַזוי געגאַנגען אַ היפּש ביסל צײַט: קוים האָב איך מיך אויסגעלערנט אַ „טרייד”, האָט מען מיר אָפּגעזאָגט; גענומען מײַן אַדרעס — אַז מע וועט מיך דאַרפֿן, וועט מען מיר שיקן אַ פּאָסטקאַרטל. איך האָב שוין געוווּסט וואָס דאָס באַטײַט: ווײַטער זוכן און ווײַטער לערנען.

ביז אין איינעם פֿון אַזעלכע טעג האָב איך געזען, אַז קיין „סאַפּער” קען איך אויך שוין נישט באַקומען, ווײַל ריוּוציע קען שוין נישט צאָלן, און די „מיסעס” קען אונדז מער נישט געבן אויף באָרג. אַרומגעדרייט זיך ביז דרײַ דעם זייגער, מיד און הונגעריק, האָב איך אָבער קיין חשק נישט געהאַט אַהיימצוגיין. ווײַל וואָס וועל איך טון דאָרט? קוקן אין די אויגן און מקנא זײַן דיִע, וואָס זיי קענען קריגן וועטשערע?

# מײַן פֿעטער יאַנציע

מײַן פֿעטער יאַנציע האָט דעמאָלט געווױנט אין סאַפֿיק־סטריט און געהאַט אַ „סטענד” פֿון גרינצײַג אין אָטשעט־סטריט. ס'איז אים גוט געגאַנגען, אָבער מײַן שוועסטער איז געווען אַזאַ שטאָלצער קבצן, אַז זי האָט נישט געוואָלט עמעצער זאָל וויסן פֿון אונדזער ביטערן מצבֿ. אונדז פֿלעג'מיר יעדע וואָך גיין אַהין צו גאַסט און גוט פֿאַרברענגען. ער האָט געהאַט צוויי מיידלעך און איין אויסגעגעבענע טאָכטער אין באָסטאָן. די עלטערע פֿון די צוויי מיידלעך, סיירע, איז געווען אַ שיינע און האָט געשפּילט אַ ראָלע: געהאַט בעסערע חבֿרטעס, געאַרבעט אין זייער אַ פֿײַנעם פּלאַץ, און דאָס פֿאַרדינסט האָט זי געניצט נאָר פֿאַר זיך. די ייִנגערע, בערטאַ, איז געגאַנגען אין קאַלעדזש און שטודירט אויף אַפּטייקער. מע קען נישט זאָגן, אַז זיי האָבן קעגן אונדז שטאָלצירט, פֿאַרקערט — איך פֿלעג זיי זינגען און פֿאָרשטעלן פֿאַרשידענע טעאַטער־שטיק, כאָטש כ'האָב נאָך דענצמאָל דאָס ניו־יאָרקער טעאַטער נאָר געקענט פֿון דרויסן.

נישט מע האָט געפֿרעגט, און נישט איך האָב דערציילט, אַז איך גיי אַרום הונגעריק דעם גאַנצן טאָג און האָב שוין באַשלאָסן אויך נישט אַהיימצוגיין עסן „סאַפּער”. אָבער איין מאָל האָט געטראָפֿן, אַז איך האָב די פּענע, וואָס ריוּוציע האָט זי מיר מיטגעגעבן אויף מיטאָג, אויסגעגעבן אויף אַ צײַטונג צו זוכן אַ שטעלע. איך בין אַרומגעגאַנגען ביז צוועלף אַ זייגער און, ווי דער שטייגער איז, געווען הונגעריק און מיד, האָב איך מיך אַנידערגעזעצט אין „סאַנט־מאַרקס־פּלייס” אין גערטנדל אָפּרוען. און

אַזוי זיצנדיק און טראַכטנדיק, האָב איך באַשלאָסן צוגיין צום פֿעטער יאַנציעס „סטענד״, און אַז ער וועט מיך פֿרעגן, וועל איך אים אַלץ דערציילן.

צוקומענדיק צום „סטענד״, האָב איך פֿאַרלוירן דעם מוט. אָבער די מומע חיה רופֿט זיך אָן צו מיר: „ליפּשעלע, וואָל׳סט מיר נישט געטון אַ טובֿה און אַהיימגעגאַן צו מיר כּשר מאַכן דאָס פֿלייש? ווײַל ביז איך וועל אַהיימקומען, וועט זײַן שפּעט!״ איך האָב אַוודאי מסכּים געווען. זי האָט מיר געגיבן אַ שליסל מיטן פֿלייש און גרינסן, און איך בין אַוועק. זי האָט מיר נאָך אײַנגערעדט אַ סוד, אײדער איך בין אַרויס: אין פֿרידזשי־דער איז דאָ מילעך. איך זאָל מיר קאָכן אַ קאַווע מיט ברויט־מיט־פּוטער.

אַז איך בין אַרײַן אין שטוב און מיך אָנגעגעסן, האָב איך מיך געגעבן אַ נעם צום הויז און עס איבערגעקערט. ווען זיי זענען אַוועק אין דער פֿרי, ווער האָט געהאַט צײַט צו פֿאַרבעטן, צי דאָס געפּעס צו וואַשן? אַז דער פֿעטער מיט דער מומע זענען אַהיימגעקומען, האָבן זיי דאָס הויז קוים דערקענט. ס׳איז געווען אויפֿגעראָמט, אָפּגעקאָכט און געגרייט צום טיש. איך בין שוין געבליבן אויף וועטשערע, און דער פֿעטער האָט געזאָגט, אַז אַזוי לאַנג ווי איך וועל נישט פֿאַרדינען, וויל ער איך זאָל קומען צו זיי עסן וועטשערע. איך האָב קיין ברירה נישט געהאַט און בין געגאַן. איך האָב מיר אָבער דאָס עסן ערלעך פֿאַרדינט.

איין מאָל אין אַן אויפֿדערנאַכט פֿרעגט מיך דער פֿעטער, צי מיר האָבן שוין באַשטעלט פּסח בײַ דער „מיסעס״. איך האָב געשוויגן. זאָגט ער: „וואָס שווײַגסטו, ווייסט נישט, אַז דאָ מוז מען אַ פּאָר וואָכן פֿריִער באַ־שטעלן?״ „איך ווייס, האָב איך געזאָגט, אָבער ווו וועל איך נעמען פֿערצן טאָלער פֿאַר אונדז בײדע צו באַצאָלן? סײַדן סע וועט געשען אַ נס״. האָט דער פֿעטער געזאָגט, אַז פּסח זענען מיר זײַנע געסט. אונדז דאַרף׳מיר זיך נישט שעמען, ווײַל אונדז זע׳מיר זײַן טײַערן ברודערס קינדער. אַזוי האָט זיך געענדיקט מײַן גויט.

# מײַנע ערשטע מלבושים אין גאָלדענעם לאַנד

איך בין אַרומגעגאַן זוכן אַרבעט און גאָרנישט געפֿונען; און אַז יאָ געפֿונען — אָפּגעאַרבעט צוויי וואָכן אומזיסט, מיך אויסגעלערנט אַ פֿאַך, און ווײַטער געבליבן אָן אַרבעט! אוי, איז דאָס געווען ביטער! אַרומגעגאַן אין די גרינע שיך און נישט געקענט זיך אַפֿילו אַ קליידל קויפֿן. דערפֿאַר אָבער האָב איך שוין געהאַט אפֿשר צען פֿאַכן. ביז איין מאָל האָב איך דערטאַפּט אין עלען־סטריט אַ ייִדענע, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט אַ שילדל, אַז זי נעמט אויף מיידלעך צו לערנען „פֿינדישן טײַס״ (אויסאַרבעטן קראַ־וואַטן). איך בין אַרײַן מלא־ושימחה: אפֿשר וועט מיר דאָס מאָל געראָטן

צו פֿאַרדינען אַ פּאָר טאָלער; ס'איז דרײַ וואָכן פֿאַר שבֿועות; איך שטאַרב, אַזוי וויל איך האָבן אַ קליידל און אַ פּאָר שיך אויף יום־טובֿ.

אין אַ מזלדיקער שעה, כ'בין געפֿעלן געוואָרן און האָב אָפּגעאַרבעט פֿאַנשטשענע מײַנע צוויי וואָכן, און ווי גליקלעך בין איך געווען, אַז מע האָט מיר געהייסן קומען אַרבעטן פֿאַר געלט. די וואָך איז געווען פֿול מיט האָפֿענונג און גליק, אָבער די לופֿטשלעסער, וואָס איך האָב מיר אויפֿגעבויט, זענען באַלד צעשטערט געוואָרן. ווען ס'איז געקומען דער ערבֿ־יום־טובֿ און איך האָב מיך אויפֿגעהויבן פֿון דער אַרבעט און גע־וואַרט אויף מײַן „פּיידע", האָט זי מיך צוגערופֿן און מיר דערציילט, אַז זי וועט מיר באַצאָלן נאָך יום־טובֿ, ווײַל מע האָט איר נישט באַצאָלט... איך בין מיט אַ צעבראָכן האַרץ און אָנגעגאָסענע אויגן צוגעקומען צום פֿעטערס שטעל. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז מיר נישט גוט, האָט ער מיך געפֿרעגט, צי איך האָב פֿאַרלוירן דאָס געלט. „ניין, נאָר זי וועט מיר באַצאָלן נאָך יום־טובֿ". ווען ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער געכאַפּט אַ שטעקן און געזאָגט: „קום, טאָכטער, ווײַז מיר ווו די בעסטיע וווינט!"

ווען אונדז זע'מיר אַרײַן צו איר, האָט זי אָנגעהויבן רעדן: זי האָט איך נישט, זי וועט מיר באַצאָלן נאָך יום־טובֿ... דער פֿעטער האָט אויפֿגעהויבן דעם שטעקן און געשריגן: „מכשפֿה, באַצאָל דעם קינד וויפֿל איר קומט, אַנישט צעשפּאַלט איך דיר דעם קאָפּ! זי האָט דיר אָפּגעאַרבעט דרײַ וואָכן, דו האָסט דיר פֿון איר אַרבעט יום־טובֿ געמאַכט, און דאָס קינד וויל זיך קויפֿן אַ פּאָר שיך אויף יום־טובֿ, ווילסטו איר נישט באַצאָלן?" איך בין געשטאַנען, געציטערט, ער זאָל זי נישט שלאָגן. זי האָט אויפֿגעבונען דאָס קניפּל און האָט מיט ציטערנדיקע הענט מיר באַצאָלט דעם לוין: אַ טאָלער פֿופֿציק. איך בין אַ גליקלעכע אַרויס אין גאַס; דער פֿעטער איז מיט מיר אַרײַן אין אַ שוכגעוועלב אויף אַ „סטופּ" אין אָטשעט־סטריט. ער האָט מיר געקויפֿט אַ פּאָר שיך און דערנאָך אַ קליידל. ס'איז מיר נאָך געבליבן אַ קוואָדער, האָב איך מיר געקויפֿט אַ הוט אויף אַ „פּושקאַרט". און אַזוי האָב איך פֿאַרן ערשטן לוין מיר געקויפֿט די ערשטע מלבושים אין גאָלדענעם לאַנד.

## איך בײַט שטעלעס

סע זענען ווידער אַוועק אַ פּאָר וואָכן פֿון לערנען מאַכן און וואַרטן אויף קאַרטלעך, ביז איין מאָל האָב איך געטראָפֿן אַ לאַנדסמאַן, און ער האָט מיך געפֿרעגט, צי איך וואָלט געוואָלט מיך לערנען פֿאַר אַ „פֿאַר־פֿינדישערין". ער האָט אַ שאָפּ און ער וועט מיך אויסלערנען. בײַ אים וועל איך האָבן אַרבעט ביז ניטל. איך בין אַוועק צו אים, און נאָך צוויי

וואָכן אַרבעטן אומזיסט, האָב איך אָנגעהויבן קריגן באַצאָלט. די ערשטע וואָך — אַ טאָלער פֿופֿציק, און נאָך צוויי־דרײַ וואָכן האָט ער מיר געגעבן אַ הוספֿה אויף צוויי. איך בין געווען אַזאַ גיכע „האַנט״, אַז איך האָב יעדן איבערגעבאָטן, און זיי האָבן מיך אָנגעקוקט קרום, ווײַל כ'מאַך צו פֿיל אַרבעט פֿאַר מײַן לוין. ס'איז געווען דאָרט דעם באַלעבאָס' אַ געשוועסטערקינד, דוד, האָט ער מיר אָנגעהויבן צוצורעדן איך זאָל ווידער מאָנען אַ הוספֿה. אַז איך בין אָבער צוגעגאַן פֿרײַטיק נאָך דער אַרבעט צום באַלעבאָס, האָט ער מיר דערציילט אַ מעשׂה, אַז איך זאָל זײַן צופֿרידן, וואָס איך אַרבעט נישט אום שבת. פֿאַר יונה פֿישבאַכס טאָכטער דאַרף ווערט זײַן צו פֿאַרדינען ווייניקער, אַבי אָפּהיטן שבת. ער וועט מיר געבן גענוג איבערשעהען — איך וואַקס אַ נגידית. אָבער דערווײַל האָב איך ווײַטער געאַרבעט פֿאַר דרײַ טאָלער, און בין מן־הסתּם ווערט געווען צוועלעף, נאָר דעם ציפֿער האָט קיין „פֿינדישער״ דעמאָלט נישט דערלעבט צו זען.

איין מאָל, אַ פֿרײַטיק, האָט זיך דער דייוו צוגעזעצט צו מיר און אין מיר אַרײַנגעטענהט: פֿאַר וואָס איך בין אַזאַ גרינגע און לאָז מיך אַזוי אויסניצן. „גיי מאָנטיק אַוועק און פּרוּוו אַן אַנדער פּלאַץ״. ער וועט זאָגן, אַז איך פֿיל זיך נישט גוט און טאָמער איך וועל נישט באַקומען, וועט בערל ווײַנגאַרטן מיך צו יעדער צײַט צוריקנעמען. אַ פּנים ס'האָט נישט געטויגט פֿאַרן שאָפּ צו האָבן אַזאַ קראַפֿט פֿאַר דרײַ טאָלער אַ וואָך. בקיצור, איך בין מאָנטיק אַרויסגעגאַן און האָב אין דער אַכטער גאַס געזען אַ פּלאַקאַט „מע זוכט הענט״. אַז איך בין אַרויף און אָפּגעאַרבעט אַ פּאָר שעה און דער באַלעבאָס האָט דערנאָך מיך געפֿרעגט, וויפֿל איך וויל אַ וואָך, האָב איך זיך נישט דערוועגט צו זאָגן מער ווי זעקס טאָלער. ער האָט מיר געהייסן בלײַבן אַרבעטן און ער וועט מיט מיר שפּעטער רעדן. איך בין געווען אין זיבעטן הימל: פֿון דרײַ אויף זעקס! און שפּעטער אפֿשר זיבן מיט גענוג איבערשעהען. איך בין באַלד אַוועק, אַהיימגעשיקט דער מאַמען צען דאָלאַר און באַצאָלט מײַן שיפֿסקאַרטע, פֿאַר וועלכער איך בין גענוג שולדיק געווען. און אַז דער סעזאָן האָט זיך געענדיקט, האָבן מײַן שוועסטער און איך שוין געהאַט אָפּגעשפּאָרט פֿערציק דאָלאַר. אונדז זע'מיר געווען אַזוי גליקלעך, אַז דאָס געלט האָבן מיר געהאַלטן אונטערן קישן, און יעדע נאַכט, ווען יעדער איז געשלאָפֿן, פֿלעג'מיר זיך אויפֿזעצן און ציילן אונדזער קאַפּיטאַל.

## ווי אַן אייגענער טאַטע

מיר האָבן זיך שפּעטער אַרײַנגעצויגן צום פֿעטער יאַנציע. ער האָט זיך נישט גוט געפֿילט און געמוזט פֿאַרקויפֿן זײַן שטעל. האָט ער גענעמען אַ דירה אין ריווינגטאָן־סטריט און אונדז אַרײַנגענעמען וווינען. מיר

האָבן אים געצאָלט זעקס טאָלער אַ חודש און פֿאַר וועטשערע אַזוי ווי אַלע.

אַ פּאָר וואָכן נאָך ניטל האָב איך אויפֿגעהערט צו אַרבעטן. דערנאָך בין איך אַרויס זוכן אַרבעט. ס׳איז נאָך זייער ווייניק געווען צו טון אין אונדזער פֿאַך, אָבער איך האָב געפֿונען אַ שילדל פֿאַר אַ „סעמפּל־מאַכער״. איך בין אַרויף און באַקומען אַרבעט. אויף דעם פּלאַץ האָב איך אָפּגע־אַרבעט דרײַ יאָר.

דער „באָס״, שטרומײַער, אַ טאַטע מיט אַ זון; דער אַלטער — אַ סנעטינבער, אַ ליבער מענטש געווען. איך האָב אים ליב געהאַט ווי אַן אייגענעם טאַטן, און ער מיך — ווי אַ טאָכטער. ער האָט מיך תּיכף אַרויס־געזען פֿון זײַנע צוועלעף פֿינדישערינס. איך בין געזעסן אין מײַן פֿרײַער צײַט און געלייענט אַ צײַטונג; קיין גראָבן וויץ האָט מען מיר נישט געקענט פֿאַרקויפֿן; כ׳בין געווען שטיל און פֿײַן; מײַן אַרבעט געמאַכט פּינקטלעך און גיך — אַזוי גיך, אַז איך האָב אָנגעהויבן אַריבעריאָגן די מיידן בײַ מײַן טיש, וואָס טייל פֿון זיי האָבן דאָרט לענגער געאַרבעט ווי איך בין אַלט געווען. דעריבער האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביסל אַ דרוק צווישן זיי און מיר, כאָטש איך האָב געוואָלט מיך מיט זיי חבֿרן און גע־פּרוווט מיט אַלע כּוחות: איך האָב מיט זיי געזונגען, דעבאַטירט און מיך זייער באַמיט צו זײַן ווי זיי.

ס׳האָט זיך איין מאָל געמאַכט, איך בין קראַנק געוואָרן און נישט געקומען צוויי טעג צו דער אַרבעט. דער באַלעבאָס האָט זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ די אַרבעטער, צי ווייסט עמעצער וווּ איך וווין. האָט זיך געפֿונען אַן אַלטיטשקער ייִד, וואָס ער פֿלעג מיט מיר אַלע מאָל אַהיימגיין, האָט ער אים געזאָגט, אַז ער ווייסט דעם בלאָק, אָבער נישט דאָס הויז, וווּ איך וווין. אין איינעם אַן אויפֿדערנאַכט, איך גיב אַ קוק: מײַן „באָס״ שטעלט זיך אַרײַן צו מיר! איך האָב אים געפֿרעגט, ווי אַזוי ער האָט זיך דער־וווּסט מײַן אַדרעס. גאַנץ פּשוט, האָט ער געזאָגט, דעם בלאָק האָט ער געוווּסט און אין דער „גראָסערי״ האָט ער געפֿרעגט, צי קען מען נישט אַ מיידל אַזוי און אַזוי — נאָך זײַן מבֿינות בין איך עפּעס אַן אויסנאַם פֿון אַנדערע מיידלעך. האָט דער געוועלבער תּיכף געזאָגט: „דאָס איז אַוודאי איינע פֿון די צוויי שטילע מיידלעך״. און מיט דעם נאָמען בין איך פֿאַרבליבן די אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אַליין געלעבט אין דער פֿרעמד.

מײַן פּאָזיציע אין שאַפּ האָט זיך וואָס אַ מאָל מער פֿאַרבעסערט. איך בין געוואָרן נישט נאָר די „העד־פֿינדישערין״, נאָר אויך אַ פּערזענ־לעכער פֿרײַנד פֿון די שטרומײַערס. אַז די פֿרוי פֿון באַלעבאָס האָט באַדאַרפֿט אָוועקפֿאָרן זומער אויף וואַקאַציע, בין איך מיט איר געגאַן אײַנקויפֿן. אַז דער יונגער שטרומײַער איז מיט זײַן פֿאַמיליע זונטיק אַרויסגעפֿאָרן אויף אַ פּיקניק, האָט מען מיך תּמיד פֿאַרבעטן. איך האָב

אָבער קיין מאָל נישט אָנגענומען, נישט וועלנדיק דערוועקן בייז בלוט ביי מײַנע מיטאַרבעטאָרינס. אָבער ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפֿן: וואָס מער איך בין צו זיי גוט געווען, אַלץ מער האָבן זיי מיך פֿײַנט געהאַט.

## דאָס פֿײַער אין דער טרײַענגל־קאָמפּאַני

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז 1912. מיין שוועסטער איז גראָד געווען אָן אַרבעט. האָט זי באַשלאָסן, אַז זי גייט אַרויף צו דער טרײַענגל־פֿאַבריק: דאָרט נעמט מען תּמיד אויף פֿרישע „הענט". איך האָב מיט לאָזערן איבערגעשמועסט דעם פּלאַן און גאַנץ פּשוט איר געזאָגט: „ביין, דו וועסט דעם באָרשט שוין נישט פֿעט מאַכן מיט די פּאָר טאָלער, וואָס דו וועסט ביי די הויטשינדערס פֿאַרדינען!" (זי האָט סײַ ווי שוין גע־האַלטן פֿאַרן אַהיימפֿאָרן). דעם זעלבן טאָג וואָס זי האָט געוואָלט אַהין גיין, איז די קאַטאַסטראָפֿע געשען.

ווער ס׳האָט געהערט צי געלייענט וועגן דעם גרויסן אומגליק, וועט וויסן, אַז דאָס פֿײַער אין דער טרײַענגל־קאָמפּאַני האָט אויפֿגע־טרייסלט די גאַנצע אַרבעטנדיקע וועלט. יעדער רעכט־טראַכטנדיקער אַרבעטער האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם אומרעכט פֿון יענער קאָמפּאַני קעגן די אַרבעטער: זיי האָבן געאַרבעט ביי פֿאַרשלאָסענע טירן, און אַז דאָס פֿײַער האָט אויסגעבראָכן, האָט מען זיי נישט געקענט ראַטעווען. אין יעדן שאַפּ האָט זיך געשאַפֿן אַ קאָמיטעט, מע האָט געזאַמלט געלט צו קויפֿן שוואַרצע פֿאָנען; אויך האָט מען געפֿאָדערט פֿונעם באַלעבאָס, ער זאָל גיבן די אַרבעטער צוויי שעה, זיי זאָלן קענען גיין באַלייטן די אָרונס פֿון זייערע פֿאַרברענטע שוועסטער.

ביי אונדז אין שאַפּ האָט זיך קיינער נישט דערוועגט צו זאָגן, צי זאָל מען יאָ אָדער נישט נאָכטון די גרויסע פֿאַבריקן. איך האָב גע־פֿרעגט, אָדער בעסער געזאָגט: געפֿאָדערט, פֿון אַלע אַרבעטער: „מיר מוזן! מיר וועלן נישט צוריקשטיין פֿון אַנדערע!" מיר אין די אויגן האָט מען נישט געסמיעט צו זאָגן ניין, אָבער ווען דער באַלעבאָס האָט אין אַ מאָמענט, ווען קיינער האָט נישט געזען, מיך געבעטן איך זאָל אָפּשטיין דערפֿון, ער האָט שיער נישט געוויינט, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס האָבן מײַנע מיטאַרבעטערס אויף מיר אָנגערעדט. איך האָב מיר נישט געקענט גלייבן, אַז מענטשן קענען זײַן אַזוי פֿאַלש. איך האָב אָבער געשפּילט אויף איינעם און געזאָגט, אַז איך קען נישט אַנדערש. איך זע נישט קיין שום עוולה קעגן באַלעבאָס, ווען מיר האַלטן מיט די אַרבעטער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז סע וועט מיר באַנג טון. איך בין געווען זיכער, אַז אָן מיר וועט דער שאַפּ נישט קענען עקסיסטירן, נאָר אַז איך בין צוריקגעקומען פֿון דער לוויה, האָב איך דערזען, אַז מײַן

פּאָזיציע האָט זיך אָנגעהויבן צו טרעסען. נישט דער יונגער באַלעבאָס און נישט דער בוכהאַלטער האָבן מיר געזאָגט אַ גוטע־נאַכט בײַם אַוועק־גיין. און ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך האַלב אין שפּאַס דער־ציילט: „נישט נאָר די מיידלעך פון טרײַענגל האָב איך באַגראָבן, נאָר מיך אַליין אויך..."

און אַזוי איז עס טאַקע געווען: איך האָב קוים דערשלעפּט ביז סוף וואָך. איך האָב געמאַנט מײַן גאַנצן לוין: „איך זע, אַז ס׳איז מער נישט מעגלעך פאַר מיר דאָ צו בלײַבן". ס׳איז שוין געווען צוגעגרייט מיך אַוועקצושיקן. דער באַלעבאָס האָט זיך באַהאַלטן, כּדי דאָס געזעגענען זאָל אונדז אָנקומען לײַכטער. און איך בין אַוועק מיט אַ צעבראָכן געמיט. מיט מײַן היים האָב איך מיך לײַכטער געזעגנט ווי מיט מײַן שאַפּ, וואָס איז געווען מײַן צווייטע היים. אַרבעט האָב איך ווידער געקראָגן, אָבער נישט אַזאַ באַלעבאָס ווי שטרומײַער איז געווען צו מיר.

נאָך דעם עפּיזאָד האָב איך מיך מיט מײַן גאַנצער יוגנטקראַפט אַרײַנגעוואָרפן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ווען ס׳האָט שפּעטער אויס־געבראָכן דער „פאַרסטרײַק", בין איך געווען איינע פון די הייסטע סטרײַ־קערס, אָרגאַניזירט די אַרבעטערס, געהאַלטן רעדעס און אַפילו געווען אַרעסטירט...

מײַן פּריוואַט לעבן האָב איך פונעם ערשטן טאָג פון מײַן קומען אין לאַנד געפירט צוריקגעצויגן, סאָליד. געזוכט צו לערנען, געהערט צון אַ ביבליאָטעק, געגאַן אַ סך אין טעאַטער, געלערנט שפּילן מאַנדאָלין. כאָטש איך האָב שווער געאַרבעט אין שאַפּ, האָב איך נאָך געפונען צײַט צו לויפן דרײַ מאָל אַ וואָך צו נעמען לעקציעס בײַ אַ דײַטשן לערער. צו יענער צײַט איז מײַן ברודער, לאַזער, קראַנק געוואָרן אויף דעם זעלבן פוס, וואָס ער האָט אים אַ מאָל געהאַט צעבראָכן אַראָפּפאַלנדיק פונעם פערדן גאָרן, ווען ער האָט געאַרבעט בײַם לייגן אַ דאַך. ער איז אָפּגע־לעגן דעם גאַנצן ווינטער אין בעלוויו־שפּיטאָל. איך פלעג יעדן אויפדער־נאַכט, אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט, נעמען און אים צוטראָגן די וועטשערע, וואָס מײַן ליבע מיסעס אײַזנבערג האָט פאַר מיר אָפּגעקאָכט. איך האָב אים דערהאַלטן דאָס חיות, פלעג ער דערנאָך זאָגן. ווען ער איז אַרויס פונעם שפּיטאָל, האָט ער געוווינט מיט מיר בײַ דער מיסעס.

אַט די מיסעס אײַזנבערג, אַליין אַן אָרעמע באַלעבאָסטע, האָט גע־לעבט פון די קוואַרטיראַנטן, ווײַל איר מאַן, כאָטש ער איז געווען אַ קוטשמאַר פון ליפקאָן, האָט ער דאָ אין לאַנד ווי אַ „פאַריער" וויניק אוספּייעט, ווי זי פלעג זאָגן. אירע צוויי טעכטער, מערי און סירע, זענען איר געווען וויניקער צום האַרצן ווי איך. זי פלעג קאָכן, וואָס איך האָב ליב געהאַט, און טאָמער האָב איך מיך פאַרשפּעטיקט בײַ דער אַרבעט, האָט זי קיין מאָל נישט געגעבן קיין עסן, ביז איך בין נישט געקומען. אַז איך בין געגאַן אין טעאַטער, האָט זי זיך נישט געלעגט שלאָפן, ביז

איך בין נישט אַהיימגעקומען, דערנאָך האָב איך געמוזט די גאַנצע פאַר־שטעלונג איר אויפפירן.

איך האָב אין יענער צייט זייער גוט געזונגען. מע האָט מיר אַפילו אָנגעבאָטן, איך זאָל אויפטרעטן אין טעאַטער — און איך וואָלט אַוודאי געוואָלט, אָבער לאָזער האָט געזאָגט, אַז דעם טאָג וואָס איך וועל אַרויף אויף אַ סצענע, קויפט ער אַ בילעט ערשטע ריי און דערשיסט — קודם מיך, דערנאָך זיך. איך האָב זיך דערשראָקן און בין אָפּגעשטאַנען פון דעם געדאַנק. ער האָט מיך בכלל שטאַרק טיראַניזירט. ער אַליין איז געווען ווייט פון מאָראַליש, אָבער פון מיר האָט ער געפאָדערט אַזאַ שטאַרקע צוריקהאַלטונג, אַז אַפילו רעדן מיט אַ בחור האָב איך נישט געטאָרט.

מיר איז עס נישט שווער אָנגעקומען, ווייל איך בין אויך געווען קעגן די אַלע פירעכצער פון מיינע לאַנדסמיידלעך און באַקאַנטע. איך בין געווען נישט קיין שיינע, אָבער זייער אַ שטאָלצע און נישט צו דער־גרייכן. לאָזער האָט אָבער מורא געהאַט, איך זאָל מיך חלילה נישט פאַרליבן אין איינעם פון די יינגלעך, וואָס זיי האָבן געגאַרט מיט מיר צו פאַרברענגען. מע פלעג זיך חכמהן, אַז לאָזער וויל, סע זאָל מיך כאַטש קומען נעמען דעם פּרעזידענטס זינדל; און ער אַליין פלעג טענהן: „פאַר וואָס טאָר מען נישט חתונה האָבן מיט קיין שוועסטער?" ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז נאָך אַזאַ מיידל ווי זיין שוועסטער איז נישטאָ. ער האָט שפּעטער זיך דערוווסט, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות: ער האָט חתונה געהאַט מיט מיין חבֿרטע סערע, וואָס איז אין געוויסע פּרטים געווען אַ סך מער פון מיר. צום באַדויערן, האָט זייער גליק נישט לאַנג אָנגעהאַלטן: זי איז געווען האַרצקראַנק און איז נאָך פיר־פינעף יאָר צוזאַמענלעבן געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַ פּיצל יינגעלע. אָרעמער ברודער! ס'איז אים קיין גוטס נישט באַשערט געווען...

## פאַרזיגלט מיין גורל

אין יאָר צוועלעף האָבן מיר שוין געהאַט גענוג אָפּגעשפּאָרט צו קענען איינע פון אונדז פאַרזאָרגן (די עלטערע, פאַרשטייט זיך). אונדז'אָ־מיר ביידע געשפּאָרט אויף איין ביכל, נישט זיך גערעכנט, ווער סע פאַר־דינט מער און ווער ווייניקער. ריווציע האָט זיך געקויפט שיינע קליידער — זי איז דאָך געווען דאָס כלה־מיידל — און איך, ווי לאַנג מיר זענען געווען אין איינעם, האָב נאָך געטראָגן קליידער פון סחורה, וואָס איך האָב געקויפט אויף „פושקאַרטס" און ריווציע האָט זיי פאַר מיר אויפ־געניייט. אונדז'אָ'מיר זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, ריווציע זאָל חתונה האָבן, אָבער ס'איז נישט געגאַן. זי האָט נישט גע־טויגט פאַר אַמעריקע. אונדז'אָ'מיר געזען: זי ווערט אַלט און צוואַנציק

און מע זעט נישט, סע זאָל זיך עפּעס מאַכן. האָבן מיר געשריבן אַהיים: צי וואָלט זיך מיט טויזנט קראָנען געפֿונען עפּעס אַ ליטווישער חתן. וואָס הייסט, זענען תּיכּף אָנגעקומען בריוו! מיר זאָלן נישט קלערן אַנדערש, נאָר זי אַהיימשיקן.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, מע האָט זי שוין אויסגעקליידט, געקויפֿט איר אַ שיפֿסקאַרטע, פֿאַר יעדן פּרעזענטן און — אַהיים. מײַן ביכל איז פֿאַרבליבן שטאַרק מאָגער, כּמעט נול. אָבער איך האָב גוט פֿאַרדינט און האָב מיך נישט געזאָרגט. אײדער וואָס־ווען און איך האָב טאַקע שוין ווידער פֿאַרמאָגט פֿינעף הונדערט דאָלאַר. לאָזער האָט מיר מיטגעהאָלפֿן דערצו. ריווקיע האָט טאַקע באַלד חתונה געהאַט, און דײַקע נישט מיט דעם וואָס זי האָט ליב געהאַט. זי האָט געהאַלטן אין איין פֿילדערן צו מיר, אַז איך זאָל אַנדערש נישט קלערן נאָר אַהיימקומען — זי קען אָן מיר נישט לעבן, — און לאָזער האָט נישט געוואָלט הערן פֿון דעם. ער האָט געטענהט, אַז ער איז איינער און דאָרט איז די גאַנצע משפּחה.

אַ כּלל, ס׳האָט זיך געמאַכט אַ מעשׂה, איין מאָל בין איך אַהיימגעקומען פֿון דער אַרבעט, האָב איך געטראָפֿן אַ בריוו פֿון מײַן ברודער חיים און דער מאַמען. ס׳איז געווען אַ ביטערער בריוו. די מאַמע האָט מיר דערציילט אַ מעשׂה, אַז חיים האָט אונטערגעשריבן אַ וועקסל און ער קען זיי נישט באַצאָלן, ווײַל אים באַצאָלט אויך קיינער נישט (ס׳איז געווען די צײַט פֿון מאָראַטאָריום און די פּויערים האָבן נישט געדאַרפֿט באַצאָלן זייערע חובֿות). ס׳איז אַ גרויסע קריזע און אויב איך וועל אים נישט אַרויסהעלפֿן מיט טויזנט קראָנען (פֿיר הונדערט טאָלער), וועט מען אים אײַנזעצן. איך טאָר נישט פֿאַרגעסן: ער איז אַ טאַטע פֿון פֿיר קינדער, די מאַמע וועט די בושה נישט איבערלעבן! איך בין די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן: זאָל איך דערציילן לאָזערן? איך האָב מורא געהאַט, ער וועט מיך נישט לאָזן. אָבער ווי לאָזט מען אָן עלטערן ברודער, דערצו אַ טאַטע פֿון קינדער, גיין אין קרימינאַל? קורץ, איך האָב אין דער פֿרי מיט זייער אַ שווער געמיט גענומען מײַן באַנקביכל, צוגעגאַן אין דער באַנק, אַרויסגענעמען פֿיר הונדערט טאָלער און זיי אַוועקגעשיקט. ראַטעווען חיימען און מיך אָפּקוילען מיט אַ שטומפּיק מעסער...

ווען ער איז אַהיימגעקומען אויף דער נאַכט, האָט לאָזער באַלד דערקענט, אַז עפּעס איז מיט מיר געשען. כ׳האָב געמוזט אים אַלץ דערציילן. ר׳האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט בײַם קאָפּ און געוויינט: „וואָס האָסטו געטון?!״ ס׳איז געווען פֿאַרפֿאַלן. מײַן לעבן איז געווען פֿאַרזיגלט. אַך, וויפֿל ווייטיקן און לײדן איך בין דורכגעגאַן דורכן נאַרישן שריט, וואָס כ׳האָב דעמאָלט געמאַכט! דאָס געלט האָב איך קיין מאָל נישט געזען צוריק, אָבער דערפֿאַר האָב איך מיטגעמאַכט צווײ וועלט־מלחמות. נאָר דאַנקען גאָט וואָס איך האָב דערלעבט צו שרײַבן מײַנע

זכרונות פֿון יענער צײַט, און נאָך מער בין איך גליקלעך, וואָס גאָט האָט מיר געהאָלפֿן צו זען זיבן אייניקלעך, וואָס וועלן אפֿשר לייענען מײַנע זכרונות...

כ׳האָב דעמאָלט אָנגעהויבן פֿריש צו שפּאָרן און צונויפֿלייגן אויף הוצאות. כ׳האָב געוווּסט, אַז דאָס געלט וועט מיר חיים קיין מאָל נישט אָפּשיקן. כ׳האָב אָנגעהויבן אײַנצוזרעדן לאָזערן, אַז כ׳וועל אַהיימפֿאָרן מיך אומקוקן, פֿאַרברענגען אַ פּאָר חדשים מיט דער מאַמען, מיך זען מיט דער משפּחה און דערנאָך — השיבֿנו־נאָזאַד! כ׳וועל צוריקקומען. „כ׳בין זיכער דו וועסט מיר שיקן אַ שיפֿסקאַרטע. און בחורים זענען דאָ גענוג וואָס וואַרטן נאָר, איך זאָל זאָגן יאָ“. כ׳האָב אָפּגעאַרבעט איין סעזאָן, מיר געקויפֿט אַ שיפֿסקאַרטע. איך בין שוין באַלד איין און צוואַנציק יאָר, האָב איך געטראַכט, כ׳פֿאָר אַהיים, מוז איך יעדן עפּעס קויפֿן. און דאָס ביגידישאָפּט, וואָס סע וואַרט אויף מיר, האָב איך געוווּסט... בײַ לאָזערן האָב איך אויך נישט געוואָלט נעמען מער. ס׳האָט מיר ווי געטון ס׳האַרץ: איך לאָז אים איבער אַליין. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, די מאַמע פֿאָרט אַוועק און אַ קליין יתומל בלײַבט איבער אַליין. אַז לאָזער איז אַ גוטע נשמה, מיט אַ גוט וואָרט קען מען בײַ אים צונעמען דאָס לעצטע העמד, האָב איך געוווּסט. נאָר ווי לאַנג אונדז זע׳מיר געווען אין איינעם, האָב איך אים נישט געלאָזט טראַסקען מיטן געלט. אָבער כ׳האָב געוווּסט: אַז איך וועל נישט זײַן, וועט ער קיין מאָל נישט צוקומען צום ברעג.

# מײַן חבֿרטע ענע

כ׳האָב דאָ אין אַמעריקע געהאָט אַ חבֿרטע ענע שעפּער־וואָלאָך, אַ טשערנעוויצער מיידל אין מײַנע יאָרן. איך האָב מיך מיט איר באַקענט אין שאָפּ. אַ גוטע אַרבעטאָרין איז זי געווען, אַ שטיל, ווויל מיידל. אונדז זע׳מיר באַלד איינע צו דער אַנדערער ווי צוגעוואַקסן געוואָרן. זי האָט מיר דערציילט אירעליידן. אַז איר פֿאָטער, אַ שנײַדער, איז געשטאָרבן, איז זי געווען אַ מיידל פֿון זעכצן יאָר. בײַ זיי האָט געאַרבעט אַ בחור אַבֿרהם וואָלאָך, וואָס האָט זיך אין איר פֿאַרליבט. און אַז דער פֿאָטער איז אַוועק, און ס׳איז איבערגעבליבן די מאַמע מיט פֿיר קינדער אָן פּרנסה, איז ער צוגעקומען און איר דערציילט, אַז ער פֿאָרט קיין אַמעריקע. ר׳האָט דאָרט זײַנע ברידער, און אַזוי גיך ווי ער וועט קומען אין דער גאָלדענער מדינה, שיקט ער איר אַ שיפֿסקאַרטע. און ס׳האָט געדויערט בלויז אַ פּאָר חדשים, איז זי שוין געווען אויפֿן וועג קיין אַמעריקע. זי האָט באַלד אָנגעהויבן פֿאַרדינען און ער האָט איר געהאָלפֿן, האָבן זיי אין אַ קורצער צײַט אַרום אַריבערגעבראַכט די מאַמע מיט די אַנדערע קינדער.

איך האָב זיך מיט ענען באַקענט, פּונקט ווען איר משפּחה האָט געדאַרפט קומען. אַזוי ווי זיי זענען אַרײַן אין אַ דירה, און איך האָב דערזען זייער אָרעמקייט, האָב איך זיך צו זיי אַרײַנגעצויגן. געוואָלט כאַטש אַ ביסל אַרויסהעלפן מיטן דירה־געלט. כ׳האָב מיט ענען אין אײנעם געאַרבעט; צוזאַמען מיט איר בחור זע׳מיר געגאַן פאַרברענגען. זי האָט אָן מיר קיין טריט נישט געטון. זונטיק, נאָך דעם אונדז זע׳מיר פאַרטיק געוואָרן מיטן רייניקן די שטוב, האָ׳מיר זיך אײַנגעפּאַקט און זענען אַרויסגעפאָרן אויף פּיקניקס, צום ים אָדער אין „ווינדזער־טעאַטער".

ענע האָט געהאַט אַ ברודער, איזיו, מיט צוויי יאָר עלטער פון מיר. זייער אַ שיינער בחור געווען, אָבער ער האָט מיך נישט אינטערעסירט: ער איז געווען צו מאַליאַווע שיין. מיט אונדז איז אויך מיטגעגאַן ענעס חתן און זײַן ברודער. ייִנגלעך זענען געווען עטלעכע, אָבער מיידלעך — בלויז איך מיט ענען. איך האָב מיר קיין מאָל נישט געלאָזט צאָלן, אַפילו נישט קיין אײַנזקרעם. זיי האָבן אַלע צו מיר אַרויפגעקוקט — איך האָב גוט געקענט ענגליש. צון אַ ביבליאָטעק האָב איך אויך באַ־לאַנגט; יעדע פרײַע מינוט — געלייענט אַ ביכל. דאָס איז דער געזעל־שאַפט געווען זייער פרעמד. אָבער כאַטש אַזוי זע׳מיר זייער גוט אויס־געקומען. און אַז מײַן חבֿרטעס חתן האָט אָנגעהויבן רעדן פון חתונה האָבן, האָט זי געזאָגט, אַז אָן מיר וועט זי נישט אַוועקגיין. דער חתן האָט געפּרוווט זי אָפּרעדן — ער קען דען נעמען צוויי ווײַבער? ס׳האָט אים גאָרנישט געהאָלפן. כ׳האָב געמוזט צוזאָגן: כ׳גיי מיט זיי וווינען.

און אַזוי איז עס געווען. זיי האָבן חתונה געהאַט, גענומען אַ דירה, און ליפשע — מיט זיי. כּדי ס׳זאָל דער אַלטער פרוי שעפער נישט צו שווער פאַלן אָן מיר און ענען, האָב איך געפּועלט בײַ לאַזערן, ר׳זאָל זיך צו זיי אַרײַנציִען. אַז לאַזער איז געווען אָן ערשטקלאַסיקער קוואַרטיראַנט איז איבעריק צו זאָגן. ר׳איז איין שבת נישט אַהיימגעקומען, ער זאָל נישט ברענגען עפּעס פאַר דער באַלעבאָסטע אָדער פאַר די צוויי ייִנגערע קינדער. דעם עלטסטן האָט ער נישט שטאַרק ליב געהאַט. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ר׳עט מיך קענען געווינען און ער פלעג אים תּמיד — ס׳האָבן געקענט זײַן וויפל מענטשן אין הויז — גיבן אַ פרעג: „האַ, שנײַדערוק? צו מײַן ליבאַן האָסטו חשק?" מיך פלעג דאָס פאַרדריסן, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן מײַן בעטן, ער זאָל אים אָפּלאָזן — כ׳האָב אים סײַ ווי נישט ליב. האָט ער דען געוואָלט מיר גלייבן?

מיר איז געווען זייער גוט צו וווינען אין אײנעם מיט ענען. זי העט מיר דאָס טעלערל פון הימל געגעבן, ווען זי קען דערצו דערלאַנגען. איך און לאַזער האָ׳מיר איר געקויפט אַ קיכטיש און בענקלעך דרשה־געשאַנק. אַ שלאָפשטוב און אַ סאָפע פאַר מיר צו שלאָפן האָבן געקויפט זײַנע ברידער. זיי האָבן זיך זייער ליב געהאַט. ענע איז געווען גײַנצן

יאָר צון איר חתונה און האָט אין מיר געהאַט מער ווי אַ חבֿרטע. איך בין צון איר געווען ווי אַ מאַמע, כאָטש אונדז זע׳מיר בײדע געווען אין זעלבן עלטער.

איך בין מיט איר געווען אין אײנעם ביז זי איז געלעגן געוואָרן מיט איר ערשט קינד, אַ מײדעלע. דעמאָלט זענען פּרויען נישט געגאַנגען אין שפּיטאָל אַרײַן האָבן קינדער, בפֿרט אָרעמע אַרבעטער־פּרויען. ס׳איז אַהײמגעקומען אַ באָבע, און די געווינערין איז אָפּגעלעגן די קימפּעטוואָך בײַ זיך אין שטוב, אַזוי ווי אין דער אַלטער היים. אַזוי אויך ענע. אײן מאָל בײַ נאַכט, איך הער שטאַרק קרעכצן, בין איך אַראָפּ פֿון געלעגער זײער דערשראָקן. זי הייבט אָן וויינען: אייבי שלאָפֿט, זי קען אים נישט דערוועקן, און זי ווערט שיִער נישט משוגע פֿאַר ווייטיק. כ׳האָב אייבין תּיכּף אַרויסגעשלעפּט פֿון שלאָף, און ר׳איז אַוועק נאָך דער באָבע. איך האָב געמאַכט דעם איוון, ווײַל זי האָט שטאַרק געציטערט פֿאַר קעלט און ווייטיק. געוווּסט האָב איך: מע דאַרף האָבן הייס וואַסער. אַז די באָבע און איר מוטער זענען געקומען איז אַלץ געווען צוגעגרייט.

אָבער אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט האָט זיך גענעמען אָפּקילן צוליב אַזאַ מעשׂה: מײַן ברודער — אַ שיינער, געזונטער בחור — האָט נישט פֿײַנט געהאַט דאָס ווײַבלעכע מין. אַזוי גיך ר׳האָט זיך באַקענט מיט אַ מײדל און זי אויסגענעמען, זענען זיי געווען גרייט זײַן ווילן נאָכצוקומען. ער פֿלעג אַהײמקומען מיר דערציילן און איך — כאָטש סע פֿלעג מיר זײער ווי טון — האָב גאָרנישט געקענט העלפֿן. אין זײַן געזעלשאַפֿט בין איך קיין מאָל נישט מיטגעגאַן; זײַנע חבֿרים און חבֿרטעס האָב איך נישט געוואָלט קענען, אָבער ענעס אַ קוזינע, אַ שיין מײדל, וואָס זי האָט צו יעדער צײַט געקענט קריגן אַ בחור און חתונה האָבן, האָט געוואָרפֿן אויף אים אַן אויג! פֿאַר מיר האָט מען זיך געהיט, אָבער איך האָב דערשמעקט, און גענעמען לאָזערן צום מישפּט. ער האָט געלאַכט, אָבער איך בין ערנצט ברוגז געוואָרן און אים געפֿרעגט: „לאָזער, דו ווי׳סט מיט דער בער־טאָן חתונה האָבן?״ האָט ער מיר, אַ לאַכנדיקער, געענפֿערט: „וואָס מײנסטו, שוועסטער, מיט אַלע מײדלעך, וואָס זיי הענגען זיך מיר אויפֿן האַלדז, וועל איך חתונה האָבן? איט׳ס דזשאַסט אַ גוט טײַם!״ (ס׳איז נאָר אַ פֿאַרווײַלעניש). איך האָב מיך צעווײנט און געשריגן: „אַ מײדל, אַ יתומה, אַן טאַטע־מאַמע ווי׳סטו פֿאַראומגליקן אויף שטענדיק און איבערלאָזן?״ האָט ער מיר געזאָגט: ס׳איז נישט זײַן שולד, זי לויפֿט אים נאָך, וואַרט אויף אים, ווען ער קומט פֿון דער אַרבעט, וויל נישט אָפּטרעטן: נאָר ער זאָל מיט איר אויסגיין. „אדרבא, לאָמיך זען, שוועסטער, רעד זי פֿון מיר אָפּ!״

איך האָב גערעדט מיט ענען, האָט זי מיר געזאָגט: זי וויל זיך נישט מישן, ס'האָט מיך זייער פאַרדראָסן: וואָס הייסט — ווילסט דיך נישט מישן? האָט זי מיר געענטפערט: „רעד מיט מײַן מאַמען". איך בין אַוועק צו איר מוטער און געוויינט פאַר איר: „שטײַטש, מיסעס שעפער, ווי קענט איר אַזויגס צולאָזן, אײַער אייגענע געפּאַטקע זאָל זיך פאַראומגליקן?" האָט זי מיך גענעמען מוסרן, וואָס איך מיש מיך — אפשר וועט ער מיט איר חתונה האָבען... האָב איך מיך שוין נישט געקענט אײַנהאַלטן און געשריגן: „אויף ׳אפשר וועט ער מיט איר חתונה האָבן׳, גייט מען מיט אַ בחור אין האָטעל?" אַ בייז האַרץ האָט אויף מיר די פרוי שעפער געהאַט: סטײַטש אַזאַ שיינער בחור ווי איר איזיו איז, און איך וויל מיט אים נישט אויסגיין! און ער, אַזאַ משוגענער, זיצט גאַנצע סוף־וואָכן אין הויז — אַז לינאַ גייט נישט, גייט ער אויך נישט. ווען אונדז זע'מיר געגאַן אַלע אין איינעם, איז געווען איין זאַך, אָבער אַליין גיין מיט אים פאַרברענגען איז מיר נישט אײַנגעפאַלן. די מאַמע נעבעך האָט געליטן דערפון, און אַז זי האָט דערטאַפּט אַזאַ געלעגנהייט זיך מיט מיר אָפּצורעכענען, האָט זי פאַרגעסן די אַלע טובות, וואָס איך האָב איר געטון, די אַלע געלדער וואָס זי האָט מיך געקאָסט, און זי האָט מיר אַרײַנגעזאָגט ביז דער זיבעטער ריפּ: איך בין שולדיק, וואָס לאַזער האָט נישט חתונה, און ער איז שולדיק, וואָס איך האָב נישט חתונה.

אַ קיצור, איך האָב לאַזערן דערציילט, וואָס כ'האָב באַקומען דורך אים, איז ער אין כעס געוואָרן, געכאַפּט זײַן פעקל און — אַרויסגע־צויגן זיך פון דאָרט. און איך בײַ ענען האָב שוין אויך נישט געקענט בלײַבן. מײַן פעטער בעריש האָט דעמאָלט געוווינט אין דער זיבע־טער גאַס און סעקאַנד־עוועניו. ער איז מיר לאַנג געלעגן אין די אויי־ערן, כ'זאָל מיך צון אים אַרײַנציען. שטאַרק חשק האָב איך נישט גע־האַט, ווײַל כ'האָב געוווסט, אַז ער האָט אַ שטוב מיט קינדער און ער איז אַ פאַן־פּאַטשעבאָוסקי. אַז כ'ל אַרײַנשטעלן אַ פוס, בין איך פאַר־פאַלן. — איך קען נישט זאָגן ניין. און כ'האָב מיך געקליבן אַהיימ־צופאָרן און געדאַרפט שפּאָרן יעדע פעני. אָבער אַזוי ווי ס'האָט זיך געמאַכט די זאַך מיט לאַזערן און בערטאַן, האָב איך באַשלאָסן מיך אַרײַנצוציען צום פעטער. כ'האָב געזאָגט ענען, און זי האָט מיר גע־ווונטשן גליק. כ'האָב זי מער נישט געזען, ביז איך בין אַהיימגעפאָרן. דעמאָלט איז זי געקומען און מיך געפרעגט, צי כ'וויל מיך נישט גע־זעגענען מיט איר און מיט איר מיידעלע, וואָס איך האָב געהאָלפן אָפּנעמען. האָב איך איר געזאָגט, זי זאָל צוברענגען דאָס קינד. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז זי צוגעקומען מיטן קינדער־וועגעלע. זי האָט מיר געבראַכט אַ גאָלדקייטעלע מיט אַ נאָכהענגסל און זיך צעקושט און — גוד־בײַ, זײַ געזונט!

# מײַן חבֿרטע סערע

בײַם פֿעטער בעריש האָב איך מיר נישט שלעכט געהאַט, אָבער קיין חבֿרטע האָב איך נישט געהאַט און דאָס האָט מיר געפֿעלט. ס׳איז געווען אַ ייִגאַלניצער מיידל, וואָס אונדז׳אַ׳מיר זיך געקענט שוין אַ סך יאָרן. אונדז׳אַ׳מיר געהאַט געוווינט אין איין הויז און זיך זייער גוט פֿאַרטראָגן, אָבער אַז כ׳בין אַוועק פֿון דער געגנט, האָ׳מיר זיך מער נישט געטראָפֿן. איצט, אַז כ׳האָב זייער געבענקט נאָך אַ חבֿרטע און כ׳האָב ווידער באַגעגנט מײַן לאַנדסמיידל, סערע אַשכּנזי, האָב איך איר דערציילט מײַנע צרות, און זי מיר אירע און אונדז׳אַ׳מיר זיך צונויפֿגעקניפּט אין איביקער פֿרײַנדשאַפֿט.

זי איז געווען אַ פֿײַן און געבילדעט מיידל; שטיל אַזוי ווי מיר איז געפֿעלן. לאַזער האָט זיך געפֿילט שולדיק קעגן מיר און האָט באַשלאָסן אַזוינע זאַכן (ווי מיט בערטאַ שעפֿער) מער נישט אָפּצוטון. ר׳האָט אָנגעהויבן נישט אַוועקגיין אויף דער נאַכט און אונדז פֿרעגן צי מעג ער אונדז באַגלייטן. אַזוי זע׳מיר צוויי־דרײַ מאָל אַ וואָך אין איי־נעם אויסגעגאַן. ס׳האָט דעמאָלט געבליט דאָס ייִדישע טעאַטער: די בעסטע דראַמעס פֿון גאָרדין און טאָלסטוי האָ׳מיר געזען, און אַרויס־גייענדיק האָט יעדער זײַן מיינונג אַרויסגעזאָגט. מײַן ברודער, אַליין נישט אויפֿגעמאַכט אַ ביכל אין זײַן לעבן, האָט אָבער געהאַט אַ טײַערן קאָפּ. אַזאַ זכּרון, אַז סע האָבן זיך געקענט פֿאַר אים באַהאַלטן די גרעסטע געלערנטע. ער פֿלעג אונדז צו מאָל מיטנעמען צון אַ לעקציע מיט זײַנע חבֿרים, האָ׳מיר ערשט געזען מיט וועמען ער חבֿרט זיך: מאיר לאָנדאָן, גאָמפּערס. מע האָט זיך זייער גערעכנט מיט זײַנס אַ מיינונג. אַז ר׳האָט זיך אַוועקגעשטעלט רעדן אויף אַ מיטינג פֿון זײַן יוניאָן, זענען פֿונקען געפֿלויגן פֿון זײַן מויל. ער איז אויך געווען אַ מיטגרינדער פֿון אַרבעטער־רינג. ווער סע האָט אים געקענט האָט אים אָבער אויסגעניצט. נישט חלילה דערפֿאַר וואָס ר׳האָט נישט פֿאַרשטאַ־נען — שׂכל האָט ער געהאַט פֿאַר דרײַ — אָבער אַזאַ גוט האַרץ האָט ער געהאַט, אַז מע האָט פֿון אים נישט נאָר דאָס געלט, נאָר אויך די נשמה געקענט אַרויסציִען מיט אַ קרום פּנים. און אַז כ׳האָב אָנגעהויבן רעדן צון אים: „לאַזער, וואָס וועט זײַן דער סוף? כ׳וויל אַהיימפֿאָרן — ווי וועל איך דיך איבערלאָזן אַליין?” האָט ער מיר האַלב אין שפּאַס גע־ענטפֿערט: „נו, שוועסטער, זע און פּועל, אַז סערע זאָל מיך נעמען!”. כ׳האָב אים געזאָגט, ער זאָל זיך דאָס אַפֿילו אין קאָפּ נישט נעמען — ווי קומט ער צון איר? אַזאַ פֿײַן, שטיל מיידל! כאָטש כ׳וואָלט מיר בעסערס פֿאַר אַ שוועגערין גאָר נישט געוווּנטשן, „אָבער דו ביסט זי נישט ווערט.”

ער האָט געשוויגן און זי וואָס מער אַרײַנגענעמען אין האַרץ. איידער כ׳בין אַהיימגעפֿאָרן, האָב איך זי געבעטן זי זאָל אויף אים

אַכטונג געבן, ווען כ׳וועל אַוועקפאָרן. און זי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך אויפפירן, וועט זי זיך מיט אים אַ מאָל טרעפן. און כ׳בין געווען מער ווי זיכער, אַז אַקעגן סערען וועט ער זיך האַלטן אין דער מעלה. אַזוי האָט זיך צוגערוקט דער טאָג פון מײַן אַהיימפאָרן. לאַזער איז געשטאַנען ביי דער שיף און געוויינט: „שוועסטער, וואָס פאָרסטו אַוועק פון מיר און פונעם לאַנד וואָס איז געווען אַזוי גוט צו דיר? האָסט געקענט קומען צו איינעם פון די בעסטע שידוכים, און לעבן גליקלעך. און דאָרט וועט מען אויף דיר קוקן קרום — אַן אַמעריקאַנער מיידל! ווער ווייסט, וואָס זי האָט דאָרט געטון!״ זיי האָבן דעמאָלט אָראָפּגעקוקט אויף איינער וואָס איז אַהיימגעקומען פון אַמעריקע; סײַדן מען האָט געבראַכט אַ גרויסע מאָטגיאַ, און איך האָב דאָס אויך נישט געהאַט! ס׳איז מיר סך־הכל, נאָכן קויפן די שיפסקאַרטע און פאַר יעדן אַ געשאַנק, איבערגעבליבן הונדערט פופציק דאָלאַר. מיט דעם האָב איך מיך געלאָזט אין וועג אַרײַן.

אָט אַזוי בין איך, מיט זייער אַ שווער געמיט, אַרויף אויף דער שיף, איבערלאָזנדיק הינטער מיר אפשר די שענסטע 6 יאָר פון מײַן לעבן. געהאַט אַדאָ אין לאַנד אַ גרויסן סוקצעס, און ווער ווייסט וואָס סע וואַרט אויף מיר אין דער היים?

## מײַן ערשטער טאָג אין דער היים

אַז כ׳בין אַרויף אויף דער שיף, האָב איך טעלעגראַפירט, אַז אין דעם און דעם טאָג וועל איך אָנקומען. גאַנץ זוויניעטשקע האָט געקלונגען און זיך געפרייט מיט דער דעפעשע, אָבער איין זאַלמעוואָליע האָט זיך געווונטשן מיך מער נישט צו זען. און גאָט איז אַ גוטער... כ׳בין אַרײַנגעקומען אין שטוב און געפרעגט ווו ער איז, האָט מיר ריוורציע אײַנגערעדט אַ סוד, אַז די מאַמע זיצט שיבֿעה. ווי ער האָט דערהערט די שוואַרצע בשׂורה: איך קום, איז ער פלוצעם געשטאָרבן. קיינער האָט זיך נישט שטאַרק מצער געווען, מע האָט בלויז געזאָגט: „אַן ערלעכער מענטש געווען, וואָס ער האָט זיך געווונטשן איז אים מקוים געוואָרן״.

פאַר מיר האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה — כ׳האָב געדאַרפט יעדן עקסטער געפעלן. די מאַמע: „וויי איז איר — זי איז דאָך אַזוי אָפּגעצערט, אַז ווען זי בלײַבט נאָך זעקס חדשים אין אַמעריקע, וואָלט זי געשטאָרבן פון אַ לינקן־פעלער״. כ׳וועל מיך מוזן פאַפּראַווען, איידער מע וועט מיך קענען ווײַזן פאַר עמעצן. אָבער דעם צווייטן טאָג, אַז כ׳בין אַרויס אין גאַס, האָט זיך צעטראָגן דער קלאַנג, אַז צו משהן, ריווציעס מאַן, איז געקומען אַ רײַכע שוועגערין פון אַמעריקע. ער האָט געהאַט אַ שפּעצערײַקראָם אין זאַלישטשיק. איז דאָך זייער גוט... אײַ, ווער האָט זיך נאָכגע־

פֿרעגט צי די סחורה אין קרעמל איז זײַנע? ריווציע איז געוועזן אַ יתומה און מ׳איז געווען צופֿרידן, ווען ר׳האָט זיך אין איר פֿאַרליבט. מ׳האָט אים געגעבן נדן, די שווער־פֿאַרהאַרעוועטע טויזנט קראָנען (די פֿיר הונדערט טאָלער וואָס איך האָב איר געגעבן), און ער איז מן־הסתּם מער שולדיק געווען. דער נדן איז דערטראָנקען געוואָרן ווי אין ים אַ קרישקע...

משה האָט געקערט זאָגן די בעלי־חובֿות, אַז זײַן ווײַבס שוועסטער אין אַמעריקע וועט אים העלפֿן באַצאָלן די וועקסלען. אַז גאָט האָט געהאָלפֿן, זיי האָבן דערהערט די אַמעריקאַנערין איז דאָ, זענען זיי געקומען צו לויפֿן מיט געוואַלדעס: זיי גייען אים אײַנזעצן, אָבער קודם וועט מען אים די קישקעס אַרויסלאָזן! מיר איז פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן — מײַן ערשטער טאָג אין דער היים! ריווציע איז געשטאַנען און זיך געבראָכן די הענט און די גאַנצע גאַס איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן אויפֿן בייז־וווּנדער.

כ׳האָב אָנגעקגערופֿן מײַן שוואָגער און געזאָגט: „הער, משה, איך פֿאַרמאָג 138 דאָלאַר (צוועלעף זענען בײַ מיר אָוועק אויפֿן וועג), גיי נעם און באַצאָל, זאָלן זיי אָפּטרעטן פֿון דאַנעט!” ער האָט אַזוי געטון און איך בין געבליבן אָן אַ פּרוטה בײַ דער נשמה...

שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן די שדכנים און מיך געפֿרעגט, וויפֿל איך האָב נדן. זיי האָבן אויפֿגעמאַכט זייערע ביכעלעך און מיר אויסגערעכנט, אַז... כ׳זאָל נישט פֿאַראיבל נעמען, אַ היג באַלעבאַטיש מיידל דאַרף האָבן וויניקסטנס טויזנט קראָנען צו באַקומען אַ חתן; אָבער אַן אַמעריקאַנערקע מוז האָבן מער. נאָך אַלעמען קען מען דאָך נישט וויסן וואָס אַזאַ מיידל האָט דאָרט געטון! איך האָב געשמייכלט, אַז ווי איז און אָך צו ליפּשען, אַז מע דאַרף מער באַצאָלן, ווײַל ס׳אַ ספֿק אין איר ערלעכקייט! אָפּגעווען זעקס יאָר אין דער גאָל־דענער מדינה און ס׳האָט קיינער נישט געקענט מיר נאָכזאָגן, אַז מע האָט מיך באַרירט מיט אַ האַנט. אָבער וואָס איז מיר שוין געווען דער חילוק! איך האָב שוין געזען, אַז מער ווי אַ פּאָר חדשים וועל איך דאָ נישט בלײַבן. צום סעזאָן וועט מיר לאָזער שיקן אַ שיפֿסקאַרטע און איך וועל צוריקפֿאָרן. כ׳האָב קיינעם נישט מודיע געווען מײַן באַשלוס — וואָס האָב איך געדאַרפֿט דער מאַמען פֿאַרשטערן די פֿרייד? זאָל זי האָפֿן, כ׳וועל בלײַבן און חתונה האָבן. אַ גוטן תּירוץ האָב איך דאָך געהאַט פֿאַר מײַן אַהערקומען סײַ ווי סײַ: כ׳מוז מיך דערכאַפּן אַ ביסל; פֿלייש אויף מײַנע אויסגעטריקנטע ביינער, ווי זיי האָבן געזאָגט, אַרויפֿלייגן.

## בײַ מײַנע ברידער

אַזוי איז עס געבליבן. אַז די ברידער מײַנע, חיים און סראל, האָבן זיך מיט מיר אָפּגעפֿרייט און צוגעגעמען די פּרעזענטן, האָט מען מיך גע־

בעטן כ'זאָל מיטפֿאָרן: בײַ סראַלן אין וואָלטשעניץ איז פּשוט אַ קוראָרט. איך וועל מיך דאָרט באַלד פּאַפּראַווען און דערנאָך — רעדן וועגן תּכלית. אײַ נדן? איז דאָך לאָזער אין אַמעריקע, וועט ער מיך דען חלילה לאָזן פֿאַלן? כ'האָב זיי געלאָזט חלומען דערפֿון, נאָר בײַ מיר בין איך געווען זיכער: כ'פֿאָר צוריק צו מײַן ברודער לאָזער, וואָס וואַרט אויף מיר ווי אַ פֿרומער ייִד אויף משיח.

אַז כ'האָב מיך גענומען אײַנפּאַקן עפּעס זאַכן פֿאַר אַ פּאָר וואָכן אַנצוטון, האָבן ביידע געזאָגט: „וואָס דאַרפֿסטו אַזעלכע קליידער? אין דאָרף צום באָדן גייט מען פּשוט אַנגעטון". האָב איך זיי געפֿאָלגט און גאָרנישט מיטגעשלעפּט מיט זיך. געהאַט האָב איך אַ קופֿערט מיט טײַערע זאַכן — פֿון וועש און קליידער דאָס שענסטע און בעסטע וואָס אַן אַרבעטער-מיידל האָט געקענט זיך פֿאַרגינען: אַ טײַערן, מיט פֿעלץ באַברעמטן ווינטער-מאַנטל, אַ פֿײַנע פּעלערינע מיט אַ מוף וואָס איז געווען אין דער מאָדע — פֿאַר וואָס נישט? ערשטנס האָב איך דערבײַ געאַרבעט; און צווייטנס איז דאָס דאָך געווען מײַן אויסשטאַפּירונג. כ'האָב מיר געקלערט: געקומען אין לאַנד בין איך אַנגעטון אויף חוזק — חלוש אין לײַלעך — אָפּגעאַרבעט זעקס שווערע יאָר און בין געבליבן אָן געלט; לאָמיך כאָטש האָבן אַ שיינע אויסשטײַער און זײַן גוט אַנגעטון! אָבער ווי כ'האָב מיך גענומען אײַנפּאַקן און זיי האָבן מיר געזאָגט מע דאַרף נישט, האָב איך אַלץ קריק אַרײַנגעלייגט אין קופֿערט, מיך מיט אים אָפּגעזעגנט, אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט: כ'וועל אים מער נישט זען. כ'האָב נישט מיטגענומען אַפֿילו איין קאָסטים. בלויז צווי רעק מיט בלוזן און צווי פּאָרלעך אונטערוועש און — יאָזדע מיט מײַנע ברידער אין זייער געגנט! געפֿאָרן זע'מיר קודם-כּל צו מײַן עלטסטן ברודער חיים קיין סערעט.

מײַן שוועגערין גיטל האָב איך געקענט נאָך פֿון פֿריִער; אויך דאָס עלטסטע קינד — דבֿורהלע. איצט קומענדיק צוריק נאָך זעקס יאָר, האָב איך געטראָפֿן נאָך אַ מיידעלע, סימעלע, און אַ ייִנגעלע יונה — אַ נאָמען נאָך מײַן טאַטן, מיט וועלכן כ'האָב מיך זייער געפֿרייט, ווײַל מײַן טאַטנס נאָמען איז מיר געווען הייליק. אַז מע האָט זיך מיט מיר אָפּגעפֿרייט, האָט מען מיך אָנגעהויבן אויסצופֿרעגן אויף קאָלומבוסעס מדינה. די בני-שאַליט — מײַן שוועגערין גיטלס ברידער — האָבן פֿײַנט געהאַט אַמעריקע: דאָרט דאַרף מען דאָך אַרבעטן, און וועלכער באַלעבאַטישער זון פֿון אַ טאַטן וואָס האָט אַ האָלצלאַגער וויל אָדער פּאַסט צו אַרבעטן?! לערנען האָבן זיי אויך נישט געוואָלט; דערפֿאַר אָבער: טאַנצן, זינגען, גאַנצע טעג אַרומגיין און בורלאַטשען — אויף דעם זענען זיי געווען ספּעציאַליסטן — און דערנאָך שלאָפֿן ביז עלעף אויפֿן טאָג. און דער אָרעמער פֿאָטער האָט טאַקע געהאַט אַ גרויס לאַגער, אָבער נאָך גרעסערע דאגות: וווּ נעמט מען צו באַצאָלן די חובֿות. איין שנור, די עלטסטע, פּעפּי שאַליט, איז געווען די טאָנגעבערין אין דער משפּחה. פֿון אונדז קליינשטעטלדיקע

פֿלעג זי האָבן וואָס צו לאַכן. פֿון מײַן ברודער חיים האָט זי אויך חוזק געמאַכט כאָטש ער איז געווען קליגער פֿון זיי, געקענט לערנען, וואָס זיי איז דאָס פֿרעמד געווען. דאָך קיין אַנדערן נאָמען ווי „דער פּוילישער" האָט ער בײַ זיי נישט געהאַט, ווײַל ער איז צופֿעליק געבוירן געוואָרן אין זאַלישטשיק (דער זיידע האָט דאָרט געהאַלטן דאָס לײַטערהויז און אַז די מאַמע האָט געדאַרפֿט ליגן אין קימפּעט מיטן ערשטן קינד, חיים, איז זי געגאַנגען צון איר טאַטן. אַזוי האָט מען זיך דעמאָלט געפֿירט).

אין דער צײַט וואָס כ'האָב פֿאַרבראַכט אין סערעט, כאָטש מע האָט מיך זייער גוט אויפֿגענומען, האָב איך באַלד דערשמעקט, ווו דער חמור שטייט... מע האָט מיר נישט געדאַרפֿט קיין סך דערציילן. איך האָב געזען די אַזוי געררופֿענע נגידישע סוחרימלעך, ווי דאָס לויפֿט אַרום לײַען גמילות־חסדימלעך איינס בײַם אַנדערן צו צאָלן די וועקסעלעך. האָב איך שוין געוווּסט, אַז נישט נאָר וועל איך פֿון חיימען נישט צוריקקריגן די סויזנט קראָנען, נאָר ווען איך וואָלט געהאַט נאָך אַ פּאָר הונדערט, וואָלט איך זיי אים אָוועקגעגעבן. און ס'האָט מיר שוין באַנג געטון אויפֿן געלט וואָס איך האָב אויסגעגיבן אויף הוצאָות און פּרעזענטן — איך וואָלט געקענט מײַנע נאָענטע העלפֿן מער מיט געלט ווי מיט מײַן קומען. אָבער — פֿאַרפֿאַלן.

איך בין אַרײַנגעפֿאָרן צו סראָלן, האָב מיך אָבער נישט געזאַרט. ס'איז מיר טאַקע זייער געפֿעלן, אי דאָס דאָרף איז מיר אַרײַן אין יעדן אבֿר, אי די קינדער. דאָס עלטסטע, אַ מיידעלע פֿון זעקס יאָר, דאָרעלע, אַ נאָמען נאָך מײַן באַבע דבֿורה, דאָס צווייטע מיידעלע — לוסיע. זיי זענען ווי צוגעוואַקסן געוואָרן צו מיר און פֿון מיר נישט אָפּגעטרעטן; דאָס דריטע פֿון אַ פּאָר חדשים, אַ ייִנגעלע, טאָליע, אויך שיין ווי די זיבן וועלטן.

איך האָב מיך מיט די קינדער און מיט מײַן שווערגערין אסתּר אַזוי געפֿרייט, אַז איך האָב פֿאַרגעסן אין די אַלע אַנטוישונגען פֿונעם ערשטן טאָג פֿון מײַן אַהיימקומען. איך האָב געקלערט: ס'איז דאָך גוט צו זײַן אין איינעם מיט שוועסטער, ברידער און קינדערלעך.

בײַ סראָלן אין דאָרף האָב איך גאָרנישט געזען פֿונעם דחקות וואָס איז געווען צווישן די שטעטישע ייִדן. דאָ איז געווען אַ זאַטקייט, אַ באַלע־באַטישע היימישקייט. אין הויז — פֿון אַלעם גוטן. ווען אסתּר האָט מיך אַרויפֿגעפֿירט אויפֿן בוידעם, און מיר געוויזן ווי פֿאַרפֿונדעוועט זיי זענען, בין איך געווען געפּלעפֿט. די אַלערליי אײַנגעמאַכטסן, ווישניקן, זעק מיט ניס, דאַרע אויפּסן! הײַנט אין קעלער: טײַערע ווײַנען, בירן, אַ כּלי בראָנפֿן, און אַ פּאָר קראָנען נאָך אין קעשענע. קיינעם ברוך־השם נישט שולדיק, פֿאַרקערט — מען איז אים שולדיק. ער האָט אַ בוך מיט חובֿות און אַ פֿולן קופֿערט מיט משכּנות. דאָס איז שוין געווען אסתּרס מיסחר, ווײַל ער בעמט נישט קיין משכּנות, ס'איז קעגן ייִדישן דין.

אסתּר איז אַחוץ אַ שוועגערין אויך געווען מײַנס אַ גליד־געשוויסטער־קינד. אַ זייער אײדעלע פֿרוי, אַלע דײַטשע דיכטער נישט נאָר געקענט נאָכן נאָמען, נאָר געלייענט און פֿאַרדייעט; אַ סך אויך געקענט אויף אויסנווייניק. אַ פֿאַרגעניגן מיט איר צו פֿאַרברענגען. נאָר איין חסרון האָט זי געהאַט. שטאַרק אַ קאַרגע געווען, אָבער נאָר פֿאַר זיך. פֿאַר געסט און משפּחה איז זי געווען די גאַסטפֿרײַנדלעכקייט אַליין. זיי האָבן געהאַט אַ שיין הײַזל פֿון פֿיר שטיבער, איינע עקסטער צוגעגרייט פֿאַר געסט. און אַז גאָט האָט געהאָלפֿן ס'איז אַרײַנגעפֿאַלן אַן אורח, איז געווען וווּיל און גוט צון אים. אַחוץ אַ פּאָר טעג עסן און טרינקען איז ער נאָך באַליט געוואָרן מיט אַ פֿורל, וואָס סראָל פֿלעג דינגען, דער אָרעמער ייִד זאָל זיך נישט אָפּשלאָגן די פֿיס.

ער איז, ווי געזאָגט, געווען אַ שיינער באַלעבאָס, סראָל, געשאַצט בײַ די דאָרפֿס־שכנים — סײַ ייִדן, סײַ להבֿדיל גוים. איין זאַך האָב איך געהאַט אויסצוזעצן: ער איז געווען מער בײַם וויזשניצער רבין ווי אין דער היים. און אַז ער איז טאָג־ונאַכט אַרומגעפֿאָרן צו די רבנים, האָט אסתּר אַליין געמוזט סטאַנקעווען גאַנצע טעג ביז שפּעט אין דער נאַכט אין שענק און אין געווּעלב. געמוזט באַדינען די טראַפֿיק — פֿאַר יעדע פֿאַר גרײַצער אַרײַנלויפֿן: דעם — אַ פּעקל טעטין, דעם — אַ גלעזל בראָנפֿן, און דאָ די קינדער! און זי פֿלעג יעדעס יאָר ליגן אין קימפּעט. נאָר איר קימפּעט האָט נישט מער געדויערט ווי דרײַ טעג. דעם פֿערדן טאָג איז זי שוין געווען אויף די פֿיס, אַרומגעלאָפֿן, ווי גאָר נישט זי מיינט מען. פֿאַר אַ נויט פֿלעג זי אויך דעם גאָרטן באַאַרבעטן! ס'איז פּשוט געווען אַ רחמנות צוצוקוקן ווי שווער די פֿרוי האָט געהאָרעוועט.

און אַז סראָל איז שוין יאָ געווען אין דער היים, האָט ער דען צײַט געהאַט פֿאַר זײַן אייגן הויזגעזינד? ווער ס'האָט געהאַט עפּעס אַ צרה, איז געקומען צו סראָל געטעסמאַן. און ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין צײַט און נישט קיין געלט אַבי יענעם צו העלפֿן. און אַז איך בין געקומען און מיר דאָס צוגעזען, האָב איך אים געפֿרעגט: „שטײַטש, דו גיסט נישט גענוג אַכטונג אויף דײַן משפּחה, אַבי צו טון אַ מיצווה!" האָט ער מיר פּשוט געענפֿערט: „שוועסטער, דו מיינסט, איך האָב פֿאַר־געסן, ווען מיר איז געווען ביטער? איך בין נאָך דער חתונה געזעסן אָן פּרנסה אפֿשר פֿיר יאָר! דו געדענקסט, ווען איך האָב געמאַכט צוריק מיט צוויי יאָר אַ ברית, די קינדער צו לאַנגע יאָר, ס'איז בײַ מיר געבוירן געוואָרן אַ ייִנגעלע, איך האָב מיך געפֿרייט — אַ נאָמען נאָכן טאַטן! אָבער דעם ברית האָב איך נישט געהאַט גענוג אויסצושטיין. אַז די מאַמע איז געקומען צו פֿאָרן אויפֿן ברית און האָט דערזען דעם דלות בײַ מיר באַלעבאַטעווען, האָט זי דיר תּיכף אָוועקגעשריבן און איך האָב באַלד פֿון אײַך באַקומען פֿופֿציק דאָלאַר. וואָס הייסט, בין איך דעמאָלט אויפֿ־געריכט געוואָרן! און דענצטמאָל האָב איך געטון אַ נדר, אַז גאָט וועט

מיר העלפֿן, וועל איך אויך אַנדערע העלפֿן". ס'איז מיר אַוודאי געפֿעלן זײַן שטייגער לעבן, און איך בין געווען גליקלעך די פּאָר וואָכן וואָס איך האָב פֿאַרבראַכט אין דאָרף. און ווי זאָגט מען — ס'איז געווען גוט, אָבער דאָך נישט גוט... און דורך אַ נאַרישקייט איז מיר דאָס גאַנצע פֿאַרשטערט געוואָרן.

## אַזאַ בושה!

אַזוי ווי ס'איז געווען זומער האָט זיך יעדן פֿאַרנאַכט די גאַנצע יוגנט פֿון וואָלטשעניץ און די אַרומיקע דערפֿער פֿאַרזאַמלט בײַם טײַך, דעם סערעט. פֿאַרשטייט זיך די מיידלעך עקסטער און די מענער עקסטער. אָבער נאָכן באָדן פֿלעג מען אין איינעם אַרומגיין און שפּאַצירן איבערן דאָרף. אַזוי ווי ס'איז באַקאַנט געוואָרן, אַז צו סראָל גאָטעסמאַן איז געקומען אַ שוועסטער, איז זיך צונויפֿגעקומען פֿון עטלעכע דערפֿער די יוגנט און מע האָט זיך געדולט. פּלוצעם פֿרעגט מיך איינער פֿונעם רעדל, פֿון וואַנעט איך קום. סע קען זיך זיי נישט גלייבן, אַז איך בין נאָר אַ זווינ־ביעטשקער, איך בין אַוודאי געווען אין אַ גרויסער שטאָט. און איך — כאָטש סראָל האָט מיך געבעטן, איך זאָל קיינעם נישט דערציילן, אַז כ'בין געווען אין אַמעריקע — אָבער מע האָט מיך אַזוי קריטיש אָנגעקוקט און געגעבן אַ כאַפּ אויף דער ליטקע, האָט מיך אַזוי פֿאַרדראָסן אויף אַלע, איבער הויפּט אויף מײַן ברודער, אַז איך האָב מיך שטאָלץ אָנגערופֿן: „וואָס הייסט פֿון וואַנעט איך קום? פֿון אַמעריקע!" איך האָב געזען, אַז זיי זענען נישט צו פֿאַרחידושט געוואָרן. אַ סימן זיי האָבן זיך שוין אָנגע־שטויסן, נאָר זיי האָבן געוואָלט הערן פֿאַר וואָס מען דאַרף זיך היטן, אַז מע קומט פֿון אַמעריקע. איך האָב מיך זייער פֿאַרשעמט, מער וועל איך אַזאַ נאַרישקייט נישט אָפּטון. בײַם ערשטן באַגעגענען מיט מענטשן וועל איך מיך פֿאָרשטעלן ווי אַן אַמעריקאַנערין.

אַהיימקומענדיק, האָב איך דעם עפּיזאָד תיכּף דערציילט מײַן שווע־גערין, און איך בין געווען זייער אויפֿגערעגט צו וואָס ס'האָט געדאַרפֿט קומען דערצו. אָבער אַז סראָל איז געקומען פֿונעם דאַוונען און אסתּר האָט אים דערציילט, וואָס ס'האָט פּאַסירט, איז ער אַזש ווײַס געוואָרן ווי די וואַנט — אַזאַ בושה! איך האָב גאַרנישט געזאָגט. וואָס האָב איך געקענט זאָגן צון אַזאַ טיפּשות? איך האָב אָפּגעוואַרט ביז נאָך דער ווע־טשערע, און דערנאָך, ווען מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט אין דרויסן, האָב איך מיך גענומען אויסטענהן מיט אים און געגעבן אים צו פֿאַרשטיין ווי ווײַט זיי זענען צוריק פֿון דער הײַנטיקער וועלט. „וואָס הייסט, זיך שעמען מיט אַמעריקע? וואָס זענען דען די מענטשן דאָרט, מערדער און גנבֿים? די מיידלעך, חלילה, אויסגעלאָסן? פֿאַרקערט — דאָ זענען

אַלע לײדיק־גײערס; לעבן נאָר פֿון אָפּנאַרן אײנס דאָס אַנדערע; אָבער דאָרט פֿאַרדינט יעדער מיט שווײס זײַן אויסקומעניש. און טאָמער שפּאָרט אײנער אָפּ אַ טאָלער, איז עס אַן ערלעכער טאָלער, נישט פֿון שקר און שווינדל. און די מײדלעך דאָרט זענען פֿײַנער און װוילער װי די מײדלעך אין דאָרף. מעגסט מיר גלײבן, טײַערער ברודער, אַז דײַן װיזשניצער רבינס אײניקלעך זענען נישט ערלעכער און פֿײַנער װי דײַנע שװעסטער זענען געװען אין אַמעריקע". איך האָב געפּרוּװט אים צו באַרוּיקן, כאָטש ס'איז מיר נישט געלעגן אַפֿילו אין דער פּידעשװע װאָס די אַנדערע טראַכטן, נאָר מײַן ברודער װעמען איך האָב זײער ליב געהאַט האָב איך נישט געװאָלט אָנטון קײן יסורים... ער האָט נאָך געקענט פֿאַרלירן דאָס אַנזען צוליב אַזאַ פֿלעק: װאָס הײסט — אַ שװעסטער פֿון אַמעריקע! אָבער נישט לאַנג האָבן געדױערט די צרות; ס'ע זענען אָנגעקומען גרע־סערע...

## מע דאַרף בענטשן גומל

אויף שבת בין איך אַרײַנגעפֿאָרן קײן סערעט. ערשטנס, בין איך אין סערעט בלויז געװען אַ פּאָר טעג. צװײטנס, האָב איך געװאָלט, אַז דער פּאַרעך פֿון מײַן אויסזאָגן דעם „סוד" זאָל זיך זעצן. אין סערעט בין איך געװען אַ גאָר געהױבענער גאַסט, ספּעציעל בײַ מײַן ברודער. ס'איז געװען אַ פֿרײלעכער שבת און זונטיק אין דער פֿרי האָט מיך פּעפּי שאַליט שוין געפֿרעגט, װען איך פֿאָר צוריק. איך האָב איר צוליב געטון און געזאָגט, אַז דינסטיק װעט סראָל מיך קומען נעמען צוריק קײן װאָלטשעניץ.

מײַן שװעגערין גיטל — אַ שײנע פֿרױ געװען, שײן געזונגען און, װי אסתּר, יעדעס יאָר אַ קינד געהאַט. זי פֿלעג אָפּט זיצן אויף דער פּריספּע בײַ דער ריספּלער — אַ קאָמעניצע בײַם אַלטן שאַליט, גיטלס פֿאָטער. די ריספּלער איז געװען אַן אַלמנה, אַ שנײַדערין און בײַ איר האָבן געניײט אַ פּאָר מײדלעך. די נײַעס פֿון דער גאַנצער שטאָט זענען בײַ איר אין הויז איבערגעקײַעט געװאָרן און װײַטער געטראָגן. קײן ראַדיאָ צי טעלעפֿאָן האָט מען נישט געדאַרפֿט — די מײַלער זענען געװען גענוג פֿלינק צו צעטראָגן יעדעס קלענסטע איבער דער שטאָט אין אײן האַלבער שעה.

נאָר יענעם זונטיק אין דער פֿרי האָט זיך אָפּגעשפּילט אַזאַ מין מעשׂה: כ'בין אויפֿגעשטאַנען, מיך געשפּילט מיט די קינדער, בעת קאַטרינאַ, די דינסט, האָט אויפֿגעראַמט דאָס הויז. זי איז געװען די גאַנצע באַלעבאָסטע: נישט נאָר ניאַנטשען די קינדער און ראַמען, נאָר אויך

אין זינען האָבן, אַז דער פּאַן וועט באַלד קומען פֿונעם דאַווענען, מע דאַרף אים עפּעס צוגרייטן צום איבערבײַסן. און קוים האָט ער איבערגעביסן, איז ער שוין געווען אויף יענער זײַט טיר. געלאָפֿן אין מאַרק צו זײַנע פּופּצן געשעפֿטן, וואָס נישט איינס האָט געטויגט. ער איז אַרויס, האָב איך גענומען דאָס קינד, יונהלע, אויף די הענט און האָב מיך אַנידערגע־זעצט אויף דער פּריספּע בײַ דער פֿרוי ריפּלערס „נײַעס־אַגענטור״. עטלעכע ווײַבער האָבן באַלד צו מיר זיך צוגעזעצט און פֿאַרפֿירט אַ שמועס: געוואָלט פֿון מיר עפּעס הערן פֿונעם גאָלדענעם לאַנד. נישט ווײַט איז געווען אַ שטיקל מאַרקפּלאַץ מיט אַ פּאָר געוועלבן. זונטיק פֿלעגן דאָרט זיך צונויפֿפֿאָרן גויים פֿון די אַרומיקע דערפֿער און עס האָט זיך געהאַנדלט, געוואַנדלט, ס'האָט זיך גערעשט. ווער פֿאַרדינט, ווער דערלייגט, אָבער פֿריילעך איז געווען... דער דאָזיקער מיסחר האָט זיך אָפּגעשפּילט צוויי מאָל אַ וואָך: זונטיק אויף אַ קליינעם פֿאָרמאַט און דינסטיק — אויף אַ גרעסערן.

איך בין אַזוי געזעסן און מיך געשפּילט מיטן קינד, וואָס איז געווען זייער אַ שיינס און שטאַרק חשובֿ — בפֿרט, אַז פֿאַר אים איז אַ יינגל אַוועק אין דער וואַכנאַכט און ער איז געווען דאָס איינציקע יינגל, און אַוודאי שטאַרק געציטערט בײַ יעדן איינעם פֿון אונדז. אַזוי זיצנדיק און באַלאַקענדיק איז פּלוצעם געוואָרן אַ געוואָלט, אַ בהלה. כ'האָב געזען יעדער אַנטלויפֿט און איך מיטן קינד זע'מיר געבליבן אַליין. איך האָב זיי געהערט שרײַען „אַנטלויף!״, אָבער איידער כ'האָב פֿאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פֿאָר, האָב איך שוין דערזען ווי אַ ספּאָלאָשעט פֿערד פֿונעם מאַרק אַרויס שפּרינגט מיר אַקעגן. ס'האָט געדויערט סעקונדן, און שוין האָב איך געזען דעם טויט פֿאַר די אויגן. אַזוי ווי דאָס פֿערד איז שוין געווען איין שפּרונג פֿאַר אונדז, האָב איך געגעבן אַ וואָרף דאָס קינד אונטער מיר, און איך מיט מײַן גוף האָב צוגעדעקט דאָס דערשראָקענע עופֿעלע. דאָס פֿערד, אַז ס'איז צוגעקומען צו מײַן קאָפּ, האָט עס געגעבן אַ הייב אויף די פֿעדערשטע פֿיס און — איז אַריבערגעשפּרונגען איבער מיר. ווען די ווײַבער האָבן געזען דאָס פֿערד אַוועקשפּרינגען און די סכּנה אַריבער, האָבן אַלע אין איין קול אָנגעהויבן שרײַען „געוואָלט!״

איך האָב מיך פֿאַוואָליע אויפֿגעהויבן און אָפּגעשלעפּט דאָס קינד. אונדז זע'מיר ביידע געווען גאַנץ און געזונט, און אַחוץ דעם ביסל שרעק האָט אונדז גאָרנישט געשאַט. ס'גאַנצע שטעטל האָט זיך באַלד גערעשט. חיים איז געקומען צו לויפֿן. דערזען אונדז ביידע געזונט, האָט ער זיך צעוויינט: „שוועסטער, האָסט אײַנגעשטעלט דײַן לעבן מײַן קינד צו ראַ־טעווען!״ אויף דער נאַכט האָבן די שכנים נאָר געוואָלט איך זאָל גיין בענטשן גומל, אָבער איך האָב נישט געוואָלט הערן דערפֿון. גאָט האָט געהאָלפֿן, איז דאַנקען גאָט דערפֿאַר און גענוג גערעשט זיך מיט דעם משׂא־ומתּן.

# אַ פינצטערע כמאַרע

מאָנטיק אין דער פרי איז חיים געפאָרן קיין טשערנעוויץ געשעפטלעך, זע׳מיר דעם גאַנצן טאָג געזעסן און געוואַרט. עפּעס האָט מען אין דער לופט געפילט, אַז סע ציט זיך אָן אַ שטאַרקע כמאַרע. יעדער איז אַרומ־געגאַן דערשראָקן און נישט געוווסט פאַר וואָס. קוים דערלעבט דעם פאַרנאַכט, זע׳מיר אַקעגנגעגאַן חיימען צו דער באַן, הערן וואָס ער ברענגט פון טשערנעוויץ. ווען אונדז׳אָ׳מיר אים דערזען, איז שוין קיין שאלה נישט געווען, אַז ס׳איז ביטער. דערציילט האָט ער, אַז מע האָט אונדזער קראָנפּרינץ דערשאָסן אין סאַראַיעוואָ, און מע האָט שטאַרק מורא, סע זאָל נישט אויסברעכן אַ מלחמה. אין טשערנעוויץ אויף דער בערזע איז אַן איבערקערעניש. ייִדן לויפן ווי פאַרסמטע מײַז, קיינער וויל שוין נישט קיין פּרוטה אַרויסגעבן פון דער האַנט. ווי כ׳האָב דעמאָלט געפילט, קען מען זיך לײַכט אָנשטויסן — אָנגעפּאַטשט און אַרויסגעוואָרפן. אָבער צוזעענדיק חיימס עגמת־נפש, האָב איך געמוזט זיי אַלעמען טרייסטן: גאָט וועט העלפן, מע וועט זיך פאַרגלײַכן; פראַנץ־יאָזעף, אונדזער גוטער קייזער, וועט נישט צולאָזן צו קיין מלחמה; אײַ, מע האָט געשטעלט אַן אולטימאַטום? איידער מע הערט שיסן, קען נאָך גוט ווערן!... איך און אַלע אַנדערע האָבן געהאַט אַ גרויסן טעות. איידער ס׳איז נאַכט געוואָרן, איז שוין געווען אין ראָטהויז אַ טעלעגראַם: אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. דאָס איז געווען דעם ערשטן אויגוסט 1914.

אין דער פרי איז סראָל אַרײַנגעקומען הערן די נײַעס, פון אַ יריד איז שוין קיין רייד נישט געווען. נאָך צוויי־דרײַ שעה אַרומדרייען זיך האָט ער געזאָגט: „ליפּשע, קום!״. דעם אמת געזאָגט, האָט זיך מיר איצט נישט געגלוסט צו גיין אין דאָרף אַרײַן, ווײַל איך האָב מורא געהאַט פאַר די צעווילדעוועטע גויים. איך האָב געהערט ווי חיים זאָגט צו סראָלן: „אפשר בלײַבט ליפּשע דאָ? פאָרט אַ שטאָט מיט ייִדן!״ האָט סראָל געזאָגט: „ווי אַזוי זי וויל, אָבער וואָס וועט אסתּר טון מיט די קליינע קינדער?״ יעדעס יאָר, אַז אַ פּאָר רעקרוטן דאַרפן אײַנרוקן, קערט זיך איבער דאָס דאָרף, בפרט איצט בײַ אַן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע, ווו יעדער פון זיבעצן ביז זעקס און דרײַסיק מוז זיך ביז דרײַ טעג שטעלן צו דער „בעצירקס־זשאַנדאַרמערי״! ווי איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך געזאָגט: „איך פאָר!״ איך האָב מיך נישט אַפילו געהאַט וואָס אײַנצופּאַקן (מײַנע זאַכן זענען דאָך געווען אין דער היים, אינעם קופערט), איך בין אַרויף אויפן וואָגן. יאַזדאַ, מיר פאָרן!

אַז אונדז זע׳מיר אָנגעקומען, איז אסתּר געשטאַנען נישט־טויט נישט־לעבעדיק בײַ דער הינטערטיר — דער וואַכמײַסטער האָט איר געגעבן אַ באַפעל: קיין בראָנפן אָדער ביר טאָר מען נישט אַרויסגעבן. ער האָט

פֿאַרזיגלט די קרעטשמע, נאָר טעטין מעג זי פֿאַרקויפֿן. גויים אָבער קלאַפּן אין די טירן, סטראַשען: זיי וועלן צענעמען דאָס הויז! די פֿענצטער זענען געווען פֿאַרמאַכט מיט די לאָדנס, אַנישט וואָלט שוין קיין שטיקל שויב נישט געבליבן. מיר זענען אַראָפּ פֿונעם וואָגן, איך האָב מיך פֿאַרמאַכט מיט די קינדער, און אסתּר מיט סראָלן זענען אַרויס און גענעמען טענהן צו זיי, אַז אויב מע וועט זיך נישט פֿירן לויטן געזעץ, קענען די זשאַנדאַרן שיסן. אָבער ווער האָט זיך דעמאָלט געשראָקן פֿאַר שיסן... זיי גייען אין טויט, האָבן זיי געשריגן, און „איר בלייַבט דאָ!" די ווייַבער און קינדער זענען נאָכגעגאַן די רעקרוטן און ס'איז געווען אַזאַ געיאָמער, אַז ס'האָט דעם מוח געעפֿנט.

דעם צווייטן טאָג האָט מען דערקלערט מאָראַטאָריום. דאָס הייסט פּשוט, אַז ווער ס'איז שולדיק געלט, דאַרף נישט באַצאָלן. און ווער, אַ שטייגער, איז וועמען שולדיק געווען? אַוודאי די גויים די ייִדן! פֿאַר בראָנפֿן, פֿאַר ליכט, פֿאַר צוקער, וואָס זיי פֿלעגן באָרגן ביז צום שניט פֿון דער תּבֿואה; און ווער — פֿאַר מזומן געלט וואָס די ייִדן פֿלעגן באָרגן די גויים אויף פּראָצענט. דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער קלאַפּ פֿאַר אונדזערע ייִדן. מע האָט נאָך נישט געקענט באַנעמען די גרויסע קאַטאַסטראָפֿע וואָס דער קריג ברענגט מיט זיך. ס'איז געווען דער ערשטער טאָג פֿון דער מלחמה און שוין איז מען געוואָרן — איבער נאַכט — אַ בעטלער. סראָל האָט תּיכּף צונויפֿגערופֿן אַלע גויים, וואָס זיי זענען אים שולדיק געווען געלט אויף משכּנות, און יעדן אָפּגעגעבן זײַן משכּון. חיים האָט געמוזט אָפּגעבן זײַנע בעל־חובֿות — די קאַצאַפּעס פֿון די דערפֿער — זייערע וועקסל און איז געבליבן אַן אָרעמאַן אין איין מינוט.

דערווײַל זענען אָנגעקומען ווײַטער שלעכטע בשׂורות: די מלחמה האָט אויסגעבראָכן און דער שונא איז געווען רוסלאַנד, ווײַל געשלאָגן האָבן זיך עסטרײַך, דײַטשלאַנד און טערקײַ אויף איין זײַט, און רוסלאַנד, איטאַליע און סערביע אויף דער צווייטער. שוין די ערשטע פֿיר און צוואַנציק שעה האָבן מיר געהאָט די רוסן אויף אונדזער טעריטאָריע. ייִדן — אין איין שרעק — האָבן אָנגעהויבן לויפֿן, נישט וויסנדיק אַליין וווהין. מע האָט נישט פֿאַרשטאַנען, אַז ס'איז אַן עבֿירה זיך צו צעקרישען און לויפֿן — נאָך וואָס און נאָך ווען? אָבער ייִדן האָבן אַזוי געגלייבט אין עסטרײַכס גבֿורה, מ'איז געווען זיכער, אַז מע וועט אין אַ פּאָר וואָכן דעם פֿאָניע גנבֿ די ביינער צעברעכן, און אונדז וועל'מיר זיך בשלום צוריק אומקערן אַהיים. אָט די פֿאַלשע האָפֿענונג האָט אונדז פֿאַרפֿירט און ערשט אין פֿיר יאָר אַרום 'אָט מען זיך געקענט אומקערן, אָבער וווהין? צעבראָכענע חורבֿות זענען געבליבן פֿון די שטעטלעך און דערפֿער, וווּ די שלאַכטן האָבן זיך אָפּגעשפּילט...

# אין די ערשטע טעג

אַז סע זענען אָנגעקומען די שרעקלעכע נײַעס פֿון די פֿראָנטן, איז געוואָרן אַ בהלה. איך האָב געהאַלטן אין איין וויינען: וואָס וועט זײַן מיט דער מאַמען און מיט ריוווציען דאָרט? געשמועסט האָט מען, אַז די רוסן האָבן באַלייגט די גאַנצע לענג פֿון נעסטער, און אַז דאָרט וועט זיך אָפּשפּילן די שלאַכט. אַז ריוווציע, פֿון יענער זײַט נעסטער, קען אַ מאָל נישט אַרויס קיין לעבעדיקע, דאָס האָט מיך אין גאַנצן צעבראָכן. איך האָב שטילערהייט, אַז אסתר זאָל נישט זען, געוויינט. זי איז אַרומגעגאַן, זיך געבראָכן די הענט. די גויים זענען אַלע מיגוט געקומען מיט אַן אַנדערער מעשׂה: אָט זענען די רוסן שוין דאָ! זיי האָבן אַרויסגעקוקט אויף דעם (פֿאַר אונדז זענען עס געווען שונאים, אָבער פֿאַר זיי — משיח). און די דאָזיקע, וואָס זיי האָבן שוין נישט געקענט באַהאַלטן זייער פֿרייד, האָט מען טאַקע אין מיטן דאָרף אויפֿגעהאָנגען. כּמעט אין אַלע דערפֿער, ווו ס׳זענען געווען אוקראַיִנישע גלחים, האָט מען אַן יעדן געריכט זיי געגעבן דעם שטריק. און דאָס האָט די גויים נאָך מער אויפֿגעבראַכט, ווײַל וועלכער ייִוואַן איז נישט געווען קיין רוסאָפֿיל?

און אַז אין אַ פֿאַרנאַכט (ס׳איז געווען דעם דריטן אָדער פֿערדן טאָג פֿון דער מלחמה), האָבן מיר דערהערט אַ קלאַפּ, אַז די שויבן האָבן אַזש געציטערט, און אַ גרויס פֿײַער האָט זיך באַוויזן פֿון דער ווײַטנס, האָבן די גויים געזאָגט, אַז אָט־אָט ווע׳מיר אים דאָ האָבן. די אַלע גרויליקע מעשׂיות, וואָס מע האָט פֿון זיי דערציילט — אַז זיי קומען אַרײַן, דאָס ערשטע שענדן זיי אַלע פֿרויען, צינען אונטער די הײַזער, און די מענער און קליינע קינדער — לאָזן זיי אַרויס די קישקעס. כאָטש קיינער האָט נישט געקענט גלייבן די שרעקלעכע מעשׂיות, האָט מען אָבער געוווּסט פֿון די פּאָגראָמען אויף ייִדן אין צאַרישן לאַנד. איך האָב נאָר געבעטן גאָט, וואָס סע דאַרף געשען, זאָל זײַן אין איינעם מיט דער מאַמען און מיט ריוווציען.

ווי גרויס איז דעריבער געווען מײַן פֿרייד, אַז אין אַ פֿאַרטאָג איז אַ בעל־עגלה צון אונדז פֿאַרפֿאָרן, און די מאַמע, ריוווציע און משה זענען אויסגעשטיגן פֿונעם וואָגן. ס׳איז געווען אַ פֿרייד מיט טרערן: זיי האָבן אָנגעהויבן צו דערציילן זייער נסיעה, ווי דעם ערשטן טאָג, ווען מע האָט אין זאַלישטשיק געקלעפּט פּלאַקאַטן, אַז ביז דרײַ טעג מוזן זיך אַלע מיליטער־פּליכטיקע מענער מעלדן, זענען קודם די נגידים און דערנאָך דער מיטלשטאַנד (אָדער ווער ס׳האָט נאָר געהאַט צו באַצאָלן אַ פֿיאַקער), אַוועק וואָס ווײַטער פֿון דער גרענעץ. די באַנען האָבן נאָר געמעגט פֿירן רעקרוטן. די מאַמע, אַזוי ווי זי האָט דערזען די בהלה, האָט זי אָנגעהויבן שרײַען — קיין סערעט. דאָרט זענען ערשטנס אירע קינדער, און צווייטנס — וועט פֿאָניע חזיר נישט דערלעבן צו קומען אַהין. ריוווציע מיט משהן

זענען געווען פֿאַרכאַפּט פֿון דער פּאַניק, גלײַך מיט אַלע ייִדן, האָבן אָבער נישט געהאַט קיין געלט מיט וואָס צו לויפֿן. איז משה געשטאַנען אַ פּאָר שעה אין געוועלב, האָט ער געהאַט אַ פּאָר קראַנקען אין קעשענע. דערנאָך — פֿאַרמאַכט דאָס געוועלב, גיך געכאַפּט די פּעקלעך און אַריבער די בריק (אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מען די בריק, וואָס זי האָט פֿאַרבונדן די בוקעווינע מיט גאַליציע, אויפֿגעריסן). זיי האָבן איבערגעלאָזט דאָס געוועלב אויף גאָטס באַראָט און אין שטוב — די באַבקע. דאָס איז געווען אַן אַלטע שליאַכטיטשקע, וואָס פֿלעג זיך דרייען דאָרט בײַ ייִדישע הײַזער: וועמען אָפּוואַשן אַ בריק, וועמען פֿאַלגן אַ גאַנג פֿאַר אַ ביסל אָפּעסן. בײַ ריוזציען האָט זי געפֿונען איר מקום־מנוחה, און איצט האָט מען די שליסל פֿון געוועלב און פֿון דער שטוב געגיבן דער גויע.

דערנאָך האָט די מאַמע זיך גענומען טענהן: „וואָס שטייט איר און וואַרט? פֿאַר וואָס זענט איר נאָך נישט געפּאַקט? איר וואַרט אויף נסים?" אַז מײַן שוועגערין האָט אָנגעהויבן וויינען: זי וועט נישט איבערלאָזן איר שווער פֿאַרהאָרעוועט פֿאַרמעגן אויף הפקר — „ממון איז דמען" האָט זי געשריגן — האָבן אַלע דרײַ זיך אָוועקגעזעצט און איר דערציילט זייער נסיעה פֿון זאַלישטשיק ביז אַהער. קודם־כל: די פּעקלעך, וואָס זיי האָבן מיט־גענומען, זענען אונטער וועגס נעלם געוואָרן. אַחוץ די אָרעמע פּאָר קראַנקען און דאָס ביסל צירונג איז זיי גאָרנישט געבליבן. און ווער ס'האָט נישט געזען ווי די פּליטים האָבן אויפֿן וועג פֿאַרלוירן די קינדער! ווי איין מאַמע האָט געטראָגן אויף די הענט איר צעקוועטשט קינד, און די אַנדערע ווײַבער האָבן אָנגעהויבן שרײַען: „דאָס קינד איז טויט!"; ווי די מאַכע־בולעניקעס זענען זיי אָנגעקומען אַקעגן. אַ טייל פּליטים האָבן פֿאַר שרעק נישט געקענט רעדן און אַנדערע האָבן אַזוי געוואָלדעוועט, אַז די רוסן האָבן זיכער געמיינט, דאָס האָט מען אַרויסגעלאָזט אַ משוגעים־הויז. זיי האָבן בײַ יעדן צוגענומען דאָס געלט און די זייגערלעך. נאָך די אַלע מעשׂיות, האָבן מיר שוין בײַ סראָלן געפּועלט מיר זאָלן אַרײַנפֿאָרן קיין סערעט. וואָס ס'עט זײַן מיט דער גאַנצער שטאָט ייִדן, וועט זײַן מיט אונדז אויך. דאָ, אין דאָרף, זענען זיך די פּאָר ייִדישע פֿאַמיליעס אויך שוין צעפֿאָרן. אַז אסתּר האָט דערהערט זי איז די איינציקע אין דאָרף, האָט זי שוין מסכּים געווען. מיר האָבן זיך גענומען פּאַקן אויף אַ גע־דונגענעם וואָגן.

## אַ ליידיק הויז

אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געהאָלפֿן סראָלן גראָבן אַ גרוב צו באַהאַלטן דאָס, וואָס מ'האָט נישט געקענט מיט זיך מיטנעמען: אַ כּלי בראָנפֿן און אַנדערע סחורות וואָס מע האָט נישט געטאָרט פֿאַרקויפֿן. שפּעט איז האָט סראָל

געהאַט געגנוג, אַזוי אַז פֿאַר אַ לאַנגער צײַט, האָבן מיר גערעכנט, וועלן מיר נישט דאַרפֿן לײַדן קיין הונגער.

אָנגעקומען קיין סערעט — מיט דער פֿולער האָפֿענונג, אַז דאָרט וועל׳מיר טרעפֿן אַ שטיקל מקום־מנוחה — האָ׳מיר געטראָפֿן נאָך אַן אַרגערע בהלה ווי אין דאָרף. בײַ חיים אין הויז איז געווען ווי נאָך אַ פּאָג־ראָם. קיינער איז נישט געווען. אַלץ אויסגעליידיקט. ליידיקע בעטן און אָפֿענע שאַפֿעס. אַ מויז וואָלט נישט געקענט עפּעס געפֿינען זיך צו זעטיקן. ס׳איז אויף אונדז געפֿאַלן אַזאַ פּחד, ס׳האָט מיר אָפּגענעמען דאָס לשון. מײַן גאַנץ רײַסן זיך צו חימען איז געווען מיר זאָלן זײַן אין איינעם. מיר האָבן געבראַכט שפּײַז און דאָ וועל איך געוויס עפּעס געפֿינען אָן איבערשט מלבוש פֿאַר מיר און פֿאַר דער מאַמען אָנצוטון און אַזוי וועלן מיר זיך אין איינעם טוליען און טיילן ביז גאָט וועט העלפֿן... אַז סע וועט נישט געדויערן מער ווי אַ פּאָר וואָכן, איז יעדער געווען זיכער. אָבער אַז סראָל איז אַרײַנגעלאָפֿן אין שיל אַרײַן, האָט ער געבראַכט די נײַעס, אַז אַלע נגידים פֿון שטאָט זענען אַוועק קיין ווין און די קלענערע נגידימלעך זענען געלאָפֿן, ווי ווײַט די קעשענע האָט נאָכגעזאָגט. די פֿיר פֿיאַקערס האָבן אויסגעניצט די געלעגנהייט, אַזוי ווי מאַלאַטשעס אין אַ כאָלערע — ווער ס׳האָט מער געגיבן, מיט דעם איז מען געפֿאָרן.

אויך מײַן שוועגערין גיטל, ווען זי האָט דאָס דערזען, האָט זי גע־מאַכט אַ געוואַלד: פֿאַר וואָס נישט פֿאָרן? יעדער פֿאָרט און זי וועט זיצן און וואַרטן, ביז די רוסן וועלן אַרײַן קיין סערעט? זי האָט דאָך עפּעס אַ ברודער אין שאָץ! דאָרט וועלן די רוסן זיכער נישט קומען. וואָס דער אָרעמער חיים האָט געטענהט: הלוואַי סע זאָל אַזוי זײַן, אָבער ווער וועט זיי אָפּהאַלטן? אַז אַך־און־ווי איז צון אונדזער פֿאַרטיידיקונג — די יונגע האָט מען אַוועקגענעמען צו דער פֿראָנט און די אַלטע פֿאַר קאַקערס, אַז זיי וועלן דערזען דעם שונא, וועלן זיי זיך נעבעך אַליין אונטערגעבן. אָבער רעד הײַנט, רעד מאָרגן — גיטל זאָגט: מע דאַרף פֿאָרן. האָט ער צונויפֿגעפּאַקט אויף אַ וואָגן דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן, אַפֿילו אַ טעפּל נישט איבערגעלאָזט און אַוועק קיין שאָץ.

אונדז׳אָ׳מיר פֿונעם מיטגעבראַכטן בעטגעוואַנט זיך אויסגעבעט געלע־גערס, אײַנגעגניאָרעט איינס אין אַנדערן און נאָכגעגאַן נאָך די לעצטע געשעענישן. אין דער פֿרי, גלײַך מיטן טאָג, איז חיים אָנגעקומען פֿאַרזאָרגט, פֿאַרחושכט, אָן אַ גרײַצער, מיט אַ לידיקן מאָגן, — און ווי ער האָט אונדז אין הויז געטראָפֿן, האָט ער זיך גאָר מחיה געווען: דערווײַל מיט אונדז אַ מאַלצײַט אָפּעסן. די צרות וואָס ער האָט בעכטן דאָרט אין שאָץ איבער־געלעבט, קען ער גאָר נישט דערציילן. גיטל האָט פֿון אים די נשמה גענע־מען — נאָר פֿאָרן! האָט ער פֿאַר די לעצטע פּאָר רײַניש געדונגען אַ בעל־עגלה און נאָכגעטון די אַנדערע באַלעבאָטים. זי האָט געהאַט אויף וואָס

צו דופּען: סטײַטש, זי האָט דאָרט אין דער „פּעסטונג" שאָך אַ ברודער. שבתי און זײַער אַ געבילדעטע שווגערין, וואָס וועלן זיי אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס. אָבער ווען די שוועגערין האָט דערזען דעם וואָגן מיט די פּעק און גיטלען מיט די דרײַ קינדערלעך, האָט זי אַפילו נישט געוואָלט אויפמאַכן פאַר זיי די טיר. צו די שכנים, וואָס זיי זענען זיך צונויפגעלאָפן, האָט זי געזאָגט אויף דײַטש (ייִדיש האָט איר נישט געפּאַסט צו רעדן): „ווי קאָם איך צו דיזען האַנדקוס?" (ווי קום איך צו דעם כבוד?) אַ כלל, ייִדן האָבן זיך מרחם געווען און האָבן אויסגעזוכט עפּעס אַ קעלער־וווינונג בײַ אַן אַלטער טויבער אַלמנה. דאָס האָט חיים מיט אַ פאַרביטערט האַרץ דערציילט. ער איז, זיך אַרויסכאַפּנדיק אויף אַ וואָגן, צוריקגעקומען. ערשטנס, איז דאָרטן קאָם פּלאַץ פאַר זיי אַלע, און צווייטנס, מוז ער זען צו פאַרדינען אַ פּאָר קראַנען פאַר גיטלען מיט די קינדער. דאָ איז פאָרט אין דער היים, ווי זאָגט דאָס ווערטל: „קאָזשדע פּעס נאַ סוויע פּאַדווירע" (יעטלעכער הונט אין זײַן הויף). בפרט, אַז ער האָט אונדז דאָ געטראָפן, האָט ער זיך נעבעך מחיה געווען: אין איינעם טראָגן זיך צרות לײַכטער.

מיר האָבן באַלד אָנגעהויבן קלערן ווי אַזוי זיך דאָ אײַנצואָרדענען. פון ווײַטער לויפן איז בײַ אונדז נישט געווען קיין רייד. מיט וואָס? ווו אַהין? נאַקעט און באָרוועס און מיט אַ ליידיקער קעשענע. אָבער שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען וועגן מיט גאַנצע משפחות, וואָס זיי זענען געלאָפן אַליין נישט ווייסנדיק נאָך וואָס און ווו אַהין... זיי, די טשערנעוויצער, האָט זיך געדאַכט, אַז דאָ אין דעם קליינעם שטעטל וועט מען זײַן פאַרשוינט פונעם קריג. קומענדיק אַהער, האָבן זיי דערזען, אַז אויך פון דאַנעט איז מען אַנטלאָפן. אָבער וויפל האָבן זיך געקענט לאָזן אין אַזאַ ווײַטן וועג צו פאָרן? מיר זענען געשטאַנען אויף די שטראָזן צו הערן פון זיי נײַעס, און אפשר באַגעגענען אַ היימישן מענטש.

ס'האָט טאַקע באַלד צו חיימס הויז פאַרקערעוועט אַ שווער באַלאָדענער וואָגן און אַז זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון פידאַק, האָ'מיר דערקענט דער מומע שיינדלס שווגערין, חנה זײַדמאַן, מיט איר מאַן און טאָכטער. מיר האָבן איר באַלד דערציילט, אַז חיים איז אויך אַוועק. זי האָט אָבער געזאָגט, זי פאָרט נישט ווײַטער, אַבי זי איז אונטער אַ דאַך, וויל זי גאָרנישט קלערן דערוויַל, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. שוין, געלויבט איז גאָט — מיר זענען נישט אַליין! אויף דער נאַכט, אין דער פינצטער, איז מען געזעסן און זיך דערציילט די איבערלעבונגען פון די פּאָר טעג. קאָם דערלעבט דעם טאָג, איז יעדער אַרויסגעלאָפן ווידער שטיין און קוקן ווי וועגן פון אַלע עקן שלעפּן זיך אַהער צו אין זיכערן גן־עדן...

אין איינעם פון אָט די שרעקנדיקע טעג איז גאָר אומגעריכט אָנגעקומען אונדזערס אַ געשוועסטערקינד, אײַזיק קויפמאַן, אַ ברענער אין אַ נאָענטן דאָרף, מיט זײַן ווײַב ברײַנע. ער איז געווען דער גביר אין דער משפחה. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. מע האָט דערציילט, אַז ווען זיי

זענען געווען צוויי יאָר נאָך דער חתונה און קיין קינדער זענען נישט געקו־מען, האָט די משפּחה זיך אָנגעהויבן צו רעשן ער זאָל זיך גטן מיט בריינען און נעמען אַן אַנדער ווייב. איציק האָט אָבער זיין בריינען שטאַרק ליב געהאַט, און האָט נישט געוואָלט הערן פון אַזאַ פּלאַן. ער איז געווען זייער גליקלעך און האָט אַלץ אויסגעדרייט צו לצנות.

די מאַמע האָט געזען די הילף פאַר אונדז אַלע, אַז זי האָט דערזען איציקן מיט בריינען אויף זייער אייגענעם וואָגן, וואָס דער פריץ האָט אים געהייסן איינשפּאַנען און אַנטלויפן ווי ווייט ער וועט נאָר קענען. און לעבנס־מיטל האָט ער מיטגענומען „געווען גאַנצן ווינטער, און ביזן זומער וועט דער שונא געניזוקט ווערן". אַלע האָבן צוגעוווּנטשן: הלוואי! ליפּשעלע, זיין שוועסטער, האָט אים טאַקע געשריבן, אַז איך בין געקומען פון אַמעריקע, און ער האָט טאַקע געפּלאַנט מיך צו זען — נאָר אויף אַזאַ באַגעגעניש האָט ער זיך נישט געריכט! די מאַמע האָט אים אָנגעהויבן דערציילן, ווי אַזוי איך נעם מיך איצט אויס — אַפילו אַ קליידל אָדער אַ מאַנטל האָב איך נישט, און וואָס וועל איך טון, אַז סע וועט אָנהייבן רעגענען? איציק האָט אַלץ אויסגעהערט, עפּעס גערעדט שטילערהייט צו בריינען, און אויף אַ פריילעכן קול זיך אָנגערופן: „מומע טויבע, כ'וועל אייך נעמען מיט אייערע קינדער אויף מיין וואָגן און אונדז וועל'מיר אַוועקפאָרן קיין האָמאָר צו מיין שוועסטער חנה. דאָרט וועלן מיר רויק איבערוואַרטן ביז נאָך דער מלחמה".

## מיר פאָרן אין דער וועלט אַריין

די מאַמע האָט דאָס דערהערט, איז זי געוואָרן מלא־ושימחה. טאַקע, וואָס האָ'מיר דאָ אין סערעט צו טון? מע שטייט דאָך דאָ אויף הינעריקע פּיס! זי איז זיכער, אַז חנה וועט זי גוט אויפנעמען. ריווקיע מיט משהן האָבן געקוקט אויף מיר — וואָס איך וועל זאָגן. איך בין צוגעשטאַנען צו סראָלן, ער זאָל אויך דינגען אַ וואָגן און מיט אונדז מיטפאָרן. האָט אָבער אסתר נישט געוואָלט הערן. פון דאַרף האָט זי זיך געלאָזט אַרויס־נאָרן, אָבער קיין שרים ווייטער נישט! און זי מיינט, אַז מיר דאַרפן אויך נישט פאָרן. אָבער איציק איז צוגעשטאַנען: ער לאָזט אונדז נישט איבער אַזוי אויף צרות. אפשר פון דאָרט וועט מען זיך קענען צושלאָגן צון אַן אָרט, וווּ מע איז זיכער מיטן לעבן. מיט זייער אַ שווער געמיט האָ'מיר ביי זיך געפּועלט זיי איבערצולאָזן און פאָרן מיט איציקן.

דעם צווייטן אינדערפרי האָ'מיר געגעבן אַ קוק אין דרויסן און דערזען דעם פאַרכמאַרעטן הימל, אָט־אָט וועט אָנהייבן ליאַפּען אַ רעגן, און איך אין אַ דין באַטיסט־בלוזקעלע. אויף זיי, מיינע פאַרזאָרגערס, האָט דאָס מער געווירקט ווי אויף מיר. איך האָב געזען, אַז העלפן קען איך מיר נישט, וואָס זשע דאַרף איך נאָך זיין מרה־שחורהדיק? דערווייל האָב איך

אנגעהויבן ארומזוכן אין די ליידיקע שאפעס, און האב טאקע געטראפן אן אוצר: חיימס א לייכטן אמעריקאנער מאנטל, פון וועלכן זיי האבן תמיד חוזק געמאכט. אלע שמאטעס האט מען מיטגענומען, נאר קאלומ־בוסעס מאנטל האט מען געלאזט אויף הפקר... און ווייטער זוכנדיק, האב איך געפונען א בארכעט־בלוזקע — עפעס וואס די מאמע האט געקענט ניצן. זע'מיר שוין געווען אנגעטון „בגדי־מלכות". מיר האבן זיך געזעגנט מיט אסתרן, סראלן און די קינדער, וואס זענען אונדז נאכגעלאפן וויינענ־דיק. חיים האט זיך פאר וויטיק און בושה באהאלטן.

אונדז זע'מיר אוועקגעפארן און איך האב מיר תיכף אנגעטון דעם מענערישן מענדזשיק, ווייל סע האט שוין גענומען רעגענען. ברײנע איז געווען א טייערע נשמה. זעענדיק מיין טרויעריקן מצב, האט זי אונדז געהאלטן אין איין טרייסטן, אז וויפל זיי וועלן האבן, וועלן זיי זיך מיט אונדז טיילן. בישקשה, די מומע טויבע האט זיך עס פארדינט ביי זיי. זי וועט קיין מאל נישט פארגעסן איר חתונה, ווי די מומע טויבע און דער פעטער יונה זענען געווען ווי אייגענע טאטע־מאמע צו איציקן, און זיי האבן אנגעפירט מיט דער גאנצער חתונה. דער פעטער ניסן קויפמאן, דעם חתנס פאטער, איז געווען א קראנקער ייד, באלייגט מיט א שטוב קינדער: איין מיידל א קאליקע, איין בחור נישט קיין לייט און פון די אנדערע האט ער אויך קיין גרויס נחת נישט געהאט. איז איציק איין מאל געקומען צו דער מומע טויבע און איר דערציילט, אז מע רעדט אים אבושעס טאכטער. מיין מאמען האט מען נישט געדארפט קיין פינגער אין מויל אריינלייגן: זי האט שוין פארשטאנען — זיי ליובעווען זיך. זי האט שווער געפועלט ביי זיין פאטער, ער זאל אזוי מיר־נישט דיר־נישט ארויסלאזן דעם בכור, דער לייטישסטער פון אלע קינדער און אויף וועמען ער האט געשטעלט אלע קארטן: פון אים וועט ער געהאלפן ווערן, באגליקט ווערן — סטייטש אזא געראטענער בחור!

ער זאל אים אוועקגעבן אן נדן? ברײנע איז טאקע א שיין מיידל, א וווּיל מיידל, אבער וואס וועט ער טון? סע האט אבער גארנישט געהאלפן: דער שידוך איז געשלאסן געווארן. אזוי האט אונדז ברײנע אויפן וואגן זיצנדיק דערציילט; און זי וועט מיין מאמען אייביק דאנקען פאר דעם, ווייל זי האט איר איציקן זייער ליב.

און דא האט איציק זיך אנגערופן: „איר געדענקט, מומע טויבע, מיין חתונה? אויף א פילווריק, ווו ברײנעס פאטער איז געווען ברענער; די אונטערפירערס זענען געווען טאקע — דער פעטער יונה מיט דער מומע טויבע. אויף שבת זענען זיך צונויפגעפארן אלע מחותנים. ס'איז געווען ווינטער, אין דרויסן האט געברענט א פראסט. מע גייט שטעלן די חופה, פלוצעם — דער אונטערפירער איז נישטא! ס'איז געווארן א רעש, א זוכעניש: סטייטש, ווו איז ער אין דער פינצטערער נאכט, אין אזא פראסט אהינגעקומען? נאר באלד האט זיך דער רעש איינגעשטילט,

ווײַל דער פֿאַרעבאָק פֿון הויז האָט דערציילט, אַז פֿרײַטיק, אײדער ס'איז נאַכט געוואָרן, האָט דער פּאַן, וואָס ער זעט אויס ווי אַ רבי, געפֿרעגט ווו מע באָדט זיך דאָ זומער. און ווען ער האָט אים געוויזן, אַז טאַקע אונטערן הויף איז דאָ אַ טײַך, וואָס איז איצט פֿאַרפֿרוירן, האָט ער אים געגעבן אַ פּאָר זעקסערלעך, ער זאָל דאָרט אויסהאַקן אַ לאָך, אָבער קיינער זאָל נישט וויסן. און אַזוי איז אײַער טאַטע, דער פֿעטער יונה, זיך געגאַן טובֿלען פֿאַר מײַן חתונה. איצט פֿאַרשטייט איר שוין פֿאַר וואָס איך האָב נישט געוואָלט אַוועקפֿאָרן פֿון סערעט אָן אײַך? איך אַליין בין נישט קיין אָפּגעהיטער ייִד, אָבער איך בין זיכער, אַז אינעם זכות פֿון אײַער טאַטן וועט איר אָפּגעהיט ווערן פֿון רציחות, און איך מיט מײַן ברײַנעו וועל'מיר אין אײַער זכות אויך געהאָלפֿן ווערן”. אונדז'אָ'מיר דאָס אויסגעהערט, און געבעטן גאָט און אונדזער הייליקן טאַטן ער זאָל אונדז באַהיטן פֿון אַלעם שלעכטן. זײַן באָדן זיך אין די פּאַלאָנקעס... זאָל הײַנט זײַן שׂכר איבער זײַן ווײַב און קינדער באַצאָלט ווערן!

## האָמאָר

אַזוי זע'מיר געפֿאָרן און געפֿאָרן ביז אונדז זע'מיר פֿאַרפֿאָרן צום אונדזער ציל: האָמאָר. מע האָט זיך מיט אונדז זייער דערפֿרייט. אײַזיקן מיט זײַן ווײַב האָט חנה תּיכּף אויסגעראָמט אַ שטוב; פֿאַר מיר מיט דער מאַמען האָט זי בײַ אַ שכנטע, אַ רביצין, געפֿונען אַ קוואַרטיר; פֿאַר מײַן שוועסטער ריווציע מיט איר מאַן האָבן זיי געהאַט אַ בוידעמשטיבל. נישט שלעכט — ס'איז געווען אַ שטיבל פֿאַר אַ דינסט, אָבער זי האָט מען פֿרעמאָסטעט אין פֿאָרהויז, און אַזוי זע'מיר ברוך־השם געווען אונטער אַ דאַך, ווײַט דערוויַיל פֿון שונא, און בײַ ליבע מענטשן. אײַזיק האָט אויסגעלאָדן זײַן באַגאַזש, און ער האָט טאַקע קיין גוזמא נישט דערציילט, ווען ער האָט געזאָגט, ער האָט גענוג פּראָוויאַנט אויפֿן גאַנצן ווינטער. איך האָב געבעטן חנהן, זי זאָל אָפּזאָגן דער שיקסע, וואָס דאַרף זי אַ דינסט? אַז איך האָב דעם גאַנצן טאָג נישט וואָס מיט מיר אָנצוהייבן. זי האָט קודם נישט געוואָלט הערן דערפֿון, אָבער דעם מאַנס משפּחה האָט געקעגט זיך אַרײַנמישן: ס'איז נישט קיין עוולה, אַז מע וועט איר צו־העלפֿן. זי האָט פֿיר קליינע קינדער געהאַט און האָט מיטגעהאָלפֿן צו דער פּרנסה.

איך האָ'מיך תּיכּף אַרײַנגעוואָרפֿן אינעם באַלעבאַטישקייט און האָב געזען אַז איך זאָל מיר, כאָטש צום טייל, פֿאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. צוויי וואָכן שפּעטער איז חיים אַרײַנגעקומען אונדז זען. ער האָט דערציילט, אַז גיטל מיט די קינדער זענען נאָך אַלץ אין שאָץ, און אַז סראָל מיט זײַן משפּחה זענען אַוועקגעפֿאָרן קיין וואַמע (נאָך ווײַטער פֿון אונדז). אסתּר האָט דאָרט אַ געשוועסטערקינד, זענען זיי פֿאַרפֿאָרן אַהין.

מיר האָט עס זייער הנאה געטון, אַבי זיי זענען נאָך ווײַטער פֿון אונדז, וועלן זיי וואָס שפּעטער דעם שונא באַגעגענען. אַז ער וועט קומען ביז אַהער, האָבן שוין די פּעסימיסטן נבֿיאות געזאָגט. די אָפּטימיסטן האָבן געשריגן, ער וועט אָט באַלד האָבן די מפּלה, אָמן! חיים האָט דערלאַנגט דער מאַמען אַ פּאָר קראַנצן, איך זאָל מיר קענען איבערנייען דעם מאַנטל אויף אַ קורצער פֿרויען־יאַקע, ווײַל מער האָב איך דאָך נישט געהאַט.

כ'האָב דאָרט זייער נושא־חן געווען. דאָס גאַנצע שטעטל האָט מיך כּמעט געקענט. סראָל לעווין, חנהס מאַן, האָט געהאַט אַ ברודער, משה. אַ שיינער בחור, אַ גרויסער סוחר, און זײַן מאַמע, חנהס שוויגער, אַ גאַנצע מלומדת, זייער אָנגעזען אין שטאָט, האָט געזאָגט צו חנהן: ווען איך וואָלט געווען ווייליק מיך אָפּצושערן און גיין אין זייערע וועגן, וואָלט זי מיך גערן גענומען פֿאַר אַ שנור, ווײַל איך געפֿעל זייער איר זון. עס איז פֿאַר מיר געווען אַ גרויסער כּבֿוד וואָס שימשעלע לעווין, אַזאַ יחסן, וויל זיך משדך זײַן מיט טויבע דער אַלמנה, בפֿרט אַז זײַן זון משה פֿירט גרויסע געשעפֿטן און איז אַ געראָטענער בחור. און איך וואָס? אַן אַמעריקאַנער מויד, נאַקעט און באָרוועס, און אָן אַ פּרוטה בײַ דער נשמה. כ'מוז מיך אָבער אָפּזאָגן פֿונעם גרויסן גליק, ווײַל ערשטנס — וועל איך מיך נאָר אָפּשערן, אַז חלילה איך וועל קראַנק ווערן אויף טיפֿוס. און צווייטנס — וועלכן משוגענעם פֿאַלט אײַן אין אַזאַ פֿײַער חתונה צו האָבן? וואָס טוט מען, אַז דער חתן וועט באַלד אײַנרוקן? כאָטש די מאַמע האָט מיך שוין זייער געוואָלט זען אונטער די פֿיר דראָנגען, האָט זי שפּעטער געזאָגט, וואָס וואָלטן זיי אָן ליפּשען אָנגעהויבן? איך בין פֿאַר זיי געווען ווי אַ פֿאַסטעך פֿון פֿאַריאָגטע שאָף. אײַזיק האָט זי געטרייסט, זי באַדאַרף זיך נישט צו זאָרגן, מיט אַזאַ סחורה ווי ליפּשע פֿאַרשפּעטיקט מען קיין מאָל נישט דעם יריד.

דערווײַל איז דער זומער געלאָפֿן און קיין גוטע נײַעס זענען פֿון דער פֿראָנט נישט געקומען. איך — פֿון דער גוטער לופֿט, און פֿון אַ גאַנצן טאָג עסן ברויט מיט רעטעך, ווײַל דאָס איז געווען דאָס ביליקסטע — האָ'מיך אַזוי פֿאַפֿראַוועט, אַז איך האָב שוין נישט אויסגעזען ווי אַ לינקן־פֿעלערדיקע, ווי די מאַמע פֿלעג זאָגן — קיינער זאָל נישט הערן. איצט האָב איך מער אויסגעזען ווי אַ דאָרפֿסמויד מיט רויטע געזונטע פֿאַרבן. אָבער די אַלע גליקן האָבן זיך מיר באַלד צוגעגעסן. די מלחמה איז נישט פֿון הײַנט אויף מאָרגן. קוים וועט זיך באַווײַזן דער ערשטער שניי, וועט די שלאַכט זיך אָפּשטעלן און וואָס וועלן מיר טון אין דער פֿרעמד אום ווינטער? שלאָפֿן אויפֿן בוידעם קען מען נישט, וואַרעמע קליידער האָ'מיר נישט... האָב איך אָנגעהויבן צו קלערן וואָס צו טון. ווען חיים מיט סראָלן זענען ווידער געקומען אונדז זען, האָב איך — די מאַמע זאָל נישט הערן — מיט זיי איבערגעשמועסט: מע דאַרף זיך אומקערן צוריק אַהיים. וואָלטן מיר געהאַט מיט וואָס, וואָלטן מיר געפֿאָרן ווײַטער, אָבער מיט ליידיקע הענט קען מען גאָרנישט אויפֿטון. מע מוז זיך אומקערן, יעדער

צו זײַן שטוב, און אפֿשר וועט גאָט רחמנות האָבן און אונדז נישט לאָזן אונטערגיין.

חיים מיט סראָלן איז דער פּלאַן געפֿעלן. ס׳איז זיי אויך שוין בימאָנו געוואָרן זיך אַרומוואַלגערן אין דער פֿרעמד, בפֿרט אַז אין זייער געגנט איז דער שונא נישטאָ. ער איז דערווײַל שטיין געבליבן בײַם פּרוט און נעסטער זיך צו באַפֿעסטיקן אויפֿן ווינטער. אָט, בײַ אונדז אויף דער זווינייעטשקע, אין זאַלישטשיק, איז ער יאָ דאָ? האָט מען אָבער געהערט, אַז נאָכן ערשטן חורבן האָבן זיי זיך אײַנגעשטילט. זיי רויבן שוין נישט, פֿאַרקערט, סע קומען סוחרים פֿון רוסלאַנד און מע האַנדלט און האָט פּרנסה. מיך האָט שטאַרק אָנגעהויבן צו ציִען אַהיים. ווען איך האָב דער מאַמען געמאַכט דעם פּלאַן, אַז אונדז קע׳מיר נישט בלײַבן אויפֿן ווינטער, אונדז מוז׳מיר זיך אומקערן, האָט זי אײַנגעריסן וועלטן. נישט בײַ איר לעבן וועט זי פֿאָרן צו די רוצחים! אָט, סראָל מיט חיים פֿאָרן אויך אַהיים? דאָס, האָט זי געזאָגט, איז עפּעס אַנדערש, נישט צום שונא! איך האָב זי געבעטן: „מאַמע, וואָס זשע זאָלן מיר פֿאָרט טון? מיר קענען דאָ נישט בלײַבן”. האָט זי געזאָגט, מיר זאָלן פֿאָרן קיין ווין. דאָרט וועט זי גיין כשר מאַכן היגער בײַ רײַכע לײַט, און אונדזער גוטער קייסער וועט נישט לאָזן פֿאַלן זײַנע בירגער. אפֿשר האָט זי רעכט געהאַט דעמאָלט מיט איר טענה, אָבער מיר האָבן נישט געוואָלט הערן דערפֿון — ווײַטער זיך שלעפּן ווי בעטלערס?

## דעם וואָלף אין האַלדז אַרײַן

אין האָמאָר זענען נאָך געווען אַ פּאָר משפּחות פֿון זאַלישטשיק. איך האָב אָנגעהויבן אין זיי אַרײַנרעדן: וואָס וועט דער תּכלית זײַן דאָ? נישט פֿאַרדינען, נישט האָבן קיין מקום־מנוחה, בעסער שוין זײַן אין די אייגענע פֿיר ווינקעלעך, און וואָס גאָט וועט געבן, וועט זײַן. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט — איך האָב זיי אַלעמען איבערגערעדט: דעם ערשטן טאָג נאָך סוכּות האָ׳מיר זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. אונדז זע׳מיר געווען לײַכטע פֿאַרשוינען, מיט גאָר קיין באַגאַזש. די אַנדערע משפּחות האָבן געהאָט אייגענע וועגן מיט פֿערד, אויך גענוג געפּעק, אָבער זיי האָבן פּאַר אונדז אויך פּלאַץ געמאַכט, און מיט שווערע הערצער האָ׳מיר זיך געזעגנט און געלאָזט זיך אין וועג — גלײַך דעם וואָלף אין האַלדז אַרײַן.

אין פֿרידנס־צײַטן האָט מען דעם וועג געקענט מאַכן אין פֿיר און צוואַנציק שעה, אָבער דעמאָלט זענען מיר געפֿאָרן פֿון דינסטיק אין דער פֿרי ביז פֿרײַטיק צו ליכט־צינדן, ביז אונדז׳אָ׳מיר זיך דערשלאָגן אַהיים. געווען איז די נסיעה נישט אַזאַ פּראָסטע... אונדז זע׳מיר געפֿאָרן, כּדי דעם מלאך־המוות נישט צו באַגעגענען, איבער וועלדער און פֿעלדער. אָנגעקומען אין אַ דאָרף און קיין ייִדישן דעך נישט געטראָפֿן. די גוייִם

האָבן אונדז דערציילט, אַז הײַנט האָט מען דאָ פֿיר אויפֿגעהאָנגען, האָ׳מיר מורא געהאַט צו בלײַבן נעכטיקן. ווײַטער געפֿאָרן קיין אַבערוויקעוו און געקלערט: דאָרט איז אַ שיין יִדיש דאָרף מיט יִדישע פּריצים, ווע׳מיר אַהין פֿאַרפֿאָרן, איבערנעכטיקן און טאַקע זיך אויספֿרעגן, וואָס סע וואָרט אויף אונדז אויף דער ווײַטער נסיעה. אָבער ווי צעטשמעליעט זע׳מיר געבליבן שטיין בײַם טויער, אַז אונדז׳אָ׳מיר אויך דאָרטן קיינעם נישט געטראָפֿן, אַחוץ אַ גוייִשע קעכין, וואָס האָט געדאַרפֿט אַכטונג געבן אויפֿן הויף. דער גאַנצער הויף איז געווען אויסגערויבט, נישט פֿונעם שונא, ווײַל ער איז נאָך דאָרט נישט געווען, נאָר דײַקע פֿון אייגענע, פֿון דער דינערשאַפֿט. די קעכין האָט אונדז דערציילט, אַז ווען די פּריצים זענען אַוועק, האָבן די אַרבעטער זיך אײַנגעטיילט מיטן פֿאַרמעגן, וואָס די פּאַנעס האָבן נישט געקענט מיטנעמען. איר האָט מען אויך געלאָזט אַ קו און זי וועט אונדז טאַקע באַלד מכבד זײַן מיט מילעך — אי זיסע, אי זויערע — און אויב מיר ווילן, קע׳מיר דאָ איבערשלאָפֿן. אונדז׳אָ׳מיר נישט וואָס מורא צו האָבן פֿאַר קיינעם. זי האָט אונדז אַרײַנגעבראַכט געבראָטענע קאַרטאָפֿל און יעדן אַ גלאָז מילעך. ווי איבערגעשראָקענע שאָף האָ׳מיר זיך אַלע אין איין גרויסער שטוב אויסגעלייגט אויף דער בריק. שטרוי איז געווען גענוג. איך מיט מײַן שוועסטער זע׳מיר אַרומגעגאַן זוכן — אפֿשר, טאָמער. און אַז מע זוכט, געפֿינט מען. געפֿונען, אָבער וואָס? אַ קינדערבעט. מיר האָבן זיך שטאַרק מחיה געווען — אָבי נישט אויף דר׳ערד צווישן דעם גאַנצן עולם! אַז אונדז׳אָ׳מיר זיך אַרײַנגעלייגט אין דעם געלעגער איז מהסתּם נישט געווען אַ סך בעסער ווי אין אַ צוואַנגסיאַקע, אָבער די נאַכט איז יאַקאָס אויך אַוועק. אין דער פֿרי האָט אונדז די גויע ווידער געגעבן איעדן אַ גלאָז מילעך און האָט נישט געוואָלט נעמען קיין געלט. אונדז׳אָ׳מיר זיך ווידער געשלעפּט אויף די וועגן, געקרעכצט און געבעטן גאָט, אונדז זאָל׳מיר נישט באַגעגענען די מאַכעבולעניקעס. אָבער סוף־כּל־אָדם? פֿרײַטיק אין דער פֿרי האָ׳מיר זיי געמוזט באַגעגענען.

און דאָס איז געווען אין זאָלוטשע, לעבן סנעטין. דאָרט זענען פֿון דער זײַט פּרוט געווען די עסטרײַכער, און פֿון דער אַנדערער זײַט, אין גאַליציע, זענען געווען די רוסן. מיט אויסגעגלייזטע אויגן און פֿאַר שרעק שטומע ליפּן זע׳מיר אַריבער די בריק. זייער געשריי „סטוי!" (שטיין!) האָט אונדז פֿאַרשטיינערט. ס׳האָט זיך געגעבן אַ לאָז צון אונדזער וואָגן — נישט קיין וועלף אָדער לייבן, ווי מיר האָבן מורא געהאַט — נאָר דײַקע צוויי מענטשן מיט געווער, און האָבן אויסגעשריגן, ווער מיר זענען און וווהין מיר פֿאָרן. אַז אונדז׳אָ׳מיר געזאָגט, אונדז זע׳מיר יִדן און אונדז פֿאָר׳מיר אַהיים, האָבן זיי אָנגעהויבן זוכן. איך האָב דאָך געוווּסט, אַז די מאַמע וועט נישט שווײַגן, האָב איך זי געבעטן, אַז וואָס מע וועט זי פֿרעגן, זאָל זי נישט ענפֿערן — זי פֿאַרשטייט נישט קיין רוסיש. אָבער אַז זי האָט דערזען, מע הייבט אָן באַטאַפּן דעם וואָגן, איז זי צוגעפֿאַלן צו זייערע הענט און אָנגעהויבן קושן און בעטן מיט אַ גרויס געוויין: „מע

בידנע. מע ניע מײַעם ניטשעוואָ". (מיר זענען אָרעם. מיר פֿאַרמאָגן גאָר־ נישט.) איך האָב איר געוואָלט געבן אַ צייכן צו שווײַגן, אָבער איך האָב מורא געהאַט, מע וועט דערזען, וועלן זיי מיינען, ווער ווייסט וואָס אונדז פֿיר־ מיר און ווער ווייסט, ווער אונדז זע׳מיר. זיי האָבן זיך אַפֿילו נישט אומ־ געקוקט אויף קיינעם, נאָר געזוכט רעוואָלווערן. געזוכט און געזוכט — געטראָפֿן אַ קרענק, האָבן זיי אַ געשריי געטון: „טשאָרט וואָס בעריאָט!" (דער רוח זאָל אײַך נעמען!) און געגעבן אַ טרײַב די פֿערד. אָוועקגעפֿאָרן אַ שטיק וועגס, האָ׳מיר געגומען די מאַמע אויף זיכער, וואָס זי האָט דעמבן שמוציקן רוס געקושט די הענט. זי האָט זיך גוט אויף מיר אויסגעשריגן: „די מויד וועט אונדז נאָך טרײַבן אין דר׳ערד אַרײַן!"

אָנגעקומען אויף דער זוויניעטשקע. ס׳איז געווען פּרײַטיק פֿאַר נאַכט. אַלץ איז געווען וויסט און פֿאַרמרה־שחורהט. אַ פּאָר ייִדן, וואָס זיי זענען נישט צו ווײַט אַוועק פֿון דער היים, האָבן טאַקע תּיכּף זיך אומגעקערט. ווי אַזוי סע לעבט זיך „מיט זיי"? זיי האָבן געשוויגן. דאָס האָט געהייסן: נישט בעסער ווי אין דר׳ערד, נישט אַרגער ווי אין קבֿר. די ערשטע פֿאַר טעג, ווען זיי זענען אַרײַן האָבן זיי אַלץ, וואָס מע האָט נאָר געקענט רירן פֿון אָרט, אַוועקגענעמען. די ייִדן זענען נישט געווען אין דער היים, און גויים האָבן צוגעהאָלפֿן „ראַטעווען". דאָס זענען דאָך געווען „נאַשע בראַטי" (אונדזערע ברידער) — זייער משיח! אָבער אַז בײַ די ייִדן איז שוין גאָר־ נישט געווען צו נעמען, האָבן די רוסן זיי — די ברידער זייערע — אויך נישט פֿאַרשעמט. ס׳האָט זיי גאַנץ גוט געשמעקט: זייערע חזירים, זייערע הינער, זייערע קאַטשקעס און געגנדז.

אונדז׳אָ׳מיר אויף דער זוויניעטשקע נישט געהאַט וואָס צו זוכן, זע׳מיר אַריבער קיין זאַלישטשיק. אַרײַן צו ריוועציען אין הויז, האָ׳מיר דאָרט געטראָפֿן די באָבקע. זי האָט זיך זייער דערפֿרייט — ווער ווייסט, צי איז דאָס געווען אויף דער אמתן... אָבער אָבי אונדז׳אָ׳מיר געהאַט וווהין אַרײַנצוקומען. די מעבל זענען אַלע געשטאַנען: אַ ביסל בעטגעוואַנט איז אויך געווען, טאַקע מער גאָרנישט. זי האָט זיך אָנגעהויבן צו צלמען און וויינען, אַז זי האָט גאָרנישט געגעמען, נאָר אַלץ באַהאַלטן אין קעלער. נישט נאָר אונדזערע זאַכן, נאָר פֿון דער גאַנצער גאַס האָבן ייִדן געטראָגן אַהין, באַהאַלטן אין „דער פֿעסטונג". זי און נאָך אַ גויע האָבן געהאַט די שליסל פֿון קעלער. אַז די רוסן זענען אַרײַן, האָבן זיי געמוזט עפֿענען דעם קעלער, און ווער ס׳האָט געהאַט גאָט אין האַרץ האָט געטראָגן. זיי האָבן אַלץ אויסגעליידיקט. אונדז זע׳מיר אָבער געווען צופֿרידן, אָבי אַן אייגן בעט. ס׳האָט יעדער געוווסט, אַז נישט אויף לאַנג. נאָר לפֿי שעה, חיה שעה.

# די אַמפּלס

אַזוי האָט זיך געצויגן דער ווינטער. מע האָט אַ ביסל געהאַנדלט און געשלעפּט אַ ביסל חיונה. בײַ טאָג איז נאָך געווען צום דערלײַדן, אָבער ווען די נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּצולאָזן אויף דער שטאָט, איז געוואָרן נישט נאָר פֿינצטער אין גאַס, נאָר בײַ יעדן ייִדן אין האַרץ. מע האָט זיך פֿאַרהאַמערט אין די שטיבער, פֿאַרהאַנגען די פֿענצטער, מע זאָל חלילה קיין שײַן נישט אַרויסזען. בײַ אונדז איז דײַקע נישקשהדיק צוגעגאַנגען. אונדז'אַ'מיר געהאַט זייער ווילע שכנים, קרובים פֿון מײַן שוואָגער משה — אַ פֿאַמיליע אַמפּל. פֿאַר דער מלחמה האָט דער ייִנגסטער זון זייערער חתונה געהאַט מיט אַ רײַך מיידל אין טשערנעוויץ. מע האָט אים דאָרט געהאַט געמאַכט אַ שוכגעשעפֿט, אַ שיינער, אַ פֿריילעכער געווען. ער האָט אָפּגעלעבט אַ פּאָר יאָר מיט איר, איז זי זיך מישבֿ און שטאַרבט אַוועק. קיין קינדער זענען נישט געווען, האָט זײַן שווער ליקווי־דירט דאָס געשעפֿט און, צוריק האָבנדיק דאָס געלט, האָט ער אים אַרויסגעשטעלט מיט אַ נאַקעטן... נו, וואָס טוט מען? מע קומט צוריק צו טאַטע־מאַמע. זיי האָבן אים אויפֿגענומען מיט אַלעם גוטן וואָס נאָר אַזעלכע אָרעמע טאַטע־מאַמע קענען. ער איז געוואָרן אַ טעגלעכער אַרײַנ־גייער צון אונדז אין שטוב, און נישט פּשוט אַן אַרײַנגייער, ער פֿלעג פֿאַרברענגען צוועלעף שעה אַ טאָג, זעקס טעג אַ וואָך. אונדז זע'מיר געוואָרן אַזוי היימיש, אַז די אַנדערע שכנים האָבן אָנגעהויבן רעדן, אַז „צישן דער אַמעריקאַנערקע און שלמה אַמפּל וועט ווערן אַ שידוך". מיך האָט דאָס וויניק געהאַרט, ווײַל ער איז געווען איינער וואָס האָט געקענט געפֿעלן. אַחוץ זײַן שיין און קלוג איז ער געווען אַ גרויסער זינגער, און איך האָב דאָס נישט פֿײַנט געהאַט. איך האָב אויך נישט געשוויגן — געזונגען און פֿאַרגעשטעלט ייִדיש טעאַטער, און וויפֿל שכנים סע זענען דאָרט געווען, האָבן אַלע גוט פֿאַרבראַכט און אונדז'אַ'מיר געהאַט הנאה.

סע פֿלעג אויך אַרײַנקומען אַ בחור, שלמה אַמפּלס אַ פּלימעניק, הערש. אַ שיינער, ווילער בחור. געווען אַ קאַמי בײַ זײַדמאַן, איינס פֿון די גרעסטע מאַנופֿאַקטור־געוועלבן אין זאַלישטשיק. און כאָטש זײַנע עלטערן זענען געווען אָרעם ווי די נאַכט — די מאַמע פֿלעג שטיין אין מאַרק מיט גענדז, דער טאַטע געווען אַ דרדקי־מלמד — האָבן זיי געהאַט זעקס ווילע, שיינע קינדער: פֿינעף טעכטער און דעם איינעם זון, הערש. ער האָט זיך אמתדיק אין מיר פֿאַרליבט. איך האָב באַלד דערזען, וואָס סע טוט זיך בײַ אים אין האַרץ, און אויף אַ דעליקאַטן אופֿן האָב איך אים אָפּגעראַטן פֿון זיך אײַנרעדן אַ זאַך, וואָס קען קיין מאָל נישט רעאַליזירט ווערן. איך — אַן אָרעם מיידל, און ער — אַ פֿאַרזאָרגער פֿון פֿינעף שוועסטער. מע וואַרט אויף זײַן בדן, כּדי צו קענען אַ שידוך טון מיט דער עלטסטער. ער האָט נישט געוואָלט הערן דערפֿון, מיינענדיק, אַז איך זאָג אים אָפּ דערפֿאַר, וואָס זײַן אָנקל געפֿעלט מיר בעסער. די מאַמע פֿלעג זאָגן:

„קוק, ווי ער קוקט איר אין פּנים, ווי אויפֿן יויזל!״ מענדעלע, משהס ברודער, אַ בחור׳ל פֿון דרײַצן יאָר, פֿלעג טענהן: „וואָס וויל ער, צאַפּקע?״ (אַזוי איז געווען זייער צונאָמען אין שטאָט). מענדעלע האָט מיך זייער ליב געהאַט און האָט זיך נישט געשעמט צו זאָגן: „צאַפּקע, וואָס גלאָצסטו מיט די נויגן? אונדזער ליפּשע וועט נעמען איינעם פֿון ׳לעמבעבריק׳, צי פֿון אַן אַנדערער גרויסער שטאָט, נישט פֿון זאַלישטשיק!״ און מיר פֿלעגן לאַכן. אָבער הערשל האָט געזאָגט: „לאָז זײַן פֿון ׳לעמבעבריק׳, אָבי נישט פֿון טשערנעוויץ״ (מייַנענדיק זײַן אָנקל). ער איז געווען שטאַרק „פּעפּער־זיכטיק״, ווי די מאַמע פֿלעג זאָגן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער פּעטער איז בײַ מיר חשובֿער. אין דער אמתן איז ער געווען פֿײַנער, סאָלידער פֿונעם פּעטער. ער האָט גאָר נישט געהאַט דאָס פּה־קדושל. יענער האָט געקענט צונויפֿשטעלן צוויי ווענט און מאַכן פֿון זיי אַ הויז.

# אין קעלער פֿאַרמאַכט

דערווײַל איז די צײַט געגאַן, אונדז׳אָ׳מיר גאַרנישט געהערט פֿון אונדזערע ברידער. געוווּסט האָ׳מיר, אַז די רוסן זענען שוין אין טשערנעוויץ און קערן זײַן אין סערעט אויך, אָבער געהערט האָ׳מיר פֿון קיינעם נישט ווער, וואָס, ווען. ביז אין איינעם אַ פֿראָסטיקן ווינטערטאָג האָט חיים זיך אַרײַנגעשטעלט. מע קען זיך גאָר נישט אויסמאָלן די פֿרייד, אַז אונדז׳אָ׳מיר אים דערזען און געהערט, אַז אַלע זענען געזונט; און בײַ סראָלן איז, דאַנקען גאָט, אַלץ אין דער היים. זיי האָבן, אַזוי ווי זיי האָבן געהערט אונדז זע׳מיר אַהיימגעפֿאָרן, זיך אויך צונויפֿגענעמען און זיך אומגעקערט אַהיים. בײַם אַרײַנקומען קיין סערעט האָבן די רוסן געראַבעוועט, געגזלט, און צוויי ייִדן דערשאָסן. דערנאָך איז שטיל געוואָרן. אַ פּאָר טעג האָט חיים בײַ אונדז געוווּלט, און דערנאָך מיט געוויין זיך פֿון אונדז אָפּגעזעגנט. ווער ווייסט, צי מיר׳ן זיך נאָך זען? ווער ווייסט, ווער סע וועט דעם קריג איבערלעבן?

אין שטאָט איז געווען שטיל, אַזוי לאַנג די גרויסע פֿרעסט האָבן אָנגעהאַלטן. אָבער ווי סע האָט אָנגעהויבן — אין מאַרץ — די זון אַ ביסל וואַרעמער צו שײַנען, איז אונדז פֿינצטער געוואָרן. ס׳האָט אָנגעהויבן צו קומען פֿאַרשטאַרקונג. דאָס זענען שוין געווען יענע סאָלדאַטן! מיט פּיקעס, מיט צענערליי געווער: אמתע אַשמדאַיס! טשערקעסן מיט פֿערד, אַלע שטיבער זענען מיט זיי פֿול געוואָרן. די מיידלעך האָט מען אויסבאַהאַלטן אויף די ביידעם, אָבער ס׳האָט דען געהאָלפֿן אַ באַהאַלטן?

יעדע נאַכט האָ׳מיר — אַפֿשר דרײַסיק, פֿערציק אירע — זיך פֿאַרמאַכט אין קעלער. אונדז׳אָ׳מיר געהאַט אַ הינטערטיר, און די פֿעדערשטע איז געווען פֿאַרשלאָסן. ס׳האָט אויסגעזען גלײַך ווי קיינער וווינט נישט אין דעם הויז. נאָר איינער פֿון אונדז פֿלעג זיך בײַ טאָג אַרויסכאַפּן פֿאַרזאָרגן

פּראָוויאַנט אַ ביסל, און הערן וואָס סע טוט זיך אויף דער פראָנט. אונדז זע׳מיר געווען צישן צוויי פייערן: פון איין זייט — די עסטרייכער און פון דער צווייטער — דער שׂונא, און אונדז אין דער מיט...

יעדן אינדערפרי האָט מען דורכגעפירט גאַנצע וועגן מיט צעריסענע זעלנער, און אַזוי ווי אונדז׳אָ׳מיר געבעטן גאָט, אַז אונדזערע זאָלן געווינען, אַזוי האָ׳מיר געציטערט פאַרן שׂונא, ווייל מיר האָבן געוווסט, אַז וואָס מער אונדזערע וועלן געווינען, אַלץ מער וועט עס אויסגיין צון אונדזערע קעפּ. אַ וואָך אָדער צוויי פאַר פּסח איז די שלאַכט געווען נישט אויסצוהאַלטן. די קוילן זענען געפלויגן איבער די דעכער, און ווער ס׳האָט נישט געהאַט קיין גוטן קעלער, איז געפאַלן אַ קרבן פון די שראַפּנעלן.

פון דער זוויניעטשקע, ווו אונדזער ביסל משפּחה האָט זיך געפונען, האָ׳מיר דורך די גויים, וואָס זיי פלעגן זיך יאָ דורככאַפּן די בריק, געהערט גרויסע צרות. מע מוטשעט זיי דאָרט, זיי ליגן אויך אין די קעלערס פאַרשפּאַרט. אונדזערס אַ געשוועסטערקינד, דאָדקע גאָטעסמאַן, אַן אויסשטודירטער דאָקטאָר־מעדיצין איז אַהיימגעקומען פון ווין זען טאַטע־מאַמע, האָט אים דאָס אומגליק פאַרכאַפּט און ער איז געבליבן שטעקן אויף דער זוויניעטשקע. אין אַ שיינעם טאָג, אויף דער פראָנט איז געווען שטיל, איז אים נימאס געוואָרן צו ליגן אין קעלער, האָט ער אויפגעמאַכט די טיר צו כאַפּן אַ ביסל לופט. נאָר אָנשטאָט לופט האָט ער געכאַפּט אַ קויל און איז אַוועקגעפאַלן טויט. דריי טעג האָט מען אים געהאַלטן אַ טויטן אין קעלער צישן אַלע פרויען און קינדער. ווער קען זיך אויסמאָלן די פּיין פון די עלטערן און די שרעק פו די פרעמדע מענטשן צו האָבן אַ מת מיט זיך אין קעלער...

און אין אַ שיינעם אָבער טרויעריקן טאָג איז מען געקומען קלאַפּן אין דער טיר, און אונדז געבראַכט אַ קוויטעלע: אַ משפּחה גאָטעסמאַן האָבן די רוסן אַריבערגעבראַכט די בריק און מע פירט זיי אַזש קיין זבאַרעזש. דאָרט וועט מען זיי הענגען. דאָס דערהערנדיק, האָב איך שוין פאַרגעסן אין דער שרעק, און בין אַריבערגעלאָפן אין דער געמיינדע זען, ווער מען מע האָט געבראַכט.

אַחוץ זעלנער זענען ביי די טירן געשטאַנען פּאָליציי — היימישע פּאָליאַקן, אויסגעקאָכט מיט אַלע ייִדן. זיי האָבן דורך אַ זייטנטירל מיך אַרייננגעלאָזט און דערזען האָ׳מיר דאָרטן נתנען מיט זיין ווייב און די צוויי קינדער, משהלע און עטעלע. זיי זענען געשטאַנען ביז צום טויט דערשראָקן, נאַקעט און באָרוועס, אַפילו קיין העמד האָט מען נישט געלאָזט זיי מיטנעמען — נתן גאָטעסמאַן דעם זוויניעטשקער גביר! אונדז׳אָ׳מיר נישט געקענט מיט זיי רעדן, אָבער עסן און אַ רוקזאַק מיט קליידער איז באַלד באַשאַפן געוואָרן און פאַר אַ פּאָר רובל איז כסף זהב מטהר ממזרים... האָבן די פּאָליצייען אַלץ גענעמען און זיי איבער־געגיבן. אונדז׳אָ׳מיר נאָר דורכן פענצטער געקענט אַריינקוקן. און ווען

די זעלנער האָבן אונדז דערזען, האָבן זיי מיט די הענט געמאַכט — מע וועט זיי אויפהענגען. מע האָט זיי אַוועקגעפירט קיין סיביר ווי „גזלנים".

# פאַר וואָס זאָל איך מורא האָבן?

דעם צווייטן אָדער דריטן טאָג זענען פאַרשטעלטערהייט אַריבערגעקומען זיידע פרעשל מיט זײַן יינגל זלמן, לייבוש גאָטעסמאַן און זוסיע פישער. אַלץ איבערגעטון פאַר גוֹיים און אַנטלאָפן צון אונדז אין „דער פעסטונג". בײַ אונדז האָבן דאָך די רוסן נישט געוווּסט ווער, וואָס, ווען. דאָרט — האָבן זיי דערציילט — גייט מען נעמען „גזלנים" די רײַכע ייִדן פון שטעטל, און ווי זיי האָבן דערהערט, מע האָט אַוועקגעפירט נתנען, זענען זיי אויסגעווען די צײַט נישט צו האָבן זײַן סוף. בײַ אונדז איז דערווײַל נאָך היימלעכער געוואָרן אין קעלער. אַז ס'איז געקומען ערב פּסח האָט אונדז די גויע פאַרשאַפט קאַרטאָפל און אייער. פון קיין מצות אָדער פלייש האָט קיינער נישט געטראַכט — און קאַרטאָפל איז שלעכט? אָבער ווי אַזוי קען מען זיי עסן, אַז קאָכן האָט מען אין קעלער נישט געקענט? האָט מיך לייבוש געבעטן: „ליפּשעלע, קום מיט מיר אַרויף אין שטוב, לאָמיר אָפּקאָכן אַ טאָפּ קאַרטאָפל!" אָבער די מאַמע האָט נישט געלאָזט מיך גיין. איז לייבוש צון איר צוגעשטאַנען מיט אַזאַ טענה: ער איז אַ טאַטע פון פיר קליינע קינדער און שטעלט זיך אײַן דאָס לעבן, פאַר וואָס זאָל איך מער מורא האָבן פון אים? אַ כּלל, אונדז'אָ'מיר זיך פּאַוואָליע אַרויפגערוקט אין קיך אַרײַן און אויסגעזאָטן אַ גרויסן טאָפּ מיט באַרבוליעס. פּלוצעם, אַ קלאַפּ אין טיר: „אָטוואָרי!" (עפן אויף!). אַז סע איז אונדז'ז אָפּגעשטאָרבן יעדעס אבר, באַדאַרף איך נישט צו דערמאָנען. לייבוש האָט געכאַפּט דעם הייסן טאָפּ און איז אַראָפּ אין באַהעלטעניש, און איך מיט דער מאַמען זענען געבליבן. עמעצער האָט געמוזט בלײַבן, ווײַל ווען נישט, ווען זיי טרעפן קיינעם נישט, וואָלטן זיי זיכער אַזוי לאַנג געזוכט, ביז זיי וואָלטן זיך דערביוועט צום קעלער; און זיי וואָלטן פון אַלע געמאַכט אַ קדוש. איך האָב פאַרמאַכט דעם אַרײַנגאַנג צום קעלער און בין געבליבן נישט טויט, נישט לעבעדיק און געוואַרט וואָס וועט ווײַטער קומען. דאָס קלאַפּן האָט אָנגעהויבן שטאַרקער ווערן, און איך האָב קיין ברירה נישט געהאַט ווי צו גיין אויפמאַכן די טיר. ס'האָבן זיך געגעבן אַ שטעל אַרײַן צוויי קאָזאַקן גרויס און שטאַרק ווי גוג־ומגוג, מיט פאַרשידענע געווער פאַרשפּיליעט אויף אַלע זייטן, האָט מײַן מאַמע זיך גאַנץ פאַרלוירן און איז אַנטשוווּנדן געוואָרן, מיך איבערלאָזנדיק אויף הפקר מיט די צוויי ווילדע בערן אַליין. נאָר ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אומעטום זענען פאַרבאָרגן מענטשלעכע הערצער. דערזעענדיק זיך אַליין מיט די צוויי, האָב איך פּלוצעם פאַרלוירן די גאַנצע שרעק, און האָב מיך גענעמען זיי

אויספרעגן, וואָס זיי ווילן און צי איך קען זיי מיט עפּעס דינען. און בשעתן רעדן האָבן זיך באָכן טרערן מיר געגאָסן פון די אויגן. זיי האָבן מיך דערזען אַזוי ווייגען האָבן זיי מיך גענעמען אויספרעגן. איך האָב זיי דערציילט, אַז איך האָב אַ חתן געהאַט און געהאַלטן פאַר דער חתונה. אויך דרײַ ברידער האָב איך געהאַט, איז געקומען די שרעקלעכע „וויינע" (מלחמה) און כ׳בין געבליבן אַליין מיט דער אַלטיטשקער באַבושקאַ, וואָס זיי האָבן דאָ פריִער געזען. „און ווו איז זי פאַרשווונדן און דיך געלאָזט מיט די שונאים אַליין?". האָב איך זיי געענפערט, אַז איך האַלט זיי נישט פאַר קיין שונאים, פאַרקערט — אונדז זע׳מיר די זעלבע מענטשן, אונדז לײַד׳מיר די זעלבע יסורים; ווײַל כאָטש איך ווייס נישט, ווער זיי זענען און פון וואַנען זיי קומען, בין איך זיך משער, אַז זיי האָבן ווײַב־און־קינדער איבערגעלאָזט ערגעץ, און אפשר שווער טער צי גרויסע טעכטער, וואָס זענען הפקר. וואָס איז דען דער מענטש? אָט אַזוי ווי אונדז שטיי׳מיר דאָ, קען באַלד אַראָפפאַלן אויפן דאך אַ באָמבע און אונדז זאָל׳מיר אַלע דאָ פאַרשיט ווערן... איך האָב די צוויי סאָל־דאַטן אַזוי צענעמען, אַז זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און אָנגעהויבן זיך צלמען. זיי האָבן גערעדט: „אָט טאַ באַרישניאַ כאַראָשאַ!" (דאָס איז אַ פײַן מיידל) און ווינטשנדיק מיר, אַז מײַן חתן זאָל געזונט צוריקקומען, זענען זיי אַוועק, נישט וועלנדיק אַפילו עפּעס נעמען פון דער שטוב.

איך האָב קוים דערלעבט צו פאַרריגלען די טיר, בין איך אַראָפּ אין קעלער. די מאַמע נעבעך איז געווען אײַנגעקאַרטשעט פאַר שרעק און חרטה, וואָס זי האָט מיך איבערגעלאָזט אַליין מיט די רוצחים. אַז איך האָב זיי געזאָגט, ס׳איז מיר גאָרנישט געשען, האָט זיך קיינער נישט גע־וואָלט גלייבן. און ס׳איז טאַקע געווען אומגלייבלעך. גאָט האָט מיך געהיט פון אַלעם בייזן און כ׳בין אַרויס גאַנץ פון זייערע הענט. מיך האָבן די לײַט דאָרט אין קעלער באַטראַכט פאַר אַ העלדין, כאָטש אין דער אמתן בין איך גאָר קיין העלדין נישט געווען. די מענטשן זענען געווען שטאַרק איבערגעשראָקן און צוויי טעג האָט קיינער פון אונדז דעם קעלער נישט פאַרלאָזט. לייבוש גאָטעסמאַן האָט זיך געפילט זייער שולדיק קעגן אונדז און ער האָט באַשלאָסן צו גיין צוריק אַהיים, אָבער מע האָט אים אָפּגערעדט דערפון.

## מע שיקט אונדז אַוועק

אין איינעם אַ טאָג האָט מען פלוצעם געפויקט, אַז ביז אַ פּאָר שעה מוזן אַלע יידן זיך פאַרזאַמלען בײַם ראַטהויז: מע שיקט אונדז אַוועק דרײַסיק וויאָרסט פון דער גרענעץ, ווײַל די מפּלה וואָס זיי כאַפּן אויף דער פראָנט איז צוליב די יידן. אונדז זע׳מיר שולדיק, ווײַל אונדז זע׳מיר שפּיאָנען און אונדז פאַרראָט׳מיר דאָס רוסישע מיליטער. ס׳האָט גאָרנישט

געהאָלפֿן, יעדער איז אַרויסגעקראָכן פֿון די באַהעלטענישן; מע האָט זיך געמאַכט אַ קליין פּעקעלע און מע איז זיך צונויפֿגעקומען אויפֿן פּלאַץ, וואַרטן, וואָס סע וועט מיט אונדז געשען. ווער ס׳האָט געהאַט אַ פֿערד־און־וועגעלע האָט געקענט אויפֿלאָדן זײַן ביסל אָרעמקייט מיט דעם בני־בית, און ווער נישט — איז געווען אויף געהאַקטע צרות. אַזוי זע׳מיר געשטאַנען דעם גאַנצן טאָג — ס׳איז געווען אַ שבת — נאָר וואָס איז אונדז שוין געווען צי שבת צי וואָכן, בײַ אונדז איז געווען תּישעה־באָב...

אַז גאָט האָט געהאָלפֿן, אונדז׳אָ׳מיר דערלעבט דעם אויפֿדערנאַכט און סע האָבן אָנגעהויבן זיך באַווײַזן שײַנוואַרפֿערס, האָ׳מיר געמיינט, אַז שוין איז געקומען פֿאַר אונדז די לעצטע שעה. דעם גאַנצן טאָג האָט מען נישט געשאָסן, נאָר ווען סע פֿלעג ווערן נאַכט, האָבן זיך אָנגעהויבן די שלאַכטן. און דאָ זע׳מיר געשטאַנען — אַ פּאָר הונדערט ייִדן — מע האָט נישט באַדאַרפֿט קיין סך, נאָר אַ פּאָר שראַפּנעלן און מ׳האָט אונדז אָפּגעווישט פֿון דער ערד. אָבער, אַז זיי האָבן דורך די שײַנוואַרפֿערס דערקענט, אַז דאָס איז נישט קיין מיליטער, נאָר איבערגעשראָקענע ייִדן, האָבן זיי נישט אָנגעהויבן שיסן. די רוסן האָבן דאָס אויסגעניצט און דורכגעפֿירט זייער טריין. מיר זענען געשטאַנען אין געהאַקטע ווונדן, ביז שפּעט אין דער נאַכט און געוואַרט, מע זאָל אונדז הייסן גיין. ביז די עסטרײַכער האָבן דערשמעקט וואָס דאָ טוט זיך און האָבן אַ וואָרף געטון אַ באָמבע. ס׳איז געוואָרן אַזאַ בהלה, אַזוינע געוואַלדעס, אַז הימלען האָבן זיך אַזש געשפּאָלטן. איצט האָבן די רוסן געגעבן דעם באַפֿעל צו גיין. און ס׳איז געווען נישט פּשוט געגאַנגען... מע האָט זיך געשלעפּט די גאַנצע נאַכט, און ווער ס׳האָט נישט געקענט גיין איז געבליבן ליגן אויף די קופּעס שאָטער בײַ די זײַטן פֿון שטראָז.

ריווציע האָט דאָך געהייסן — אָדער איז טאַקע אפֿשר געווען — די שוואַכע, האָב איך אָפּגעשטעלט יעדעס וועגעלע און געבעטן אַרויפֿנעמען מײַן אַלטע קראַנקע מאַמע. ביז איך האָב בײַ איינעם געפּועלט. אַז כ׳האָב צוגעבראַכט די יונגע שוועסטער אָנשטאָט דער אַלטער מאַמע, האָבן זיי מיך אָנגעקוקט צי בין איך נישט חסר־דעה. אָבער ס׳האָט זיי גאָרנישט געהאָלפֿן — איך האָב זיי געזאָגט, אַז כאָטש זי איז יונג, איז זי זייער קראַנק, און זי וועט נישט קענען דערגיין דעם שווערן וועג צו פֿוס. בקיצור, איך האָב געפּועלט. מיר דרײַ, די מאַמע, משה און איך האָ׳מיר זיך שוין יאַקאָס געשלעפּט גלײַך מיט אַלע ייִדן, אונטער דער באַוואַכונג פֿון די סאָלדאַטן, וואָס זיי האָבן אונדז געטריבן ווי די שאָף.

די נאַכט האָט זיך געענדיקט. דער שיינער טאָג האָט אונדז אָנגעהויבן שענקען זײַנע זונענשטראַלן, מיט וועלכע אונדז וואָלט׳מיר זיך געווען מוזיה געווען אַן אַנדערט מאָל, אָבער אין יענעם פֿרימאָרגן האָ׳מיר פֿאַרשאָלטן די זון מיט אירע שטראַלן, ווײַל די היץ האָט אָנגעהויבן דערקוטשען. קיין ביסל וואַסער זיך צו דערקוויקן האָ׳מיר נישט געהאַט, און נישט וויסנדיק ווו מע פֿירט אונדז, זענען די ייִדן געווען פֿאַרצרהט. אָבער איך — גמיט

מײַנע צוויי און צוואַנציק יאָר — פֿול מיט לעבן און הומאָר, האָב יעדן געטרייסט און געזאָגט: מע טאָר זיך נישט מיאש זײַן, וועט איר זען — מיר׳לן נאָך דערלעבן זייער מפּלה!" קוים זיך דערשלעפּט צום ערשטן ייִדישן שטעטל טויסט, זענען שוין געשטאַנען קינד־און־קייט מיט ברויט, מיט מילעך און זויער־מילעך: מע האָט יעדן פֿון אונדז דערהאַלטן בײַם לעבן, און אונדז מודיע געווען, אַז מע פֿירט אונדז נישט ווײַט: קיין לאַש־קעוויץ און קיין טשאָרטקעוו. דאָרטן וואַרטן קאָמיטעטן, מע וועט חלילה נישט לאָזן פֿאַלן די ייִדן. איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך געזאָגט: „מאַמע, מיר זענען געראַטעוועט!" ווײַל אויפֿן וועג קיין לאַשקעוויץ ליגט דאָך ייִגאָלניצע. דאָרט האָ׳מיר געהאַט דעם טאַטנס צוויי שוועסטער, און איך האָב געוווּסט, אַז זיי וועלן אונדז נישט לאָזן אָנקומען צו צדקה.

אַז גאָט האָט אונדז געהאָלפֿן, אונדז׳אָ׳מיר דערלעבט צוצוקומען צום באַרג פֿאַר ייִגאָלניצע און דערזען ווי עטלעכע ייִדן פֿאַרהאַנדלען מיט די זעלנער, וואָס האָבן אונדז געפֿירט, האָ׳מיר פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט מען אונדז. און ס׳האָט טאַקע לאַנג נישט גענומען און די זעלנער האָבן אונדז געלאָזט וויסן, אַז ווער סע האָט משפּחה דאָ אין שטעטל, זאָל אַרויס פֿון די רייען. אין אַ ווײַל אַרום זע׳מיר געשטאַנען אויסגעשטעלט אַ צען־צוועלף משפּחות, וואָס מע האָט געלאָזט גיין צון אונדזערע קרובֿים. די גדולה איז געווען גרויס, ווען די מומע רייזיע האָט אונדז דערזען. זי האָט אָנגעהויבן וויינען: „ווי איז מיר, וואָס מײַנע אויגן האָבן דערלעבט צו זען! מײַן יונהס צוויי טעכטער — פֿאַרטריבענע פֿון זייער היים, נאַקעט און באָרוועס, בפֿרט דו, ליפּשעלע, האָסט געדאַרפֿט אַהײַמקומען פֿון אַמע־ריקע צו דעם בראָך!" איך האָב זי געטרייסט: „גאָט וועט העלפֿן. וואָס בין איך עפּעס בעסער פֿון אַנדערע ייִדן? מן־הסתּם איז מיר אַזוי באַשערט."

## בײַ דער מומע רייזיע

ס׳איז אונדז טאַקע געווען זייער גוט בײַ איר. זי האָט אונדז געגעבן עסן און טרינקען פֿון אַלעם גוטן. דאָס איז אַזוי אָנגעגאַן ביז שבֿועות. פּונקט אום שבֿועות ווערט אַ רעש, אַז מע פֿירט דורך די סנעטינער ייִדן, וואָס מע טרײַבט אַרויס, גלײַך ווי מע האָט אונדז אַרויסגעטריבן. נאָך אַ שטיקל צײַט האָבן זיך אָנגעהויבן צו הערן קלאַנגען, אַז אין טשאָרטקעוו, ווו ס׳האָבן זיך געפֿונען אַלע פֿאַרטריבענע ייִדן, האָט אויסגעבראָכן טיפֿוס. און טאַקע באַלד האָ׳מיר געהערט, אַז אונדזער פֿעטער עליע גאָטעסמאַן איז געפֿאַלן אַ קרבן פֿון דער קרענק און שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג — זײַנער אַ זון, שלמה גאָטעסמאַן, נאָך אַ יונגער־מאַן. איז געפֿאַלן אַ פּחד אויף אַלע אײַנוווינערס פֿון שטעטל. מע האָט מורא געהאַט, די קרענק זאָל זיך נישט פֿאַרשלעפּן אויך צון אונדז, האָט מען געשטעלט וואַך, כּע זאָל קיינער נישט גיין אַהין אָדער אַהער. סע האָט אָבער גאָרנישט

געהאַלפן — מע האָט אויך אין ייִגאַלניצע אָנגעהויבן פילן, אַז די מגפה רוקט זיך נענטער צון אונדז.

אין אַ שיינעם טאָג קומט צון אונדז אַ גאַסט פון טשאַרטקעוו: מײַן אַלטער גוטער־פרײַנד הערשל אַמפּל, וואָס ער איז געווען מיט טאַטע־מאַמע און זעקס שוועסטער צישן די פאַרטריבענע פון זאַלישטשיק. אַז ער איז געוואָר געוואָרן, מיר געפינען זיך אין ייִגאַלניצע, האָט ער גענומען די פּיס אויף די פלייצעס און איז געקומען צו שפּאַנען זען זײַן שטילע געליבטע ליפשע. ווען איך האָב אים דערזען, איז מיר געוואָרן אַ לאָך אין האַרץ. וואָס האָב איך — אַליין אויף קעסט — נאָך געקענט העלפן אַ פרעמדן?

## 25 נאָהײַקעס

מענטשן, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט פאַרמעגן אין זאַלישטשיק, האָבן אָנגעהויבן פאָרן צוריק: די רוסן לאָזן עס זיי אַרויסנעמען, האָט עס געהייסן. איך האָב דאָס דערהערט, בין איך צוגעשטאַנען צו מײַן שוואָגער משה ער זאָל פאָרן מיט אַזאַ טראַנספּאָרט, און וואָס ער וועט ראַטעווען, וועט אונדז זייער גוט צו ניץ קומען. סחורה איז געווען זייער חשוב. און מע האָט זייער גוט געצאָלט פאַר יעדן פאָדעם. איך האָב אַזוי לאַנג אין אים אַרײַנגערעדט, ביז איך האָב געפּועלט. טאָמער האָט ער מורא, האָב איך געזאָגט, פאָר איך מיט. ריווציע האָט נישט געוואָלט הערן דערפון: אויב פאָרן מיט משהן, וועט זי פאָרן. זי איז דאָס ווײַב. די מאַמע איז אָבער געווען זייער דערקעגן. זי האָט געזאָגט: „די מויד (אַזוי האָט זי מיך גערופן ביזן טויט) מאַכט אונדז אומגליקלעך! שטײַטש — צוליבן געלט שיקט זי זיי אין פײַער אַרײַן!" סע האָט נישט געהאָלפן דאָס טענהן צון איר: „מאַמע, וויפל איז דער שיעור צו זיצן אויף דער מומע רייזיעס קאָפּ? יאַקאָס פאָרן מענטשן און קומען צוריק מיט גאַנצע וועגן סחורות. פאַר וואָס זאָלן מיר אויך נישט פּרוּוון? אויב מיר וועלן נישט פאָרן, וועלן עס אַנדערע אָוועקנעמען. ווער סע קומט פריִער, דער מאָלט פריִער."

מיט שווערע הערצער האָבן זיך ריווציע מיט משהן אָנגעשלאָסן אין אַ טראַנספּאָרט און זענען אָוועק. מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָבן מיר געוואַרט אַ טאָג צוויי און דרײַ — אין־קול: מע הערט נישט. איך בין אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ — וואָס איז דאָרט געשען? איך האָב געהאַט תרעומות צו זיך אַליין: צו וואָס איך האָב זיי צוגערעדט צו פאָרן? אָבער פאַרפאַלן. מע מוז וואַרטן און גאָט בעטן, סע זאָל אויסגיין צום גוטן. און פון מאָנטיק ביז דאָנערשטיק — קיין פּיפּס נישט. ענדלעך פרײַטיק, ס'איז נאָך געווען פינצטער אין דרויסן, איז מען אונדז געקומען אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז סע פאָרט אַ טראַנספּאָרט מיט ייִדן פון זאַלישטשיק באַגלייט מיט מיליטער. אונדז זע'מיר נישט־טויט נישט־לעבעדיק אַרויף אויפן

באַרג און קוים דערלעבט צו זען דעם ערשטן וואָגן. אָבער אַז אַך־און־ווי איז געווען צו אונדזער באַגעגעניש! דער טראַנספּאָרט איז געבליבן שטיין און מען האָט געהייסן די ייִדן אַראָפּגיין פֿון די וועגן און דער קאָ־מאַנדאַנט האָט געגיבן דעם באַפֿעל יעדן עקסטער אַרײַנצייִלן 25 נאַהײַ־קעס; דערנאָך וועט מען זיי אַלע, ווי די אַרגסטע פֿאַרברעכערס, ווײַטער פֿירן. אַ טייל האָבן געזאָגט: קיין רוסלאַנד, אַנדערע — קיין זבאַרעזש. דאָרט איז דאָס קריגסגעריכט, און דאָרט וועט מען זיי פֿאַרמישפּטן אוודאי צום טויט. ס׳איז מיר זיכער פֿריילעך געוואָרן הערנדיק די אַלע זאָגעכצער, נאָר איינס האָב איך באַשלאָסן: וואָס סע זאָל נישט זײַן, ריוועציען מוז איך ראַטעווען.

איך האָב פֿאַרטראַכט אַזאַ פּלאַן: איך האָב מיך צוגעגנבֿעט צו זייער וואָגן און האָב אַרויפֿגעשעפּטשעט: „קום אַראָפּ!" מע האָט געצייִלט די מענטשן בײַם אַרײַנקומען אין שטאָט און מע וועט ווידער צייִלן בײַם אַוועקפֿאָרן, אָבער אין דער צווישנצײַט האָט מען נישט שטאַרק געהיט. דערווײַל האָט מען אָנגעהויבן שלאָגן די מענטשן נישט־קוקנדיק צי מאַן צי פֿרוי, אַלט אָדער יונג. מע האָט זיך אַליין געמוזט אַראָפּלאָזן די הויזן און בײַ אָפֿענע טיר־און־טויער געשמיסן. די געוואַלדעס זענען געגאַנגען ביז צום הימל. אַז איך האָב דערזען ריוועציען אַראָפּקומען פֿון וואָגן, האָב איך זי גיך איבערגעטון. אונדז'אַ'מיר זיך געביטן מיט די טיכלעך; כ'האָב אָנגעטון איר יאַקע און זי אָנגענומען בײַ די פּלייצעס און נישט פֿרעגנדיק זי גאָרנישט, געגעבן איר אַ זאָג: „אָט דאָ, מיט דעם באַרג גיי אַראָפּ, וועסטו שוין אָנקומען צו דער מומע רייזיע." זי האָט קיין סך נישט גע־פֿרעגט און איז אַנטלאָפֿן. איך האָב מיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויפֿן וואָגן און געוואָרט אויף אונדזער ריי צו באַקומען די פּעטש. אַזוי האָט מען אָפּגעצייִלט פֿינעף וועגן, אונדזערער איז געווען דער זעקסטער.

ווען ס'איז געקומען משהס ריי, איז ער אַרײַן אין קאַנצעלאַריע און מע האָט אָנגעהויבן שמײַסן. די רוצחים זענען אַרומגעשטאַנען און חוזק געמאַכט, ווייל מײַן שוואָגער משה האָט קיין פֿלייש נישט געהאַט אויפֿן הינטערחלק, האָט ער מער געשריגן ווי אַנדערע. איך בין געזעסן אויפֿן וואָגן און הערנדיק זײַנע געוואַלדעס, האָב איך מיר פֿירגענומען אַז ווי סע זאָל נישט ווי טון, וועל איך זיי דאָס פֿאַרגעניגן נישט פֿאַרשאַפֿן צו שרײַען. אַ קרענק וועלן זיי זיך נאָך איבערווויצלען און לאַכן! און אַז משה איז אַרויסגעקומען, אָדער בעסער געזאָגט אַרויסגעקראָכן, און איז צוגעקו־מען צו מיר, האָט ער מיר געזאָגט, אַז די לעצטע צען האָט מען אים געשענקט. ער האָט אָנגעהויבן צו בלוטיקן, האָבן זיי אויפֿגעהערט, געהייסן זיך אַרויפֿציִען די הויזן און פֿאַרשווינדן. צי זיי וועלן מיר אויך געבן נאָר פֿופֿצן, איז געווען בײַ זיי אין די הענט. און אָט איז אַרויסגעקומען דער גיהנום־שמשׂ און האָט זיך געלאָזט צו אונדזער וואָגן. יעדער האָט געקוקט אויף מיר, געוואָלט זען וואָס פֿאַר העוויות איך וועל באַווײַזן — צי וועל איך וויינען, צי וועל איך בעטן רחמים בײַ זיי — אָבער איך האָב גאָר־

נישט געזאָגט, נאָר גלײַך געלאָזט מיך גיין אַהין צו קריגן מײַן חלק. אָבער ווי פֿאַרחידושט בין איך און אַלע נאָך אונדזער וואָגן געוואָרן, אַז איינער פֿון די זעלנער האָט געגעבן אַ געשריי, אַז ער שענקט שוין דעם רעסט. מע וועט מער קיין נאָהניקעס נישט געבן.

יעדער איז אַרויף אויפֿן וואָגן, מע האָט איבערגעציילט די מענטשן: אַלץ האָט געשטימט און אונדז זע׳מיר געפֿאָרן ווײַטער. משה, פֿאַר גדולה וואָס איך האָב נישט געקריגן געשמיסן, איז אַזש פֿריילעך געוואָרן און כאָטש סע האָט אים געקערט שטאַרק ווי טון, האָט ער געזאָגט, אַז נישט און איז געווען זיכער, מע וועט אונדז אויך ווײַטער קיין שלעכטס נישט טון. איך האָב אים געלאָזט האָבן הנאה פֿון זײַן בטחון, אָבער מײַן האַרץ האָט זיך געשראָקן. אַפֿילו מע וועט אונדז נישט הענגען, ווי די סאָלדאַטן האָבן געזאָגט, אָבער פֿאַרשיקן וועט מען אונדז זיכער. וואָס וועט דאָרט געשען מיט די צווי ווײַבער, ריווציע מיט דער מאַמען?

אַזוי פֿאַרטיפֿט אין די טרויעריקע מחשבֿות, זע׳מיר דורכגעפֿאָרן לאַשקעוויץ, וווּ אַלע ייִדן זענען געשטאַנען און געקוקט אויף אונדזער בייז־וווּנדער. פּלוצעם איז לייבוש גאַטעסמאַן אויסגעוואַקסן ווי פֿון אונ־טער דר׳ערד, זיך צוגערוקט צו מײַן וואָגן, און מיר עפּעס אַרײַנגערוקט אין האַנט. איך בין געווען אַזוי פֿאַרצרהט, אַז איך האָב אַפֿילו קיינעם נישט געזען פֿאַר די אויגן. אונדז זע׳מיר געפֿאָרן ווײַטער און ווײַטער אָן אַ סוף.

אַזוי זע׳מיר אָנגעקומען קיין אָזיעראַן. מע האָט אונדז פֿאַרפֿירט אין מיטן שטאָט אויפֿן ראַטהויז־פּלאַץ. דאָרט, האָט מען אונדז געזאָגט, וועלן מיר פֿאַרבלײַבן — מיר טאָרן זיך נישט אומקערן צוריק. ווען מע וועט אונדז כאַפּן ערגעץ אַנדערש, וועט מען אונדז תּיכף שיסן. זיי זענען אַלע פֿאַרשווונדן; די גויים מיט די וועגן זענען אויך אַוועק — צוריקגעפֿאָרן אין די דערפֿער פֿון וואַנעט זיי זענען געקומען. און מיר, די ייִדן, זענען געשטאַנען אין מיטן מאַרק, יעדער בײַ זײַן ביסל אָרעמקייט, נישט־וויסנדיק וואָס מיט זיך צו טון. די ייִדן פֿון שטעטל זענען געקומען צו לויפֿן: יעדער האָט געוואָלט נעמען עמעצן אויף שבת. ס׳איז געווען שפּעט בײַ טאָג, מ׳איז געווען גליקלעך מיטן אָפּשלוס פֿון דער טראַגעדיע און מ׳ה האָט באַשלאָסן צו בלײַבן אויף שבת, דאָרט בײַ די ייִדן אין אָזיעראַן.

## קרעווענקאַ

אָבער נישט איך. צוו אונדז זענען אויך צוגעקומען אַ פּאָר ייִדן, אונדז פֿאַרבעטן אויף שבת. אָבער איך האָב געבעטן איינעם פֿון די ייִדן, ער זאָל אונדזער ביסל סחורה אַרײַננעמען צו זיך איבער שבת, און אונדז זאָגן ווי אַזוי מיר קענען צוריקגיין אַהיים. אַיעדער האָט צוו אונדז אויסגע־ביטן חלומות — ווי סע פֿאַלט אונדז אַפֿילו אײַן אַזאַ געדאַנק! אָבער איך

בין באשטאנען אויף מיינעם. זיך אפגעזעגנט מיט אונדזערע "לײדנסגע־נאסן"; דאס ביסל סחורה איבערגעלאזט דארט, האבן מיר זיך געלאזט גיין אויף צוריק. נאר אנשטאט מיטן גלייכן שטראז, זע'מיר געגאן מיט די פעלדער. ס'איז געווען א סך ווייניקער וועג און אונדז זע'מיר געווען זיכער, אז אונדז ווע'מיר נישט באגעגענען די מאכעבולעניקעס.

אזוי זע'מיר, הונגעריק און מיד, שפעט אויף דער נאכט אנגעקומען קיין לאשקעוויץ. די יידן זענען געזעסן אויף די פריספעס און אז זיי האבן אונדז דערקענט, האבן זיי אונדז באלד געוואלט פארבעטן אויף נאכטלעגער. איך האב אבער געוווסט, אז משה האט דארט א ברודער, כאטש אליין א פליט, אבער ער וווינט שוין דריי חדשים אין לאשקעוויץ, וועט ער זיכער פאר אונדז געפינען פלאץ איבערצושלאפן און עפעס עסן צו געבן. אז אונדז'א'מיר זיך אבער צוגעפרעגט צו משהס ברודער, יאסל ליכטענ־האלץ (ער איז שוין געווען גוט באקאנט אין לאשקעוויץ, ווייל ער איז געווען א סוחר), און אונדז'א'מיר אנגעקלאפט אין פענצטער, האט אונדז זיין ווייב בלומע אויפגעמאכט. זי איז געווען זייער פארחידושט און דער־שראקן. זי האט זיך נישט געקענט אויסמאלן, אז אונדז וועל'מיר זיך דערוועגן זיך אומצוקערן, נאך דעם מע האט אונדז פארווערט. יאסל האט זי געפרעגט, צי זי האט נישט אונדז עפעס צו געבן עסן, האט זי זיך קוים אויסגעקראצט און איז געגאנגען זוכן. איך האב שוין געזען, ווו דער חומר שטעקט, האב איך זי געפרעגט, צי זי וועט אונדז לאזן איבער־שלאפן. זי האט אריינגעבראכט א שניצל און עס געגעבן משהן. ער האט געזען, מע גיט נאר אים, האט ער נישט געוואלט נעמען, אבער איך האב געזאגט, כ'בין נישט הונגעריק און כ'וועל אויף קיין פאל נישט עסן. און אז ס'איז געקומען צום לייגן זיך שלאפן, האט בלומע אנגעוויזן משהן אויף א קופערט, ווו זי האט אנידערגעלייגט א קישן, און מיר — איז זי נעבעך געשטאנען אזוי פארצרהט, אז איך האב אויף איר רחמנות געהאט, און זי געפרעגט צי אויף דער ערד וועט זי מיך לאזן אנידערלייגן — קיין בריק איז דארט נישט געווען. זי איז געווען אזוי "ליב" און מיר געגעבן פון קינד עפעס א פיש־קישעלע. ווען איך האב מיך געוואלט אנידערלייגן, איז משה אראפגעקראכן פונעם קופערט מיט זיין קישן און אונדז'א'מיר זיך ביידע אנידערגעלייגט אויף דער ערד, כאטש בלומע איז געשלאפן אין בעט מיט בעטגעוואנט. אבער כ'בין סיי ווי סיי נישט געשלאפן, נאר געלעגן און געווארט סע זאל שוין טאגן, אונדז זאל'מיר זיך קענען לאזן אין וועג אריין צוריק קיין יזגאלביצע, ווייל דארטווארט מיין מאמע און שוועסטער מיט גרויסע יסורים נישט־וויסנדיק וואס פון אונדז איז געווארן.

ס'איז נאך געווען בלא פאר טאג, האב איך משהן געגעבן א טארע: "קום!". ער איז באלד געווען וואך. אונדז'א'מיר פארלאזט זיין ברודערס היים אן א זיי־געזונט, און זיך גענעמען מיט איין גאלאפ אין וואלד אריין. דער וועג פון לאשקעוויץ קיין יזגאלביצע האט געפירט צישן צוויי רייען

סאָסנעביימער, וואָס האָבן אונדז אין יענעם פרימאָרגן געגעבן כּוח און קראַפט צו קענען ווײַטער לויפן.

און אַז אונדז'אָ'מיר שוין געהאַט מער ווי דרײַ פערטל וועג הינטער זיך און געדאַנקט גאָט, וואָס אונדז זע'מיר אומגעשטערט אָט באַלד אין דער היים, קיין מענטשלעך קול האָט מען נישט געהערט, בלויז פייגעלעך זינגען; אין דער אַ שטילקייט, האָ'מיר פלוצעם דערהערט דאָס סטאַנקען־ווען פון פערדישע פיס. משה האָט אָנגעהויבן ציטערן: „ליפשע, ס'איז נישט גוט, מע וועט אונדז כאַפן." אָבער איך האָב אים באַרויקט, אַז דאָס פאָרן די גוים אין פעלד אַרײַן פאַר טאָג. דאָס קלאַפן פון די פערדישע פיס איז וואָס אַ מאָל נענטער געקומען. אונדז'אָ'מיר זיך געעצהט ווו זיך צו באַהאַלטן, אָבער ס'איז נישט קיין צײַט געווען. אין אַ מינוט אַרום האָ'מיר דערהערט דאָס ווילדע געשריי „סטוי!". דאָס קול האָט יעדן געקענט לאָזן דאָס בלוט פאַרקילן, איבער הויפט אונדז האָט עס נאָך געגרילצט אין די אויערן פון נעכטן. דאָס איז דאָך געווען קרעווענקאָ, דער רויבער, וואָס האָט אַלע יידן געלאָזט שמײַסן, און אונדז געגעבן דעם באַפעל נישט צוריקצוקומען!

משה האָט אָנגעהויבן ציטערן און וויינען. איך בין געוואָרן אויס מענטש פאַר שרעק. אָבער אונדז זע'מיר שטיין געבליבן און געוואַרט אויף דעם מלאך־המוות. ער איז צוגעקומען און אונדז באַלד דערקענט. איך האָב אָנגעהויבן זאָגן: אונדז זע'מיר גוים, מיר גייען עפּעס קויפן אין שטאָט אַרײַן, אָבער דאָס האָט פונקט פאַרקערט אויף אים געווירקט: „יעווריי, יאָפּ טוויע מאַטערי!" און מיט דער נאַהײַקע גענעמען פאַכען איבער אונדזערע לײַבער און קעפּ. ס'האָט נישט געהאָלפן קיין וויינען און בעטן. כ'האָב אים דערציילט, אַז כ'האָב אַן אַלטע מאַמע, און משה האָט אַ ווײַב מיט קליינע קינדער. אונדז גיי'מיר זיי בעמען קיין אַזיעראַן און דאָרט וועל'מיר פאַרבלײַבן. ער, אָבער, האָט געשאָלטן און געשריגן און אונדז'ז געטריבן מיט דער נאַהײַקע.

פלוצעם האָב איך מיך דערמאַנט, אַז לייבוש האָט מיר נעכטן געגיבן געלט אין לאַשקעוויץ. האָב איך אַרויסגענעמען דאָס טיכעלע, אויפגעוויקלט דאָס געלט, און געזאָגט צו אים: „קוק, אָט דאָס פאַרמאָג איך, און דאָס גיב איך דיר. לאָז אונדז גיין אונדזער וועג." ער האָט אַ כאַפּ געטון און דערזען צוויי און אַ האַלב זילבערנע רובל, איז ער געוואָרן גאָר אַן אַנדע־רער מענטש. ער האָט געזאָגט, אונדז זאָל'מיר נישט גיין מיט דעם קייזער־שטראָז, נאָר זיך אַראָפּלאָזן מיטן פעלדוועג, ווײַל סע קען פאַסירן, אונדז'ז זאָל'מיר ווידער טרעפן אַ סאָלדאַט, וועט מען אונדז פאַרשיקן קיין סיביר. אונדז'אָ'מיר אים געוואָלט קושן די הענט פאַר גדולה, אָבער ער האָט געגיבן אַ טרײַב זײַן פערד און איז פאַרשוווּנדן. אונדז'אָ'מיר זיך אָװעקגע־זעצט אויפן גראָז און געדאַנקט גאָט פאַרן נס, וואָס מיט אונדז איז געשען. דערנאָך האָ'מיר זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן באַרג צום שטעטל.

שבת אין דער פרי, יידן זענען געגאַן דאַווענען. אַז מע האָט אונדז

דערזען, איז מען געלאָפֿן אָנזאָגן די גוטע בשׂורה דער מאַמען, וואָס איז מיט אַ גרויסער גדולה געקומען אין איינעם מיט ריוועציען, אונדז אַקעגן. און מיט געוויין און מיט פֿרייד האָ׳מיר דערציילט אונדזער נסיעה.

## טיפֿוס, כאָלערע און אַנדערע צרות

נאָך שבת איז משה אַרײַנגעפֿאָרן קיין אָזיעראַן, בײַם ייִד אָפּגעבעמען די סחורה. און ווי וויניק ס׳איז נישט געווען, האָ׳מיר אַ גאַנצן זומער געלעבט פֿון דעם געלט, ווײַל אין דער מלחמה איז סחורה געווען טײַער סכּנות. מאַטעריעל זע׳מיר געווען פֿאַרזאָרגט, האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן אַנדערע צרות: טיפֿוס און כאָלערע.

מײַן דולער, הערש אַמפּל, האָט זיך אַלע מאָל אַרײַנגעכאַפּט מיך צו זען און אַז ער איז איין מאָל אַרײַנגעקומען אויף שבת, האָט ליפּשעלע, מײַן האָרבאַטע קוזינע, אים פֿאַרשאַפֿט אַ ליידיקע שטוב, אים אַרײַנגעגעבן בעטגעוואַנט און ער איז דאָרט געשלאָפֿן. זונטיק אין דער פֿרי, כ׳האָב געזען הערשל קומט נישט צום פֿרישטיק, האָב איך געזאָגט צו ליפּשעלען: „הערשל איז נישט געקומען.״ אַליין האָב איך נישט געוואָלט גיין, האָט זי מיר געגעבן אַ ווונק און זי איז געגאַן זען, וואָס ער טוט. איך בין איר נאָכגעגאַן.

מיר האָבן אים דערזען ליגנדיק רויט, פֿול באַלייגט מיט ווונדן, האָבן מיר שוין געוווסט, אַז ער איז פֿאַרפֿאַלן און אונדז מיט אים — ער האָט טיפֿוס. אָבער וואָס טוט מען? מע מוז אים דאָך העלפֿן. און קיינער טאָר נישט וויסן, אַז ער ליגט קראַנק. ליפּשעלע, די גוטע נשמה, האָט מיך תּיכּף אַרויסגעשיקט און כ׳האָב נישט געטאָרט צוגיין צון אים.

די מומע רייזיע האָט געהאַנדלט מיט מילכיקס, און בײַ איר אין קעלער האָבן זיך געפֿונען טעפּ מיט זויער־מילעך און סמעטענע. אַזאַ קראַנקן האָט מען דעמאָלט גאָרנישט געטאָרט געבן צו עסן אָדער טרינקען; און קיין דאָקטער האָט מען אויך נישט געטאָרט רופֿן, ווײַל אַ דאָקטער וואָלט אים געמוזט אויסגעבן און מע וואָלט אים געווען אַוועקגענעמען אין אַזאַ מין לאַגער, וואָס האָט געזאָלט דינען ווי אַ שטאָטיש שפּיטאָל. פֿון דאָרט איז אָבער קיינער נישט לעבעדיק אַהיימגעקומען. מײַן גוטע ליפּשעלע האָט מיר געזאָגט: „דאָס מוז בלײַבן אונטער אונדז, אונדז וועל׳מיר אים פּרוּוון קורירן מיט זויער־מילעך״.

דאָס גנבֿענען די זויער־מילעך איז אונדז נישט לײַכט אָנגעקומען. איינע פֿון אונדז האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין קעלער. אונטער דער שטוב איז געווען אַ פֿענצטערל אין גאָרטן אַרײַן. דאָרטן פֿלעג די צווייטע וואַרטן און כאַפּן דעם טאָפּ מיט זויער־מילעך און אים באַהאַלטן, ביז ס׳איז טונקל געוואָרן. דערנאָך האָט מען עס אַריבערגעטראָגן צום קראַנקן און מיט דעם אים דערהאַלטן בײַם לעבן. אַ קראַנקן געראַטעוועט מיט געגנבֿעטער

זויער־מילעך. אָבער נישט אויף לאַנג. ווײַל קוים איז ער אַהיימגעגאַן, האָט בײַ זיי אין שטוב אויסגעבראָכן די כאָלערע און ער מיט פֿיר פֿון זײַנע שוועסטער זענען אין איין וואָך אויסגעשטאָרבן.

בײַ אונדז אין ייִגאָלניצע האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן מענטשן ווי פֿליגן. די מומע רייזיע האָט שטאַרק מורא געהאַט פֿאַרן טויט און זי פֿלעג מיך און ליפּשעלען שטאַרק היטן, אונדז זאָל'מיר חלילה נישט פֿאַרשלעפּן די קרענק. ס'איז טאַקע געווען וואָס מורא צו האָבן. אָט איז מען געזעסן און גערעדט מיט שכנים און צום סוף זיך געזעגנט מע זאָל דערלעבן זיך מאָרגן צו זען, אָבער בײַ נאַכט האָט מען שוין געהערט: „געוואַלט! ראַטעוועט מײַן מאַמע!" די שכנים זענען געשטאַנען אין דרויסן און געוויינט און גאָט געבעטן, אָבער קיינער האָט נישט געקענט און נישט געטאָרט העלפֿן. אין דער פֿרי האָט מען שוין געזען אַרויסטראָגן דאָס מת בשתיקה דורך דער הינטערטיר, כּדי קיינער זאָל נישט דערשנאַפּן, אַז עמעצער פֿעלט. טאָמער איז מען געוואָר געוואָרן, האָט מען דאָס בעט מיטן בעטגעוואַנט פֿאַרברענט און די גאַנצע שטוב פֿאַרשלאָסן, און די איבעריקע לײַט אין הויז האָבן געקענט אויסגיין פֿאַר הונגער, ווען נישט שכנים וואָס האָבן אַרײַנגעוואָרפֿן דורכן פֿענצטער שפּײַז.

איין פֿאַל האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זכּרון, וואָס כ'וועל קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן... ס'האָט געוווינט אין אונדזער געסל עפּעס אַ מוטער מיט אַ טאָכטער, נישט ווײַט פֿון אונדז. זייער פֿרומע מענטשן געווען. אין דעם אומגליק, אַז ס'האָט געטראָפֿן ערגעץ אַזאַ צרה, האָט מען דעם מת זײַן רעכט נישט געטון, נאָר עס אײַנגעוויקלט מיט די קליידער אין אַ לײַלעך, אויסגעגראָבן אַ גרוב, אַרײַנגעוואָרפֿן און עס פֿאַרשיט מיט זאַמד און קאַלעך. אָבער אין יענער שטוב, אַז די מאַמע איז פֿאַרשלאַפֿט געוואָרן, האָט די טאָכטער מורא געהאַט צו וויינען און שרײַען נאָך הילף. זי האָט דאָך געהאַט צוגעזאָגט דער מאַמען זי צו ברענגען צו קבֿר־ישׂראל, ווי סע פֿירט זיך בײַ ייִדן. גאַנץ פֿרי איז זי געשטאַנען בײַם פֿענצטער, און אַז זי האָט דערזען אַ ייִדיש־קינד, וואָס מע קען זיך אויף אים פֿאַרלאָזן, האָט זי אים צוגערופֿן און געבעטן אַרײַנצוגיין צו ד'ער שכנטע, איך געדענק ווי הײַנט, פֿאַליע האָט זי געהייסן, אויך זייער אַ פֿרומע ייִדענע, און איר זאָגן זי זאָל תּיכּף־ומיד צון איר קומען. די שכנטע האָט שוין פֿאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז נישט פּשוט אַ מעשׂה, און איז געקומען צו לויפֿן. די טאָכטער איז געשטאַנען בײַם פֿענצטער און געזאָגט צון איר בזה־הלשון: „פֿאַליע, כ'וויל פֿון אײַך אַ קלייניקייט — איר זאָלט שטיין און מיך אויסהערן, גלײַך איך דערצייל אײַך אַ מעשׂה. מײַן מאַמע איז שוין נישט צישן די לעבעדיקע. איך האָב איר צוגעזאָגט איר רעכט צו טון. בעט איך אײַך מיר צו העלפֿן. הערט וואָס איך זאָג אײַך: אויב איר קענט ערגעץ באַקומען לײַוונט, קיינער זאָל נישט וויסן, איז גוט; און טאָמער נישט, וועל איך אײַך געבן צוויי לײַלעכער, מע זאָל אויפֿנייען תּכריכים. און איך וועל זי דערווײַל מטהר זײַן. איר וועט

מיר אַרײַנגעגעבן די קליידער און איך וועל זי פֿאַרטיק מאַכן. איר זאָלט דערנאָך לאָזן וויסן קהל, מע זאָל זי קומען נעמען און זי באַגראָבן. סע האַרט מיך שוין נישט, וואָס מיט מיר וועט דערנאָך געשען.״

## אַ חתונה אויפֿן בית־עולם

יענע לוויה איז נישט געווען די ערשטע און נישט די לעצטע. יעדן טאָג זענען געווען לוויות אויף די טוצן, ביז די שטאָט האָט זיך אַרומ־געקוקט, מע דאַרף עפּעס טון. האָבן פֿרומע ייִדן געזאָגט, אַז שטעלן אַ חופּה אויפֿן הייליקן־אָרט איז אַ סגולה אָפּצושטעלן די מגפֿה. האָט מען אויסגעזוכט אַן אָרעמע דינסטמויד מיט אַ נישט־דערבאַקענעם וואַסער־טרעגער און מע האָט זיי משדך געווען.

אין אַ דינסטיק אין דער פֿרי האָט מען געזאָלט די חופּה שטעלן. קודם האָט זיך געשאַפֿן אַ קאָמיטעט פֿון מיידלעך און יונגע ווײַבלעך — מע איז אַרומגעגאַן צונויפֿנעמען אויסשטאַפֿירונג פֿאַרן פּאָרפֿאָלק. די נגידים פֿון שטאָט האָבן געסילוקט נדן, מע האָט צוגעגרייט אַ מאָלצײַט, און די קלעזמער זענען געשטאַנען גרייט אָנצוהייבן שפּילן. דערווײַל איז די באַלעבאָסטע פֿון דער כּלה אַוועקגעשטאָרבן און איבערגעלאָזט פֿיר קליינע קינדער אויף הפֿקר. דאָ איז מען געשטאַנען — דאָס מת אין זעלבן הויז ווו די חתונה. איז מען געגאַן צום רבֿ פֿרעגן א שאלה, האָט ער געפּסקנט: קודם זאָל מען שטעלן די חופּה און משמח זײַן חתן־כּלה, און דערנאָך דעם מת זײַן רעכט טון.

די קלעזמער האָב אָנגעהויבן צו שפּילן און די מענטשן האָבן גע־טאַנצט דעם גאַנצן וועג צום הייליקן־אָרט. אַנדערע זענען געגאַן און גע־קלאָגט אויפֿן פֿרישן בראָך, וואָס ער האָט זיי געטראָפֿן. יעדער איינער האָט געציטערט פֿאַרן קומענדיקן מאָרגן — אפֿשר וועט חלילה דאָס שוואַרצע גורל פֿאַלן אויף זײַן קאָפּ... די חופּה האָט מען געשטעלט אויפֿן קבֿר פֿון אַ שטיבל, וואָס דאָרט זענען געווען באַגראָבן הייליקע צדיקים. קודם האָט מען געזאָגט תהילים און אַ פּאָר מנינים האָבן געזאָגט קדיש, און דערנאָך האָט מען געשטעלט די חופּה. און ווידער — טאַנצנדיק און שפּילנדיק — דעם גאַנצן וועג אַהיים.

איך בין צו דער וועטשערע נישט געגאַן. כ׳האָב געהאַט גענוג אויס־צושטיין, וואָס איך רעש מיך מיט די אַנדערע לײַט אַרום: כ׳קען נאָך חלילה פֿאַרשלעפּן דאָס חולאת אין הויז אַרײַן. די מומע רייזיע מײַנע האָט שטאַרק מורא געהאַט. אַז מע האָט דורכגעטראָגן אַ מת, פֿלעג זי דרײַ מאָל אויסשפּײַען: „נישט דאָ געדאַכט!״ און זיך באַהאַלטן אין שטוב. נאָר כ׳האָב זי געהערט ווי די קאַץ. איך האָב דאָך געהאַט ליפּשעלען. זי איז געשטאַנען אונטער מײַנע פּלייצעס און מיך פֿאַרטיידיקט ווי דער גרעסטער אַדוואָקאַט.

# אונדזערע זענען דאָ

די מגפה האָט זיך איינגעשטילט און מ׳האָט זיך גענעמען שושקען, אַז דאָס עסטרייכישע מיליטער איז נישט ווייט. אונדז׳אָ׳מיר זיך זייער גע־פרייט, אָבער אין דער זעלבער צייט געציטערט. וואָס סע מיינט אַ דיק־צוג פונעם שונאס מיליטער? דאָס ווינטש איך קיין יידיש־קינד נישט מיטצומאַכן! טאָמער איז דאָ אַ חיבוט־הקבר, איז עס אַ שפּילעכל קעגן דעם. מע האָט געזען צו ביסלעך ציִען זיי צוריק זייער פּראָוויאַנט, זייער טרייַן און די פעלדקיך איז ביי נאַכט אַוועק. די זעלנער האָבן אָנגע־הויבן ראַבעווען, פאַרגוואַלטיקן וועד ס׳איז געקומען אונטער זייערע הענט — נישט איבערגעקליבן אַלט, יונג, אַפילו אין מיטן גאַס. יעדן איז באַפאַלן אַ שרעק. זיי האָבן געצונען ביי די גויים די סטאָדאָלעס, „געפּלינדערט״ ביי די יידן די געוועלבן, אויפגעבראָכן און געוואָרפן אין די גאַסן וואָס זיי האָבן נישט געקענט אַוועקראַבעווען פאַר זיך. אין אַ פּאָר שעה איז געוואָרן אַזאַ בהלה!

איך האָב געזאָגט: „קינדער, לאָמיר זיך צונויפנעמען אונדזערע פאַר שמאַטעס און שטיין גרייט. סע קען יעדן טאָג קומען די הילף״. און ריכ־טיק — סע האָט נישט גענעמען קיין טעג, נאָר אין אַ פּאָר שעה האָט מען פּלוצעם דערהערט שיסן. מענטשן האָבן געזאָגט דאָס זענען אונדזערע. אַנדערע האָבן געזאָגט דאָס צעשיסן די רוסן אַלע מאַגאַזינען. אָבער איי־דער מע האָט געהאַט צייט אייַנער דעם אַנדערן איבערצושפּאַרן, איז געוואָרן אַ רעש — אונדזערע זענען דאָ! דאָס איז געווען אין אַ דאָנערשטיק. די מאַמע האָט געזאָגט: „אונדז ווע׳מיר מערטשעם זונטיק אין דער פרי זיך לאָזן אַהיים.״ אָבער איך מיט ריוווציען האָ׳מיר שוין נישט געקענט וואַרטן. אַזוי ווי די ערשטע סאָלדאַטן האָבן זיך באַוויזן, די יידן זענען זיי מיט כל־הגוטס אַקעגנגעגאַן, זע׳מיר אַנטלאָפן מיט אונדזערע פעקלעך — אַהיים. אַ ביסל גייענדיק, אַ ביסל פאָרנדיק זע׳מיר פרייטיק אין דער פרי אָנגע־קומען אַהיים. ווי גליקלעך מיר זענען געווען זיך צו קענען ווידער לייגן שלאָפן אין אַן אייגן בעט! און ווי אומגליקלעך זענען נעבעך געווען די אַנדערע, וואָס האָבן אונדז נישט נאָכגעטון! ווייל פרייטיק נאָך מיטאָג האָבן די רוסן באַקומען פאַרשטאַרקונג און האָבן צוריקגעשלאָגן אונדזערע ביז דריי קילאָמעטער פאַר זאַלישטשיק און דאָרט האָט זיך אַוועקגעשטעלט די פראָנט, און איז געשטאַנען ביז איבערן ווינטער.

ווי דער פרילינג האָט זיך צוגערוקט, האָט מען אָנגעהויבן צו נעמען צום מיליטער די יונגע־לייט און אויך מיין שוואָגער משהן האָט מען אַוועקגענומען. אונדז זע׳מיר געבליבן צוויי ווייבער אין געשעפט אַליין. ס׳איז געווען זייער שווער, ווייל איך פלעג איין מאָל, צוויי מאָל אַ וואָך פאָרן קיין טשערנעוויץ איינקויפן. פאַרקויפן איז געווען אַ קלייניקייט. מע האָט נאָר אָפּגעלאָדן דעם וואָגן, איז ער שוין געווען פאַרקויפט. די גויים פון די דערפער זענען געוואָרן סוחרים — זיי זענען געקומען מיט

גאַנצע טאָרבעס, אַזוי אַז ס'איז קיין קונץ נישט געווען צו זײַן אַ סוחר. אונדזער געשעפֿט האָט זיך געהאַט שיין אַרויסגעאַרבעט: אונדז'אָ'מיר געהאַט אַ גרויס לאַגער מיט סחורה און אַ פֿיר הונדערט קראַנען אין קעשענע. כ'האָב געהאַט געקויפֿט אין סערעט בײַ אַ פֿאַרטרעטער אַ צען קעסטלעך שאָקאָלאַד, אָבער דעם זעלבן טאָג וואָס כ'האָב באַדאַרפֿט אַרויס־נעמען די סחורה, איז פּלוצעם געוואָרן אַ רעש: אונדז מוז'מיר עוואַ־קוירן, ווײַל סע וועלן פֿאַרקומען גאַסן־קאַמפֿן, די רוסן האָבן דורכגע־בראָכן די שוואַרמליניע.

## אויף די וועגן

כ'בין אַהיימגעקומען, גענומען די מאַמע מיט ריוועציען און אונדז זע'מיר געגאַנגען צום צוג. דאָרט איז געשטאַנען אונדזער סחורה וואָס אונדז'אָ'מיר פֿאַר איר געקענט אָפּלייזן אַ סך געלט. אָבער אונדז זע'מיר אַוועקגעפֿאָרן מיט ליידיקע קעשענעס און מיט פֿאַרביטערטע הערצער. אָפּגעאַרבעט שווער זעקס חדשים, פֿאַרדינט אַ סך געלט, אָבער פֿאַר פֿרעמדע, נישט פֿאַר אונדז. פּונקט אום שבֿועות זע'מיר אָנגעקומען קיין קאָלאָמיי. אונדז'אָ'מיר זיך אַרומגעדרייט ווי אויפֿן עולם־התוהו. יידן האָבן געפּראַ־ווועט יום־טובֿ, ווײַבער האָבן געבאַקן פּוטער־געבעקס. די מאַמע האָט דאָרט געהאַט אַ שטיפֿזון, שלמה שטערנבערג, האָ'מיר זיך אָנגעפֿרעגט צו אים. ער האָט זי אויפֿגענומען בכּבֿוד־גדול איבער יום־טובֿ, און אונדז זע'מיר געגאַנגען איבער די גאַסן, זיך נאָכגעפֿרעגט וואָס מע הערט נײַעס פֿון דער פֿראָנט.

מיר האָבן געוואָלט די מאַמע זאָל פֿאָרן קיין סערעט. דאָרט האָט זי געהאַט אירע צוויי זין מיט די משפּחות און דאָ זע'מיר געבליבן אויפֿן וואַסער. זי האָט נישט געוואָלט אַליין פֿאָרן, אָבער נאָך אַ סך אײַנטענהן האָ'מיר בײַ איר געפּועלט. זי איז אַוועק און אונדז זע'מיר צוריקגעפֿאָרן קיין זאַלישטשיק. די פֿראָנט האָט זיך אָפּגעשטעלט איבערן ווינטער און איך האָב מיך ווידער גענומען צום האַנדלען — געפֿאָרן, געבראַכט סחורה און פֿאַרדינט געלט. ביז איין מאָל בין איך אָנגעקומען פֿון טשער־נעוויץ און כ'הער ווידער — מע פּאַקט זיך. כ'בין אַרויס אין שטאָט, האָב פֿאַרקויפֿט פֿאַר דרײַ הונדערט קראַנען סחורה, איז געקומען צו לויפֿן אַ באַקאַנטער און אונדז מודיע געווען, אַז דער לעצטער צוג איז שוין אַוועק און ביז אַ האַלבער שעה וועט מען אויפֿרײַסן די בריק. האָ'מיר אַלץ געלאָזט שטיין און זיך געלאָזט לויפֿן צו דער בריק. און ריכטיק: ווי מיר זענען אַריבער, האָט מען זי אויפֿגעריסן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפֿעכץ מיט די פֿעלדער ביז שטעפֿאַניווקע, ווײַל דאָרט האָט עס געהייסן וואָלטן מיר נאָך געקענט כאַפּן אַ צוג. אונדז זע'מיר געלעגן אַ גאַנצן טאָג און געוואַרט — די פֿײַנטלעכע פֿליִערס

זענען אַרומגעפּלויגן און געוואָרפן באַמבעס, ווו נאָר זיי האָבן געזען אַ מענטש. אויך זע׳מיר נישט געווען אַליין. אויף דער זוויניעטשקע האָט זיך צון אונדז צוגעשטעלט אונדזער קוזינע אסתר לינדענבוים מיט אירע פינעף קינדער, אָן אַ פּרוטה אין קעשענע. זי האָט אונדז דערציילט, אַז יעדער איז אַנטלאָפן, נאָר זי איז איבערגעבליבן, ווײַל זי האָט מורא געהאַט זיך צו לאָזן אין וועג אַרײַן אָן געלט. אָבער די קינדער ווייִנען זייער: זיי האָבן מורא צו בלײַבן נאָר מיט די גויים, און אַז זי האָט אונדז דער־זען, האָט זי געוווּסט, אַז אונדז וועל׳מיר זי נישט לאָזן פאַלן.

אונדז׳אָ׳מיר אונדזערס געטון און ווי ווײַט מעגלעך זיי געהאָלפן. מע האָט אונדז אַרײַנגעוואָרפן אין אַ וואַגאָן, ווו מע פלעג פירן פערד, מיט הונדערטער מענטשן אין איינעם. דער צוג האָט זיך אָנגעהויבן רירן, ער איז נישט געפאָרן, נאָר געקראָכן; אַ געוויינלעכער פאָר פון זאַלישטשיק קיין סטרי האָט געקערט געדויערן אַ צוויי־דרײַ שעה, אָבער דעמאָלט, ווען קינדער האָבן געוויינט און ס׳איז נישט געווען ווו זיך צו רירן, ווו אַ מענטשלעך באַדערפעניש אָפּצוטון, צי עפּעס קויפן עסן, האָט דער צוג זיך געשלעפּט פינעף טעג. קוים לעבעדיק זע׳מיר אָנגעקומען קיין סטרי. דאָרט האָט מען אונדז אָפּגעוואַרט. די קהילה האָט יעדן פאַרשאַפט אַ קוואַרטיר און ווער ס׳האָט נישט געהאַט קיין געלט — קליידער און עסן געגעבן. אונדז ביידע, מײַן שוועסטער און איך, וואָלטן נישט געדאַרפט און נישט געוואָלט נעמען קיין שטיצע, אָבער אונדז׳אָ׳מיר דאָך געהאַט אַ שווער פעקל מיט אונדז — אסתר מיט די קינדער.

ווי אונדז׳אָ׳מיר זיך נאָר אַ ביסל אָפּגערוט, האָב איך געזען אַז ס׳איז נישט קיין תּכלית צו זיצן אין סטרי; אויך האָב איך געהערט, מע וועט די אַלע פּליטים פאַרשיקן קיין ביימען. געוווּסט האָ׳מיר, אַז משה איז סטאַציאָנירט אין וואַדעוויץ, לעבן קראָקע, האָ׳מיר אָנגעהויבן לויפן צו דער קאָמאַנדאַטור נאָך אַ פּאַס קיין וואַדעוויץ. ס׳איז נישט אַזוי לײַכט אָנגעקומען, אָבער נאָך אַ פּאָר טעג דערקוטשען און נאַכווײַזן מיט אַלע פּאַפּירן, אַז זי איז די פרוי און איך די שוועגערין, האָט מען אונדז געגעבן דאָס דאָזיקע צעטעלע. אונדז׳אָ׳מיר זיך אָפּגעזעגנט מיט אסתרן, איר איבערגעלאָזט אַ ביסל געלט און זענען אַוועק קיין וואַדעוויץ. אַז משה האָט באַקומען אונדזער טעלעגראַם — מיר קומען — האָט ער זיך זייער געפרייט. ער האָט געהערט, אַז גאַנץ גאַליציע און די בוקעווינע זענען אונטער די רוסן און אַלע ייִדן זענען אַנטלאָפן, האָט ער מורא געהאַט אונדז וועל׳מיר פאַרבלײַבן דאָרט מיט זיי.

אָנגעקומען קיין וואַדעוויץ, איז אויף אונדז געפאַלן אַ שרעק דער־זעענדיק משהן ווי אַ סאָלדאַט. אַזוי נעבעכדיק! און כאָטש אַזוי האָט מען געהאַלטן אין איין צאַפּן געלט פון אים, טאָמער נישט, שיקט מען אים צו דער פראָנט. אונדז׳אָ׳מיר געזען, ס׳איז קיין תּכלית נישט, איז ריוור־ציע אַריבער צו דעם מאַכער — אַ סטאַניסלעווער ייִדל וואָס האָט געמאַכט געלט פון די וואָס האָבן עפּעס געהאַט, זיי נישט צו שיקן אין דער פראָנט.

זי איז אַריבערגעגאַנגען אין אים געזאָגט, אַז זי איז געקומען באַקעט־אונ־באָרוועס און זי בעט אײַנזעעניש. ער האָט איר צוגעזאָגט. אונדז'אָ'מיר זיך געדונגען אַ שטוב און דאָרט געוווינט אַ פּאָר חדשים.

כ'האָב מיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן, ווו די מאַמע איז און די ברידער מיט זייערע משפּחות. פֿון ווין האָב איך געהאַט אַן אַדרעס פֿון שׂרה זײַדמאַן, אַ געשוועסטערקינד, וואָס זי האָט שוין דאָרט געוווינט פֿון פֿריִער. זי האָט מיר געשריבן, אַז זי האָט געהערט, די מאַמע איז אין ביימען, ווו מע האָט געהאַט פֿאַרשיקט אַלע בוקעווינער ייִדן. דערווײַל איז ריוועציע קראַנק געוואָרן. אַ דאָקטער אין וואַדעוויץ האָט איר געזאָגט, זי מוז זיך לאָזן אָפּערירן. און אַזוי ווי ס'איז נאָענט פֿון קראָקע, ראָט ער אונדז זי זאָל זיך דאָרט לאָזן אָפּערירן. איך האָב נישט געוואָלט הערן דערפֿון, כ'האָב סײַ ווי סײַ געוואָלט פֿאָרן קיין ווין, ווו דער מאַמעס דרײַ שוועסטער זענען געווען, די באַבע און נאָך אַ סך פֿון אונדזער משפּחה. אָבער וואָס טוט מען, אַז קיין ווין לאָזט מען קיינעם נישט אַרײַן? מיך האָט דאָס נישט אָפּגעשראָקן. כ'האָב געטראַכט לאָז זײַן לעבן ווין, אַבי נישט אין גאַליציע אין דער פֿרעמד.

# קיין ווין

אין אַ שיינעם טאָג האָ'מיר זיך אײַנגעפּאַקט און זענען געפֿאָרן. מע האָט קיין בילעטן אין שטאָט אַרײַן נישט פֿאַרקויפֿט, נאָר אַ פּאָר סטאַנציעס נאָך ווין — יאָ. כ'האָב מיר געטראַכט: ריוועציע מוז זיך אָפּערירן, ווועלן מיר שוין מיט אַ צײַגעניש פֿון אַ דאָקטער יאַקאָס אויך אַרײַנקומען אין שטאָט אַרײַן. און ריכטיק, אונדז זע'מיר אָנגעקומען אויפֿן גאַרדבאַנהאָף, איז געשטאַנען וואַך און האָט קיינעם נישט געלאָזט אַרויסגייִן. אָבער אונדז'אָ'מיר נישט געהאַט קיין פּעק, אָנגעטון זע'מיר אויך נישט געווען שלעכט, אַזוי אַז אונדז'אָ'מיר זיך נישט געוואָרפֿן אין די אויגן. ווען דער צוג האָט אָנגעהויבן ווײַטער פֿאָרן, בין איך צוגעגאַן צון אַ דײַטש און אים געפֿרעגט אַן עצה: אונדז זע'מיר פֿון דער פּראָווינץ און אונדז דאַרפֿ'מיר אַ דאָקטאָר אין ווין, קענען אָבער נישט אַרויס פֿון צוג. ער האָט מיר געגעבן אַן עצה — מיר קענען דאָך אַרויסגייִן אויפֿן אָסטבאַנהאָף, אַ צווייטע סטאַנציע. און אַזוי רעדנדיק זע'מיר אָנגעקומען אויפֿן אָסטבאַנהאָף. אונדז'אָ'מיר אים געוויזן דעם אַדרעס, וואָס אונדז'אָ־מיר געהאַט אין קעשענע און ער האָט אונדז געהייסן נעמען דעם און דעם טראַמווײַ און פֿאָרן ביז דאָרט און דאָרט.

אָנגעקומען אויפֿן ריכטיקן אַדרעס, זע'מיר אַרײַן צו דער באַבען. ס'איז געוואָרן אַזאַ גדולה — די גאַנצע משפּחה האָט זיך געפֿרייט מיט אונדז, און מיר אַוודאי. די מומע לאה, אַ טײַערע נשמה, האָט אונדז געטרייסט — דערווײַל ווע'מיר וווינען בײַ דער באַבען און די מאַמע אויך

נעמען צון אונדז; דערנאָך וועט מיר דינגען אַ דירה, קויפן אַ ביסל מעבל און ווערן תושבים אין ווין. די מומע לאה האָט מיך גענומען דעם צווייטן טאָג: „קום, ע׳מיר גיין אין דער צירקוסגאַס צו דער פרוי מילער, וואָס האַלט אויס אַלע פליטים. זי גיט שטיץ אַ קראַנע אַ טאָג.‟ דאָס הייסט פאַר אונדז ביידע און אַז די מאַמע וועט קומען, ווע׳מיר קריגן נײַנציק קראַנען אַ חודש. פון דעם קען מען שוין באַלד לעבן. מיר איז אָבער דער פּלאַן נישט געפעלן — וואָס הייסט נעמען שטיץ? וואָס בין איך דען, אַ קאַליקע? איך קען נישט אַרבעטן? אָבער כ׳האָב מיך געשעמט צו זײַן בעסער פון אַלע ייִדן, בין איך דעם אַנדערן טאָג געגאַן מיט ז׳ער מומע לאה.

אָנגעקומען דאָרט, איז מיר נישט גוט געוואָרן צו קוקן: יונגע מענטשן זיצן טעג און וואַרטן אויף זייער ריי צו קענען רעדן מיט דער פרוי מילער, דער קאָמיטעט־דאַמע. כ׳האָב דאָרט געטראָפן היימישע מענטשן און זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז נישט אַזוי גרינג וועל איך געהאָלפן ווערן. סע זענען דאָ מענטשן וואָס וואַרטן שוין וואָכן און אין־קול! מע קריגט נישט צו זען דאָס פנים פון דער פרוי מילער. אונדז זע׳מיר אָפּגעזעסן ביז נאָך האַלבן טאָג. כ׳האָב געזען — אָט באַלד איז נאַכט, הונגעריק און מיד האָ׳מיר זיך געלאָזט אַהיים. כ׳האָב געטענהט: כ׳גיי נישט מער. אַזאַ גרויסע שטאָט ווי ווין, וועל איך שוין געפינען אַרבעט! כ׳וועל מײַן ברויט פאַרדינען דורך אַרבעט און נישט דורך שנאָרן. און אַזוי גייענדיק צו פוס דורך די ווינער גאַסן פונעם צווייטן בעצירק ביזן פיפטן, פלוצעם — כ׳גיב אַ קוק — אַ היימישער בחור. חיים אַריהס גייט! אונדז אָ׳מיר זיך זייער דערפרייט; כ׳בין אַ מאָל געווען זײַן שוועסטערס חברטע, און כ׳פלעג אַ סך פאַרברענגען אין זייער הויז. גערעדט אַהער—אַהין, כ׳האָב אים אַזוי אַ פרעג געטון, צי ווייסט ער נישט פון עפּעס אַן אַרבעט. נישט קיין חילוק וואָס — אַבי פאַרדינען. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער ווייסט דווקא יאָ, נאָר ער מיינט ס׳איז נישט פאַר מיר. איך האָב אים געזאָגט: כ׳קום פון אַמעריקע און דאָרט איז נישט קיין בושה צו אַרבעטן. גיט ער מיר דעם אַדרעס פון זײַן געשוועסטערקינד, אַ געוויסן הערי קני, וואָס וווינט אין ווין שוין אַן ערך דרײַסיק יאָר און פירט גרויסע געשעפטן.

כ׳האָב שוין קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן און בין צוגעפאָרן צום צענטן בעצירק, ווו דער הער קני האָט געוווינט. ווען כ׳האָב אים געזאָגט צו וואָס איך בין געקומען, האָט ער געזאָגט גוט, ער וועט מיט מיר צופאָרן אין אַזאַ געשעפט, און ער וועט מיר ווײַזן וואָס איך דאַרף טון. אונדז זע׳מיר צוגעפאָרן אין אַ קליין געשעפטל אויף דער רײַנ־פרעכטסדאָרפער־שטראַסע. פענצטער און טירן זענען געווען באַקלעפּט מיט רעקלאַמעס: „ווער קאַופן אַלטע זאַכען צו די בעסטען פּראַיזען!‟ ווײַבער און מענער קומען מיט פעקלעך אַלטע שמאַטעס און אויפן טיש שטייט אַ וואָג, ווו די שיקסע, וואָס זי אַרבעט דאָרט, וועגט אָפּ די זאַכן און

באַצאָלט זיי דעם געוויסן פּרייז דערפאַר. קני האָט מיר געזאָגט, אַז כ׳וועל דאָ זיצן דריי טעג און וועל מיך אויסלערנען די תורה, וועט ער מיר אויפמאַכן אַליין אַ פיליאַלע, און אָנגעהויבן פון היינט קריג איך אַ קראָנע אַ טאָג.

און דעם דריטן טאָג — כ׳האָב מיך קוים שוין דערהאַרט — האָט מען מיך געמאַכט זעלבשטענדיק. דער באַלעבאָס האָט געדונגען אַ געוועלב אין צוועלעפטן בעצירק און מיר געגיבן געלט. פענצטער און טירן אויסגע־קלעפּט מיט די זעלבע רעקלאַמעס ווי דאָרט.

# איך בין מצליח

לאַנג האָב איך נישט געדאַרפט וואַרטן. סע האָט זיך אָנגעהויבן שיטן קונים מיט פעקלעך און ביז ווען דער טאָג איז דורך, האָב איך געהאַט אויסגעגיבן כמעט דאָס גאַנצע געלט. אַז דער באַלעבאָס איז געקומען זען, צי כ׳האָב עפּעס איינגעהאַנדלט, איז ער געווען פאַרחידושט. איך האָב דערווייל אויסגעפרעגט די קונים פאַר וואָס און פאַר ווען און בין געוואָר געוואָרן, אַז זיי האָבן נאָך און טאַקע נייע זאַכן וואָס זיי וואָלטן געוואָלט פאַרקויפן, אויב זיי וואָלטן געוווּסט דעם פּרייז. און אַז מיין באַלעבאָס איז אַראָפּגעקומען, האָב איך אים געפרעגט צי מעג איך אויך קויפן נייע זאַכן. ניין, ער האָט נישט קיין אינטערעס פאַר נייע זאַכן. אַז איך וויל, מעג איך קויפן אויף מיין אייגענעם חשבון. כ׳בין מסכים געווען, נאָר קיין געצאָלט וויל איך נישט. כ׳וועל מיר נעמען מיין געלט פון דער היים און וועל פּרוּוון האַנדלען פאַר מיר.

נאָך אַ פּאָר טעג האָב איך אים גערופן און געפרעגט צי וויל ער ווערן מיין שותף, ווייל מיין געוויסן דערלאָזט מיך נישט דאָ אַליין צו האַנדלען — כ׳האָב געזען, אַז מע קען ביי די נייע זאַכן מער פאַרדינען אין איין טאָג ווי ביי די שמאַטעס אין אַ חודש. אַז ער האָט דאָס דערהערט, איז ער אַנטלאָפן צו זיין שותף, אַ געוויסער קאַמינסקי, אַ רוסישער ייִד און מער סוחר פון אים. יענער האָט זיך מיט מיר דורכגעשמועסט און געזען, אַז איך פאַרשטיי דאָס געשעפט גאַנץ גוט, האָבן זיי אַרויסגענעמען געלט און האָבן מיר געגעבן די פולמאַכט צו קויפן יעדע זאַך וואָס איך פאַרשטיי. און אונדז זע׳מיר געוואָרן דריי גלייכע שותפים צו דעם געשעפט. כ׳האָב אָנגעהויבן האַנדלען און האָב מצליח געווען. כ׳בין געוואָרן פּאָפּולער צווישן די יעקעס און דער מיסחר איז געוואַקסן, אַזוי אַז סע האָט אָנגע־הויבן ווערן צו שווער פאַר מיר אַליין עס צו פירן.

אין אַ צייט אַרום האָט מען מיין שוואָגער איבערגעשיקט קיין מערן און ער האָט געשריבן, אַז פאַר געלט קען ער באַקומען אורלויב. האָב און אים תיכף געשיקט געלט און ער איז געקומען צו פאָרן. כ׳האָב אים אַריינגענומען אין געשעפט ווי אַ פערדן שותף.

# אַ מעשׂה מיט אַ חלום

איידער משה איז געקומען קיין ווין, האָט זיך מיט ריווציען דערווײַל אָפּגעשפּילט אַזאַ מעשׂה. ווי שוין דערמאָנט, איז זי געווען קראַנק. זי איז געגאַנגען פֿון איין דאָקטער צום צווייטן און אַלע האָבן געזאָגט דאָס זעלבע: זי האָט אַן אויסוווקס אין דער געבער־מוטער און זי מוז זיך לאָזן אָפּערירן. ריווציע האָט אָבער געוואָלט האָבן אַ קינד און אין פֿאַל פֿון אַן אָפּעראַציע, וואָלט זי מער קיין קינדער נישט געקענט האָבן. מײַן שוועסטער איז אויך געווען אַבערגלויביש און געגלייבט אין חלומות. זי האָט געוואָלט, איך זאָל מיט איר גיין צום רבין. איך אַליין בין געווען אַ קליינע אָנהענגערין פֿון רבנים און נישט געגלייבט אין מופֿתים, נאָר אַז זי האָט געוואָלט גיין, זע׳מיר געגאַנגען צום קעפּיטשעניצער רבין.

דער רבי האָט אויף מיר געמאַכט אַן אײַנדרוק מיט זײַן מאַיעסטעטישן שטעל, זײַן שיין, צוגעלאָזט רעדן, ווי אַ טאַטע צון אַ קינד. אַז ער האָט איבערגעלייענט דאָס קוויטל, האָט ער אונדז אָנגעקוקט און געפֿרעגט: „ווער איז ריווציע און ווער איז ליפֿשע?" האָב איך אים אַלץ דערציילט, וואָס מע האָט אין קוויטל נישט געקענט אַרײַנשרײַבן, און ער האָט דערויף געפֿרעגט: ווי קומט עס, וואָס זי וויל זיך נישט לאָזן אָפּערירן? „הייליקער רבי, האָט זי אָנגעהויבן וויינען, איך וויל האָבן אַ קינד". דער רבי האָט זי געפֿרעגט, צי זי באַזעט זיך, האָט זי געענטפֿערט, אַז דערפֿאַר וואָס זי איז קראַנק, באַזעט זי זיך נישט. „וואָס ווילסטו פֿון מיר, טאָכטער?" האָט ער געפֿרעגט. האָט זי געזאָגט, אַז אַזוי ווי איר מאַמעס אַ שוועסטער איז געפֿאָרן קיין פֿראַנצנסבאַד, וויל זי דער הייליקער רבי זאָל זי ראָטן, צי מעג זי אויך פֿאָרן. ער האָט געגעבן אַ שמייכל און געזאָגט, אַז פֿראַנצנסבאַד האָט נאָך קיינעם נישט געשאַט; זי זאָל פֿאָרן און געזונטערהייט אַהיימקומען. צום שיידן האָט מען נאָך תמיד צײַט.

מיט אַ פֿריילעך האַרץ, איז זי אַוועקגעפֿאָרן קיין פֿראַנצנסבאַד. איך האָב דערווײַל געדונגען אַ דירה, געקויפֿט אַ ביסל מעבל, און די מאַמע אַרויפֿגענעמען צון אונדז פֿוןביימען. נאָך אַ פּאָר טעג, ריווציע שרײַבט אונדז: סע גייט איר גוט, זי מאַכט בעדער... אָבער אַז די טאַנטע שיינדל, וואָס איז דאָרט געווען, איז דערווײַל אַהיימגעקומען, האָט זי אונדז דערציילט, אַז די מעשׂה הייבט זיך נישט אָן, זי באָדט זיך נישט. זי האָט זיך אײַנגערעדט, אַז זי טראָגט, ווײַל דער זיידע איז איר געקומען צו חלום און איר געגעבן אַ מיידעלע אין די הענט. דערנאָך, אַ צווייט מאָל, איז די מומע רייזיע איר געקומען צו חלום און איר אויך געגעבן אַ מיידעלע — איז אַ סימן: זי שוואַנגערט. אײַ, די דאָקטוירים זאָגן, זי מוז נעמען שווערע בלאָטעבעדער און האָבן איר פֿאַרשריבן שטאַרקערע בעדער ווי געוויינטלעך? האָט זי זיי אָפּגענאַרט און זיך נישט געבאָדן. ווען זי האָט געהאַט געפֿרעגט אַ דאָקטער דאָרט, צי איז עס מעגלעך זי זאָל טראָגן, האָט ער איר געענטפֿערט: ווען אויף דער דאָלאָניע וועלן האָר וואַקסן, דע־

מאָלט וועט זי האָבן אַ קינד. ס׳איז פּשוט נישט מעגלעך, ווײַל זי האָט אַן אויסוווקס אין בויך.

אַזוי ווי די טאַנטע האָט אונדז דאָס דערציילט, האָב איך ריווציען געשריבן אַ בריוו, זי זאָל תּיכּף אַהיימקומען: „אַז דו באָדסט דיך נישט, וואָס האָסטו צו טון אין פֿראַנצנסבאַד?״ זי האָט נאָר געוואַרט אויף מײַן שרײַבן און איז טאַקע באַלד אַהיימגעקומען. אַליין האָט זי זיך געשעמט צו קומען, ווײַל ס׳האָט אָפּגעקאָסט אַ שיין ביסל געלט איר פֿאָרן אין באָד אַרײַן.

משה איז, ווי שוין געזאָגט, איצט אויך געקומען קיין ווין און מיט־געאַרבעט אין געשעפֿט. ריווציע האָט נישט מער געוואָלט גיין צו קיין דאָקטוירים. זי טראָגט, האָט זי געזאָגט, כאָטש קיינער האָט איר נישט געגלייבט. מיר האָבן געוואַרט און געהאָפֿט אויף אַ גוטן אויסגאַנג.

פֿון דער מאַמען זע׳מיר געוואָר געוואָרן, אַז סראָלן האָט מען גענע־מען צום מיליטער, ער איז אין איטאַליע און אַרבעט אין דער מיליטע־רישער בעקערײַ און גאָט זאָל אים באַשיצן — ער איז נישט ווײַט פֿון דער פֿראָנט. אסתּר, זײַן ווײַב, מיט די דרײַ קינדער זענען אין ביימען. כ׳האָב זיי געשיקט געלט און קליידער פֿאַר די קינדער. נאָר מיט גיט־לען האָבן מיר קיין פֿאַרבינדונג נישט געהאַט. חיימען האָבן די רוסן מיט נאָך סערעטער באַלעבאַטים אַוועקגעפֿירט ווי אַ לעבעדיקן משכּון, קודם צו פֿוס קיין טשערנעוויץ אין אַ תּפֿיסה זיי פֿאַרשפּאַרט. די ווײַבער זייערע האָט מען אָבער געלאָזט וויסן, אַז זיי קענען זיך קומען געזעגענען מיט זייערע מענער, איידער מע פֿירט זיי אַוועק קיין סיביר. מײַן שוועגערין גיטל איז טאַקע אַרײַנגעפֿאָרן קיין טשערנעוויץ (נאָך דעם געזעגענען זיך, האָט זי נאָך נײַן חדשים געהאַט אַ מיידעלע). חיימען האָט מען פֿאַרשיקט אַזש קיין טאָמסק, ווו ער איז געבליבן צוויי יאָר צײַט.

די צײַט איז געגאַן אויך בײַ ריווציען, און כאָטש אַלע דאָקטוירים האָבן געזאָגט, זי וועט קיין קינדער נישט האָבן, האָט זי צו די נײַן חדשים געבוירן אַ מיידעלע. מע האָט איר אַ נאָמען געגעבן חיה־רייזיע (נאָך דער מומע חיה־ריווע און דער מומע רייזיע — די וואָס האָט איר אין חלום געבראַכט דאָס קינד). ס׳איז בײַ אונדז אַלע געווען אַ גרויסע פֿרייד.

## 1918

מײַנע געשעפֿטן האָבן געהאַט היפּש אָנגעצויגן: אונדז׳אָ׳מיר געמאַכט אַ לאַגער אין צענטן בעצירק און דרײַסיק פֿרויען האָבן בײַ אונדז געאַר־בעט ווי סאָרטירערינס. געלט האָ׳מיר געמאַכט ווי בלאָטע. יעדע סחורה איז געווען גוט. משה איז צוריקגעפֿאָרן און דאָרט גוט אונטערגעשמירט, האָט מען אים נאָך אַ מאָל געמוסטערט און באַפֿרײַט אים אויף תּמיד.

אין מיטן זומער האָט די עסטרײַכישע אַרמיי געמאַכט אַן אויפשטאַנד. דאָס איז געווען 1918 — דער קריג האָט שוין געהאַט אָנגעהאַלטן פיר יאָר. יעדער איז שוין געווען מיד, אויסגעמוטשעט און איבערגליקלעך צו הערן, אַז מע האָט דעם קייסער אַראָפּגעריסן אַלע שטערן און די אָפיצירן געמאַכט אויס קנאַקערס. דאָס מיליטער איז זיך צעלאָפן פון דער פראָנט.

אונדז'אַ'מיר דעמאָלט באַקומען אַ בריוו פון חיימען פון סיביר — מע זאָל נישט פאַרגעסן, אַז גיטל איז אַליין מיט פיר קינדער (זי האָט אין דער צײַט געבוירן אַ מיידעלע, ריבקה). ס'איז געווען פאַר מײַן מאַמען אַ געוועטעניש אויף מיידלעך דאָס יאָר 1917. זי איז רײַכער געוואָרן מיט דרײַ אייניקלעך, מיידלעך אַלע: בײַ ריוועציען, בײַ אסתרן און בײַ גיטלען. נאָר איך בין געזעסן, געמאַכט געשעפטן און נישט געהאַט קיין צײַט חתונה צו האָבן. מײַן מאַמע האָט דערפון קיין גרויס נחת נישט געהאַט. זי האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז איך בין צו אַ גרויסער מפונק, קיינער געפעלט מיר נישט. אָבער אין דער אמתן איז טאַקע נישט געווען, ווער סע זאָל מיר געפעלן, קיין לײַטישער בחור איז מיר נישט אונטערגעקומען. זוכן האָב איך קיין צײַט נישט געהאַט. אַלע קרובֿים האָבן גערעדט, די גרויסע מיסחרים וואָס איך מאַך פאַרנעמען דאָס אָרט בײַ מיר פון אַלץ. מײַנע געשוועסטערקינדער האָבן זיך געפוצט אין טעלער און לעפל, געהאַט ראַנדעוווס, קיין מאָל נישט געזעסן אין דער היים, כאָטש זיי האָבן געלעבט פון האַנט אין מויל אַרײַן. און איך, די גרויסע פאַרדינערין מיט די מיליאָנען, האָב נישט געהאַט מיט וועמען אַרויס־צוגיין.

ס'האָבן אָנגעהויבן אַהיימקומען די סאָלדאַטן פון די פראָנטן — קאַ־ליקעס, געבראָכן גײַסטיק און פיזיש — האָב איך געזען: וואָס מער געהאַרט, אַלץ מער געגאַרט. סע האָט זיך ווידער אײַנגעשטעלט ז'ער פּאָסטפאַרקער מיט אַמעריקע און מײַן ברודער לאַזער, דערהערנדיק אַז אונדז זע'מיר געבליבן לעבן, איז ער געווען אין זיבעטן הימל. ער האָט געוואָלט איך זאָל צוריקקומען קיין אַמעריקע, אָבער ווער האָט געוואָלט הערן דערפון! מײַן מאַמע האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז איך בין אַהיימגעקומען פון אַמעריקע נאָר כדי איך זאָל זיי דערהאַלטן בײַם לעבן. וואָס וואָלטן זיי געווען געטון די אַלע יאָרן בעת דער מלחמה? און איצט, אַז זי דאַרף האָבן אַ ביסל נחת, זאָל איך אַוועקפאָרן? בקיצור, איך בין מסכים געווען, אַז די מאַמע זאָל רופן אַ שדכן. און אַ שדכן איז ז'אָס געווען טאַקע ווי אין פסוק שטייט: מיט אַ גרויסער רויטער באָרד און מיט אַ שירעם אונטערן אָרעם...

סע האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן חתנים — אויסגעפוצטע בחורים איינס ווי איינס. אַ פנים אַז ווו אַ קאַפעהויז, ווו אַ לאָך איז ער אויסגע־לאָפן זוכן מײַן באַשערטן. איין מאָל אין אַ שיינעם טאָג קומט צו גיין אַן

אויסגעפּוצטער גלאַנצנדיקער קאַוואַליר, מיט אַ שיין גלאַט ציגגל און שטעלט זיך אַנידער און וויל נישט אָפּטרעטן. ער רעדט און רעדט פון נעכטיקן טאָג, פון הײַנטיקער וועטשערע... ווען איך האָב געהאַט אַ ביסל צײַט, האָב איך געהייסן מײַן שוואָגער משה אַרײַנברענגען עפּעס אַ טרונק. איך האָב אים געגעבן אַ בענקל און ער איז אָפּגעזעסן אַ שיינע פּאָר שעה און זיך צוגעקוקט ווי איך האַנדל, ווי איך קויף, פאַרקויף און סע ווײַזט אויס, ער האָט שוין געוואָלט אויף אַ סך זאַכן אָװעקקוקן, אַבי אַרײַנקומען אין דעם שמאַלצגרוב. ווען ס'איז געקומען די צײַט פון אַהיימגיין, האָט ער מיך געפרעגט צי מעג ער מאָרגן ווידער קומען. איך האָב אים אָנגעקוקט און געפרעגט: „האָט איר דען נישט עפּעס בעסערס צו טון ווי קומען און פטרן אומזיסט די צײַט?" זאָגט ער: „ניין, איך האָב נישט קיין בעסערס ווי קומען אַהער און פאַרברענגען אַ פּאָר שעה מיט אַ קלוג מיידל ווי איר זענט." ס'האָט מיר וויי געטון דאָס האַרץ אים אַזוי מיר־נישט דיר־נישט זאָגן ניין, האָב איך אים געזאָגט, אַז אײדער ער וועט נאָך אַ מאָל קומען, זאָל ער קודם אַרויפשיקן צו מיר דעם שדכן.

דעם צווייטן טאָג, איך גיב אַ קוק — דער רויטער שדכן איז דאָ. ווען ער האָט מיך געפרעגט, וואָס איך וויל מיט אים רעדן, האָב איך צון אים אַזוי געזאָגט: „הערטס מיך אויס, מײַן ליבער ייִד: די אַלע בחורים וואָס איר האָט מיר ביז איצט געשיקט זענען נישט מײַן געשמאַק, און דער נעכטיקער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן. איך זוך נישט קיין שיינעם, אויסגעפּוצטן מיט אַ גלאַטער צונג. אויב איר קענט מיר געפינען אַזאַ ווי איך וויל, וועל איך אײַך גוט באַלויבען, און הערטס מיר אויף שיקן סתם בחורים. איך בין נישט אויף אַ יריד, מע זאָל קומען באַקוקן די סחורה און פרעגן 'שאָ דײַעש?' (וואָס גיט איר). „וואָס זשע ווילט איר?" האָט נעבעך געפרעגט דער ייִד.

איך האָב אים געענטפערט: „אין מײַן יוגנט האָב איך געהאַט אַ גרויסן באַגער צום לערנען און מײַן מאַמע האָט מיר און מײַן פאַלקשול־לערערין צוגעזאָגט זי וועט אַלץ טון מיך צו שיקן אין דער גרויסער שטאָט שטודירן. אָבער אַז סע האָט זיך אויסגעלאָזט, איך האָב אַפילו די פאַלקשול נישט פאַרענדיקט און האָב שוין געמוזט פאַרן קיין אַמעריקע ווערן אַ מענטש פאַר זיך, טראָגן דעם עול פונעם לעבן, בין איך געבליבן מיט אַ דאָרשט נאָך וויסן. און הײַנט — פאַר מיר איז שוין צו שפּעט זיך צו לערנען — אָבער מײַן באַשערטער, וויל איך, זאָל זײַן געלערנט און לײַטיש, פון אַ שיינער משפּחה, אַז איך זאָל קענען האָפן, ווען איך וועל האָבן קינדער, זאָלן זיי האָבן אין וועמען געראָטן צו זײַן". דער ייִד איז שטיין געבליבן און מיך אָנגעקוקט. „קוקטס נישט, נאָר גייטס געזונטער־היייט, זוכטס מיר אויס איינעם — נאָקעט און באָרוועס מעג ער זײַן, חובות מעג ער האָבן, נאָר אַ מענטש מיט בילדונג, אינטעליגענץ און

אַ שיינער משפּחה. און טאַמער וועט איר נישט געפינען, וועל איך אײַך פאַר אײַער מי סײַ ווי סײַ באַצאָלן".

# מע רעדט מיר אַ שידוך

דער ייִד איז אַוועק און אין אַ פּאָר טעג אַרום קומט ער צו פאָרן און זאָגט, אַז ר'האָט שוין געפונען און האָפט, אַז דאָס איז דער רעכטער זיווג. ער דערציילט מיר אַזאַ מעשׂה: צווזעצנדיק זיך נעכטן אין פּאַרק אויף אַ באַנק און דאַרנדיק זיך דעם קאָפּ — ווו נעמט מען פאַר דעם מאַדנעם מיידל אַ חתן, דערזעט ער — אַ בחור זיצט און לייענט אַ ביכל. ער איז נאָך געגאַן אין מיליטערישן רעקל און האָט אויסגעזען, אַזוי ווי ער זאָל נישט האָבן אויף אַ וועטשערע. גייט ער צון אים צו, זעצט זיך אַנידער, און — אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט — פרעגט ער דעם בחור ווער, וואָס, ווען. יענער דערציילט אים, אַז ער איז נישט לאַנג אַרויס פון מיליטער; האָט אַ מאַמע מיט צוויי שוועסטער צו פאַרזאָרגן, אויך אַ ברודער, וואָס זיי זענען נאָך אין פּליטים־לאַגער. ער אַליין אַרבעט אין אַ ייִדישער צײַטונג, וואָס קען זייער ווייניק צאָלן. און דאָס ביסעלע, וואָס ער פאַרדינט, שיקט ער אַהיים צו זיי. אַליין לײַדט ער דחקות און קען זיך נישט קויפן אַפילו אַ פּאָר הויזן. אַזוי ווי דער ייִד האָט דערהערט די רייד, קלערט ער זיך: דאָס האָט אים גאָט אַליין צוגעשיקט, און ער פרעגט אים: „זאָגטס מיר נאָר, מײַן ליבער יונגער־מאַן, צי וואָלט איר זיך נישט געוואָלט באַקענען מיט אַ מיידל, וואָס זי האָט אַ סך געלט און זוכט פונקט אַזוינעם ווי איר ווײַזט אויס צו זײַן?" ער האָט אים דערציילט אַלץ, וואָס ר'האָט געוווּסט וועגן מיר, און אים געפרעגט: ווי ער הייסט, פון וואַנעט ער שטאַמט און זיך אַלץ פאַרשריבן. ער איז באַלד געקומען צו מיר צו לויפן מיר פירלייגן דעם שידוך. ווען איך האָב געהערט ער איז איציע־מרדכי שעכטערס — דעם דעלעטינער שוחטס אַ זון, האָב איך אים געהייסן קומען צוויי טעג שפּעטער. דער שדכן האָט מיר אָבער געזאָגט: ער מוז שוין מאָרגן וויסן, ווײַל ער האָט צוגעזאָגט אין צוויי טעג אַרום צו געבן דעם בחור תּשובֿה.

איך האָב געקענט אַ געוויסן אָשר ראַזנער פון דעלעטין, מיט וועמען איך פלעג טון גרויסע מיסחרים. איך האָב געוווּסט: ער איז אַ ייִד אַ סוחר, פון דער היים אַ גבֿיר; ער האָט פון מיר געהאַלטן גרויס שטיק און פון אים וועל איך אַלץ וויסן, ער וועט מיך נישט אַראָפּפירן פונעם וועג. מײַן שוואָגער איז באַלד אַראָפּגעפאָרן צו דעם ראַזנער און צוויי שעה שפּעטער, ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געשטראַלט פאַר שׂימחה. וואָס הייסט!... ראַזנער זאָגט וועגן בחור: אים אַליין געדענקט ער ווייניק, ווײַל מיט נײַן יאָר האָט מען אים אַוועקגעשיקט אין דער סטאַניסלעווער ישיבֿה. געהערט אָבער האָט ער, אַז ר'איז אַזוינס און אַזעלעכס: אַ שרײַבער, קען אַ בלאַט

גמרא אויף אויסנווייניק. און וואָס שייך זײַן פֿאָטער — איז נאָך אַזוינער הײַנטיקע צײַטן אויף דער וועלט נישט געבוירן געוואָרן — אַן אמתע ספֿר־תּורה. און ס'איז גאָר נישט קיין פֿראַגע, אַז איך מעג מיך מיט אים טרעפֿן. און אַז גאָט וועט העלפֿן, סע וועט אויסגעפֿירט ווערן, וועט ער זיך זייער פֿרייען.

ווען דער שדכן איז געקומען, האָב איך געזאָגט: איך וויל דעם בחור זען. מע האָט זיך צונויפֿגערעדט, אַז אַזוי ווי איך פֿאַרמאַך יעדן טאָג דאָס געוועלב צישן צוועלעף און צווי, זאָל ער קומען צוועלעף, וועל איך צווי אַ זייגער ווידער קענען עפֿענען. כ'האָב פֿאַרבעטן מײַן גוטן־פֿרײַנד לייבעלע טענענבלאַט. ער איז געווען אַ לאַנדסמאַן פֿון זאַלישטשיק, זײַן ווײַב — פֿון ייַגאָלניצע, האָט זיך אַנגעזאָגט אין קרובֿישאַפֿט מיט מײַן טאַטן. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן געווען. דער הער טענענבלאַט, אַחוץ וואָס ער האָט געפֿירט גרויסע געשעפֿטן, איז ער געווען אַ ייִד אַ חכם, בקי אין די קליינע פּינטעלעך, פֿלעג איך ליב האָבן מיט אים צו שמועסן. אַז ס'איז געקומען אַזאַ ערנסטער מאָמענט אין מײַן לעבן האָב איך נישט געקענט זיך ריכטן אויף קיין בעסערער עצה ווי פֿון דעם קלוגן ייִדן. ער האָט אָוועקגעלייגט אַלע מיסחרים און פּונקט צוועלעף אַ זייגער איז ער שוין געווען בײַ אונדז אין שטוב.

מע זיצט אָנגעצויגן יעדער אויף דער העכסטער סטרונע און מע וואַרט. ס'איז אַוועק אַ האַלבע שעה; נאָך אַ האַלבע שעה — נישטאָ דער בחור. די מאַמע דרייט זיך אין קיך, ברעכט זיך די הענט. די שוועסטער מיטן שוואָגער זענען פֿאַרזאָרגט אַזוי ווי די לעצטע שיף איז זיי אונטער־געגאַנגען און איך מיט טענענבוימען זיצן און טענהן איבער פֿאַרשידענע זאַכן, נאָר נישט פֿון דעם ענין, וואָס ער קלעמט אַזוי בײַם האַרץ... סטײַטש — איך, די מויד מיט אַזוי פֿיל זיכערקייט און באַהאַוונקייט, זאָל זיך אַזוי לאָזן אין זאַק אַרײַננאַרן! מיט פֿינעף־זעקס יאָר קריק האָב איך געקענט קומען צו די בעסטע שידוכים. און דאָ זיץ איך ווי אַן אויסגעפּוצטע בהמה און וואַרט מע זאָל מיך קומען אָנקוקן. און אפֿשר וועל איך נאָך נישט געפֿעלן, ווײַל אין דער אמתן בין איך נישט קיין שטאַרקער פֿאַרשוין: נישט געפּודערט און נישט מיטן קנאַק, וואָס די מיידלעך האָבן אַלע געהאַט אין ווין. ערשטנס האָב איך עס נישט ליב געהאַט; און צווייטנס בין איך געווען שטאַרק פֿאַרנעמען מיט געשעפֿטן, און נישט געהאַט קיין צײַט נאָכצוגיין דער מאָדע.

זיצנדיק און וואַרטנדיק אויף דעם בחור, האָב איך געמישט די בלעטלעך פֿון מײַן לעבן און האָב געקלערט: צי איז דאָס כּדאַי גע־ווען? מענטשן האָבן מיך מקנא געווען: איך קער וועלטן, פֿאַרדין אַ סך געלט, אָבער מיר איז געווען זייער קאַלעמוטנע אויפֿן האַרץ. כ'גיב אַ קוק אויפֿן זייגער, זע איך: ס'איז באַלד צווי און איך באַדאַרף אויפֿמאַכן דאָס געשעפֿט, האָב איך געבעטן טענענבוימען, ער זאָל מיר מוחל זײַן וואָס כ'האָב אים מטריח געווען צו וואַרטן אַזוי לאַנג אומ־

זיסט. האָט ער איבערגעקערט דאָס רעדל און מיך געבעטן, כ׳זאָל נאָך וואַרטן. נאָך אַלעמען — ס׳איז אַ גרויסע שטאָט און מע קען נישט וויסן, וואָס סע קען פּאַסירן. און טאַקע: אַז דער זייגער האָט זיך צו־געררוקט אויף צוויי, איז די מאַמע אַרײַן מיט אַ גרויסער גדולה: „ער גייט! און וואָס הייסט, ער טראָגט ברילן, מסתמא איז ער אַ געבילדעטער, אַזוי ווי דו ווילסט!" און אַז מע האָט אויפֿגעמאַכט די טיר און דער רויטער שדכן מיט דעם פֿאַרשוין זענען אַרײַנגעקומען, איז מיר פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן. אַן אויסגעטריקנטער הערינג מיט מלבושים כּיד־המלך: דאָס רעקל צו לאַנג, די הויזן צו קורץ... און אַז ער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, האָב איך אים געגעבן אַ פֿרעג, צי ווייסט ער נישט, וואָס סע הייסט פּינקטלעך זײַן. האָט ער זיך אַזוי פֿאַרענטפֿערט: ער פֿאַרמאָגט נישט קיין ציוויל רעקל, און אין מיליטערישן רעקל האָט ער נישט געוואָלט קומען, האָט זײַנס אַ גוטער־פֿרײַנד אים צוגעזאָגט צו לײַען אַ רעקל. דער גוטער־פֿרײַנד איז אָבער געווען גיבן אַ לעקציע, האָט ער געמוזט אויף אים וואַרטן. איך, דערהערנדיק זײַן תּירוץ, בין ממש געוואָר׳ן געפּלעפּט פֿון אַזאַן אויפֿריכטיקייט. ווו נעמט עס אַ מענטש אַזאַ קוראַזש צו דערציילן בײַ אַזאַ געלעגנהייט דעם גאַנצן אמת? איך האָב שוין פֿאַר־געסן די צוויי שעה פֿאַרשפּעטיקונג און האָב מיך אָנידערגעזעצט הערן, ווי טענענבלאָט נעמט מיט אים טענהן פּאָליטיק; און באַלד זענען זיי אַריבער אויף פּשטלעך פֿון דער גמרא. איך האָב מיך נישט געקענט אָנרופֿן, אָבער דער אײַנדרוק איז געווען, אַז אַלץ וואָס ראָזנער האָט געזאָגט איז, ווײַזט אויס, אמת.

איך האָב מיך סוף־כּל־סוף אויפֿגעהויבן און מיך פֿאַרענטפֿערט: איך מוז שוין גיין, אָבער זיי, אויב זיי האָבן הנאָה פֿונעם שמועס, מעגן ווײַטער זיצן און רעדן. אַלע האָבן זיך אויפֿגעהויבן, און דער בחור האָט מיך געפֿרעגט, צי מעג ער מיך באַלייטן. כ׳האָב אײַנגעוויליקט, און טענענ־בלאָט האָט צו מיר שטילערהייט געזאָגט: „ליפּשע, האַלט אים צו: ער איז אַ געשליפֿענער קאָפּ". און צום שדכן: „מײַן ליבער ייִד, איר גייט אײַך געזונטערהייט און אַז סע וועט זײַן פֿאַר וואָס, וועט מען אײַך שוין באַצאָלן". אונדז זע׳מיר אַרויס אויף דער גאַס, פֿרעגט מיך דער בחור — בנימין שעכטער האָט ער געהייסן — פֿאַר וואָס ער האָט מיך נישט געהערט רעדן קיין וואָרט. כ׳האָב מיך צעלאַכט און אים געזאָגט, אַז צישן דער משפּחה האָב איך נישט געוואָלט רעדן, ווײַל איך מוז אים אויסרעכע־נען אַלע מײַנע חסרונים, און ווען מײַן מאַמע וואָלט דאָס געהערט, וואָלט זי מיר געמאַכט אַ שוואַרצן סוף. „נו, לאָמיר הערן, הייבט אָן, איידער איך אַנטלויף פֿון אײַך!" האָט ער מיר געענטפֿערט. „דאָס ערשטע, בי׳ן איך אַ מיידל שוין פֿון זעקס און צוואַנציק יאָר. נומער צוויי, בין איך געווען אין אַמעריקע זעקס יאָר. דאָס אַרגסטע איז, וואָס איך האָב ליב צו רעדן נאָר ייִדיש, פּוץ זיך נישט צו פֿיל, גיי נישט טאַנצן, און איך זוך אַ פּאָר צו מיר וואָס זאָל אויך אײַנגיין אויף דעם. אויך בין איך אַ פּראָסטע

מיידל, האָב נישט פֿאַרענדיקט קיין שולן, אַפֿילו די פֿאָלקשול נישט, ווײַל איך בין אַוועק קיין אַמעריקע אין דער מיט". „שוין גענוג, האָט ער מיר איבערגעשלאָגן. איך ווייס שוין אַלץ וועגן אײַך. אַז איך מעג, וועל איך מאָרגן אויף דער נאַכט ווידער קומען, ווע'מיר ווײַטער רעדן". ער האָט זיך געזעגנט און איז אַוועקגעגאַן.

# ס'איז מײַן באַשערטער

דעם צווייטן אויפֿדערנאַכט, פּונקט ווי אונדז זע'מיר פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער וועטשערע, האָט ער זיך אַרײַנגעשטעלט. מײַן מאַמעלע האָט זיך זייער דערפֿרייט, ווײַל ווען כ'האָב איר דערציילט, וואָס כ'האָב מיט אים נעכטן גערעדט, האָט זי אויסגעשריגן: „ביסט אַ גרויסע בהמה! וואָס, האָסט נישט געהאַט קיין צײַט אים אַלץ צו דערציילן נאָך דער חתונה? אויב ער וועט שׂכל האָבן, וועט ער זיכער מער נישט קומען. דו מיט דײַן פּילוסופֿישן קאָפּ האָסט דיר אַליין אָנגעמאַכט אין פֿעסל בוריקעס!" איך האָב מיר געקלערט, אַז אויב ער וועט נישט קומען, איז ער מיך נישט ווערט.

איך האָב מיך אויך שטילערהייט דערפֿרייט, ווען כ'האָב אים דערזען, און אונדז זע'מיר אַוועק שפּאַצירן. נאָך דרײַ־פֿיר שעה אַרומגיין און טענהן, זע'מיר זיך כּמעט פֿאַרגעקומען, ווי אונדז קע'מיר זיך שוין פֿון יאָרן. בײַם געזעגענען זיך האָט ער שוין נישט געפֿרעגט צי מעג ער קומען, נאָר ער האָט געזאָגט: ער וועט קומען מיך אַהיימפֿירן פֿון געשעפֿט. און אַז די מאַמע וועט וועלן, וועט זי לייגן נאָך אַ לעפֿל צום טיש. נאָך דרײַ מאָל קומען און עסן בײַ אונדז און גיין מיט מיר שעהן לאַנג שפּאַצירן, האָב איך אים אַרײַנגעפֿירט אין אַ גרויס געשעפֿט — איך געדענק נאָך ווי הײַנט, אַז דער באַלעבאָס האָט געהייסן קעניג. „הער קעניג, האָב איך געזאָגט, קענט איר ביז אַ פּאָר טעג מאַכן אַן אַנצוג פֿונעם בעסטן שטאָף?" נאָך דער מלחמה איז געווען שווער צו קריגן אַ גוט שטיקל סחורה. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו זוכן. און אַז בנימין האָט מיך געפֿרעגט, צי דער אַנצוג וועט פֿאַרטיק ווערן צו אונדזער פֿאַרקנסונג, האָב איך מיך צעלאַכט און מסכּים געווען. בײַם אַרײַנגיין אין געשעפֿט איז מיר נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז אַזוי גיך וועט עס געשען. כ'האָב פּשוט אים געוואָלט פֿאַרשטעלן פֿאַר דער משפּחה און אין די קליידער, וואָס ער האָט געטראָגן, איז עס נישט מעגלעך געווען. ער, ווידער, איז בײַ זיך שוין געווען פֿאַרטיק, און מיך האָט מען לאַנג נישט געדאַרפֿט בעטן. ער איז מיר געפֿעלן אויף הונדערט פּראָצענט. כ'האָב אין חלום נישט געקלערט אויף עפּעס בעסערס.

מיר זענען אַרײַנגעקומען אין הויז און דערציילט, אַז אונדז'אַ'מיר שוין באַשטימט אויפֿן זיבעצעטן אויגוסט זיך צו פֿאַרקנסן. דאָס האָט געהייסן אין צען טעג אַרום. ס'איז געוואָרן אַ גרויסע גדולה, מע האָט געטרונקען

אַ ביסל משקה, זיך צעקושט און געווונטשן מזל־טובֿ. ער איז יעדן טאָג געקומען און אַהיימגעפֿאָרן אַרום צוועלף, איינס אַ זייגער. ער האָט זייער שלעכט אויסגעזען, האָט מען פֿאַרטראַכט אַ פּלאַן, מע זאָל זוכן אַ קוואַרטיר אין זעלבן בעצירק, כּדי ער זאָל נישט דאַרפֿן פֿאָרן יעדן טאָג. דעם זעלבן טאָג האָט די מאַמע אויסגעזוכט אַ צימער אין הויז ווו מיר האָבן געוווינט. די מאַמע איז געוואָרן ברייטער ווי לענגער פֿאַר נחת. אַז מ׳האָט זי געפֿרעגט, וואָס האָט זי מורא געהאַט, איך וועל פֿאַרזיצן אַן אַלטע מויד? האָט זי געענטפֿערט, אַז נישט דאָס האָט זי געדאגהט, זי האָט מורא געהאַט, כ׳זאָל נישט וועלן צוריקפֿאָרן קיין אַמעריקע. זי האָט אויף קיין שום אופֿן נישט געוואָלט מיך ווידער פֿאַרלירן.

אַזוי איז אַראָנזשירט געוואָרן אונדזער פֿאַרקנסונג און די גאַנצע משפּחה מײַנע האָט זיך מיט אונדז געפֿרייט. בנימין האָט קיינעם נישט געהאַט, אַחוץ פֿון זײַן שטאָט דעם קהילה־שרײַבער, וואָס איז אויך געווען דער אַפּוטרופּס איבער איציע־מרדכי שוחטס יתומים. אויף דער שׂימחה איז געווען זייער פֿריילעך, עסן און טרינקען האָט נישט געפֿעלט פֿונעם בעסטן און טײַערסטן. נאָר איידער מע האָט געשריבן די תּנאָים, הייבט זיך אויף מײַן חתנס לאַנדסמאַן און זאָגט, דער חתן איז „אַ פּריץ״, ער האָט קיין מאָל קיין געלט נישט געהאַט און פֿאַרשטייט נישט דעם ווערט דערפֿון, אָבער ער איז דער אַפּוטרופּס און האָט אַ רעכט צו פֿרעגן מה־יקר? איידער איז שטיל געבליבן אין אַ פּײַנלעכן שווײַגן. נאָר דער חתן האָט זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט: „הער ציינס, איך האָב אײַך פֿאַרבעטן ווי אַ גאַסט. כ׳האָב קיינעם נישט דאָ, באַטראַכט איך אײַך פֿאַר דעם נאָנטסטן גוטן־פֿרײַנד, אָבער ווען סע קומט צו געלטזאַכן, בעט איך אײַך זיך נישט צו מישן״. ער האָט נישט געפֿרעגט אויף קיין געלט, סע אינטערעסירט אים נישט קיין נדן. סע וועט זײַן, איז גוט; וועט נישט זײַן — וועט ער דעם שידוך אויך נישט אָפּלאָזן. מע האָט אים געקלאַפּט בראַוואָ; כ׳האָב אים אײַנגערעדט שטילערהייט: „וואָס טוסטו טאָקע, אַז מע האָט דיך אָפּגענאַרט און איך האָב נישט קיין געלט?״ „דו ביסט בײַ מיר מער ווערט ווי געלט״ האָט ער מיר געענטפֿערט. דערנאָך האָט מען אָפּגעשמועסט אויפֿן דריטן נאָוועמבער די חתונה.

## משפּחה און גוטע־פֿרײַנד

בנימין האָט געהאַט אַ חבֿר — דינעס, אַ שטיקל דיכטער, אַן ערשט־קלאַסיקער בוכהאַלטער, אויך געגעבן העברעיִשע לעקציעס, צוגעשטעלט קינדער צו מאַטורע, אָבער שטענדיק געשטאַרבן אויפֿן פּיסק. ווי ער האָט עפּעס פֿאַרדינט, איז ער אַוועק און געקויפֿט ביכער. ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט צו צאָלן קיין דירה־געלט אָדער קויפֿן זיך אַ פּאָר הויזן. אָט דער חבֿר איז געקומען מיך זען. כ׳האָב אים געפֿרעגט, פֿאַר וואָס ער

איז געקומען, נאָך דעם מע האָט שוין צעבראָכן אַ טעלער. טאָמער געפֿעל איך אים נישט? טאָקע דערפֿאַר האָט ער אים גערופֿן נאָך אַלעמען, כּדי ער זאָל נישט מיינען, אַז ער רופֿט אים פֿאַר אַ מבֿין. דער דינעס איז געקומען, אונדז׳אָ׳מיר אַ פּאָר שעה אַרומגעטענהט און ווען ער איז אַוועק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז חיים־בנימין האָט גוט געטראָפֿן. אַחוץ דעם פֿעלער, וואָס כ׳האָב אַ סך געלט, געפֿינט ער אין מיר קיין שום חסרון, און ער פֿרייט זיך, וואָס זײַן חבֿר האָט אַזוי גוט געטראָפֿן (יאָרן שפּעטער האָט דער דינעס חתונה געהאַט מיט בנימינס יינגסטער שוועסטער, לייציע, און זיי האָבן געלעבט ביידע אין ווין.)

בנימין האָט געהאַט אַ שוועסטער, די עלטסטע, באַבעלע. זי איז געווען נישט־געזונט און געלעגן אין שפּיטאָל. זײַן מאַמע מיט דער יינגערער שוועסטער, און דער יינגסטער ברודער, לייב־בער, זענען נאָך געווען אין פּליטים־לאַגער און ער האָט זיי געמוזט העלפֿן. איך האָב מיך נישט דערשראָקן דערפֿאַר: „גוּ, וועסטו זיי העלפֿן". „אָבער דו ווילסט זיך נישט באַקענען מיט מײַן שוועסטער?" האָט ער מיך געפֿרעגט. כ׳האָב, פֿאַרשטייט זיך, געזאָגט אַז יאָ, און אויף זונטיק האָבן מיר זיך אָפּגערעדט צו פֿאָרן זי זען. כ׳האָב אָנגעקויפֿט פֿון אַלעם בעסטן און אונדז זע׳מיר אַרויסגעפֿאָרן אין שפּיטאָל. זי האָט שוין געוווּסט, אַז אונדז זע׳מיר פֿאַרקנסט, ווײַל ער פֿלעג צו איר פֿאָרן דרײַ מאָל אַ וואָך. אַז אונדז זע׳מיר אַרײַן — איך בין געבליבן שטיין צופֿוסנס פֿון בעט, און ער איז צו איר צוגעגאַן נאָענט, און מיך פֿאַרגעשטעלט, האָט זי זיך אָנגערופֿן (נישט חלילה שטיל, כ׳זאָל נישט הערן, נאָר פֿאַרקערט, זי האָט אַ פּנים געוואָלט, כ׳זאָל וויסן ווי שטאַרק איך בין איר „געפֿעלן"): „דאָס איז די מציאה, וואָס דו האָסט דיר אויסגעזוכט?" מיך איז דאָס אָנגעגאַן ווי דער פֿאַריערי־קער שניי, געהאַרט האָט מיך נאָר וואָס ער האָט זיך פֿאַרשעמט מיט זײַן שוועסטער... ווען מיר זענען אַוועק, האָט זי אים נאָכגעשריגן: „חיים־ביאָמען, זאָלסט מיר ברענגען עפּל־קאָמפּאָט, אָבער פּאַסירטן!" אין יענער צײַט פֿון יאָר זענען עפּל געווען טײַער און מע האָט זיי אין שפּיטאָל נישט געגעבן.

בײַם אַהיימגיין האָ׳מיר וועגן דעם אינצידענט אין שפּיטאָל נישט גערעדט, נאָר שפּעטער האָט ער מיך געבעטן נישט קיין פֿאַראיבל צו האָבן אויף זײַן שוועסטער. זי איז עלטער פֿון אים און זי האָט נישט געוואָלט ער זאָל חתונה האָבן פֿאַר איר. אַגבֿ, ער איז שוין געווען נײַן און צוואַנציק און ס׳איז אים נימאס געוואָרן זיך אַרומדרייען אַליין און האָט דעריבער נישט געוואַרט, ביז זי וועט חתונה האָבן (זי האָט אַגבֿ קיין מאָל נישט חתונה געהאַט און איז געשטאָרבן אין 1970 אין דער שווייץ אין עלטער פֿון עטלעכע און אַכציק, אַלץ אַליין און אין אַ שפּיטאָל.)

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ער ווידער צו איר געגאַן, האָט זי אים געזאָגט: זי קען און וויל נישט זײַן מער אין שפּיטאָל. ער איז אַהיימ־

געקומען זייער טרויעריק, און אַז כ׳האָב אים געפֿרעגט וואָס איז געשען, האָט ער מיר נישט געוואָלט זאָגן, אָבער צום סוף איז ער אַרויס מיט דער פֿאַרב: „זי וויל קומען ווינען צו דיר״. ס׳איז מיר זייער קאַלעמוטנע געוואָרן אויפֿן האַרץ. וואָס טוט מען? איך האָב דערציילט דער מאַמען, האָט זי געזאָגט: „ס׳איז אַ רחמנות אויף איר, לאָז ער זי ברענגען, וועט מען פּרווון״. ס׳איז געווען אַ ביטערע פּראָבע. מע האָט איר אָפּגעגעבן אַ שטוב און צוגעטראָגן פֿון אַלעם גוטן. אָבער שוין דעם צווייטן טאָג איז איר נישט ניחא געווען. קיינער איז נישט אַזוי כשר ווי זי. זי האָט קיינעם נישט געגלייבט, צי מע פֿאַרטרפֿעט זי נישט. אונדז׳אַ׳מיר געקויפֿט פֿריש געפֿעס, אויך דאָס האָט נישט געהאָלפֿן. דאָס עסן, וואָס מע האָט פֿאַר איר געקאָכט, האָט זי געמוזט זיצן און היטן. ווען איך בין שבת געגאַן אין געשעפֿט, האָט זי געשאָלטן מיט טויטע קללות אַלע וואָס זענען מחלל־שבת. דעם גאַנצן טאָג בין איך נישט געווען אין דער היים און אויף דער נאַכט האָט זיך בנימין נישט געטאָרט לעבן מיר אַנידערזעצן (זי האָט ווייטיקן און ער ליובעוועט זיך)!

אַז ס׳איז געקומען שבת צו נאַכטס פֿלעג׳מיר גיין אין טעאַטער אָדער אין דער אָפּער. חס־וחלילה! זי וועט ליגן קראַנק און ער גייט פֿאַרברענגען? דאָס וועט זי נישט צולאָזן! בקיצור, אין שטוב איז געוואָרן אַ גיהנום. ער האָט מיט איר אײַנגעטענהט: אויב ס׳איז נישט כשר גענוג, און אויב ס׳איז נישט באַקוועם, וועט ער איר זוכן אַ שטוב בײַ זייער אַ פֿרומער משפּחה. ער וועט צאָלן וויפֿל מע וועט וועלן, אַבי זי זאָל זײַן צופֿרידן. קוים מיט צרות — מע האָט געפּועלט. און אונדז׳אַ׳מיר זיך אַלע מחיה געווען. נאָר בנימין נעבעך האָט זיך געהאַט אין דער אַרבעט: יעדן טאָג איז ער געלאָפֿן אַהין און זיך אָנגענעמען מיט יסורים. נאָר ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָ׳מיר שיין פֿאַרבראַכט.

## די חתונה

די משפּחה האָט געוואָלט אַ גרויסע חתונה — סטײַטש, ליפּשע האָט פֿון וואַנעט! איך און בנימין זענען געווען דאַקעגן. מיר האָבן נישט געהאַט די נאָענטסטע משפּחה אין ווין — ער האָט קיינעם נישט געהאַט און מײַנע ברידער זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט: חיים — אין סיביר; סראָל — אַהיימגעפֿאָרן אין דער בוקעווינע; און לאָזער — אין אַמעריקע.

ווען כ׳האָב לאָזערן געשריבן, איך בין אַ כלה געוואָרן, האָט ער מיר געענטפֿערט אַ פֿריילעכן בריוו: ער האָט פֿאַר מיר אויך אַ גוטע בשׂורה און שיקט מיר אַ בילד פֿון זיך מיט מײַן טײַערער חבֿרטע סערע, וואָס ער האָט אַזוי געוואָלט פֿאַר אַ כלה. זי האָט געשריבן אַ לאַנגן

בריוו: בײַם אָװעקפֿאָרן האָב איך זי געהאַט געבעטן, זי זאָל אַכטונג געבן אויף מײַן ברודער ביז איך וועל צוריקקומען. אָבער סע האָט צו לאַנג גענומען, זענען זיי דערווײַל געוואָרן חתן־כּלה און האָבן נאָר געוואַרט, ביז זיי וועלן פֿון אונדז הערן. און הײַנט, אַז זיי האָבן פֿון אונדז געהערט, אַז אונדז לעבּ׳מיר און סע גייט אונדז גוט, האָבן זיי באַשלאָסן חתונה צו האָבן. געמיינט האָבן זיי, אַז כ׳וועל אויך זײַן אויף זייער חתונה, נאָר אַזוי ווי, סע ווײַזט אויס, ס׳איז נישט באַשערט, ווילן זיי כאָטשע מיר זאָלן חתונה האָבן אין איין חודש. איז אַזוי טאַקע געווען. אונדז׳אָ׳מיר ביידע אין נאָוועמבער 1919 צו מזל חתונה געהאַט. ער — אין אַ מושבֿ־זקנים געשטעלט די חופּה, אום יום־כּיפּור אויף דער נאַכט, און דאָס געלט וואָס די חתונה האָט געדאַרפֿט קאָסטן, האָט ער צעטיילט פֿאַר די אָרעמע זקנים.

מײַן חתונה האָ׳מיר געפּראַוועט אין מאַרגאַרעטן־טעמפּל, כאָטש בנימין איז נישט געווען באַגײַסטערט דערפֿון און געלאַכט פֿונעם ראַ־בינער מיטן כאָר, וואָס גאָרגלט זיך ווי אַ גלח, להבֿדיל. אָבער ער האָט דאָך נאָכגעגעבן, ווײַל כ׳האָב געמוזט עפּעס מאַכן — מײַנע שותּפֿים זענען געווען דײַטשוקעס, אַפֿילו ייִדן אָבער אַסימילירטע — און כ׳האָב זיי נישט געקענט אַרויסשטעלן אַ פֿײַג. איז געפּראַוועט געוואָרן אין טעמפּל די חופּה־צערעמאָניע ווי בײַ די גרעסטע מיליאָנערן און פֿאַר דער משפּחה — אַ וועטשערע אין הויז. ס׳איז געווען שיין, רײַך און באַלעבאַטיש, אָבער נישט אַזוי לײַכט איז עס אָנגעקומען. קודם, אַ וווי־נונג — פֿאַר קיין שום געלט נישט געווען צו באַקומען. דערנאָך — די קליידער פֿאַר חתן־כּלה — נאָכן קריג איז געווען שווער צו געפֿינען עפּעס לײַטישס. אָבער מע האָט זיך אויף מיט דעם אַן עצה געגעבן. איך האָב געטראָגן אַ ווײַס קאָסטיום און אַלץ וואָס דערצו האָט געפּאַסט. דער חתן — אין פֿראַק מיט אַ שטײַפֿן הוט; כאָטש ער האָט נישט געוואָלט, האָט ער דאָך נאָכגעגעבן, כ׳האָב אים נאָר געבעטן, ער זאָל זיך נישט צעלאַכן אונטער דער חופּה, ווײַל סע זענען געווען געענוג, וואָס זיי האָבן מיר נישט פֿאַרגונען און נאָר געוואַרט אויף אַ בילמעלע, ס׳זאָל פּלאַצן, און זיי זאָלן האָבן וואָס חוזק צו מאַכן.

עפּעס אַ שטיקל האָט מען מיר דאָך אָפּגעטון, וואָס איך טראָג עס שווער מײַן גאַנץ לעבן. כ׳האָב געמוזט האָבן, ווי געווייגטלעך, אַ מעטריקע מיך צו קענען רעגיסטרירן פֿאַר דער חתונה. כ׳האָב אָבער נישט געהאַט און ס׳איז נישט געווען מעגלעך זיך צו פֿאַרשאַפֿן — כ׳בין געווען ווײַט פֿון דער היים און אין דער מלחמה האָבן די דאָקומענטן געקערט ווערן פֿאַרברענט, עוואַקויִרט אָדער סתּם פֿאַרשוווּנדן... האָט מען גע־האַט איין אויסוועג — גיין צון אַן אַדוואָקאַט, נעמען עדות און זיי זאָלן שווערן, אַז דאָס בין איך, הייס אַזוי און אַזוי, בין געבוירן דאָרט און דאָרט אין דעם און דעם יאָר. בקיצור, כ׳האָב געבעטן מײַן קוזינע פּופּע מיט איר מאַן זיי זאָלן זײַן עדות. זיי זענען אָבער געווען גרויסע

אַסימילאַנטן און האָבן נישט געקענט באַשטיין, וואָס כ׳האָב אַרײַנגעבראַכט אין דער משפּחה עפּעס אַזאַ פֿאַנאַטיקער פֿון ייִדיש, אַז מע האָט נישט געטאָרט אַרויסלאָזן אַ דײַטש וואָרט פֿון מויל. מיך האָט ער גערופֿן, אין דער גרעסטער געזעלשאַפֿט, ליפּשע. רייזעלע, מײַן שוועסטערס דרײַיעריק קינד, האָט אים געמוזט רופֿן „פֿעטער ביאַמען״ און מיך „מומע ליפּשע״. כאָטש ער האָט געקענט בעסער דײַטש ווי זיי אַלע, האָט ער נישט געוואָלט אַרויסרעדן קיין דײַטש וואָרט צו אונדזערע לײַט. דאָס האָט זי פֿאַרדראָסן און זיי האָבן אונדז אָפּגעטון אַ שיין שפּיצל. זאָגן עדות פֿאַר מיר האָבן זיי זיך אַזוי אויסגערעכנט, אַז זיי זענען געגאַן אָן אונדז, און אָפּגעגעבן דאָרט אונטער אַ שבֿועה, אַז מײַן נאָמען איז: העלענע... אַז איך האָב באַקומען די מעטריקע און בנימין האָט עס דערזען, האָט ער זיך שיִער נישט צעוויינט פֿאַר עגמת־נפֿש, אָבער ס׳איז געווען פֿאַרפֿאַלן. בנימין האָט די חתונה־פֿאַרבעטונגען נישט געשיקט צו זײַן משפּחה אָדער גוטע־פֿרײַנד. ער האָט זיך געשעמט מיט זײַן כּלה וואָס הייסט העלענע ווי אַ שיקסע. און איך אַליין האָב מײַן גאַנץ לעבן געליטן פֿון דעם נאַרישן וויץ, וואָס מע האָט מיר אָפּגעטון.

און אַל דאָס איבעריקע איז שוין אַדורך כּמעט גוט. ס׳איז געווען ערבֿ דעם טאָג פֿון אונדזער חתונה און דאָס געשעפֿט איז געווען פֿאַרמאַכט. אויך דער מאַגאַזין, וווּ איבער דרײַסיק פֿרויען האָבן געאַרבעט, האָט געדאַרפֿט זײַן פֿאַרמאַכט דעם טאָג פֿון מײַן חתונה און איך בין צוגעפֿאָרן זיך מיט זיי צו געזעגענען, ווײַל איך האָב זיי דאָך אַלע נישט געקענט בעטן צו דער שׂימחה. אין טעמפּל האָבן זיי אָבער געקענט קומען זען ווי זייער פֿרײַלין גאַטעסמאַן גייט אין גרעסטער פּראַכט אונטער דער חופּה. אַרײַנקומענדיק אין מאַגאַזין, בין איך געוואָרן געפּלעפֿט פֿונעם הוראַ מיט וועלכן מע האָט מיך אויפֿגענומען, באַוואָרפֿן מיט בלומען, און אַ טיש מיט כּל־טובֿ. ס׳איז געווען איינער פֿון די מאָמענטן, וואָס מע פֿאַרגעסט זיי נישט אין לעבן.

כ׳האָב נאָך געהאַט טויזנט זאַכן צו פֿאַרזאָרגן יענעם טאָג און אומעטום בין איך געגאַן אַליין. ווער האָט מיר געקענט העלפֿן? מײַן חתן האָט געטענהט: ער דאַרף דאָס אַלץ נישט האָבן, אים איז גענוג מיר זאָלן אַרײַן צום אַ רבֿ און שטעלן אַ חופּה. די אַלע, וואָס זיי רעשן זיך לעבן מיר אַרום, פֿאַרגינען מיר נישט און זענען נישט קיין אמתע גוטע־פֿרײַנד. איך, ווידער, בין געווען גליקלעך, וואָס איך קען יעדן צופֿרידן שטעלן. אַנשטאָט באַקומען האָב איך יעדן אויסגעטיילט פּרעזענטן. וואָס איז מיך אָנגעגאַן וואָס זיי קלערן. אַבי כ׳האָב געוווּסט: געלט האָב איך מער ווי כ׳האָב אַ מאָל געקענט חלומען, אַ חתן וואָס מײַן האַרץ האָט געגלוסט, וואָס נאָך האָב איך געקענט פֿאַרלאַנגען פֿון דעם רבונו־של־עולם?

אַז ס׳איז געקומען זונטיק אין דער פֿרי, האָט בנימין געזאָגט ער מוז צופֿאָרן צו באַבעלען, זײַן שוועסטער, אין שפּיטאָל. ער האָט איר

נעכטן צוגעזאָגט צו קומען און — כאָטש זי איז געווען זייער פֿרום, האָט זי געקענט שטאַרק שעלטן — ער וויל נישט, זי זאָל אין טאָג פֿון דער חופּה מיך שעלטן; כאָטש ער גלייבט נישט אין דעם, וויל ער עס אויס־מײַדן. אַ ברירה האָב איך געהאַט? געלאָזט אים פֿאָרן צון איר און געבעטן: „בנימין, געדענק: צוויי דעם זייגער מוזן מיר אַרויספֿאָרן! דו מוזסט דיך נאָך באָדן און כ׳האָב באַשטעלט אַ פֿריזער זאָל דיך גאָלן און שערן. אין טעמפּל מוזן מיר זײַן פֿינקטלעך. אַלע געסט וועלן שוין וואַרטן פֿון איינס דעם זייגער!" ער איז אַוועק און ווען דער זייגער האָט זיך צוגערוקט צו צוועלעף, כ׳בין געזעסן, מע האָט מיך גענעמען אָנטון, אַ הייסער טאָג איז געווען און איך האָב געפּאַסט, און פּלוצעם האָב איך מיך דערמאָנט — וואָר ווייסט, ווען ער וועט קומען? סע האָט מיך באַפֿאַלן אַ חלשות. כ׳בין נישט געווען פֿון די אויסגערוטע און אָפּגע־היטע כּלות. כ׳האָב געאַרבעט און מיט מיר געמאָרדעוועט אויף דעם טאָג.

די ווײַבער האָבן זיך גערעשט אין קיך, מע האָט געקאָכט, געבאַקן אַ גאַנצע נאַכט. און אַלע מאָל איז עמעצער צו מיר צוגעקומען פֿון די געסט, מיך פֿרעגן ווו דער חתן איז. וואָס האָב איך זיי, אַ שטייגער, געקענט ענטפֿערן? דער פֿריזער האָט נישט געוואָלט וואַרטן, יעדע מינוט איז פֿאַר מיר געווען אַ יאָר. ס׳איז שוין האַלב צוויי — דער חתן איז נאָך נישטאָ. ס׳איז געוואָרן אַ שושקערײַ צווישן די געסט: אפֿשר האָט ער חרטה געהאַט אויפֿן גאַנצן עסק? מע האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז טייל האָבן אַפֿילו געמיינט, ער האָט ערגעץ אַ ווײַב מיט קינדער און קען נישט קומען צו דער חופּה. פֿאַר מיר — אויב ס׳איז דאָ אַ חיבוט־הקבֿר אויף דער וועלט — האָב איך אים איבערגעקומען אין מײַן חופּה־טאָג.

צען מינוט פֿאַר צוויי איז דער חתן אָנגעקומען. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה, אַ רעש, מ׳איז געלאָפֿן אים העלפֿן זיך אָנטון: איינער — דאָס העמד, איינער אַ שוך, דער פֿריזער האָט געטון זײַן אַרבעט. מע האָט עס צו שטאַנד געבראַכט און דעם חתן אַרײַנגעפֿירט, איך זאָל אים אָנקוקן פֿון דער ווײַטנס. ער איז געווען אַזוי פֿאַרשפּיצט און זיך געפֿילט אַזוי שולדיק, אַז איך האָב צון אים געשמייכלט, כאָטש סע האָט זיך מיר געגלוסט אויסצושיסן מיט אַ גרויס געוויין. ווען אונדז זע׳מיר אַראָפּגע־קומען אין גאַס איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן ווי פֿון אונטער דער ערד אַלע דרײַסיק אָנגעשטעלטע מײַנע מיט אַזוינע בענדער און אַרומגעוויקלט חתן־כּלה, אַז ס׳איז אויף מיר געפֿאַלן אַ שרעק. אַלע שכנים האָבן געשריגן הורא, וויוואַט! די גאַס איז געווען שוואַרץ מיט מענטשן און יעדער האָט געיאָדלט, געשריגן. איך האָב געמיינט, איך בין אַרײַן אין אַ משוגעים־הויז. ענדלעך האָט מען אונדז באַפֿרײַט און די אַלע בענדער האָט מען אָנגעטון אויף די פֿיאַקערס, די קוטשערס און פֿערד, ווײַל קיין אויטאָס זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען.

מיט אַ גרויסן פֿאַרפֿאַר זע׳מיר אָנגעקומען אין טעמפּל. אַלץ איז געווען שיין און רײַך — אויפֿן גרויסאַרטיקסטן שטייגער. נאָר ווער ס׳גע האָט אָנגעקוקט דעם חתן אין פֿראַק, האָט זיך נישט געקענט גלייבן, אַז דאָס איז דער זעלבער, וואָס מיט אַ שעה פֿריִער איז ער געקומען פֿון זײַן שווערן וועג...

ווי ער האָט מיר דערנאָך דערציילט, איז באַבעלען אײַנגעפֿאַלן — זי וויל מער נישט זײַן אין שפּיטאָל, ער זאָל איר גיין זוכן אַ קוואַרטיר. און ס׳ע האָט געמוזט זײַן פֿאַר דער חתונה, ווײַל „ווער ווייסט, צי ווי אַ ווײַב וועט זי זײַן אַזוי נאָכגיביק ווי זי איז געווען ווי אַ כּלה״. זי האָט זיך געמוזט פֿאַרזיכערן אַ דירה מיט אַ געלט פֿאַר אַ שטיק צײַט. איז ער אַרומגעלאָפֿן פֿון איין באַקענטן צום צווייטן, ביז ער האָט אַלץ פֿאַרשאַפֿט, האָט זי אים געלאָזט גיין. און דערפֿאַר האָט ער זיך אַזוי פֿאַרשפּעטיקט. „כ׳האָב געוווּסט, וועסט מיר מוחל זײַן״, האָט ער געזאָגט. אַ ברירה האָב איך געהאַט? צרות האָב איך געהאַט פֿון זײַן משפּחה גענוג אויסצושטיין, אָבער בנימין איז אַלץ ווערט געווען.

די צערעמאָניע אין טעמפּל איז געווען אַן אָפּקומעניש סײַ פֿאַר מיר און אַוודאי פֿאַרן חתן. איך האָב געציטערט ער זאָל זיך נישט צעלאַכן בשעת דער פּריידיקער, אַזוי ווי להבדיל אַ גלח, האָט אויף דײַטש אונדז אָנגעזאָגט ווי צו פֿירן אַ ייִדיש ריין פֿאַמיליע־לעבן. און דער אָרגל האָט געשפּילט... „האָסט געדאַרפֿט וויינען, האָסטו גאָר גע־שמייכלט, האָט מיר די מאַמע געזאָגט. ס׳איז אַ גוטער סימן. וועסט דיך פֿרייען דײַן גאַנץ לעבן!״

# מיר ווערן באַעוולט

סוף־כּל־סוף איז דער עולם זיך צעגאַנגען און אונדז זע׳מיר געבליבן אַליין. וואָס הייסט אַליין? אַליין בין איך מיט מײַן מאַן כּמעט קיין מאָל נישט געווען. תּמיד זע׳מיר געשלאָפֿן עטלעכע אין שטוב. דער דוחק אין דירות איז געווען אַזוי גרויס, אַז פֿאַר קיין שום געלט האָט מען נישט געקענט עפּעס באַקומען. זע׳מיר געבליבן — דערווײַל האָט עס געהייסן — אין איינעם מיט דער מאַמען, מיט ריווצען און איר מאַן און קינד פֿון דרײַ יאָר.

אין דער פֿרי, יעדער איז נאָך געשלאָפֿן, האָב איך מיך אַרויסגע־גנבֿעט אין געוועלב אַרײַן. כ׳האָב געהאַט צוגעזאָגט צו קומען מאָנטיק אין דער פֿרי. אַן אָפּיציר מיט וועמען איך פֿלעג האַנדלען האָט מיר געדאַרפֿט ברענגען אַ טוץ לײַלעכער. ער פֿלעג מיר אויך ברענגען לעדער, וואָס אין יענער צײַט איז דאָס זייער שווער געווען צו קריגן. כ׳האָב שפּעטער גענוג געהאַט צו הערן פֿון מײַן מאַן דורכן „ראַנדעוווּ״ מיטן אָפּיציר נאָך דער חופּה־נאַכט.

אַזוי איז שוין מייַן מזל געווען — אַרבעטן שווער, פֿאַרדינען און צעטיילן. פֿון מייַן פֿריסטער יוגנט האָב איך געמוזט אַרבעטן און הייַנט, אַז איך מוז שוין נישט, וויל איך. סע ליגט מיר שוין אין בלוט צו האַנדלען־וואַנדלען. ווען נישט, וואָלט איך אפֿשר געזעסן מיטן פּוסבענקעלע און דערציילט מייַנע אייניקלעך מעשׂהלעך. אָבער די צייַט איז, ווייַזט אויס, נאָך נישט געקומען, שרייַב איך אין מייַן פֿרייַער צייַט: אפֿשר וועט עס מייַנע אייניקלעך אַ מאָל מער אינטערעסירן ווי די באָבע־מעשׂהלעך פֿון יענע באַבעס ווי מייַן מאַמע און נאָך פֿון יענעם שניט. ווער ווייסט, צי וועל איך אַזוי בכּבֿודיק געהאַלטן ווערן ווי יענע באַבעס. ביז זעקס און אַכציק יאָר איז מייַן מאַמע בייַ מיר געווען. און די גאַנצע באַלעבאָסטע איז זי געווען, נישט איך. זי האָט געפֿירט די מדינה: געקאָכט וואָס זי האָט געוואָלט; געגעבן וועמען זי האָט געוואָלט; און טאָמער האָב איך אַ מאָל געזינדיקט, מיט דעם וואָס איך בין געווען קעגן איר אָוועקגעבן עמעצן עפּעס פֿון דער שטוב, איז געווען חושך. אַזוי האָט זי געפֿירט די גרענדע און איך האָב געשוויגן. פֿונעם טאָג פֿון מייַן חתונה האָב איך זי מיטגענעמען ווי מייַן נדן. און איך האָב גענוג, מער ווי גענוג צרות געהאַט פֿון אירע עצות.

בין איך און בנימין געבליבן ווינען דערווייַל מיט דער משפּחה אין איינעם. ס׳האָט געהייסן, אַז ריוויציע וועט זיך זוכן אַ דירה, ווייַל די ווינונג איז דאָך געווען מייַנע. האָט אָבער די מאַמע געפּסקנט, אַז פֿאַר אַ יונג פּאָרל פּאַסט בעסער זיך צו זוכן אַ נייַע דירה מיט נייַע מעבל. אַ דירה איז געווען שווער צו געפֿינען און איך האָב קיין צייַט נישט געהאַט אַרומצולויפֿן זוכן. אויך האָט מייַן שוועסטער געזאָגט, אַז ווען קויפֿן מעבל, וויל זי אויך די זעלבע. פֿאַר וואָס נישט — זי איז דאָך געוואָרן אַ גלייַכע שותּפֿטע צום געוועלב און יעדן גילן וואָס איך גיב אויס, וויל זי דאָס זעלבע. שוין כּלהווייַז, אַז איך האָב מיר געוואָלט מאַכן אָדער קויפֿן אַ גוטע זאַך, איז זי געווען דערבייַ: זי וויל אויך. כּדי נישט אויפֿצורייַסן מענטשן די אויגן האָב איך מוחל געווען אויף אַלעמען. ס׳איז געווען אַ מעשׂה מיט אַ זילבערפֿוקס. דעמאָלט איז עס געווען אין דער מאָדע. מע איז געקומען צו מיר, ווי אַ כּלה זאָל איך מיר איינעם קויפֿן. האָט מייַן שוועסטער תּיכּף געפֿרעגט וואָס צוויי קאָסטן און איך האָב שוין מוחל געווען די גליקן פֿון טראָגן אַ פֿוקס. ס׳האָט זיך געטראָפֿן — נאָך פֿאַר דער חתונה — אונדז׳אָ׳מיר געקויפֿט אַ היפּש פּעקל מיט צירונג: אַ דימענטרינג, אַ גאָלדענעם זייגער און אַנדערע זאַכן. אונדז׳אָ׳מיר זיך געדאַרפֿט צעטיילן, אָבער כ׳האָב קיין מאָל נישט געקריגן אַפֿילו אַ סימן פֿון דעם אַלעמען. און די מאַמע האָט געזאָגט: „מאַך אַ שווייַג! דו וועסט דיר נאָך קויפֿן שיינע זאַכן, דו ביסט קלוג און געניט, וועסט פֿאַרדינען...‟

מייַן מאַן איז קיין סוחר נישט געווען, ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען: מיר ווערן שטאַרק באַעוולט. ער האָט געהאַט זייַנע צרות: די מאַמע מיט לייציען און לייב־בערן אין לאַגער; באַבעלע אין שפּיטאָל — אַלץ גרויסע

באַדאַרפֿערס; און סתם גוטע חבֿרים וואָס זענען געוואָר געוואָרן, ער האָט רײַך חתונה געהאַט. איינער האָט געדאַרפֿט אַ גמילות־חסד, דער אַנדערער — אַזוי אַ פּאָר קראָנען. בקיצור, ער איז געוואָרן אַ גרויסער באַדאַרפֿער, און האָט זיך געשעמט אַזאַ סך בײַ מיר צו מאָנען. אַ פּאָר וואָכן נאָך דער חתונה האָט ער געוואָלט פֿאָרן צו דער מאַמען. פּאָר וואָס נישט? זי איז אויף דער חתונה נישט געווען. ער איז אַוועק קיין צנאַים און ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער מיר בסוד־סודות דערציילט, אַז ער מוז די מאַמע נעמען צו זיך. דאָס לאַגער האָט זיך פֿאַרמאַכט און אַלע פּליטים מוזן פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ. כ׳האָב אים געהייסן ברענגען די מאַמע און לייציען, ע׳מיר זיך שוין אַן עצה געבן. געלט איז געווען גענוג — פּולע זעק, ווי מע פּלעג זאָגן. אונדז פּלעג׳מיר אַרויסנעמען דאָס געפּילעכץ פֿון די בענקלעך און פֿאַטעלן און אָנפּילן זיי מיט קראָנען. אונדז׳אָ׳מיר אַליין נישט געוווסט וויפֿל מיר פֿאַרמאָגן. אַנדערע וואָס האָבן געמאַכט געלט אין קריג האָבן פֿאַרשטאַנען און תיכּף געקויפֿט אַ הויז אָדער אַנדערע ווערטזאַכן. אונדז׳אָ׳מיר נישט געוווסט, אַז סע קען קומען אַ צײַט, ווען דאָס געלט וועט גאָרנישט ווערט זײַן. דער הער טענענבוים האָט מיך געראָטן, איך זאָל מיר קויפֿן אַ פֿופֿציק טויזנט דאָלאַר, דער דאָלאַר וועט קיין מאָל נישט פֿאַרלירן דעם ווערט. האָט אָבער מײַן שותּף, משה, געזאָגט ניין. און די מאַמע איז, ווי שטענדיק, געווען אויף זײַן זײַט. האָב איך געשוויגן. מײַן מאַן, ווידער, האָט פֿון געשעפֿטן ווייניק וואָס פֿאַרשטאַנען. אַז איך האָב אָנגעהויבן רעדן מיר זאָלן קויפֿן אַ הויז מיט אַ קינאָ, האָט מײַן מאַמע מיט דער שוויגער געזאָגט: וואָס הייסט קויפֿן אַ הויז? אַז סע וועט זיך באַרויקן, וועט מען אַלע פּליטים פֿרעגן: ווו האָסטו גענעמען געלט אויף צו קויפֿן הײַזער? מסתּמא אַ קריגס־פֿאַרדינער". און דאָס וועט — אחוץ וואָס מע וועט צונעמען דאָס פֿאַרמעגן, שמעקן מיט האַרבער שטראָף. איך האָב אַלץ געשוויגן. געאַרבעט ווי אַ פֿערד, אײַנגעשטעלט דאָס לעבן און געמאַכט געלט. מען קען נישט זאָגן — מײַן שוואָגער איז מיר נאָכגעגאַנגען און געטון וואָס איך האָב געהייסן. אָבער איך האָב מיך אין פֿײַער געשטופּט, געטראָגן דאָס אחריות, נישט געוואָלט אים אין סכּנה שטעלן. ס׳איז דעמאָלט, נאָכן קריג, זייער געפֿערלעך געווען צו האַנדלען.

## קיין טשערנעוויץ מיך אומקוקן

איך בין סוף־כּל־סוף מיד געוואָרן פֿון טראָגן דעם גאַנצן עול, אויך בין איך געווען אין פֿערדן חודש, בקיצור — ס׳איז בײַ מיר געבליבן מער נישט צו גיין אין געוועלב. און איך האָב געהאַלטן וואָרט. דער סוף איז געווען, אַז ביז אַ וואָך איז דאָס געשעפֿט זיך צעפֿאַלן. יעדער האָט שוין געהאַט גענוג געלט, אָבער וואָס טוט מען דערמיט? ליגן טאָר מען עס נישט לאָזן, ווײַל סע קען איבער נאַכט פֿאַרלירן די ווערט. מײַן פֿעטער

שלמה האָט מיך צוגערעדט איך זאָל פֿאָרן קיין טשערנעוויץ. דאָרט האָט זיך באַזעצט כּמעט די גאַנצע משפּחה, ווע׳מיר, מיט אַזאַ סך געלט, זיך שוין קענען שאַפֿן אַן עקסיסטענץ.

כ׳האָב באַשלאָסן אַראָפּצופֿאָרן מיך אומקוקן. דער וועג איז געווען אַ שווערער. מיט דער באַן האָט מען נישט געקענט פֿאָרן. אַ נסיעה, וואָס זי האָט געוויינטלעך גענומען צוויי מעת־לעת, האָט דעמאָלט געדויערט צוויי וואָכן. מע האָט געמוזט פֿאָרן איבער אונגערן, אַריבער איינעם פֿון די העכסטע בערג, די מאַגערע. קיין באַנען פֿאַר ציווילע האָט איבער הויפּט נישט עקסיסטירט: נאָר מיליטער אָדער פּליטים־באַנען, וואָס האָבן אַהיימגעפֿירט פֿון מערבֿ קיין מיזרח די „האָימקערער" (אַהיימפֿאָרערס) סײַ פֿון דער שלאַכט, סײַ פֿון די לאַגערן. אין אַזאַ צוג בין איך געפֿאָרן.

מײַן מאַן האָט גוט געקענט טשערנעוויץ: ער איז פֿון דער ישיבֿה אַוועק אַהין שטודירן. געגוג געהונגערט דאָרט, נישט איין מאָל געשלאָפֿן אין פּאָלקסגאָרטן אויף אַ באַנק, ווײַל ער האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן קיין דירה־געלט. ביז ער האָט בײַ זיך געפּועלט צו ווערן אַ העברעיִשער לערער. דאָס איז אים, דעם פֿאַרברענטן ייִדישיסט, נישט געווען שטאַרק צום האַרץ. אָבער נויט ברעכט אײַזן און ער האָט פֿאָרט אָנגענומען אַ פּאָר העברעיִשע לעקציעס. ער האָט דאָרט געהאַט אַ סך חבֿרים — אַלע ישיבֿה־בחורים ווי ער, וואָס זענען אַנטלאָפֿן און האָבן דאָרט שטודירט. דערפֿאַר טאַקע האָט ער זייער געוואָלט, אונדז זאָל׳מיר זיך באַזעצן אין טשערנע־וויץ, דער ייִדישער קולטורשטאָט. ער האָט פֿײַנט געהאַט די דײַטשן און די ייִדן, וואָס זיי האָבן זיך געבוקט און געקושט אונטער זייער מאַנטל. ער האָט מיר אויפֿגעוויזן, ווי זיי האָבן אונדז, די „אָסטיודן", פֿײַנט: אַנדערש ווי „פּאָלישער יודע", אָדער קורץ „פּאָלישער", האָבן זיי אונדז נישט גערופֿן. אונדז זע׳מיר געווען שולדיק, וואָס זיי האָבן פֿאַרלוירן דעם קריג — פֿאַררעטער, שווינדלער און אַל דאָס שלעכטס האָבן זיי אויף אונדזער חשבון פֿאַרשריבן. דאָס האָט בנימין, דער שטאָלצער ייִד, נישט געקענט פֿאַרטראָגן. ער האָט ליב געהאַט טשערנעוויץ, די שיינע ייִדישע שטאָט. ער האָט מיר דערציילט פֿון דער טשערנעוויצער שפּראַך־קאָנפֿע־רענץ, ווו אַלע ייִדישע גדולים זענען זיך צונויפֿגעקומען; אַזאַ זשיטלאָווסקי, וואָס איז בײַ אים געווען דאָס העכסטע, האָט געליבט טשערנעוויץ. פֿאַר וואָס זאָלן מיר זיך נישט באַזעצן אין דער שטאָט, ווו ייִדן לעבן פֿרײַ — יעדער נאָך זײַן גוסט? איך, ווידער, האָב קיין חשק נישט געהאַט: איך האָב געוווּסט, אַז ער איז נישט קיין סוחר, און דאָ דאַרף מען אָנהייבן אויפֿבויען פֿון דאָס נײַ און איך מיט אַ קליין קינד. ווי וועל איך זיך קענען אָפּגעבן מיט מיסחר?

אונדז׳אָ׳מיר געהאַט באַקומען אַ בריוו פֿונעם אייבערראַבינער פֿון זנאַים, אַ שטעטל אין מערן, בײַ וועמענס קינד בנימין איז אַ צײַט לאַנג געווען אַ לערער. בנימין איז דעם ראַבינען אַזוי געפֿעלן, אַז ער איז געוואָרן זײַן פּערזענלעכער גוטער־פֿרײַנד און ער האָט געפּרוּווט

אים איבעררעדן, ער זאָל בײַם סוף פֿון דער מלחמה אַוועקפֿאָרן קײן פֿראַנקפֿורט־מײַן שטודירן אויף ראַבינער. בנימין האָט, פֿאַרשטייט זיך, נישט געוואָלט דערפֿון הערן. ווי קען ער ווײַטער שטודירן, אַז ער מוז אויסהאַלטן די משפּחה?

און ער האָט געשיקט דעם איבערראַבינער אַ פֿאַרבעטונג צו דער חתונה און צוגעשריבן, אַז ער האָט גוט געטראָפֿן, אַ מיידל נאָך זײַן געשמאַק, און ער האָפֿט, אַז זײַן לעבן וועט זיך איצטער לײַכטער אײַנ־אָרדענען, ווײַל זײַן כּלה האָט — אַחוץ אַלע מעלות, וואָס ער האָט זיך געוווּנטשן — אויך געלט און זי איז זייער פֿעיִק צו מיסחר. אויף דעם בריוול האָט דער איבערראַבינער געענטפֿערט — סײַ אים סײַ מיר — מיט אַ מזל־טובֿ און אויסגעליבט מיר דעם חתן ביז אין טאָג אַרײַן. איך זאָל אים דערקענען פֿון דער זײַט וואָס ער האָט אים דערקענט, וועל איך זײַן גליקלעך. ער ווינטשט זיך, אַז סע זאָל זײַן בײַם ייִדישן פֿאָלק אַ סך אַזוינע בחורים ווי בנימין שעכטער. זײַן ערלעכקייט, זײַן פֿײַנקייט, זײַן שטאָלצקייט מיט דעם וואָס ער איז אַ ייִד געפֿינט מען נישט! אַזאַ איידעלע פּרי דאַרף מען לאַנג זוכן. און טאַקע דערפֿאַר לייגט ער מיר פֿאָר, אַז תּיכּף נאָך דער חתונה זאָל בנימין אַוועקפֿאָרן לערנען און אַז ער וועט מיט גאָטס הילף אין אַ דרײַ־פֿיר יאָר פֿאַרטיק ווערן, וועט ער אים איבערגעבן זײַן שטעלע ווי אַ ראַבינער. מיר איז דאָס שטאַרק אײַנגעגאַנגען, אָבער בנימין האָט נישט געוואָלט דערפֿון הערן. איך האָב אים פֿאַרזיכערט, אַז איך וועל אים אויסהאַלטן און ווי ווײַט מעגלעך זײַן משפּחה פֿאַרזאָרגן, אָבער ער האָט געטענהט, אַז ער קען נישט אָנהייבן פּריידיקן דאָס, וואָס ער גלייבט אַליין נישט. פֿאַר קיין שום געלט אָדער כּבֿוד וועט ער מיט זײַן מויל נישט אַנדערש רעדן ווי ער קלערט.

האָב איך אים צוגערעדט, ער זאָל אין ווין זיך נעמען שטודירן מעדי־צין, אָבער ער איז געווען מיד פֿון לערנען טאָג ונאַכט. האָב איך געמאַכט אַ נול פֿון די אַלע פּלענער און האָב מיך געלאָזט קיין טשערנעוויץ זוכן פֿאַר אונדז אַ נײַע היים.

## ייִגאַלניצע שיקט מיר אַ גרוס

נאָך צוויי וואָכן פֿאָרן מיטן שווערן לײַב אויף דעם לאַסטוואַגאָן בין איך אָנגעקומען קיין טשערנעוויץ. כ׳בין פֿאַרפֿאָרן צו דער מומע שיינדל און האָב אָנגעהויבן מיך אַרומקוקן אויף אַ תּכלית. קיין סך גליקן האָב איך נישט אַרויסגעזען, ווײַל אַנשטאָט מע זאָל מיך עצהן וואָס צו טון, האָט יעדער פֿון מיר פֿאַרלאַנגט הילף. מע איז צוריקגעקומען פֿונעם קריג צעבראָכן און יעדער האָט געוווּסט, אַז איך האָב געמאַכט געלט, האָב איך כאָטש באַדאַרפֿט נעמען און עס צעטיילן, און מיר זאָל אויך עפּעס בלײַבן. איך האָב געזען מײַן מי איז געווען אַרויסגעוואָרפֿן. דאָס, וואָס איך זוך,

איז נישט אַזוי לײַכט צו געפֿינען. איך האָב מיר נישט געקענט קיין עצה גיבן. ס'האָט מיר שוין באַנג געטון אויפֿן גאַנצן משא־ומתן.

איך האָב געהאַט אין יזגאַלניצע נאָך איין מומע, דעם טאַטנס אַ שוועס־טער, די מומע מאַנציע. איך ווייס נישט ווי אַזוי זי איז געוואָר געוואָרן, אַז איך בין אין טשערנעוויץ. זי האָט אײַנגעשפּאַנט אירע צוויי אַלטע דאַרע פֿיס, און, אַזוי ווי קיין פּאַס האָט זי נישט געקענט קריגן, אַנגעטון דאָס שאַליקל מיט די שטעקשיך און געלאָזט זיך איבער צוויי גרענעצן. מיטן איבערשטנס הילף איז זי געקומען קיין טשערנעוויץ זיך זען מיט יונהס טאָכטער. זי האָט גערעדט „בראַיט״, ווי אַלע אין יזגאַלניצע. פֿון זינט איך האָב זי געדענקט, האָב איך זי נישט געקענט אַנדערש ווי וויינען אָדער קרעכצן, און גאָט האָט געהאָלפֿן זי האָט תּמיד געהאַט וואָס צו וויינען: אָט איז די קו געפּגרט — וואַי איז איר און אָך; האָט די גרויסע שׂרפֿה אויסגעבראָכן איז אַוודאי און אַוודאי „וואַי איז מיר!״ מיר זענען שוין אַזוי געוווינט געוואָרן, אַז אַנדערש האָט מען זיך די מומע מאַנציע נישט געקענט אויסמאָלן. אַז מע איז מיר געקומען זאָגן: עפּעס אַן אַלטע ייִדענע פֿרעגט זיך נאָך מיר, האָט זיך מיר נישט געקענט אַפֿילו חלומען, אַז יזגאַלניצע שיקט מיר אַ גרוס.

ווי זי איז אַרײַנגעקומען צו דער מומע שיינדל און האָט מיך דערזען, האָט זי אויסגעשאָסן אין אַזאַ געוויין — אַזוי וויינען האָב איך זי נאָך נישט געזען. און דאָס מאָל האָט זי נעבעך טאַקע געהאַט וואָס צו וויינען. זי האָט געהאַט דרײַ טעכטער: כאַנציע — אין איין עלטער מיט מיר; דבֿורה — צוויי יאָר ייִנגער; און די דריטע ליפּשע. אונדז'אַ'מיר געהייסן נאָך איין באָבע. איין זון האָט זי געהאַט — זוסיע, זייער אַ ווילער, האָט זיך אויסגעלערנט אין זאַלישטשיק בלעכערײַ און האָט געדאַרפֿט זײַן דער פֿאַרזאָרגער פֿונעם גאַנצן הויזגעזינד. האָט מען אים גענעמען אין דער מלחמה. ער איז געוואָרן פֿאַרוווּנדעט און איז געלעגן אַ קאַרג יאָר אין ווינער־נײַשטעטער שפּיטאָל. איך פֿלעג יעדעס מאָל פֿאָרן אים זען אין שפּיטאָל. ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט, האָב איך מער פֿון אים נישט געהערט, נאָר געוווּסט האָב איך, אַז ער איז אַהיימגעפֿאָרן.

איצט, אַז כ'האָב דערהערט זײַן מאַמעס געוויין, האָט זיך מיר אַזש פֿאַרדרייט דער קאָפּ. איך האָב אָנגעהויבן פֿרעגן אויף די קינדער. אַז דער פֿעטער איז געשטאָרבן, האָב איך געוווּסט, אָבער ווו איז זוסיע? אוי, אַ וויסטע בראָך! די פּעטליורטשיקעס זענען אַרײַן צו זיי אין שטוב און האָבן זיך עפּעס צון אים געטשעפּעט. און ווען ער האָט נישט געטון זייער רצון, האָבן זיי פּשוט אַרויסגענעמען אַ ביקס און האָבן אים דער־שאָסן. ס'האָט מיך שטאַרק באַנומען בײַם האַרצן — דאָס הייסט אַן אומ־גליק! — איבערגעלעבט פֿיר יאָר אין פֿעלד, געזונט געוואָרן פֿון דער שלאַכטוווּנד און דאָ, בײַ דער מאַמען אין שטוב אַזאַ ביטערן סוף!

ס'איז אַוועקגעגאַן אַ פּאָר שעה פֿון וויינען און קרעכצן, האָט זי צו מיר געזאָגט בזה־הלשון: „הער מיך אויס, יונהס טאָכטער! (בײַם באַמען

האָט זי מיך קיין מאָל נישט גערופֿן.) איך בין אויף דיר מוטל: גאָט האָט דיך אַראָפּגעשיקט, איך זאָל געהאָלפֿן ווערן. זײַ וויסן, אַז מײַן כאַנציע — קיין גרויסער פֿאַרשוין איז זי נישט; יונג איז זי אויך נישט; און קיין גרײַצער איז נישטאָ בײַ דער נשמה — האָבן מיר געפֿונען אַ בחור פֿאַר איר: מײַן זוסיעס אַ חבֿר, וואָס ער איז נאָך דעם אומגליק אַוועק קיין טשערנעוויץ. ער וויל מער נישט אָנקוקן פּוילן־גנבֿ און האָט געשריבן צו מײַן כאַנציען, אַז ווען זי קען דינגען אַ דירה און אויסמעבלירן, איז ער וויליק מיט איר צו שטעלן אַ חופּה. נו, ווי האָב איך אַפֿילו געקענט קלערן פֿון אַזעלכע זאַכן? איך האָב געבעטן גאָט, האָט ער דיך אַראָפּגעשיקט. וועסט מיר, מיט גאָטס הילף, טאַקע זען חתונה צו מאַכן די אָרעמע יתומה. איך האָב מיר גענוג אויסגעוויינט די אויגן, ביז איך האָב דערהערט דו ביסט דאָ".

בקיצור, כ'האָב געשיקט רופֿן דעם בחור און אים געהייסן דינגען אַ דירה, וואָס איז דעמאָלט געווען מיט גאָלד גלײַך. דעם דריטן טאָג איז מען מיר געקומען זאָגן, אַז די כּלה איז מיטן בינט בעטגעוואַנט אַריבערגעקומען. דאָס איבעריקע וועט שוין ליפּשע זיך דעם קאָפּ דאַרן... איך האָב מיך טאַקע גענומען צו דער אַרבעט. איך האָב דעם חתן געגעבן אויף דירה־געלט אויף אַ יאָר — אַנדערש האָט מען דעמאָלט נישט געקענט באַקומען קיין דירה.

שוין — אַ דירה איז דאָ, דאַרף מען מאַכן אַ חתונה. די כּלה אַ ביסל אָנגעטון, האָב איך געפּועלט בײַ מײַן מומע שיינדל, וואָס איז דעמאָלט געווען אין די פֿעדערן, אַז בײַ איר אין שטוב זאָל מען שטעלן די חופּה. מיר וועלן עס מאַכן אין אַ פּריוואַטיקצונאַכטס, אַזוי ווי בײַ די רבנים; און אונטערפֿירעכץ האָב איך געגעבן נתן גאָטעסמאַן און אָשר שטערנבערג (שיינדלס מאַן), וואָס איך האָב געוווּסט זיי וועלן געבן אַ שיין דרשה־געשאַנק. און ס'איז טאַקע אַזוי געווען. די גאַנצע משפּחה האָט זיך משׂמח געווען אויף דער חתונה. די אונטערפֿירערס האָבן געגעבן צו טויזנט ליי דער כּלה און די אַנדערע געסט האָבן געבראַכט פּרעזענטן פֿאַרן הויז: געפּעס, האַנטעכער, טישטעכער און אויך בעטוועש. מע האָט געטרונקען לחיים, פֿאַרביסן מיט לעקעך און געגאַנגען אַ מיצווה־טענצל.

אָט אַזוי האָב איך פֿאַרזאָרגט כאַנציע די יתומה מיט אַ מאַן: דער מומע געגיבן אויף צדקה־לדרך, און זי אויך געפּטרט, נאָר מיך האָב איך נישט געקענט מיט עפּעס פֿאַרזאָרגן.

## צוויי קעץ אין איין זאַק

פֿון ווין האָב איך באַקומען בריוו: כ'זאָל תּיכּף אַהיימקומען, ווײַל ציִשן די צוויי שוואָגערס טוט זיך חושך. כ'האָב דאָס דערהערט, האָב איך

אַלץ שטיין געלאָזט און בין אַהיימגעפֿאָרן. מיט אַ סך האָפֿענונג בין איך געקומען קיין טשערנעוויץ, מיט גאָרנישט בין איך אַוועק.

אויפֿן וועג האָב איך געהאַט צרות — כ'האָב נישט געהאַט קיין וויזום קיין עסטערייך, האָב איך געמוזט טעלעגראַפֿירן פֿון לינדענבורג. איז בנימין דעם צווייטן טאָג אַרויסגעקומען מיט אַ באַשטעטיקונג פֿון דער קהילה, אַז איך וווין אין ווין. ווען אונדז זע'מיר געזעסן אין צוג און איך האָב אים געפֿרעגט, וואָס סע הערט זיך אין דער היים, האָט ער מיר געענטפֿערט, אַז ווען איך וואָלט נאָך אַ פּאָר וואָכן דאָרט געווען, וואָלט איך געבליבן אָן אַ מאַן. סטײַטש, פֿאַר וואָס? „פֿרעג נישט." מײַן שוואָגער לעבט אַ גוטן טאָג, מע גייט אין די נאַכטלאָקאַלן, מע פֿאַרברענט אַ פֿאַרמעגן און אים באַהאַנדלט מען ווי אַ שיקיינגל. ר'איז טאַקע נישט קיין סוחר, אָבער אַזוי זיך לאָזן טרעטן מיט די פֿיס וועט ער זיך נישט לאָזן. ווען ער האָט געמאָנט אַ פּאָר קראָנען, האָט מען אים דערמאָנט, אַז ער האָט ערשט פֿאַר אַ פּאָר טעג גענומען. ווו האָט ער דאָס צעטרענצלט? ער איז זיי קיין רעכענונג נישט שולדיק. זיי ברענגען אויס מאַטניאָס מיט געלט, פֿרעגט קיינער נישט קיין חשבון און ער זאָל זיי אָפּגעבן חשבון פֿאַר יעדער קראָנע? וואָס — איז ער נישט קיין גלײַכער שותף? און אפֿשר נאָך מער? ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין געווען די הויפּט־פֿאַרדינערין און זיי וואַרפֿן עס און דאַרפֿן קיינעם קיין רעכענונג נישט אָפּגעבן?

די זאַך האָט מיך גאַנץ גוט פֿאַרדראָסן, נאָר איך האָב אים באַרויקט: אונדז וועט'מיר זיך אויפֿטיילן, וועט ווערן שטיל אין הויז. ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָט יעדער זיך געפֿילט שולדיק און מע האָט זיך געוואָלט פֿאַר מיר פֿאַרענטפֿערן. אָבער איך האָב געפֿרעגט די מאַמע, צי דאָס איז גלײַך, אַז זיי זאָלן באַלעבאַטעווען מיט מײַן געלט און מײַן מאַן זאָל מען אָפּזאָגן צו געבן, וואָס ער האָט געמאָנט?

„איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז ער שפּילט נישט אין קאָרטן, ער טרינקט נישט; טאָמער וויל ער העלפֿן זײַנע חבֿרים אָדער זײַן משפּחה האָט קיינער נישט, אַחוץ מיר, אים צו פֿרעגן שאלות!" „יאָ, דו ביסט אַ גוטער דאַברע־דורען!" האָט מיר די מאַמע געענטפֿערט, ער ווייסט דאָך נישט וואָס ס'הייסט געלט!" „זאָרג דיך נישט, מײַן טײַערע מאַמע, פֿאַר דעם, איך וועל מײַן שטעטל אַליין באַשטיין! ס'איז דיר געווען שווער אָנגעקומען מיך חתונה צו מאַכן, און אַז איך בין נאָר אַרויס פֿונעם הויז, האָט איר שיער נישט מײַן מאַן פֿאַרטריבן און איך וואָלט פֿאַרבליבן מיט אַ קינד אונטערן האַרץ! און דאָס געלט וואָס איך האָב אַזוי שווער פֿאַרהאָרעוועט צעגייט זיך דאָ ווי זאַלץ אין וואַסער!" די מאַמע האָט מיך פֿאַרשווירן, איך זאָל נישט מאַכן קיין רעש. „אַוודאי האָסטו נישט געדאַרפֿט אַוועקפֿאָרן און איבערלאָזן צוויי קעץ אין איין זאַק!" פֿאַרפֿאַלן.

ס'איז געוואָרן שלום און מע איז אַרומגעגאַנגען זוכן אַ דירה אָדער פֿאַר מיר אָדער פֿאַר זיי. משה האָט אויך געבורטשעט עפּעס וועגן אַ

געוועלב דינגען, אָבער איך האָב שוין געהאַט באַשלאָסן מער נישט קיין שותּפות צו האָבן. אונדז ווע׳מיר זיך אויפטיילן — און גאָט איז מיר און גאָט איז דיר. אָבער — דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט...

# אַ מיידעלע אַ שיינס

איך בין דעם זיבעטן אויגוסט געלעגן געוואָרן און האָב געהאַט אַ מיידעלע אַ שיינס, ווי אַלע זיבן וועלטן. מײַן שוויגער האָט זיך זייער געפרייט וואָס דאָס קינד איז געראָטן אין איר משפּחה, נישט אין מײַנער. מײַן געלעגן ווערן איז נישט געווען אַזוי לײַכט, און נאָך ווייניקער באַקוועם. ס׳איז שוין געווען מײַן וועג אין לעבן יעדן צו ווען דאָס לעבן לײַכטער מאַכן, און זיך נישט פאַרגינען. די מאַמע פלעג זאָגן: „נו, נו, ווײַז גאָט אַ וועג! אַזוי ווי מע ווײַזט אַ וועג, אַזוי העלפט ער!״ זי האָט געמיינט בנימינס משפּחה — ס׳איז געווען בײַ מיר דעמאָלט די שוויגער, לייציע און דער יינגסטער ברודער, לייב־בער. משה מיט ריוועציע וואָס זיי האָבן זיך געוואָרפן מיטן געלט, האָט זי געהאַלטן, אַז סע דאַרף אַזוי זײַן: זיי זענען דאָך געווען אירע קינדער, נישט קיין „פרעמדע רוחות.״ און דאָס איז געווען די סיבה פאַר מײַן קאַרגן פאַר מײַנעט וועגן. איך האָב דאָך געמוזט אויסגלײַכן די וואָג, בין איך געווען דער קרבן. אײַ ריוועציע, וואָס האָט ערשט געהאַט אַן אָפּעראַציע, האָב איך געזען, אַז זי זאָל האָבן דעם גרעסטן פּראָפעסאָר און דעם טײַערסטן סאַנאַטאָריום און די מעשׂה האָט אָפּגעקאָסט עטלעכ׳און דרײַסיק טויזנט קראָנען — אַ שטיק פאַרמעגן. אָבער אַבי זי איז געווען אויפן וועג געזונט צו ווערן. פון אַרויסצי׳ען זיך איז שוין קיין פראַגע נישט געווען.

כאָטש ס׳איז געווען אַ פולע שטוב מיט מענטשן, האָב איך געמוזט זײַן די אָרדענונג־היטערין. ווער טאַקע האָט געקענט טון די גראָבע אַרבעט אין שטוב? די מאַמע איז געווען אַ ייִדענע פון דער קיך. זי האָט נאָר געקלערט, וואָס מע קאָכט און ווו מע נעמט די לעבנס־מיטל. פון די ראַציאָנירטע זאַכן, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז געווען גענוג אויף איין צאָן. און די צוגעקומענע האָבן גאַרנישט באַקומען, נאָר די וואָס זענען פון פרי׳ער געווען אויף דער ליסטע, אַזוי אַז די מאַמע איז געווען פאַרנו־מען מיט לויפן זוכן, ווו מע קען קויפן אַ שטיקל פלייש אויפן שוואַרצן מאַרק.

די שוויגער — כאָטש נאָך נישט אַזוי אַלט, אפשר פופציק — איז אָבער געווען אַ פאַרוויינטע נשמה: דעם גאַנצן טאָג געזעסן איבערן קרו־נן־מנחה־סידור און געוויינט אויפן ביטערן מזל אירן. לייציע, מײַן מאַנס שוועסטער, איז דאָך געווען אַ גאַסט. און ריוועציע איז געווען נאָך אַ שווע־רער אָפּעראַציע און מע איז געווען צופרידן, אַז זי האָט אונדז נישט גע־בודעט: אָט גיב איר דאָס און אָט גיב עפּעס אַנדערש. אַזוי אַז די גאַנצע

הויזווירטשאַפֿט איז געפֿאַלן אויף מיר. און איך — מיטן שווערן לײַב — האָב אַלץ אָנגענומען מיט אַ פֿריילעכער מינע, אַבי סע זאָל זײַן שלום אין הויז.

אין אַ פֿרײַטיק, דעם זעקסטן אויגוסט 1920, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעטן אין שטוב, בין איך זייער מיד און הונגעריק געוואָרן. אין הויז איז נישט געווען צו פֿיל צו עסן, בין איך מיט בנימינען געגאַנגען אין אַ „ווירטסהאַוז" עפּעס איבערכאַפּן פֿאַר דער וועטשערע. דער גוייִשער באַ־לעבאָס האָט נישט געהאַט צו פֿיל פֿון וואָס אויסצוקלויבן, האָט ער אונדז סערווירט גערייכערטן הערינג מיט ביר. כ'האָב מיך צוגעכאַפּט צו ד'עם מאכל און אויפֿגעגעסן אַ גאַנצן הערינג מיט אַ קריגל ביר. אין דער היים האָב איך שוין קיין וועטשערע נישט געקענט אין מויל אַרײַן נעמען און בײַ נאַכט האָב איך באַקומען קרעמפּן.

איך האָב אויפֿגעוועקט בנימינען: „שטיי אויף, ס'איז מיר שלעכט. איך האָב שטאַרקע בויכווייטיק!" ער, מיינענדיק ס'איז פֿונעם הערינג, האָט מיך געטרייסט: ס'וועט באַלד איבערגיין, און איז ווײַטער געשלאָפֿן. איך האָב מיך אָפּגעקאָטשעלט ביז פֿאַר טאָג. און ווען די מאַמע און די שוויגער האָבן געהערט ווי איך דריי מיך אַרום און רײַס פֿון מיר שטי־קער, האָבן זיי געשריגן, פֿאַר וואָס ער איז נישט געגאַנגען נאָך דער באַבע.

די גוייִשע באַבע איז באַלד געקומען, מיך באַקוקט און געזאָגט, זי גייט ברענגען איר קלאַפּער־געצײַג. דערווײַל האָט זי מיך איבערגעלאָזט מיט אַזעלכע ווייטיקן, אַז איך האָב געמיינט, איך ווער צעריסן. איך האָב אָנגעהויבן בעטן, מע זאָל רופֿן אַ דאָקטער, אָבער מײַן שוויגער, אַ געניטע — זי האָט עפּעס אַן אַכט קינדער געבוירן — האָט געטענהט, אַז קינדער אָפּנעמען קער נישט צו קיין דאָקטער, נאָר צון אַ באַבע. איך האָב מיך געראַנגלט און זיי האָבן זיך געעצהט וואָס צו טון. אַז די באַבע איז צוריק־געקומען און האָט געזען, סע נעמט נישט קיין סוף, האָט זי זיך צעשריגן: מע זאָל ברענגען דעם דאָקטער, זי קען גאָרנישט טון. דער דאָקטער איז געקומען און זיך געגעבן אַ נעם צו מיר: מיך געבונדן און אויסגעדרייט דאָס קינד, ווײַל ס'איז געלעגן אין דער ברייט. מיט שווערן קאַמף האָט מען דאָס קינד אַרויסגענומען. איך האָב ביז הײַנט נישט פֿאַרגעסן מײַן גיין צו קינד מיט מײַן טעכטערל.

## לאָז אַלץ איבער און קום!

אָפּגעלעגן די קימפּעט — קיין צרות האָבן נישט געפֿעלט אויף דער־מאָלט. קיין פּרנסה איז שוין נישט געווען. אין אַ שיינעם טאָג קומט לייב־בער אַהיים מיט אַ רעש: מע פֿאָרט קיין פּאַלעסטינע, ער וויל אויך פֿאָרן. איך האָב אים געגעבן אויף הוצאָות און אויסגעריכט אין וועג אַרײַן. דער־נאָך האָט לייציע געזאָגט, זי וויל פֿאָרן קיין דרעזדן, דאָרט איז דאָ אַ

פּעטער, דן שוחט, אויך אַ פּליט, נאָר אַ גאַנצער מאַכער און דאָרט וועט זי צו עפּעס קומען. מע האָט זי אויך אויסגעריכט מיט אַלעם וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך געווען און אויך זי איז אַוועק.

דערווייל זע׳מיר געזעסן און געגעסן מזומן און דער ווינטער האָט זיך צון אונדז ביי צייטנס אַריינגעשטעלט. איך, נישט וויסנדיק וואָס צו טון, האָב מיר צעבראָכן דעם קאָפּ פאַר דער גאַנצער משפחה, אָבער מיט געבונענע הענט — אַ קליין קינד — האָב איך געמוזט וואַרטן. אַלע באַקענטע האָבן געמאַכט געשעפטן און איך, וואָס כ׳האָב יעדן געהאָלפן, האָב מיר נישט געקענט העלפן. ביז אין אַ טאָג זענען פון טשערנעוויץ אָנגעקומען אַ גאַנצער טראַנספּאָרט מיט היימישע מענטשן, וואָס זיי זענען געקומען האַנדלען. פון זיי האָב איך מיר אויסגעקליבן די ברידער פענכט, סימפּאַטישע יונגע סוחרים און האָב זיי פאָרבעטן צו מיר, מיט זיי מיך באַראָטן וואָס צו טון. זיי האָבן דענצמאָל געהאַט אַ געשיר־געשעפט אין טשערנעוויץ און האָבן גוט פאַרדינט.

זייער עצה איז געווען: אויב איך וויל נישט בלייבן אין ווין, זאָל איך קויפן עפּעס און עס אַראָפּשיקן מיט זייער סחורה. בנימין זאָל פאָרן מיט זיי, זיי וועלן אים העלפן פאַרקויפן די סחורה, אָדער — אויב סע וועט זיין שווער — וועלן זיי אַליין זיין די קונים און אים געבן אַ געהעריקן ריווח. איך האָב געפאָלגט זייער עצה: אַרומגעלאָפן איבער ווין, צונויפגעקויפט סחורה, דערנאָך עס אַוועקגעשיקט, אַזוי ווי יעדער האָט געטון. בנימין איז נאָך דעם אַראָפּגעפאָרן קיין טשערנעוויץ האַנדיק, אַז אָט שוין קומט אָן די סחורה און מיר וועלן פאַרדינען געלט. נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך די מעשה אַנדערש. בנימין איז אָפּגעזעסן אין טשערנעוויץ וואָכן און וואָכן און נאָך אפשר צוויי חדשים, ווען די סחורה איז אָנגעקומען, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיינע קאַסטנס זענען געווען אָפן, די בעסטע זאַכן האָבן געפעלט, די סערוויסן — צעבראָכן. פאַרקויפן אין הורט איז נישט געווען וואָס. האָט בנימין זיך געמוזט אַנידערשטעלן און אַנהייבן צו פאַרקויפן איינציקע שטיקלעך. דערצו האָט ער געדונגען אַ שטעלעכל אויפן מעלפּלאַץ. אַליין שטיין איז נישט מעגלעך געווען, האָט ער אָנגעשטעלט צוויי ווייבער, זיי זאָלן העלפן. און זיי האָבן טאַקע זייער גוט געהאָלפן, נאָר אָנשטאָט אים — זיך. און אַז די משפחה האָט דערזען, וואָס דאָרט טוט זיך — ער פאַרקויפט אויס די סחורה און קיין געלט האָט ער נישט — האָט מען מיר אָפּגעשריבן אַ בריוו און אַלץ צו וויסן געטון. ס׳איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן, ווען כ׳האָב דאָס דערהערט. האָב איך אים תיכף געשריבן, ער זאָל די סחורה ערגעץ אַריינשטעלן אין אַ קעלער און ער זאָל למען־השם תיכף־ומיד אַהיימקומען. ס׳איז שוין באַלד זעקס חדשים, ער איז אין דער פרעמד; דאָס קינד וועט וועלן וויסן, צי סע האָט אַ טאַטן און איך וויל אויך וויסן, אַז כ׳האָב אַ מאַן.

ער האָט מיך געפאָלגט און אונדז׳אַ׳מיר געהאַט אַ פריילעכן פסח. נאָך

די פּאָר גוטע טעג האָט מען אָנגעהויבן רעדן תּכלית. ער האָט מיר אָנגע־הויבן דערציילן די גליקן פֿון זײַנע זעקס חדשים זײַן אין טשערנעוויץ. זײַנע חבֿרים האָבן אים געראָטן, אונדז זאָל׳מיר אַראָפּקומען און זיך דאָרט באַזעצן. איינער פֿון זיי, זלמן בײַזער, זייער אַ פֿײַנער און ערלעכער מענטש און אַ גוטער סוחר, וויל זיך איצט מאַכן אַ געוועלב מיט אַ שותּף. און אַזוי ווי בנימין האָט אים דערציילט, ער האָט אַ זייער פֿעיִקע פֿרוי און געלט, איז ער געווען זיכער, איז אויך נאָך דאָ, האָט ער אים זייער צוגעראָטן. בנימין איז שוין געווען גרייט. איך האָב קליין חשק געהאַט. כ׳האָב שוין געזען דעם גוטן אָנהייב אין טשערנעוויץ און וועט געווען געוואָלט בלײַבן אין ווין. אָבער בנימין אין איין זײַט און די מאַמע אין דער צווייטער האָבן זיך אויף מיר אָנגעזעצט: סטײַטש, איך בין אַן עקשן און וויל נישט פֿאָרן! די מאַמע האָט זיך געהאַט איר גוטן גרונד דערצו: זי האָט געוווסט, אַז משה האָט מיך גוט געשטעלט צום צעטל; און זי האָט אויך געוווסט, אַז בנימין וועט דערזען, וואָס מע גיט אונדז אַרויס פֿון אַזאַ פֿאַרמעגן, וועט ער מאַכן אַ געוואַלד און סע וועט קומען צו שקאַנדאַלן. נאָך שווערע קאַמפֿן מיט מײַן שוואָגער, וואָס ער האָט מיר אַרויסגעצאָלט אַזאַ סומע, אַז ס׳איז געווען אַ געלעכטער, נאַכוויזנדיק, אַז אים איז אויך נישט מער געבליבן, האָבן מיר אָפּגעמאַכט צו פֿאָרן.

## מיר קומען צו פֿאָרן

איך, בנימין, דאָס קינד און די מאַמע זע׳מיר אָנגעקומען קיין טשער־נעוויץ דעם נײַנטן מײַ 1921. מיט אַ גרויסער וויטיק אין האַרץ, מיט מײַן שוועסטער און שוואָגער צעקריגט, האָט זיך ערשט דערנאָך אַרויסגע־שטעלט וואָס זיי האָבן צו מיר געטון. אַ פּאָר וואָכן נאָך אונדזער אַוועקפֿאָרן האָב איך אָפּגענומען אַ גרוס, אַז מײַן שוואָגער איז געוואָרן אַ גרויסער סוחר, זיך אויפֿגעמאַכט אַ געוועלב און האָט סחורה ווי דער גרעסטער געשעפֿטסמאַן אויף מאַריאַהילפֿערשטראַסע. מיטן געלט וואָס כ׳האָב געבראַכט, ווען סע זאָל געווען זײַן אַ נאָרמאַלע צײַט, האָט מען נאָך גע־קענט געבוג אויפֿטון. איז אָבער געווען אַ צײַט, וואָס רומעניע האָט נאָר וואָס געהאַט באַזעצט טשערנעוויץ און מע האָט געהאַט אויסגעביטן די קראָנען אויף ליי. דאָס האָט אונדז געגעבן אַ גוטן קלאַפּ. אונדזער קאַסע איז געוואָרן אַלץ מאָגערער. דערצו האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז בנימינס חבֿר האָט חרטה געהאַט צו גיין מיט אונדז אין שותּפֿות. בײַזער האָט געהאַט נאָך אַ חבֿר, און יענער האָט געהאַט פֿאַרשטופּט ערגעץ אין דער רוסישער גאַס אַ געוועלבל און כאָטש ער איז געווען אַ גוטער סוחר, האָט ער דאָרט קיין גליקן נישט געמאַכט. בײַזער, ווידער, האָט דאָך געדאַרפֿט אַ שותּף, האָט מען אונדז אײַנגערעדט מיר זאָלן אָפּקויפֿן פֿון אים דאָס געוועלבל און ער איז געוואָרן בײַזערס שותּף. בנימין האָט זיך

געלאָזט אײַנרעדן; און איך, זאָט פון שותפים, האָב געקלערט אפשר, טאָמער וועט מיר גאָט העלפן, כ׳וועל מיך קענען צושלאָגן צון אַ שטיקל פרנסה. כ׳האָב באַצאָלט אַ פּרײַז, וואָס ס׳איז קיין מאָל נישט ווערט געווען; אַרײַנגעלייגט געלט און האָב עס קיין מאָל נישט צוריקגעזען.

קיין שטוב צום וווינען האָבן מיר נישט געהאַט, אַ וווינונג איז געווען מיטן לעבן גלײַך. ווען אונדז זע׳מיר אָנגעקומען פון ווין זע׳מיר פאַרפאָרן אין דער שטיינגאַס נ׳ 28. דאָס איז געווען פרויקע גאָטעסמאַנס — אונדזערס אַ געשוועסטערקינדס — הויז. מײַן מאַמע, די אייביקע אָפּטי־מיסטקע, האָט געזאָגט: „וואָס זאָרגסטו זיך וועגן אַ דירה? איך וועל פרויקעלען אויסהאַקן די ציין, אַז ער וועט מיר נישט געבן אַ שטוב!” ער האָט אונדז קיין שטוב נישט געגעבן און זי האָט אים די ציין נישט אויסגעהאַקט. ווען אונדז זע׳מיר פון דער באַן אַהין פאַרפאָרן מיט דער פור, האָט דער גאַנצער הויף זיך צון אונדז צוגעלאָזט, צעקושט, געפרייט, געפרעגט וואָס מיר טוען, אָבער אַ שטוב ווו די זאַכן אַרײַנצולייגן האָט קיינער נישט געהאַט פאַר אונדז. אין דעם הויז האָט געוווינט דער מאַמעס שוועסטער — ציפּע גלאַזבערג; דרײַ געשוועסטערקינדער — נתן, לייבוש און שלמה־לייב גאָטעסמאַן, אַחוץ דער באַלעבאָס מיט זײַנע צוויי אויס־געגעבענע טעכטער און דער מאַמעס אַ נעפעט, שלמה. קיינער האָט נישט געפרעגט: „ווו וועט איר איבערשלאָפן די ערשטע נאַכט? ביז שלמה איז אָנגעקומען. ער איז צוגעקומען, זיך צעקושט און דאָס ערשטע געפרעגט: „מומע טויבע, איר האָט שוין אַ דירה?” אַז אונדז האָ׳מיר אים אָנגע־קוקט, ווי איינער רעדט: „וואָס דירה, ווען דירה? פון ווין מיטגעבראַכט אַ דירה?” האָט ער קיין סך נישט געקלערט און געזאָגט: „הײַדאַ, אַרויף מיט די פּעקלעך! וואָס שטייט איר דאָ פאַרשמאַכט?” ער האָט אונדז אַרויפגענעמען אין דער וווינונג — ר׳איז געווען אַ בחור אין די יאָרן, נאָר ער האָט נישט געקענט חתונה האָבן, ווײַל ר׳האָט געהאַט נאָך צוויי שוועסטער חתונה צו מאַכן: רחל און עטעלע. קיין טאַטע־מאַמע האָבן זיי נישט געהאַט, איז ער געווען צו זיי ווי געטרײַע טאַטע־מאַמע.

ער האָט געהאַט דרײַ גרויסע שטיבער ווי די וועלדער. איינע פון די דרײַ האָט ער געהאַלטן, טאָמער וועט רחל חתונה האָבן און נישט האָבן ווו צו וווינען. אַז ר׳האָט אונדז דערזען שטיין אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָט ער פאַרגעסן אין אַלע זאַכן, אונדז אַרײַנגעפירט אין דער לעצטער גרויסער שטוב און געזאָגט: „קיין מעבל איז נישטאָ, אָבער אַ גרויסע בריק אַ שיינע, און איר האָט דאָך בעטגעוואַנט, פאַרשטיי איך, גענוג. אָבער קודם קומטס אַרײַן, וואַשטס אײַך אָפּ, ווע׳מיר עסן וועטשערע. דערנאָך וועט איר אײַך אויסבעטן געלעגערס און זיך אויסשלאָפן, און מאָרגן ווע׳מיר זען וואָס צו טון!” אונדז׳אָ׳מיר אים געפאָלגט.

שלמה האָט געפרעגט די פרײַנט, פאַר וואָס קיינער האָט אונדז נישט געגעבן אַ שטוב, כאָטש זיי האָבן געהאַט שענערע און באַקוועמערע דירות. זיי האָבן אים — ניבע אין שפּאַס — געענפערט: „וואַרט, וועסטו זען,

צי דו וועסט קיין חרטה נישט האָבן?״ ס׳איז געווען אַזאַ ווײַנונגסנויט, אַז אַפּילו אַן אייגענעם ברודער האָט מען נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן אויף איבערשלאָפֿן. ס׳האָט אין טשערנעוויץ זיך דעמאָלט אַרומגעטראָגן אַ ווערטל: איינער איז געקומען צו גאָסט צום צווייטן, האָט ער אים געזאָגט: ״לאָז מיך נאָר איבערשלאָפֿן בײַ דיר, ביז דו׳סט דיר געפֿינען אַ דירה!״

## שווערע געזעגענונג

דאָס געוועלב האָ׳מיר תּיכּף איבערגענעמען, נאָר קיין דירה האָ׳מיר נישט געקענט באַקומען. די מאַמע האָט נעבעך געזען, ווי זי האָט מיך אַרײַנגעשלעפּט און האָט שטאַרק זיך געגעסן דאָס האַרץ. און אַז מײַן ברודער סראָל איז אַרײַנגעקומען, זען וואָס אונדז טו׳מיר, האָב איך אים געזאָגט: ״די מאַמע קען אויף דער בריק נישט שלאָפֿן. נעם זי אַרויס צו דיר אין דאָרף״. אַני, וואָס וועל איך טון מיט אַ קליין קינד? ס׳איז מיר דאָך געבונען די הענט. בנימין איז געשטאַנען מיט אַ שטעלע אויפֿן מעל־פּלאַץ מיטן געפּעס, און איך — מיטן קינד אויף די הענט — האָ׳מיך געמוטשעט אין געוועלב.

כ׳האָב באַלד געזען, אַז אונדז זע׳מיר אַרײַנגעפֿאַלן מיטן געוועלב. נאָך צוויי וואָכן זיך פּלאָגן, האָב איך מיך אויפֿגעזעצט און בין אַרײַנגע־פֿאָרן קיין וואָלטשעניץ, צו סראָלן, מיטן געדאַנק איבערצולאָזן דאָס קינד מיט דער מאַמען. ווײַל מיטן קינד אויף די הענט ווע׳מיר ביידע צו גרונט גיין. נישט קיין פּרנסה, נישט קיין היים, אַ גאַנצן טאָג פֿאַרשוואַרצט ווערן און אויף דער נאַכט זיך שעמען אַרײַנצוגיין שלאָפֿן. ס׳האָט דאָך געהייסן נאָר אַ נאַכט צוויי און סע זענען שוין וואָכן און אונדז זיצ׳מיר נאָך אַלץ יענעם אויפֿן קאָפּ. די גאַנצע וואָך געלעבט מיט טרוקענעם, נאָר אַז אונדז זע׳מיר אַרײַנגעפֿאָרן אויף שבת אין דאָרף אַרײַן צו סראָלן, האָ׳מיר געגעסן געקעכטס. און דעם שבת, ווען כ׳האָב באַשלאָסן איבער־צולאָזן דאָס קינד, האָב איך זי געמוזט אָנטווייַנען.

זי איז געווען אַ שוואַכס, אַ קינד פֿון עלעף חדשים. גיין האָט זי נאָך נישט געקענט, אָבער גערעדט יעדעס וואָרט און קלוג געווען ווי דער טאָג. זי האָט עפּעס געפֿילט, אַז כ׳וויל בײַ איר צונעמען די ברוסט — אָוועקרײַסן פֿון איר דאָס שטיקל ברויט — האָט זי דעם גאַנצן טאָג, שבת, נישט געוואָלט אָפּטרעטן פֿון מײַנע הענט און נישט געוואָלט גיין שלאָפֿן אָן מיר. אַז איך האָב מיך מיט בנימינען אַרויסגעגנבֿעט פֿאַר טאָג, לויפֿנ־דיק צו דער באַן, בין איך געווען באַוואַשן פֿון טרערן. כ׳האָב געוווסט, וואָס דאָס קינד וועט פֿאַרטרײַבן, ווען זי וועט זיך אויפֿכאַפּן און מיך נישט טרעפֿן לעבן איר. כ׳האָב מורא געהאַט, זי זאָל נישט פֿאַרבענקען. דערצו האָב איך נישט געוואָלט, סע זאָל עמעצער דערקענען, וואָס סע

קומט אין מיר פֿאַר, האָב איך עס אין מיר געפֿרעסן. אַזוי האָב איך אַריבערגעטראָגן די וואָך און קוים דערלעבט דעם פּריוואַטיק־צונאַכטס, איך זאָל שוין קענען זען מײַן קליין מיידעלע, וואָס בענקט אַזוי שטאַרק נאָך מיר.

די מאַמע מיטן קינד אויף די הענט זענען מיר אַקעגנגעקומען ביזן האַלבן וועג. און גרויס איז געווען אונדזער פֿרייד, ווען מײַן קליין עופֿעלע איז אַרויף אויף מײַנע הענט און נישט געוואָלט מיך אָפּלאָזן ביז זונטיק פֿאַר טאָג, ווען איך האָ׳מיך ווידער אַרויסגעגנבֿעט און בין ווידער צוריק־געפֿאָרן קיין טשערנעוויץ, ווידער צו דעם „באַשעפֿט" וואָס האָט געטויגט אויף טיש־און־נײַנציק כּפּרות.

# דער לעצטער קלאַפּ

איין מאָל, איז מײַן ברודער חיים געקומען מיט אַ פּלאַן, אַז אַזוי ווי אונדז׳אָ׳מיר שוין סײַ ווי אַ געוועלב, זאָל׳מיר איצט קויפֿן ציבעלעס אין סערעט, וואָס זומער, ביז סע קומען אָן די נײַע, ווערן זיי טײַערער. מ׳אָ׳מיר מסכּים געווען: זאָל זײַן ציבעלעס, אַבי עפּעס פֿאַרדינען! איך בין נישט געווען געניט אין די זאַכן, אָבער אַז חיים האָט מיך געראָטן, האָב איך געפֿאָלגט. (אפֿשר וועל איך דאָך קענען דאָס געשעפֿט אַרויס־שלעפֿן פֿון דער בלאָטע?) אָבער די דאָזיקע ציבעלעס האָבן מיר געגעבן דעם לעצטן קלאַפּ.

אַז דער שוואָב איז פֿאַרפֿאָרן דעם צווייטן מאַנטיק און האָט אָנגעהויבן אָפּצולאָדן די זעק מיט ציבעלעס, זענען זיך צונויפֿגעלאָפֿן די שכנים און יעדער וואָס האָט געהאַט גאָט אין האַרץ האָט מיר געגיבן אַן אַנ־דערע עצה... איינער האָט געזאָגט גיך פֿאַרקויפֿן, ווײַל ציבעלעס האָט ליב זיך אָנצוצינען; דער צווייטער האָט געזאָגט, אַז כ׳זאָל טאַקע דעם שוואָב באַשטעלן אויף שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן, ער זאָל מיר העלפֿן זיי אַראָפּפֿירן צום פּרוט: בקיצור — ס׳איז מיר פֿינצטער געוואָרן פֿון די עצות. כ׳האָב פֿאַרביסן די ציין און געשוויגן: איין דורכפֿאַל נאָכן אַנ־דערן. ביז כ׳האָב געזען: כ׳בין שוין באַלד בײַם דנאָ: נישט קיין געלט, נישט קיין שטוב צום וווינען...

ווען כ׳האָב אין דער פֿרי אויפֿגעמאַכט דאָס געוועלב, האָב איך דער־זען אַ „בלומען־גאָרטן"; אָבער די „בלומען", אַחוץ דעם וואָס זיי זײַנען קיין בלומען נישט געווען, האָבן זיי געהאַט נאָך אַן אַנדערע מעלה: אַנדערע בלומען, אַז זיי צעצוויטען זיך, שמעקן זיי, און ציבעלעס, אַז זיי הייבן אָן צוויטען — שטינקען זיי... נישט ווייסנדיק קיין אַנדערן אויסוועג, האָב איך שוין נישט געוואָלט אַפֿילו אויפֿמאַכן דאָס געוועלב. שלמה האָט געהאַט פֿון אונדז גרויסע צרות: ער האָט געזען ווי טיף מיר זײַנען געזונקען... האָט ער אויפֿגעשטעלט עטלעכע מעקלערס זיי זאָלן פֿאַר אונדז אַ דירה זוכן און מן־הסתּם אָנגעזאָגט וואָס פֿאַר אַ מין דירה. ער

האָט געוווּסט, אונדז'אַ'מיר דאָס גאַנצע געלט באַגראָבן אין צעבראָכענע טעלער און אין אַ געוועלב וואָס איז נישט ווערט געווען קיין צעבראָכע־נעם גראַשן און צום סוף נאָך — אַ וואַגאָן ציבעלעס, וואָס זענען אויס־געוואַקסן אין גאַנצע ביימער און — אַ ניע מעניאַטע, אַ ניע פּרידאַטע. ער האָט פאַרשטאַנען: מיר זענען שוין, ווי מע זאָגט, אַראָפּ אין גאַנצן פון דער מדרגה. כאָטש ער האָט אונדז אָנגעמוט צו לײַען געלט אויף אַ דירה, אָבער איך האָב נישט געוואָלט דערפֿון הערן: אונדז וועל'מיר דינ־גען אַ שטוב נאָר פֿאַר וויפֿל מיר זענען בכוח.

דערווײַל איז די משפּחה געוואָר געוואָרן וואָס בײַ אונדז טוט זיך, האָט מען אָנגעהויבן וועלן אונדז לײַען געלט. בײַ קיינעם האָב איך נישט געוואָלט נעמען, נאָר אַז שׂרה האַמער איז געקומען און מיר דערציילט אַ מעשׂה, זי און כײַציע האָבן אַ קניפּל, וואָס די מענער ווייסן נישט דערפֿון, און דערווײַל דאַרפֿן זיי עס נישט האָבן און איך קען דערמיט אפֿשר עפּעס טון, האָב איך אָנגענומען. כ'האָב גוט פֿאַרשטאַנען דעם שפּיל, נאָר כ'האָב נישט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אַראָפּשלינגען די ביטערע פּיל.

באַקומען פֿריש געלט, האָב איך פֿאַרשלאָסן מײַן קראָם און מיר גע־וווּנטשן, אַז ווען איך וועל קומען אין דער פֿרי, זאָל עס זײַן פֿאַרברענט אַן מענטשלעכן שאָדן. ס'איז אָבער נישט פֿאַרברענט געוואָרן, כ'האָב נאָך געדאַרפֿט באַצאָלן אַ פּאָר חדשים דירה־געלט אומזיסט. מיט די פּאָר הונדערטער אין קעשענע האָב איך באַקומען אַ ביסל מוט און אָנגעהויבן זוכן פֿאַרבינדונגען. איך האָב געהערט מענטשן פֿאָרן קיין לעמבעריק — פֿירן סחורה, ברענגען סחורה, פֿאַרדינען געלט. דאָס ערשטע האָ'מיר זיך געמאַכט צוויי פּעסער און באַלד האָ'מיר געטראָפֿן מענטשן וואָס האָבן אונדז דערציילט, אַז מע קען פֿאַרדינען, ווען מע קויפֿט אין טשערנעוויץ געוויסע אַרטיקלען וואָס זענען אין לעמבעריק נישטאָ, אָבער מע טאָר נישט צו פֿיל פֿירן פֿון איין מין. און אַזוי האָב איך מיט מײַן מאַן אָפּגעזוכט אַ געוויסן הער שראַגער, וואָס האָט אונדז געוויזן וואָס, ווער, ווען.

דאָס ערשטע מאָל האָט אונדז אַוודאי גוט געקלאַפּט דאָס האַרץ — מיר האָבן דאָך אײַנגעשטעלט דאָס פֿרעמדע ביסל געלט. אָבער צו ביסלעך האָבן מיר זיך אויסגעלערנט, אַז מע עסט קיינעם נישט אויף, ווען מע כאַפּט אַפֿילו מיט עפּעס מער ווי מע מעג. אַז גאָט האָט געהאָלפֿן נאָך אַ פּאָר מאָל פֿאָרן, אונדז'אַ'מיר שוין געהאַט אָפּגעגעבן דאָס געליגענע געלט, און אַליין אויך אַן אייגענעם טויזנטער געהאַט, האָט זיך אונדז געטראָפֿן אַ שטוב.

## אין דער לערכענגאַס

געלעגן איז די שטוב אונטערן צעצינער באַרג — אַ געגנט פֿון גרויסע קבצנים. די גאַס האָט געהייסן „לערכענגאַס" (האַלב דײַטש, האַלב יידיש).

אויסגעזעצן האָט אונדזער נײַע היים ווי אַ קופּע ליים אין דער פֿאָרעם פֿון אַ הויז. איך בין געווען אַזוי מיד פֿון אַרומזוכן, אַז איך האָב געקלערט: לאָז אַפֿילו זײַן אַ גרוב, אַבי אַ היים. אַרײַנקומענדיק אין דער וווינונג, איז מיר אוודאי נישט ליכטיק געוואָרן אין יעדן אבֿר... דאָס הויז איז באַשטאַנען פֿון פֿיר באַזונדערע שטיבער און אין יעדער שטוב האָט גע־ווווינט אַ משפּחה: אַ מאַן, אַ ווײַב און אַ פּאָר קינדערלעך. דאָס מעבל איז באַשטאַנען פֿון אַ בעט, אַ באַמבעטל און אַ צעבראָכענעם טיש מיט איינעם אָדער צוויי בענקלעך. מער איז דאָרט נישט געווען ווו אַנידער־צושטעלן. דערפֿאַר האָבן זיי — יעדער באַזונדער — פֿאַרמאָגט פּיסקע־לעך, אמתע פּה־קדושלעך. צי ווילנדיק, צי נישט־ווילנדיק האָט מען געמוזט זײַן יעדן טאָג עדות פֿון קריגערײַ, געשלעג און אויסטערלישע קללות; נעמען פֿאַר עדות ווער ס'האָט וועמען פֿריִער באַפֿאַלן מיט דער פֿאַמייניצע. דאָס הויז האָט געהערט צו צוויי שותּפֿים און יעדער פֿון זיי האָט געוווינט אין איין שטוב.ביידע האָבן געהאַט טעכטער, וועמען זיי האָבן געגעבן נדן העלפֿט פֿון זייער טייל — דאָס הייסט אַ פֿערטל פֿון דער קופּע ליים.

די שטוב וואָס מיר האָבן געדונגען האָט געהערט צו פּרעפּסלערן, אַ געוועזענער שוסטער, אַ דעכעוויטשנער, אַ קראַנקער, וואָס אין דער יוגנט פֿלעג ער לאַטען אַלטע שקראַבעס. אָבער אין דער צײַט, וואָס ער איז געוואָרן אונדזער באַלעבאָס, האָט ער שוין אַפֿילו דאָס נישט געקענט טון. זומער איז ער געזעסן אויף דער פּריספּע און געהוסט; און ווינטער — געליגן אין בעט. כאָטש ער איז געווען אַ חולה־מסוכן האָב איך קיין מאָל נישט געזען און נישט געהערט, אַז ער זאָל רופֿן אַ דאָקטער. „דאָס איז נאָר פֿאַר נגידים געזאָגט געוואָרן" פֿלעג ער זיך ווײַצלען.

דאָס ווײַב זײַנס איז געווען זייער אַ ווױלע יידענע, אַן אמת יידישע מאַמע און אַן אשת־חיל. זי פֿלעג זומער און ווינטער שטיין מיט אַ בודקע און פֿאַרקויפֿן געבדזן פֿלייש און שמאַלץ. זי האָט זייער שווער געהאָרע־וועט, אָבער תּמיד — פֿריילעך און קיין מאָל זיך נישט געקלאָגט אויף איר מערכה, דעם מאַן געהאַלטן אין כּבֿוד, די קינדער קיין מאָל נישט געשלאָגן צי געשאָלטן. פֿאַרקערט, אַהיימגעקומען פֿון מאַרק האָט זי פֿאַר יעדן עפּעס אַהיימגעבראַכט: אַן עפּעלע אָד"גל. אַז זי האָט געהאַט אַ גוטן טאָג, פֿלעג זי קויפֿן פֿאַרן מאַן אַ האַלבע קאָרט מילעך, נאָר קיינער האָט נישט געטאָרט טרינקען דערפֿון, בלויז ער.

ווי שוין דערמאָנט, האָט זי געגעבן די צווייטע שטוב איר טאָכטער, פֿראַדל. און אַז די פֿראַדל האָט שוין געהאַט צוויי קינדער, און איר מאַן — אויך אַ שוסטער — האָט אָנגעהויבן גוט צו פֿאַרדינען, האָט ער מער נישט געוואָלט וווינען צישן דער כאַליאַסטרע און געפֿאָדערט פֿונעם שווער אָפּטרעטגעלט. מע האָט זיך לאַנג נישט געדונגען, ווייל ס'איז נישט געווען איבער וואָס זיך צו אַמפּערן: נישט זיי האָבן געהאַט אַ פּרוטה בײַ דער נשמה און נישט ס'איז געווען זיך ווו צו לײַען. נאָר וואָס דען? אַ שטוב

איז דעמאָלט געווען מיטן לעבן גלײַך, האָט מען באַשלאָסן צו זוכן אַ קאָמעניק. און ליפּשע, די גרויסע סוחרטע, וואָס האָט ערשט געקערט וועלטן, געהאַט אַ גרויס פֿאַרמעגן, האָט געמוזט בייגן דעם קאָפּ און דינגען די שטוב.

אַ חוץ וואָס ס׳איז געשטאַנען אונטערן באַרג — דער רעגן און שניי זענען געווען מער אינעווייניק ווי אין דרויסן — האָט געררונען פֿון די ווענט ווי אַ קוועלנדיק וואַסער. דאָס אָרט וווּ מע האָט געדאַרפֿט אָפּטון די מענטשלעכע באַדערפֿענישן איז זומער נאָך געווען האַלבע צרות. אָבער ווינטער האָט מען אויף קיין פֿאַל נישט געקענט זיך צושלאָגן צו דעם. דאָס קעסטל האָט געהאַט אַ ברעט פֿון אויוון עלעהיי אַ דאַך און צוויי ברעטלעך צו די זײַטן. אײַ, מע האָט געקענט אַרײַנקוקן... נו, ווּעמען איז דאָס אָנגעגאַנגען? מע האָט דען נישט געוווּסט וואָס מע גייט דאָרט טון?

אַ כּלל — מע האָט אויסגעשמירט און אויסגעקאַלעכט די שטוב; געלייגט אַ בריק, וואָס איז ביז אַ פּאָר חדשים געווען פֿאַרפֿוילט. איך האָב געקויפֿט אַ בעט, אַ זאָפֿע, אַ שאַפֿע און אַ קליין טישל. מער האָט אין דעם שטיבל נישט געקענט אַרײַן. דערנאָך בין איך אַרײַנגעפֿאָרן אין דאָרף אַהיימנעמען די מאַמע מיטן קינד. דאָס צאַרטע מיידעלע מײַנס מיט די בענקענדיקע אויגן האָט זיך זייער געפֿרייט צו זײַן מיט טאַטע־מאַמע אין איינעם. אָבער בין איך דען געזעסן אין שטוב?

פֿון דאָרף האָב איך מיטגעבראַכט אַ שיקסל — אַ „דינסטאַק,“ ווי די מאַמע פֿלעג זאָגן. קיין סך האָב איך פֿון איר נישט געקענט פֿאַרלאַנגען — זי איז אַליין געווען אַ קינד פֿון צען יאָר — אָבער שפּילן זיך מיט בעל־ציעלען און זי אַרומטראָגן — דאָס האָט זי געקענט. שלאָפֿן, האָט איר פֿאָטער געזאָגט, קען זי אויף דער בריק; און צאָלן וועל איך איר דאַרפֿן נאָך אַ יאָר אָפּזײַן. קויפֿן איר אַ פּאָר שיך מיט אַ פעלצל האָב איך געמוזט, ווײַל זי איז נעבעך געגאַן באָרוועס און אָפּגעריסן. כ׳האָב נישט געוואָרט אויף אַ גאַנץ יאָר, כ׳האָב זי באַלד אָנגעטון, און יעלענע האָט זיך גאַנץ גוט געשפּילט מיטן קינד, געפֿאָלגט די מאַמע אַ גאַנג, און אַזוי אָפּגעווען בײַ מיר אין דינסט אַ פֿיר יאָר.

מײַנע שכנים זענען געווען, ווי שוין דערמאָנט, די פּרעפּסלערס. אָרעמע אָבער שטילע מענטשן, פֿאַר דער מאַמען געהאַט דרך־ארץ און סע וואָלט געווען גאַנץ פֿרידלעך. איז אָבער די צווייטע העלפֿט פֿון הויז געווען באַוווינט פֿון אַזוינע שלעק — דאָס גיהנום! די שותּפֿים פֿון אונדזער באַלעבאָס זענען געווען צוויי אַלטע לײַט, קראַנק און פֿאַרמרה־שחורהט. נו, מילא, מיט זיי וואָלט מען שוין ווי ס׳איז אויסגעקומען, האָבן זיי געהאַט דרײַ מיידן מיט פֿײַערדיקע פּיסקעס, וואָס פֿלעגן זיך טאָג און נאַכט קריגן מיטן טאַטן, דער מאַמען, צישן זיך, און אַז מ׳איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די שטובמענטשן האָט מען זיך גענעמען צו די שכנים. מיט אונדז האָבן זיי קיין געשעפֿטן נישט געהאַט, אָבער אַקעגן אונדזער

שטוב האָט געוווינט די אויסגעגעבענע טאָכטער זייערע (אויך געקראָגן די שטוב פֿאַרן נדן). ער, אַ סטאָליער, האָט אין דעם שטיבל געהאַט זײַן וואַרשטאַט, וואָס בײַ טאָג איז עס אויך געווען דער טיש צום עסן, און בײַ נאַכט — זײַן געלעגער. שיפֿרה, זײַן ווײַב, האָט אים גערופֿן „מײַן פּרנסה־באַגראַבער." זיי זענען זיך כּסדר געלעגן אין די האָר, נאָר קריגנדיקערהייט האָבן זיי דאָך פֿיר קינדערלעך אויף דער וועלט געבראַכט, וואָס האָבן זיך געמוטשעט אין דעם קליינעם שטיבל. אַלע אין איינעם האָבן זיך אַרומגעריסן און מיר האָבן דאָס געדאַרפֿט צוהערן, זיי פֿאַרגלײַכן און איבערבעטן.

# אונדז מוז'מיר אוועק פֿון דאַנעט

די שוויגער, וואָס אונדז'אָ'מיר זי איבערגעלאָזט אין ווין, אַז זי האָט געהערט אונדז'אָ'מיר שוין אַ דירה, האָט זי אָנגעהויבן שרײַבן זי וויל קומען צון אונדז. וואָס האָט מען זי איבערגעלאָזט אין דער פֿרעמד? האָ'מיר איר געשיקט אויף הוצאָות און זי איז אין אַ גוטער שעה געקומען צו פֿאָרן צון אונדז אין „גוט" אַרײַן, אין דער לערכענגאַס. זע'מיר שוין געווען פֿינעף אירע אינעם קליינעם שטיבל — די מאַמע איז ווידער אוועק קיין ווין און די שוויגער האָט איבערגענומען דאָס באַלעבאַטישקייט, מישטיינס געזאָגט! איך און בנימין זע'מיר די גאַנצע וואָך נישט געווען אין דער היים, אָבער דערפֿאַר האָט סראָלס טעכטערל, דאָראַ (דבֿורהלע) בײַ מיר געוווינט, בעת זי איז געגאַן אין שול. סראָל פֿלעג אַרײַנברענגען יעדע וואָך פֿאַרן קינד אַ שטיקל קעז און פּוטער, אַ פּאָר אייער, כאָטש סע האָט חלילה בײַ אונדז גאָרנישט געפֿעלט אין שטוב. אונדז פֿלעג'מיר אַהיימברענגען פֿון כּל־הגוטס. און כאָטש ס'איז געווען ענג און באָס, האָט דאָס שטיבל — ווען אונדז זע'מיר געווען אין דער היים — געזונגען און געטאַנצט מיט ביילציעלען און דבֿורהלען, יעלענע אין דער מיט. אויך האָ'מיר געהאַט שכנים: משה האָפֿנבערג מיט זײַן ווײַבל בינה, פֿונעם צווייטן הויז, נאָך גרעסערע קבצנים פֿון אונדז. מיט זיי פֿלעג'מיר אָפּהוליען האַלבע נעכט. שפּעטער, ווען אונדז'אָ'מיר געוווינט אין דער שטיינגאַס, זע'מיר ווידער געווען שכנים מיט זיי.

איך און בנימין זע'מיר געווען אין דער היים נאָר שבת. פֿון זונטיק ביז פֿרײַטיק אין דער פֿרי פֿלעג'מיר זײַן אונטער וועגנס. נאָר צווי נעכט אַ וואָך פֿלעג'מיר שלאָפֿן אין אַ בעט, די אַנדערע האָ'מיר זיך געוואַלגערט אין די באַנען. אַזוי האָ'מיר זיך געפּלאָגט מער ווי אַ יאָר ביז אונדז'אָ'מיר זיך דעראָביעט אויף צו קענען קלערן פֿון מאַכן אַ געוועלבל (אויפֿן מעל־פּלאַץ).

סע זענען געלאָפֿן די טעג, די וואָכן און סע האָט שוין געהאַלטן בײַ יאָרן. מיט נויט און שוויס האָ'מיר אַרײַנגעשלעפּט אין געוועלב אַ ביסל

סחורה, אָנגעליגן בײַ דער זון, דער לבֿנה, געצאָלט אַזױנע פּראָצענט, אַז ס׳איז נישט מעגלעך געװען צו קענען באַצאָלן אַ מאָל דעם קרן. נאָר מיט שװערער אַרבעט און בטחון צו גאָט געהאָפֿט אַ מאָל זיך צו באַפֿרײַען פֿון די פּראָצענט. איז אָבער אונדזער מײדעלע מיט אַ מאָל זײער קראַנק געװאָרן. כ׳האָב שױן פֿאַרגעסן אין געשעפֿט — אײן שרעק האָט מיך אַרומגעכאַפּט: מײַן קינד! און דאָס אַרגסטע איז געװען װאָס די דאָקטערין האָט נישט געװוּסט פֿון װאַנעט אַזאַ הױכע היץ נעמט זיך. זי האָט מיר געזאָגט, אַז לױט איר אָפּשאַצונג מוז זי האָבן די גוטע קרענק װאָס גײט אום אין שטאָט. זי װעט זען מאָרגן — איבער מאָרגן. דאָס קינד האָט דערװײַל נישט געקענט ליגן אױפֿן געלעגער, נאָר בײַ מיר אױפֿן האַרץ טאָג און נאַכט. די דאָקטערין האָט פֿאַראָרדנט צולײגן אײַזבײַטלען — דאָס אײנציקע װאָס קען אַראָפּדריקן די היץ. אַכט טעג איז זי אַזױ געלעגן אױף מיר אָן קײן שום בײַט. אַז איך האָב געפֿרעגט די דאָקטערין: װאָס דאָס איז פֿאַר אַ חולאַת, האָט זי מיר דערלאַנגט די גוטע בשׂורה, אַז די טעג איז בײַם ד״ר אַנהאַוד אַװעקגעגאַנגען אױף דער קרענק זײַן אײנציק, צעניעריק קינד. װען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך זי אָנגעהױבן בעטן: אפֿשר האָט זי אַ טעות? זאָל זי דאָס קינד נאָך אַ מאָל אונטערזוכן! זי האָט גענומען דאָס קינד באַקוקן, און װי זי האָט זי אָפּגעהערט האָט זי אױסגעשריגן: „גאָט, מײַן גאָט, אַזאַ פֿאַרזען! דאָס קינד האָט געקענט פֿון דער װעלט גײן!‟ זי האָט מורא געהאַט, ס׳איז פֿאַליאָ און געהײסן טון פּונקט דאָס פֿאַרקערטע. ס׳איז גאָר געװען אַ שװערע לונגען־אָנצינדונג.

װי אונדז׳אָ׳מיר דערהערט, אַז ס׳איז נישט פֿאָליאָ, איז די גדולה געװען גרױס. איצט האָב איך געדאַרפֿט מיטן קינד אַרומגײן, זי נישט לאָזן ליגן אַ מינוט, געבן איר אַ סירופּ און גאָט װעט העלפֿן: אַז דאָס קינד האָט אױסגעהאַלטן ביז הײַנט, װעט עס בלײַבן לעבן און װעט אױסװאַקסן אַ װוילע מויד דעם מלאך־המוות אױף צו להכעיס. „אָבער אַז איר װילט דאָס קינד זאָל געזונט זײַן, מוזט איר אַרױס פֿון דער נאַסער דירה. ס׳איז נישט פֿאַר אַזאַ צאַרט נפֿשל װי זי!‟ האָט מיר די דאָקטערין געזאָגט.

## פֿרײלעכע טעג

אין די אַלע שװערע לעבנס־באַדינגונגען די ערשטע צײַט אין טשערנעװיץ, האָבן מיר אױך געהאַט פֿרײלעכע, גוטע טעג. אַז ס׳איז געקומען אַ שבת־צונאַכטס, אַ יום־טובֿ, װען אונדז זע׳מיר געװען אין דער הײם, האָט מען פֿאַרגעסן אַלע זאָרגן; מ׳האָט אױסגעניצט יעדע מינוט און הנאה געהאַט; מ׳האָט געזען אונדזער מײדעלע זאָל זיך פֿרײען.

אַזױ געדענק איך אײנעם אַ פּורים. אַ גאַנצן טאָג איז מען געזעסן אין געװעלב, פֿאַרשטעלערס זענען אַרײַן־ און אַרױס־געגאַנגען. ס׳איז געװען אײַנגעטײלט קופּקעלעך געלט צעטײלט צו װערן. אין דער פֿרי זענען

געוויינלעך געגאַן די קלענערע חבֿרה: אַרײַנגעקומען, אָפּגעזונגען אַ פּורים־לידל, באַקומען אַ פּאָר מטבעות, און — ווײַטער געגאַן. דערנאָך האָבן זאַנ־געהויבן גיין עלטערע, שוין נישט קיין פֿאַרשטעלטע, נויט־באַדערפֿטיקע, אָנגעקומען מיט: „אַ גוט יום־טובֿ, ייִדן! הײַנט שעמט מען זיך נישט, מ׳ניר דאַרפֿן אויף פּסח.״ פֿאַרשטייט זיך, זיי האָט מען געגעבן גרעסערע נדבֿות; נאָך מיטאָג זענען שוין געקומען באַלעבאַטים צו צוויי, דרײַ מיט אַ מאָל. זיי האָבן שוין געמאָנט נישט חלילה פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר געפֿאַלענע באַ־לעבאַטים אָדער אַלמנות, וואָס פֿלעגן זיך שעמען אויסצושטרעקן די האַנט פֿאַר מעות־חיטים. פֿאַר די סאָרט מאַנערס האָט מען געמוזט טיפֿער אַרײַנשטעקן די האַנט אין קעשענע, צי מע האָט געקענט צי נישט. פֿאַר נאַכט איז מען אַהיימגעגאַן פֿראַווען פּורים מיטן הויזגעזינד.

אָפּגעגעסן די פּורימדיקע סעודה, איז מען געזעסן בײַם טיש און מיטן מיידעלע געזונגען. פּלוצעם מאַכט זיך אויף די טיר און משה האָפּנבערג, אונזער פּריילעכער גוטער־פֿרײַנד, שטעלט זיך אַרײַן. וואָס זיצט איר דאָ? אין שטאָט קערט מען וועלטן, ס׳איז אַן אמתדיקער פּורים! אַנו, טו׳טס זיך אָן, נעמטס דאָס קינד און קומטס!״ ווער האָט זיך געקענט אָפּטשעפּען פֿון אים? נישט מיט גאָר גרויסן חשק האָ׳מיר געפֿאָלגט: זיך צונויפֿגע־נעמען און געגאַן אין שטאָט אַרײַן. אויפֿן וועג האָט ער בנימינען אײַנ־גערעדט אַ סוד, און מיר האָט ער געזאָגט, איך זאָל מיט בעלציעלען אַרײַנגיין צון אים אין שטוב, זיי וועלן שפּעטער נאָכקומען. ס׳האָט גע־דויערט אַ היפּש ביסל צײַט, ביז די צוויי האָבן זיך אַרײַנגעשטעלט מיט אַ פּאַק קליידער. אַז זיי האָבן אויפֿגעפּאַקט די זאַכן און כ׳האָב דער׳זען וואָס דאָרט טוט זיך, האָב איך אויסגעביטן חלומות: „שטײַטש, איר זענט אַראָפּ פֿון די געדאַנקען?״ אָבער משה האָט געטענהט: „תּמיד טו איך וואָס איר ווילט, הײַנט מוזט איר טון וואָס איך וויל.״ סע זענען געווען זאַכן צום פֿאַרשטעלן זיך. ער האָט שוין לאַנג געקלערט מיר אָפּטון אַזאַ שפּיצל — פּראַווען אַ פּורים, סע זאָל זײַן צו געדענקען. איך האָב אָנגעהויבן טענהן: „וואָס טו איך מיטן קינד?״, האָט ער געהאַט אַ פֿאַרטיקן תּירוץ: זײַן שוועסטער פּעסיע וווינט דאָס צווייטע הויז פֿון זיי, וועט ער זײַנע צוויי ייִנגלעך, ביאָקאָ און סאָלאָ, און מײַן מיידעלע אַהין אַרײַנברענגען און מיר וועלן גיין פּראַווען פּורים.

ס׳איז אַזוי געבליבן. די קינדער האָט מען איבערגעלאָזט און זיך פֿאַר־שטעלט. בנימין מיט משהן זענען געווען גלחים; בינה — אַ קליין ייִנגעלע, און מײַן מונדיר איז געווען פֿון אַ הייליקער שוועסטער. אַז אונדז׳אָ׳מיר זיך איבערגעטון, אָנגעטון מאַסקעס, פֿאַרדרייט דאָס לשון, האָ׳מיר זיך אַליין נישט דערקענט. דער ערשטער וועג איז געווען צום שאָצער רבין, ווײַל משהס פֿאָטער איז געווען דאָרט גבאי, איז ער געווען זייער גוט באַקאַנט מיט אַלץ, וואָס סע טוט זיך אין הויז. ווען אונדז זע׳מיר אָנגעקומען און משה האָט אָנגעהויבן צו זינגען חזנישע שטיקלעך, איז עס דעם רבין זייער געפֿעלן: „דאָס איז נישט קיין פּראָסטע פֿאַרשטעלערס, האָט ער געזאָגט,

געלט ווילן זיי נישט, דאַרף מען זיי געבן כּיבוד!" דערנאָך האָט ער צוגע־רופֿן בינהן — דאָס פֿאַרשטעלטע יינגעלע — און „אים" געפֿרעגט וואָסער סדרה סע גייט די וואָך. זי האָט אָנגעהויבן היקען: זי איז נישט געגאַן די וואָך אין חדר, זי איז געווען קראַנק.

נאָכן אָפּפּרייען זיך מיט אַלע געסט, וואָס זיי זענען געזעסן בײַם רבינס טיש, האָ'מיר זיך געזעגנט און אַרויסגעגאַן. אין דרויסן האָט משה געפֿרעגט: „נו, וואָס ווײַטער?". האָב איך מיך אָנגערופֿן: „משה, פֿריילעך מאַכן זיך האָט איר אונדז געפֿירט, אַ ביסל פֿריילעך מאַכן אָרעמע קראַנקע מענטשן וועל איך אײַך פֿירן!" נישט ווײַט האָט געוווינט מײַן מומע שיינדל — ערשט גרויסע נגידים געווען, איצט זענען זיי אַזוי אַראָפּ פֿון דער מדרגה, אַז אַ שטיקל ברויט האָט אַ מאָל געפֿעלט אין שטוב; און דערצו איז די מומע געלעגן שווער קראַנק. אַז אונדז זע'מיר אַהין אַרײַנגעקומען, איז זי געווען אַליין מיט איר טאָכטער פֿריצי. קיין סימן פֿון קיין יום־טובֿ האָט מען נישט געזען. דער מאַן, דער פֿעטער אָשר, מיט די צוויי יינגלעך, ווילי און זיגי, זענען אַוועק צו דער משפּחה. אונדז'אָ־מיר זיך געמאַכט גאַנץ היימיש. משה מיט בינהן זענען געווען גוטע טענ־צערס, האָבן זיי געבעטן פֿריצין, זי זאָל שפּילן אויף דער פֿאַרטע־פּיאַנע און זיי האָבן אָנגעהויבן טאַנצן. איך האָב מיך אַוועקגעזעצט בײַם בעט און געבעטן די קראַנקע זי זאָל עפּעס זינגען. (זי פֿלעג אַ מאָל זייער שיין זינגען.) זי, שטאַרק פֿאַרוווּנדערט, האָט געפֿרעגט: „מאָסיו, פֿון וואַנעט ווייסטו, אַז איך קען זינגען?" און זי האָט אַ זאָג געטון צו פֿריצין: „אַנו, נעם דיך צו דער מאַסיו, פֿריצי! זי ווייסט מער וועגן אונדז ווי וואָר ס'איז אין טשערנעוויץ." פֿריצי איז צו מיר צוגעשטאַנען, איך זאָל מיט איר טאַנצן. נאָר ווי זי האָט מיך אַרומגענומען און געגעבן אַ דריי, האָט זי געגעבן אַ פּאַטש מיט די הענט: „מאַמע, דאָס איז ליפּשע!" כ'האָב שוין אויסגעטון די מאַסקע און אונדז זע'מיר אַלע נאָך געזעסן און זיך זייער גוט פֿאַרווײַלט. מײַן מומע האָט מיר קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן יענעם אָוונט.

אַרויסגייענדיק פֿון דער מומע שיינדל איז אונדז נישט געווען אַזוי פֿריילעך אויפֿן האַרץ, האָב איך געוואָלט, איידער מע גייט אַהיים, זאָ'מיר מיטנעמען עפּעס אַזוינס וואָס נישט אַלע פּורים קען מען דאָס זען: „מײַנע מיטגייערס האָבן זיך אָנגעכאַפּט — ס'אַ גוטער געדאַנק. כ'האָב געוווּסט, אַז נישט ווײַט פֿראַוועט מען הײַנט אַ שׂימחה: ליידע פּרעשל און לייבוש גאָטעסמאַן, צוויי שוואָגערס, זענען זיך משדך. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָרט וועט זײַן פֿריילעך. כ'האָב אויך געוואָלט זײַן פֿון די ערשטע אָפּצו־געבן מזל־טובֿ דעם טײַערן בחור אַבֿרהמציע פּרעשל און זײַן כּלה לאָטי גאָטעסמאַן. אַבֿרהמציע איז געווען, ווי מע זאָגט, מײַן אויפֿציקינד. ער איז קליינערהייט נישט געגאַן שלאָפֿן ביז איך האָב אים נישט געזונגען אַ ליד. און אַז ער איז קראַנק געוואָרן, האָב איך נישט געטאָרט אָפּטרעטן

פון זײַן בעט. הײַנט, אַז ער ווערט אַ חתן, איז בײַ מיר געווען נישט מער ווי רעכט איך זאָל דאָרטן זײַן.

אונדז׳אַ׳מיר קיין סך נישט געקלערט, אין אַ פּאָר מינוט זע׳מיר שוין געשטאַנען בײַ דער טיר. קודם האָט מען קליין חשק געהאַט אונדז אַרײַנצולאָזן: מע איז שוין געווען מיד פון די פֿאַרשטעלערס. אָבער אַז כ׳האָב געזאָגט „אונדז וויל׳מיר נאָר אָפּגעבן חתן־כּלה מזל־טובֿ,״ האָבן זיי גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס מוזן זײַן היימישע, ווײַל אין שטאָט האָט קיינער נישט געוווּסט, אַז מע גייט הײַנט שרײַבן תּנאָים בײַ רחל פּרעשל אין שטובֿ. ווען אונדז זע׳מיר אַרײַן, בין איך דאָס ערשטע צוגעגאַן צו חתן־כּלה און מיט אַ פֿאַרשטעלטער שטים זיי געווונטשן מזל־טובֿ. אויך בנימין און משה מיט בינהן האָבן זיי אָפּגעגעבן מזל־טובֿ און אין שטוב איז באַלד געוואָרן אַ ראַטעניש: ווער זאָלן דאָס זײַן, די פֿאַרשטעלטע געסט? אַרום דעם טיש זענען געזעסן בײדע מחותּנים, חתן־כּלה און די צווײ ברידער, נתן און מענדל גאָטעסמאַן — די שענסטע ייִדן אין טשערנעוויץ. ווען מע איז צוגעשטאַנען צון אונדז, אונדז זאָל׳מיר אויסטון די מאַסקעס און זיך באַטייליקן אין דער שימחה, האָב איך קליין חשק געהאַט. אָבער רחל האָט זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט: „אָדער דו טוסט אויס די מאַסקע, אָדער כ׳וועל זי מיט כּוח דיר אַראָפּנעמען!״. בנימין האָט געווונקען צו מיר, כ׳זאָל פֿאָלגן און זיך געבן צו דערקענען. דאָגע זײַדמאַן האָט פֿירגעלייגט איך זאָל זינגען אַ ליד און אַלע זענען צו מיר צוגעשטאַנען איך זאָל אַזוי טון. ווי כ׳האָב נאָר אָנגעהויבן די ערשטע ווערטער פֿון שושנת־יעקבֿ, האָט דאָגע אויסגערופֿן: „ליפּשעלע! אַנו, קומטס אַלע צום טיש און לאָמיר זיך אין איינעם פֿרייען!״ ס׳איז אמת געווען אַ פֿרייד צו זינגען פֿאַר אַזוינע חשובֿע געסט, וואָס אַ גאַנץ יאָר וואָלטן זיי נישט געוואָלט הערן אַ נקבֿה זינגען. מיר האָבן אָפּגעפֿרייט זיך ביז שפּעט אין דער נאַכט, זיך געזעגנט און געגאַן נעמען דאָס קינד, וואָס איז געלעגן מיט אָפֿענע אייגעלעך. כאָטש ס׳איז געווען אַן אויפֿדערנאַכט נישט צו פֿאַרגעסן, האָט מיר ווײ געטון זעענדיק די יסורים וואָס אונדז׳אַ׳מיר איר אָנגעטון. משה האָט געבראַכט אַ פּיאַקער און אונדז זע׳מיר אַהיימגעפֿאָרן. דעם צווייטן טאָג האָט די גאַנצע משפּחה געערעדט און זיך געחידושט: אַזאַ אײַנפֿאַל! זיך פֿאַרשטעלן צו די תּנאָים פֿון אַברהמציע מיט לאָטין!

## שטיינגאַס נומער 12

מיר האָבן שוין געוווינט אין אַן אַנדערער דירה אין דער בילער גאַס און אַלץ וואָלט געווען גוט און פֿײַן אין דער נײַער דירה, ווען נישט דער איינער חסרון: ווײַט פֿון געוועלב. אונדז פֿלעג׳מיר אַוועקגיין אין דער פֿרי און אַהיימקומען אויף דער נאַכט. ווען ס׳איז נאָך געווען שיין אין דרויסן, פֿלעג די שיקסע נעמען דאָס קינד אין וועגעלע און עס אַרויספֿברענגען

צון אונדז. אָבער אַז סע האָבן זיך אָנגעהויבן די רעגנס און בלאָטעס, די שנייען און פֿרעסט, האָ׳מיר דאָס קינד נישט געזען גאַנצע טעג. אויך האָט זי אָנגעהויבן צוצוקרענקלען, קיין מאָל נישט אַרויס פֿון די פֿאַרקילונגען. האָב איך גענעמען טראַכטן וועגן קריגן אַ דירה נישט ווײַט פֿונעם געוועלב, ווו איך זאָל בעסער קענען האָבן אַן אויג אויף איר.

בקיצור, אָנגעהויבן צו זוכן און לסוף טאַקע געפֿונען אַ דירה צוויי מינוט פֿונעם געוועלב. ווען דער מעקלער האָט מיר געזאָגט, כ׳זאָל עס גיין אָנקוקן, האָב איך נישט געוואָלט. כ׳האָב פֿאַרשטאַנען, אַז עפּעס לײַטישס קען מען בײַ אַזאַ דוחק אין דירות נישט געפֿינען. אָבער וועמען האָט עס געהאַרט? אַבי אַן עק! לאָמיר נאָר וווינען אין שטאָט, יאַקאָס וועט עפּעס בעסערס אונטערקומען, וועל׳מיר עס שוין בײַטן...

איז בנימין אַליין אַוועק צום באַלעבאָס, ברוך בלאַנק, אַ ייִד אַ גביר נישט נאָר אין קעשענע, נאָר אויך אין גוף. זײַן הויז אויף דער שטיינגאַס נ׳ 12, איז געווען שיין, גרויס, ליכטיק און גראַם, אָבער נאָר פֿון פֿאַרנט, ווו ער מיט זײַנע צוויי אויסגעגעבענע טעכטער האָבן פֿאַרנעמען כמעט דעם גאַנצן איבערשטן גאָרן. און הינטן האָבן געוווינט די קאָמעניקעס, די קבצנים, פֿון וועמען דער באַלעבאָס, וואָס איז געווען די רעכטע האַנט בײַם באָיאַנער רבין, פֿלעג שינדן פּאַסעס לעבעדיקערהייט.

אין הויף איז געשטאַנען אַ הײַזל, וואָס האָט זיך געבעטן, מע זאָל עס אָפּשאַרן. אין איין דירה האָט געוווינט אַ פֿאַמיליע נײַמאַן, זייער פֿײַנע מענטשן. ער איז געווען אַ משגיח און צו די יום־טובֿים — אַ בעל־תּפֿילה. נאָר פֿון די אַלע פּרנסות — קאָם־קאָם אַרויסגעשלעפּט דאָס ביסל חיונה. די צווייטע דירה האָט געזאָלט זײַן פֿאַר אונדז. אַז בנימין איז צוריקגעקומען, האָט ער מיר דערציילט, אַז די צוויי צימער וואָס ער האָט געזען, זענען נישט אַזוי שלעכט. די באַלעבאָסטע, דוואָסיע, האָט אים נישט געוואָלט אַרויסלאָזן: „וואָס הייסט, איר ווילט אַוועקגיין אָן אַ ביסל טיי מיט סאָק? סע וועט אײַך זײַן גוט בײַ אונדז ווי בײַ דער מאַמען אין בויך! און ווען נישט דאָס וואָס מיר ווילן צו רעכט מאַכן דעם דאַך, וואָלטן מיר בײַ אײַך קיין איין ליי נישט גענומען, נאָר אַזוי מוז מען האָבן פֿינעף און צוואָנציק טויזנט ליי". און דירה־געלט: גאַנצע טויזנט ליי! ס׳איז געווען אַ סך געלט, נאָר פֿאַר מיר — די גרעסטע מציאה: כ׳וועל האָבן דאָס קינד נאָענט לעבן מיר, אונטער מײַן רשות!

אונדז׳אָ׳מיר נישט געקלערט קיין סך און זיך באַלד אַרײַנגעצויגן. ס׳איז געווען זומער, איז עס געווען קיין מעשׂה נישט. כאָטש אין הויף האָבן זיי אַחוץ אַרום און ווינונגען אויך געהאַט אַן אַרײַנפֿאָר־הויז. כאָטינער בעל־עגלות פֿלעגן אַרײַנברענגען די סוחרים אויף די ירידים יעדן מאָנטיק. אונדזער באַלעבאָס איז געווען אַ כאָטינער, אַזוי אַז פֿון זײַן שטעטל און דער אַרומיקער געגנט פֿלעגן אָנהייבן זונטיק פֿאַר טאָג צו פֿאַרפֿאָרן אין הויף בעל־עגלות מיט בוידן, אָנגעלאָדענע מיט סחורות, ספּעציעל פֿעל וואָס איז געווען זייערס אַ פּראָדוקט. אַזוי האָט זיך גערעשט

פון זונטיק ביז פרײַטיק. צוליב די אַלערלײַ סחורות פֿלעגן זיך אָנזאַמלען בינען און פֿליגן אויף די פֿערד. דער רעשט פֿון די ירידניקעס, דער שטונק פֿון די פֿערד מיט די היניקעס איז געווען נישט קיין גרויס פֿאַרגעניגן צו האָבן פונקט אונטער די פֿענצטער.

אונדזערע שכנים אין הויף, אַחוץ די ניימאַנס, זענען געווען אונדזערע אַלטע גוטע־פֿרײַנד די האָפֿנבערגס, משה און בינה; די שטײַנהאַוערס, אַ פֿאַמיליע אַשכנזי, וועמעס מיידעלע, רעלאַ, איז געווען אין בעלצעלעס עלטער און זיי האָבן זיך אין איינעם געשפּילט. אונדזער קינד האָט אָנגעהויבן גיין אין שול אַרײַן און כ׳בין געווען אין זיבעטן הימל, וואָס כ׳האָב געקענט אין צוויי־דרײַ מינוט גיבן אַ לויף צו פֿון געוועלב אַהיים און כאַפּן אַ קוק וואָס זי טוט. כ׳האָב שוין צוליב דעם פֿאַרקוקט אַלע חסרונים, אַבי כ׳בין געווען נאָענט פֿון דער היים. דעם גאַנצן זומער איז געווען פּידעלעכע, ווי מײַן מאַמע פֿלעג זאָגן, ס׳הייסט נאָך צום דערלײַדן. אָבער אַז ס׳איז געקומען דער אָסיען מיט די רעגנס און ס׳האָט אָנגעהויבן אַרײַנקאַפּען אין שטוב, האָט די שיקסע געמוזט אַרויפֿקריכן אויפֿן בוידעם עפּעס אונטערשטעלן, ווי נאָר ס׳האָט אָנגעהויבן רעגענען.

רעדן צום באַלעבאָס וואָס ער פֿאַרריכט נישט דעם דאַך, איז געווען אַרויסגעוואָרפֿענע רייד: הײַנט, מאָרגן, שפּעטער... ס׳האָט נישט גוז־האַלפֿן דאָס בעטן, דאָס מאָנען וואָס ער האָט צוגעזאָגט — מע האָט געדעדט צו טויבע אויערן. אסתר, זײַער עלטסטע טאָכטער, האָט באַלעבאַטעוועט איבער די הײַזער און איז געווען דער אמתער גיהנום־שמש. איר מאַן איז געווען אַ טשערנעוויצער שיינער סוחר פֿון אַ באַלעבאַטישן הויז און ער איז נישט שטאַרק צופֿרידן געווען וואָס זײַן ווײַב קריגט זיך אויס מיט די קאָמעניקעס. זי, אסתר, איז געווען דער גאַנצער סטאַראָזעוו. זי האָט גענומען דאָס געלט און אַז מע האָט געדאַרפֿט עפּעס פֿאַרריכטן, האָט זי קיין מאָל נישט געוואָלט. נאָר טאָמער האָט מען נישט געצאָלט צום טאָג, האָט זי זיי געמאַכט מיט דער בלאָטע. סע פֿלעגן זײַן אַזוינע געוואָלדעס אין הויף, אַז די גאַנצע גאַס פֿלעג זיך צונויפֿלויפֿן.

## אַ ייִנגל! אַ ייִנגל!

ווען אונדז׳אָ׳מיר זיך אַרײַנגעצויגן אין דער שטײַנגאַס נ׳ 12, איז בעלציעלע אַלט געווען זעקס יאָר. שכּל האָט זי געהאַט פֿון צוויי מאָל זעקס, נאָר כּוח פֿון אַ פֿליג. זי פֿלעג נישט פֿאַרפֿעלן איין קרענק וואָס איז אומגעגאַן אין שטאָט. אויף זומער פֿלעג זי תּמיד זײַן אין וואַלטשעניץ בײַ סראַלן. מײַן שוועגערין אסתּר פֿלעג זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט דאָס קינד זאָל צונעמען אַ ביסל וואָג. אָבער — אוממעגלעך. זי האָט נישט געגעסן. ס׳איז נישט געווען אַזאַ זאַך אין דער וועלט וואָס וואָלט איר פֿאַרשמעקט.

איין מאָל בין איך אין דאָרף אויף שבת און מײַן ברודער סראָל, זייער אַ פֿרומער געווען, זעט ווי מע עסט זיך אַזוי מיטן קינד, זי זאָל עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן. זאָגט ער צו מיר: „הער מיך אויס, שוועסטער, און זײַ נישט ברוגז. דו ווייסט, אַז דו פֿאַרזינדיקסט דיך פֿאַר גאָט! דײַן קינד איז שוואַך, נאָר דערפֿאַר וואָס דו לעבסט מיט דײַן מאַן נישט ווי אַן אמתע ייִדישע־טאָכטער דאַרף לעבן. פֿאַר וואָס האָסטו נישט נאָך אַ קינד? האָסט חלילה נישט פֿון וואַנעט? דו אַרבעטסט אַזוי שווער, ביסט ברוך־השם אַן אָנגעזעענע סוחרטע, נאָר נאָך אויף אַ קינד לווינט אײַך ביידע נישט! פֿאָלג מיך און שמועס איבער מיט בײַאמען. אפֿשר אין דעם זכות וועט דאָס קינד זיך בעסער כאַווען". ער האָט אַזוי לאַנג אין מיר אַרײַנגערעדט, ביז איך האָב אים צוגעזאָגט.

ווען כ׳בין אַהיימגעקומען און איבערגעשמועסט מיט בנימינען, האָט ער געזאָגט: „וואָס, אַ שטייגער, קען איך האָבן דאַקעגן? אויב דו ווילסט דורכגיין די גאַנצע פּראָצעדור — מהיכא־תיתי! און אויב סע וועט נאָך זײַן אַ בחור, און איך וועל קענען האָבן בײַ מיר אין שטוב מײַן טאַטנס נאָמען, וועל איך אַוודאי גליקלעך זײַן. און טאָמער אַ מיידל — איז אויך נישט שלעכט. און זאָל אונדזער טעכטערל האָבן אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער, ווען אונדז וועל׳מיר מער מיט איר נישט זײַן..."

ס׳איז אַוועק אַ שטיק צײַט און איך בין פֿאַרגאַנגען אין טראָגן. לײַכט איז מיר דאָס טראָגן נישט אָנגעקומען, ווײַל ערשטנס האָב איך געמוזט שטיין אין געוועלב און צווייטנס האָב איך נישט געוואָלט מע זאָל וויסן. אָבער גאָט האָט געהאָלפֿן, די ערשטע שווערע חדשים זענען דורך און מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו דערקענען. כאָטש כ׳האָב געהאַט אַ גוטן קאָמי און בנימין איז געווען, האָב איך אָבער אין די נײַן חדשים קיין איינציקן טאָג נישט פֿאַרפֿעלט צו קומען אין געוועלב. ביזן לעצטן טאָג — דאָס איז געווען דער 31סטער נאָוועמבער. אַזוי ווי מיר האָבן פֿאַרקויפֿט סחורה אויף אויסצוצאָלן, פֿלעג בנימין גיין קאַסירן. יענעם טאָג איז ער טאַקע אַוועק צו קונים, אויך אונדזער קאָמי איז נישט געווען דעם גאַנצן נאָכמיטאָג. בין איך געווען אַליין אין געוועלב, באַדינט קונים, אַרויף און אַראָפּ די לייטער, אַראָפּגעשלעפּט שווערע שטאָפֿן, און געפֿילט האָב איך, אַז אָט־אָט געשעט עפּעס מיט מיר. ביז גאָט האָט געהאָלפֿן, מײַן קוזינע, יעטי גאָטעסמאַן, איז אַרײַנגעקומען. זי פֿלעג יעדן ערשטן אָדער לעצטן טאָג פֿון חודש קומען צאָלן איר חוב. ווי איך האָב זי דערזען, האָב איך מיך זייער דערפֿרייט: „יעטי טײַערע, איך וויל שוין פֿון צוויי שעה גיין אין קלאָזעט און האָב נישט וועמען איבערצולאָזן אין געשעפֿט". זי האָט צו מיר אויסגעביטן חלומות: „אין דעם צושטאַנד בלײַבסטו אַליין אין געשעפֿט? ווו איז דײַן שׂכל? וואָס טוסטו אַז דו הייבסט אָן האָבן ווייען?" כ׳האָב נישט געהאַט קיין צײַט איר צו ענפֿערן, נאָר געכאַפּט דעם מאַנטל און בין געלאָפֿן. די גויע, וואָס זי האָט אַכטונג געגעבן אויפֿן

קלאָזעט, אַז זי האָט מיך דערזען ווי פאַרענדערט איך בין, האָט זי זיך זייער דערשראָקן.

ס'איז קיין סעקונדע נישט אַריבער און איך האָב פאַרלוירן דאָס וואַסער. די גויע האָט דערהערט אַ פּליוך, האָט זי אויפגעריסן די טיר, מיר געגעבן אַ בענקל און איז געלאָפן אָנזאָגן וואָס מיט מיר איז געשען. דערווײַל איז בנימין אָנגעלאָפן, גיך געכאַפּט אַ פיאַקער, מיך אַרומגע־הילט און — אַהיימגעשיקט. און ער אַליין איז געלאָפן נאָך דער באָבען.

ס'איז געווען אַ שווערע נאַכט. כ'האָב מיך געמוטשעט ביז אין דער פרי און אַז די באָבע האָט נישט געזען קיין סוף, האָט זי אַוועקגעשיקט נאָכן דאָקטער. ער האָט מיר געמאַכט אַן אינזשעקציע, און אַ שעה שפּעטער איז געקומען צו דער וועלט מײַן זון. דאָס איז געווען דאָנערשטיק, דעם ערשטן דעצעמבער 1927. די גאַנצע צײַט, וואָס איך האָב געטראָגן, האָט בנימין געהאַלטן אין אײן זאָגן: ער וויל אַ מיידל. יעדער האָט אים אָנגעקוקט ווי חסר־דעה: סטײַטש, ווער וויל דאָס אַ מיידל, בפרט אַז מען האָט שוין אַ מיידל? אָבער אַז די באָבע האָט אים אַרײַנגערופן און געוויזן אַ שיינעם פינעף־פונטיקן בחור מיט צוויי שיינע גרויסע אויגן און אַ קאָפּ מיט לאָקן, האָט ער אויסגעוואָלדעוועט: „ס'אַ בחור!" געכאַפּט ביילצ'עלען בײַ די הענט און אָנגעהויבן טאַנצן און זינגען: „אַ ייִנגל! אַ ייִנגל!". מרדכי איז געבוירן געוואָרן.

דאָס גאַנצע הויז האָט זיך באַלד גערעשט: „אַ שיינעם בחור האָט די שעכטערקע געהאַט!" ס'איז געווען אַ גדולה! ס'איז דעמאָלט פּונקט געווען אַ חודש פון מיידלעך אין טשערנעוויץ. בײַ אונדז אין דער משפּחה זענען געבוירן געוואָרן עטלעכע מיידלעך. ס'האָט זיך — ווי מײַן מאַמע פלעג זאָגן — אָפּגעריסן די מילה, און ס'איז געוואָרן מיידלעך. אָבער בײַ מיר אַ ייִנגל! אַזאַ בר־מזל! בנימין האָט תּיכף טעלעגראַפירט סראָלן און חיימען און זיי זענען טאַקע באַלד אַרײַנגעקומען, כּדי צו זײַן פרײַטיק אויפן שלום־זכר.

סראָלס גדולה איז נישט געווען צו באַשרײַבן: קיינער איז נישט דער אויפטוער, נאָר דער הייליקער צדיק, דער וויזשניצער רבי. ער האָט נישט געוואָלט אויסזאָגן ביז איצט, מע זאָל פון אים נישט לאַכן. אָבער איצט מעג ער שוין דערציילן: ר'איז געווען בײַם וויזשניצער רבין און אים דערציילט, אַז בײַ זײַן שוועסטער איז דאָ אַ מיידעלע, וואָס כאָוועט זיך זייער שווער, האָט דער הייליקער צדיק געזאָגט, אַז נאָך אַ קינד וואָלט צוגעהאָלפן צון אַ לײַכטערן זיך כאָוועז. און אַז איך בין פאַרגאַנגען אין טראָגן און סראָל איז ווידער געפאָרן צום רבין, האָט ער אַרײַנגעשריבן אין קוויטל, אַז דער שוועסטער האָט גאָט געהאָלפן, זי טראָגט. בעט ער דעם רבין ער זאָל ווינטשן, סע זאָל זײַן אַ בחור. דער רבי האָט אים געזאָגט: „רב סראָל, סע וועט מירטשעשעם זײַן אַ פרײַלעכער ברית צו דער רעכטער צײַט!" ער האָט געוווּסט די גאַנצע צײַט, אַז סע וועט זײַן אַ ייִנגל. אַז דער רבי זאָל לעבן האָט געווונטשן, איז בײַ אים קיין ספק

נישט געווען... און הײַנט, אַז ס'איז טאַקע אַרויסגעקומען ווי דער רבי האָט געזאָגט, מעגן שוין אַלע אָנהייבן גלייבן אין רבינס נסים...

# איציע־מרדכיס ברית

בינה האָפֿנבערג, דאָס קליינע ווײַבעלע, וואָס פּורים האָט זי זיך פֿאַר־שטעלט פֿאַר אַ יינגעלע, איז געווען אַ גרויסע בריה. זי האָט געזאָגט, אַז צו דער שעכטערקעס שׂימחה לאָזט זי נישט, אַז פֿרעמדע הענט זאָלן זיך רעשן און באַקן. זי אַליין, אָן יעדנס הילף (פֿאַרשטייט זיך אַז איך וועל גיבן דאָס געלט), וועט אַלץ אָנגרייטן. און טאַקע — זי האָט אַזוי פֿיל און פֿונעם פֿײַנסטן געבעקס אָנגעבאַקן — אַז אַלע געסט האָבן מודה געווען, אַז די בעסטע סאַרווערס קענען נישט אַזוי גוט קאָכן און באַקן. ס'איז געווען אַ שלום־זכר, אַז מע האָט די גאַנצע נאַכט געגעסן און גע־טרונקען און געטאַנצט. סראָל מיט חיימען זענען געווען אויף שבת און די גאַנצע משפּחה איז געקומען אויף קידוש אָפּצווינטשן מזל־טובֿ. דערנאָך איז די גאַנצע וואָך געווען פֿריילעך: אַ קריאַת־שמע־לייענען פֿון עטלעכע חדרים — רביס מיט קינדער. דערנאָך איז געווען די וואַכנאַכט, און נאָך דעם ערשט די אמתע שׂימחה: דער ברית.

דאָנערשטיק איז געווען דער ברית. מײַנע ברידער, וואָס זיי זענען זונטיק צוריק אַהיימגעפֿאָרן, זענען מיטוואָך ווידער געקומען מיט די ווײַבער. חיים, מײַן עלטסטער ברודער, האָט פֿאַרשטאַנען, אַז קוואַטערשאַפֿט קומט אים; סראָל האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אַזוי ווי ער האָט אַ גרויסן חלק אין דער שׂימחה — קומט עס אים. האָ'מיר זיך נישט געקענט קיין עצה גיבן. זיי זענען ביידע אונדז געווען גלײַך ליב און טײַער. האָ'מיר צישן זיך אָפּגעמאַכט, כּדי ביידע זאָלן נישט האָבן קיין קריוודע, ווען מיר מכבד זײַן מיט קוואַטערשאַפֿט חתן־כּלה. דאָס איז געווען דאָראַ סראָלס, וואָס איז געווען אַ כּלה מיט אַבֿרהם אונגאַריש. זי האָט זיך אַ לאַנגע צײַט אויפֿגעהאַלטן בײַ אונדז, געוואָרן אַ טייל פֿון אונדזער הויזגעזינד, איז נישט מער ווי רעכט זיי צוצוטיילן דעם כּבֿוד. אַזוי זענען ביידע צדדים געווען צופֿרידן. מײַן שוועגערין גיטל, וואָס זי האָט אַזש פֿון סערעט געפֿירט די רעשעטקע מיטן קוואַטער־קוילעטש, האָט מיט פֿאַרגעניגן אים איבערגעגעבן דער כּלה, זי זאָל זײַן מזלדיק, סײַ פֿאַר זיך (זי איז געווען פֿיר וואָכן פֿאַר דער חתונה), סײַ דעם בײַ־געבוירענעם זון ליפּשעס און בנימינס.

איין כּיבוד אָפּגעפֿאַרטיקט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ כּיבוד סנדקאָות. דעם ערשטן טאָג, אַז איך בין געלעגן געוואָרן איז אַראָפּגעקומען אונדזער באַלעבאָסטע מיט איר טאָכטער אסתּר, ווינטשן מזל־טובֿ און אַזוי אַ פֿרעג געטון וועגן ברית. אונדז'אָ'מיר נאָך נישט אָפּגעמאַכט וועמען צוצוטיילן יעדן כּבֿוד עקסטער, אָבער ס'איז געווען צו פֿאַרשטיין, אַז בײַ אַזאַ משפּחה,

קיין עין־הרע, ווי די גאַטעסמאַנס האָט נישט אויסגעפּעלט ווערמען צוצוטיילן דעם אַדער יענעם כּבֿוד. שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג, איז אסתּר ווידער אַראָפּגעקומען, געבראַכט אַ שאַכטל באַמבאַנעס און געבעטן, כ׳זאָל נעמען איר פֿאָטער ברוך בלאַנקן פֿאַר אַ סנדק. ער וועט קויפֿן דעם שענסטן פּרעזענט פֿאַרן קינד, אַבי מע זאָל אים צוטיילן דעם כּבֿוד. כ׳האָב איר געענטפֿערט, אַז כ׳וועל איבעררעדן מיט בנימינען. דאָס איז זײַן עסק, איך מיש מיך נישט. ווען איך האָב דערציילט בנימינען, האָט ער נישט געוואָלט אַפֿילו הערן: „סטײַטש, אַזאַ חוצפּה! ס׳איז דאָ, קיין עין־הרע, אַ שטאָט מיט משפּחה, נאָר ווײַל ער האָט געלט, וויל ער אויך כּבֿוד! אָבער נישט בײַ מיר! מײַן קינדס סנדקאות וועט האַלטן דער לײַטישסטער ייִד וואָס איך קען". און ער האָט אויסגעקליבן אַ געוויסן כאַכאַם, אַ גרויסן למדן, אַ פֿרעמדער אין שטאָט, אַן אַנטלאָפֿענער פֿון די רוסישע רעוואָלוציע־כוואַליעס. ר׳איז געווען אַ שניט־סוחר. זײַן ווײַב און קינדער, האָט מען געקענט דערקענען, זענען געווען אַראָפּגעזעצטער ייִדישער אַדל.

אַז כ׳האָב דערציילט אונדזערע שכנים, אַז אונדזער באַלעבאָס וועט קיין כּבֿוד בײַ אונדז נישט קריגן, האָבן זיי זיך מחיה געווען. זיי האָבן זיך נישט דערוועגט צו מישן, נאָר זיי וואָלטן געהאַט אַ פֿאַרשטערטע שׂימחה ווען אַנדערש. אָבער מיר איז עס געווען שטאַרק נישט אײַנגענעם אסתּרן איבערצוגיבן, אַז בנימין האָט שוין פֿון פֿרײַער אויסגעקליבן אַ סנדק.

געשאַנקען האָט מען מיר אָנגעשיקט אַזוינע טײַערע און שיינע, אַז סע זענען געווען איבערפֿילט די שאַפֿעס. אַלע סוחרים, וואָס אונדז׳אַ׳מיר מיט זיי געהאַנדלט, זענען געווען פֿאַרטרעטן דורך טעלעגראַמען און פּרעזענטן. אַחוץ דער משפּחה האָבן מיר קיינעם נישט געבעטן, ווײַל ס׳איז פּשוט נישט געווען קיין פּלאַץ. בקיצור, ס׳איז געווען אַ ברית, אַז מע האָט לאַנג פֿון אים גערעדט אין טשערנעוויץ...

די ברידער מיט זייערע ווײַבער זענען אַהיימגעפֿאָרן און סראָל האָט מיר נישט פֿאַרגעסן אָנצוזאָגן, אַז מאָרגן, פֿרײַטיק, זאָל איך אַראָפּגיין ליכט בענטשן, ווײַל ס׳איז נישט רעכט צו בענטשן ליכט אין בעט. כאָטש איך בין נאָך געווען שוואַך, בין איך פֿרײַטיק אַראָפּ פֿונעם בעט און האָב בײַ מיר אָפּגעמאַכט, אַז כ׳ליג מיך מער נישט קריק.

מײַן ייִנגעלע איז געווען שיין ווי די וועלט און מיר האָבן זיך מיט אים זייער געפֿרייט. בײַם ברית האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן נאָך זײַן זיידן (בנימינס טאַטע), און בנימין האָט זיך געווונטשן ער זאָל אויסוואַקסן אַזאַ ערלעכער און שטאַלצער ייִד ווי זײַן זיידע איז געווען, נאָר מיט לאַנגע געזונטע יאָרן, אָמן! אין דער קהילה אָבער, וווּ ער איז געגאַן פֿאַרשרײַבן דאָס קינד און אַרויסנעמען אַ מעטריקע, האָט ער געהאַט אַ ביסל צרות. די שרײַבערין דאָרט האָט נישט געקענט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי מע קען הײַנטיקע צײַטן געבן אַ קינד אַזאַ אַלטמאָדישן (געמיינט ייִדישן) נאָמען. פֿאַר וואָס נישט „מאָריץ" אָדער „מאַרקוס" אָדער „מאַקס", האָט זי

געטענהט. דאָס קינד וועט אונטערוואַקסן, וועט עס האָבן תּרעומות צום טאַטן. און וואָס וועט זײַן, אַז ער וועט זיך דאַרפֿן פֿאַרשרײַבן אין שול אַרײַן? מע וועט פֿון אים חוזק מאַכן. און ווי אַזוי וועט דער גוי קענען נאָכזאָגן דעם נאָמען? בנימין האָט געענטפֿערט, אַז שעמען דאַרפֿן זיך די, וואָס זיי זענען בײַ זיך אַזוי געפֿאַלן, אַז בלויז בײַ יענעם זעען זיי שיינקייט. איבעריקנס איז ער דער טאַטע און ער טראָגט דאָס אַחריות פֿאַר זײַן זון און זאָל זי זיך נישט זאָרגן, נאָר פֿאַרשרײַבן ווי ער הייסט איר. זי האָט נישט געהאַט קיין ברירה ווי זיך אָפּווישן דאָס פּיסקל און אַרויסגעבן די מעטריקע אויפֿן שיינעם ייִדישן לשון: Mordche.

# דאָס עפּעלע פֿאַלט נישט ווײַט פֿונעם ביימעלע

אונדזער ייִנגעלע איז געוואַקסן און מיר האָבן פֿון אים געשעפּט גרויס תּענוג. ער האָט געהאַט אַלע מעלות, אַחוץ וואָס ער האָט נישט געוואָלט עסן. קיין מאָל האָט ער נישט אויסגעזויגן זײַן צײַט, ווי דענצמאָל איז געווען אײַנגעפֿירט (יעדע פֿיר שעה צו דרײַסיק מינוט זייגן). מײַן ייִנגעלע האָט געהאַט גענוג צען מינוט. כ'האָב געהאַט גרויס עגמת־נפֿש, אָבער סע האָט גאָרנישט געהאָלפֿן. אָפּגעטרונקען צען מינוט, איז ער שוין געשלאָפֿן, כאָטש צערײַס דיך! האָב איך אָנגעהויבן אים געבן יעדע דרײַ שעה און אַלע פּרויען האָבן פֿון מיר געלאַכט, וואָס איך ברעך דעם מינהג. גיי דערצייל זיי, אַז מײַן געציטערט ייִנגעלע וויל נישט עסן אַזוי פֿיל מיט אַ מאָל. זיי איז געווען גוט. אָבער איך בין שוין געווען אַן אָפּגעבריטע מיט מײַן טעכטערל, וואָס אַז מע האָט נאָר דערמאָנט דאָס וואָרט „עסן", איז זי געוואָרן גרין און געל. סע דערמאָנט זיך נאָך איר בעטן זיך: „מאַמע, אַז כ'וועל זײַן אַ ווויל מיידעלע, וועל איך נישט דאַרפֿן עסן קיין וועטשערע?" כ'האָב שטאַרק מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט מיטן כאַוון זיך זײַן געראָטן אין זײַן שוועסטערל, אַוועדײַ — מורא אַהער, מורא אַהין, סע האָט גאָרנישט געהאָלפֿן. ס'איז געווען נאָר ווי פֿאַרכּישופֿט: ער האָט נישט געוואָלט עסן. די שיקסע פֿלעג אים אויספּוצן בגדי־מלכות און מיט אַ גרויסאַרטיקן קינדער־וואָגן אַוועקפֿאָרן מיט אים אין פֿאָלקס־גאָרטן אויף פֿרישער לופֿט. זי פֿלעג אים צוריקברענגען מיט פֿאַרפֿלאַמטע בעקלעך און אונדז'אַ'מיר געמיינט, אַז דאָס וועט זײַן די גאולה, אָבער — אַ נעבעכטיקער טאָג! אײן־קול: נישט עסן.

אַ פּיסקעלע האָט מײַן ייִנגעלע געהאַט אויף שרײַפֿעלעך. צום יאָר האָט עס אָנגעהויבן רעדן. יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט געהערט אין שטוב, האָט ער נאָכגעפּלאַפּלט ווי אַ פּאַפּוגײַ. איין מאָל (ער איז קוים אַלט געווען דרײַצן צי פֿערצן חדשים), קומט צו אונדז אַ פֿעטער פֿון באַיאַן, דניאל וויגלער. און דער פֿעטער קוקנדיק אויפֿן קינד מיט די צווײ קלוגע אויגן, בלאָנדע לאָקן און ווײַס סאַמעטן פּנים, האָט אים געוואָלט כאַפּן אויף די

הענט. אָבער אונדזער מאַטעלע, נישט צו שטאַרק באַגײַסטערט פֿון דעם, גיט אַ געשריי: „דו, שונא־סאַל!״ (ישׂראל) און צעוויינט זיך. איך בין געווען אין שטוב און האָב אים באַרוּיִקט, אָבער דער פֿעטער דניאל האָט זיך באַליידיקט: מע האָט אין שטוב געקערט זיך אַזוי אויסדריקן וועגן אים... ביז כ׳האָב אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז מײַן שוויגער, ווען זי ווערט אין כּעס אויף דער דינסט, רופֿט זי זי (שטילערהייט) „שונא־ישׂ־ראל״. דערפֿאַר, אַז מאַטעלע ווערט אין כּעס, טוט ער אויך אַזוי. דער פֿעטער האָט שוין דאָס קינד נישט אַנדערש גערופֿן ווי „שונא־סראל״.

יעדן טאָג זענען מיר דערפֿרייט געוואָרן מיט נײַע חכמהלעך. אין איינעם אַ זומער איז בנימין מיט מאַטעלען אַרויסגעפֿאָרן קיין האַמאַר אויף אָפּרו. בנימין האָט זיך אַנידערגעזעצט אין פּאַרק אויף אַ באַנק מיטן קינד. לעבן זיי איז געזעסן אַ ייִד מיט אַ שיינער באָרד און ער האָט אָנגעהויבן מיטן קינד צו רעדן, ווי די מאָדע איז געווען, אויף דײַטש. דאָס קינד האָט אויף זײַן פֿרעגן: „ווי האַיסט דו, בובערל?״ (ווי הייסטו, ייִנגעלע?) נישט געענטפֿערט. האָט דער ייִד אים געפֿרעגט, צי קען ער נישט רעדן. דערויף גיט זיך מאַטעלע אַ דריי אויס צום טאַטן: „אַ ייִד מיט אַזאַ באָרד און ער רעדט גאָר דײַטש!״ בנימין האָט אָנגעקוועלט פֿון זײַן יורשל, וואָס וואַקסט ווי ער, אַן אמתער ייִדישיסט.

מאַטעלע איז אויך געווען אַ גרויסער בעל־רחמנות. אַ מאָל איז מײַן דינסט געגאַן קוילען אַ הון און האָט געפֿירט דאָס קינד בײַ דער האַנט. ער איז אַלט געווען אפֿשר 2־3 יאָר. אַזוי ווי דער שוחט האָט זיך גענע־מען קוילען, האָט דאָס קינד אָנגעהויבן וויינען און שרײַען: „לאָז אָפּ די הון!״ אָדער אַ פֿיש אַ לעבעדיקן מאַכן — דאָס האָט מען זיך געמוזט היטן פֿאַר אים. אַנישט איז ער געוואָרן מלא־רציחה.

ער איז אַמאָל געווען צו גאַסט בײַ מײַן ברודער אין דאָרף. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אפֿשר 4־5 יאָר. דער יונגער עולם — מיידלעך און ייִנגלעך פֿון די אַרומיקע דערפֿער — וואָס זיי פֿלעגן זיך חבֿרן, זענען אַרויסגעפֿאָרן אויף 2 פֿורלעך אין וואַלד אַרײַן פֿאַרברענגען. מאַטעלע איז מיטגעפֿאָרן. אויפֿן וועג האָבן זיי געטראָפֿן אַ גוי, וואָס ער האָט געשלאָגן זײַן פֿערד אומבררחמנותדיק מיט אַ שטיק האָלץ אין קאָפּ אַרײַן, ווײַל דאָס אָרעמע פֿערדל האָט בשום־אופֿן נישט געקענט שלעפּן דעם שווער־באַלאָ־דענעם וואָגן. דאָס קינד האָט אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו וויינען און געוואַלדעווען, אַז די יונגע חבֿרה האָבן געמוזט אָפּשטעלן זייער פֿורל און צוגיין צום גוי אים העלפֿן אַ שטופּ טון זײַן וואָגן.

פֿון אונדזער מיידעלע איז שוין אָפּגערעדט. ביילציעלע איז בײַ אירע זיבן יאָר שוין געווען אַ פֿאָלנער מענטש. אליעזר שטיינבאַרגס קינדער־לידעלעך געקענט אויסנווייניק און ייִדישע לידעלעך געזונגען אָן אַ שיִער. אויך אין שול האָט זי זיך זייער גוט געלערנט. געהאַט חבֿרטעס אַ סך. און כאָטש זי איז געווען אַ בלייך, צאַרט מיידעלע, האָבן אַלע צון איר גע־קלעפּט. זי איז געווען די אָנפֿירערין פֿון דער גאַנצער כאַפּטע מיידן:

זיי געלערנט יידישע לידער, טאַנצן, שפּילן טעאַטער — אַלץ האָט זי געקענט — נאָר נישט עסן. און דאָס ברודערל האָט זי ליב געהאַט און זיך געפירט מיט אים ווי אַ קליין מאַמעלע. איך געדענק נישט צווישן מיינע קינדער — אויך שפּעטער נישט — קיין וואָרט פון קינאה, ווי מע הערט עס אַזוי אָפט צווישן שוועסטער־ברידער.

# אַ שווערער וואָגן

אונדז'אַ'מיר אָנגעהויבן דאָס געשעפט קליין, פון שווער פאַרהאַרעוועט געלט, אָבער אונדזער קרעדיט האָט אונדז זייער געהאָלפן און ביז אַ צוויי־דריי יאָר זע'מיר געשטאַנען מיט אַ שיין געוועלב, אָנגעשטאָפּט מיט סחורה, די פּאָליצעס האָבן אַזש געקרעכצט פון וואָג. די סוחרים האָבן זיך געריסן צו לייזן ביי אונדז. אונדזערע יידישע קונים איז געווען גאַנץ שווער זייער גוסט נאָכצוקומען, האָ'מיר געהאַלטן אין איין קויפן און די צאָלונגען זענען געלאָפן. די מאַנופאַקטור־קרעמערס האָט מען געוויינלעך פאַרקויפט סחורה אויף וועקסלען, אָבער איך האָב אין מיין גאַנץ לעבן קיין וועקסל נישט אונטערגעשריבן, נאָר תמיד געצאָלט צו דער צייט. מיט קאָפּ־דאַרעניש און לייען גמילות־חסדים, מיט צאָלן גרויסע פּראָצענט, אָבער תמיד געווען ערלעכע און בכבודיקע סוחרים. סע פלעג אַרומגיין אַ ווערטל ביי אונדז שניטקרעמערס: אויף אַלעם טראָגט דאָס געשעפט — אויף פירן אַ שיין לעבן, שיקן דאָס ווייב אין וואַרעמבאָד, שטודירן די קינדער, נאָר נישט אויף באַצאָלן פאַר דער סחורה. די שעכטערס אָבער האָבן אַנדערש געקלערט. אונדזער פּרינציפּ איז געווען קודם צו צאָלן, און וואָס סע בלייבט וועלן מיר פאַרדינען. איז טאַקע געווען שווער, אָבער אונדזער אָנזען סיי ביי די סוחרים, סיי ביי די קונים איז געווען אַ גוטס און אַ חברשאַפט האָט אונדז אָפט פאַרבונדן מיט זיי. דאָס האָט זיך ספּעציעל אַרויסגעוויזן אין די קריטישע צייטן וואָס מיר זענען שפּעטער דורכגעגאַן.

מיין מאַן, בנימין, זאָל זיך מיצן, איז געווען אַן ערלעכער מענטש, צו ערלעך, צו פיין צו זיין אַ סוחר. ער האָט אַל דאָס מעגלעכע אין זינען געהאַט, נאָר נישט דאָס געשעפט: דעם יידישן שולפאַראיין, ווו ער איז געווען אַ מיטגליד; די חברים; עמעצן העלפן. האָט איינער געהאַט אַ מחלוקה מיט זיין ווייב, איז בנימין געווען דער רודף־שלום. איז איינער געווען קראַנק, איז בנימין געווען די ערשטע הילף. איז ביי אַן אָרעמאַן געפגרט דאָס פערד, איז מען געקומען צו די שעכטערס. האָט ווער געדאַרפט אַ וועגעלע האָלץ, ס'איז קאַלט אין שטוב, איז באַלד בנימין געוואָר געוואָרן און מיך משלח געווען צו די סוחרים צונויפנעמען אַ נדבה; אויף דעם בין איך שוין געווען מער מזיק. איך פלעג מיך אַרויסלאָזן צווישן די קרעמערס און קיינער האָט מיר נישט אָפּגעזאָגט. נישט איין מאָל האָב איך אַריינגעכאַפּט אַ פּסק פון די געבערס: סטייטש, יעדער האָט

זיך זײַנע צרות. מען קען נישט שטיין מיטן אָפּענעם טײַסטער אַלע מינוט־ וואָך און דאַנערשטיק. איך האָב זיי געגעבן גערעכט, אָבער נישט אַוועק־ געגאַן אַן עפּעס צו באַקומען.

איין מאָל איז געקומען צו מיר אַ שיינע באַלעבאָסטע, פֿרוי סאַפּיר, איך זאָל מיט איר אַרומגיין צונויפֿמאַכן פּאָר אַ חתן־כּלה. איך האָב נישט געוואָלט גיין — ס׳איז געווען מאַנטיק אין מיטן יריד און ס׳זענען מיר אַרויסגעקראָכן די אויגן איך זאָל לייזן, כּדי צו קענען אויף דער נאַכט באַצאָלן אַ סוחר, וואָס האָט אויך הונגעריק געוואַרט אויף געלט צו קענען צאָלן זײַנע חובֿות. זי האָט אָבער נישט געוואָלט אַוועקגיין: סטײַטש, אַ יתומה אַן אָרעמע און מע קען נישט חתונה מאַכן! סע וועט חלילה אָפּגיין דער שידוך! בנימין איז נישט געווען דערבײַ, נאָר ווען ער איז אַרײַנ־ געקומען און דערהערט, אין וואָס דאָ גייט, האָט ער מיך נישט געפֿרעגט און באַשטעלט די פֿרוי סאַפּיר, זי זאָל קומען פֿאַר נאַכט צישן זעקס און זיבן, וועל איך מיט איר גיין. אין־ברירה האָב איך געהאָט... כ׳בין מיט דער פֿרוי סאַפּיר געגאַן פֿון געשעפֿט צו געשעפֿט און כּמעט יעדער האָט געגעבן. די, וואָס איך בין געווען היימיש, האָב איך אַליין אָפּטאַקסירט: „אַזוי פֿיל מוז איך האָבן". זיי פֿלעגן גיבע זאָגן אין שפּאַס: „די גבאיטע גייט!" אָבער ווער האָט זיך צוגעהערט צו זייערע זאָגעכצער? כ׳בין געגאַן פֿאַר אַ גוטן צוועק און כ׳האָב געמוזט אים אויספֿירן. אַזוי האָב איך מיך געפֿירט און, דאַנקען גאָט, תּמיד מצליח געווען.

נאָך דעם דאָזיקן מאָנטיק, ווען כ׳בין געגאַן מיט דער פֿרוי סאַפּיר, האָב איך אַרײַנגעכאַפּט אַ סוף... דאָס איז געווען אַ פּאָרפֿאָלק, וואָס ביידע האָבן זיי געאַרבעט אין געשעפֿט און עס איז זיי דווקא גוט געגאַן. און איך האָב מיך גערעכט בײַ זיי אַ פּעטן בײַשטײַער צו באַקומען. ער, אַז איך פֿלעג צוקומען מאָנען, האָט ער קיין מאָל נישט געזאָגט ניין. דאָס מאָל איז זי אַליין געווען אין געוועלב און זיך געקערט האָבן צעקריגט מיטן מאַן. דאָס וואָלט קיין נײַעס נישט געווען. יעדער האָט זי געקענט מיט איר מאַרקזיצעריש מויל... איר מיידעלע, רעלאַ, פֿלעג גיין אין איין קלאַס מיט מײַן ביילציעלע; און מיר, אַחוץ „גוט־מאָרגן, גוט־יאָר" האָבן מיר קיין מאָל גאָרנישט צישן זיך געהאַט.

אַז אונדז זע׳מיר אַרײַנגעקומען און איר דערציילט וועגן וואָס מיר ווילן אַ נדבֿה, האָט זי קיין סך נישט געקלערט און זיך אָנגערופֿן: „נו, ווער הייסט איר חתונה האָבן?" איך בין געבליבן שטיין פֿריטשמעליעט. „מיר זענען אויך מאַמעס און האָפֿן צו דערלעבן די חתונות פֿון אונדזערע קינדער!" האָב איך איר געענטפֿערט. אַז זי האָט דאָס דערהערט, האָט זי זיך צעשריגן און האָט אָנגעהויבן שעלטן: „איר זאָלט נישט דערלעבן חתונה צו מאַכן אײַערע קינדער! מע זאָל גיין צונויפֿמאַכן פּאָר אײַער־ טאָכטערס חתונה!" און נאָך און נאָך... מײַן מיטגייערין האָט זיך תּיכּף אַרויסגערוקט, און אַז איך האָב מיך אויסגעדרייט אַוועקצוגיין, איז שוין געשטאַנען דער גאַנצער מעלפּלאַץ מיט די סוחרים. מע האָט נישט געקענט

פֿאַרשטיין, וואָס איך קען האָבן מיט אַט דער מאַרקיזצערין פֿאַר מחלוקות. נאָר געזאָגט האָט מען מיר, אַז כ׳בין נאָך גוט אַרויס: זי האָט מיר געקענט דערלאַנגען אויך. ווען בנימין האָט דערהערט, האָט ער געוואָלט צון איר אַרײַן, אָבער איך האָב נישט געלאָזט. „אפֿשר איז די מיצווה אַזוי גרויס, אַז ס׳איז כּדאַי געווען אַפֿילו צו כאַפּן קלעפּ, נישט נאָר קללות״ האָב איך אים געטרייסט. אַז דער מאַן אירער איז צוריקגעקומען און דערהערט וואָס דאָ איז געשען, איז ער באַלד צוגעקומען און מיר דערלאַנגט אַ שיינע נדבֿה. ער האָט געבעטן כ׳זאָל אים מוחל זײַן. וואָס זאָל ער טון, אַז ער דאַרף מיט אַ שלאַק אָפּלעבן די יאָרן...

אַזוי איז עס געגאַן. שווער האָט מען געשלעפּט דעם וואָגן. אין שטאָט האָט עס געהייסן, סע גייט אונדז זייער גוט: אונדז׳אַ׳מיר תּמיד געהאַלטן אַ גוטן קאַמי: געגעבן די שענסטע נדבֿות; געגאַן אויף יעדער אָרעמער חתונה, מע האָט אונדז קיין מאָל נישט געפֿרעגט צי מיר ווילן צי נישט, נאָר געגעבן אונטערפֿירעכץ — זיי האָבן געוווּסט, אַז אונדז גיב׳מיר אַ שיין דרשה־געשאַנק. און אונדז׳אַ׳מיר טאַקע געגעבן: יעדע כּלה וואָס איז אונדז געקומען מכבד זײַן מיט דעם כּיבוד האָט שוין באַקומען איר פּעקל: צוויי שלאָפֿלײַלעכער, צוויי קאָלדערע־לײַלעכער, קישנציכן, אַ טישטעך, אַ פּאָר האַנטעכער. דאָס האָט באַטראָפֿן אַ גאָר שיינע סומע.

געווען זאַכן, מיט וואָס איך בין נישט מסכּים געווען און בנימין פֿלעג מיר צו מאָל אָפּטון אַ שטיקל. ער איז געווען זייער אַן איבערגעגעבענער חבֿר; מער איבערגעגעבן צו זײַנע חבֿרים, האָט זיך מיר געדאַכט, ווי צו מיר. זייערע צרות האָט ער געהאָלפֿן טראָגן מער ווי אונדזערע. ער האָט תּמיד געזאָגט: „מיר האָבן מער ווי אַנדערע, דאַרפֿן מיר זיך נישט אָפּזאָגן צו העלפֿן״. האָט איין מאָל זיך אַרײַנגעשטעלט אַ קאָמיסיע פֿון געריכט און גענומען פֿאַרשרײַבן מײַן סחורה און פֿאַרזיגלען. כ׳בין געוואָרן אַזוי דערשראָקן, כ׳האָב שיִער נישט געחלשט. וואָס איז געשען? מיך האָט דאָך קיינער נישט געקלאָגט. כ׳האָב תּיכּף אַוועקגעשיקט נאָך אונדזער אַדוואָקאַט, ד״ר פֿורמאַן, וואָס איז אויך געווען בנימינס אַ חבֿר. ער איז געקומען צו לויפֿן. דעם אַדוואָקאַט האָבן זיי געמוזט ווײַזן די פּאַפּירן. אַרויסגעשטעלט האָט זיך אַזאַ מעשׂה: מײַן מאַנס חבֿר, ראָזנער, איז געווען אין אַ קלעם און האָט געמוזט האָבן געלט, האָט ער זיך אין דער באַנק געליגן. בנימין שעכטער האָט געחתמעט. איך האָב אַפֿילו נישט געוווּסט דערפֿון, ביז דער ד״ר פֿורמאַן האָט מיר געלייענט דעם אַקט.

איך האָב מיט אַ סך עגמת־נפֿש און פֿאַר אַ גרויסן באַקשיש בײַ זיי געפּועלט, ביז דרײַ טאָג צו אָרדענען די זאַך. דער ד״ר פֿורמאַן און איך האָבן זיך בײדע אונטערגעשריבן און די מאַכבולעניקעס זענען אַוועק. אויף אַ האָר האָט געהאָנגען דעמאָלט אונדזער עקסיסטענץ. ווען בנימין איז אַהיימגעקומען און האָט מיך דערזען, האָט ער שוין נישט געדאַרפֿט גאָרנישט פֿרעגן. מײַן פּנים האָט אים אַלץ דערציילט.

ער איז מיט די אַקטן אַוועקגעלאָפֿן — נישט צו ראָזנערן, וואָס האָט

ער אים געקענט העלפֿן? ווען ער זאָל געווען האָבן, וואָלט ער געווען געצאָלט. ראָזנער איז געווען אַ טײַערער מענטש — אַ גוטע נשמה, אינטעליגענט און אַ גוטער סוחר. איין חסרון האָט ער געהאַט: ער פֿלעג ליב האָבן אַ קערטל. חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ ווײַב מיט דרײַ טעכטער און זיי האָבן גאָר נישט געוואָלט וויסן צי האָט ער, צי קען ער. נאָר גיב! און נישט פּשוט גיב, נאָר מיט דער ברייטער האַנט. זיי פֿלעגן אים אָנווײַזן אויף זײַן ברודערס ווײַב, ווי זי טרײַבט לוקסוס, און ער האָט געהאַט דאָס גיהנום לעבעדיקערהייט. ער פֿלעג קומען צו מיר זיך אָפּוויינען פֿונעם האַרץ: וואָס זאָל ער טון, אַז ער האָט אַ רײַכן ברודער? קען ער דען בײַ אים צונעמען דאָס מזל? דער ברודער גיט אים גענוג. נאָר בײַ זײַן ווײַב און די טעכטער איז גאָר נישט פֿאַראַן קיין גענוג. ער זאָל כאָטש גיין און זיך צעטיילן מיט דער זאַקן־פֿאַבריק, וואָס ער האָט.

צו אָט דעם ברודער איז בנימין געגאַנגען יענעם טאָג. מיט קליין חשק, וואָס אמת... ער האָט געטענהט: „וויפֿל מאָל בין איך שוין געגאַנגען אין שליחות פֿאַר אים צו זײַן ברודער?" האָט זיך דער מויד פֿאַרגלוסט זײַן פֿאַרן שטודירן קיין ווין, איז ער געגאַנגען צום ברודער נאָך אַ גרעסערער סומע; ס'איז פֿון דעם גאָרנישט געוואָרן, האָט מען געמוזט איר שיקן אויף הוצאָות זי זאָל אַהיימקומען. באַלד האָט זי געהערט מע פֿאָרט קיין ארץ־ישׂראל, האָט מען אָבער געדאַרפֿט זי חתונה מאַכן מיט אַ חלוץ (אויף דערנאָך זיך צו גטן), און אויסשטיין פֿאַר בײדע די הוצאָות. און בנימין איז געגאַנגען פֿאַרן חבֿר צום רײַכן ברודער און יענער האָט, וועלנדיק צי נישט, געמוזט געבן. שפּעטער האָט מען איר געשיקט געלט זיך צו גטן און קענען אַהיימקומען, ווען נישט — וואַרפֿט זי זיך אין ים אַרײַן! בנימין איז ווידער געגאַנגען און געפּועלט, אָבער ער האָט געמוזט צוזאָגן, אַז מער אין שליחות פֿאַרן חבֿר קומט ער נישט. מיט וואָסער פּנים קען ער קומען פֿאַר אים איצט? „גוט, האָב איך געזאָגט, אַז דו ווי'סט נישט גיין, וועל איך גיין, אָבער צי פּאַסט דאָס, אַז דו האָסט אונטערגעשריבן — איך זאָל גיין?" ער האָט נעבעך נישט געהאַט קיין ברירה און אויף דער נאַכט אַראָפּגעפֿאָרן אין דער „טעקסטאַ" (אַזוי האָט די פֿאַבריק געהייסן).

נאָך אַ לענגערן שמועס און דערציילן אים וואָס ס'האָט הײַנט פּאַסירט און אים געבן צו פֿאַרשטיין, אַז אויב ער וועט איצט נישט צאָלן פֿאַרן ברודער, וועלן מיר זײַן רויִנירט, האָט דער ברודער צוגענעמען די פּאַפּירן און דעם צווייטן טאָג איז ער פֿאַרפֿאָרן מיט זײַן פּיאָקער צום אונדזער געשעפֿט. ער איז אַרײַנגעקומען און צו מיר געזאָגט: „נישט צוליב אײַער מאַן און נישט צוליב מײַן ברודער נעם איך מיך אונטער צו באַצאָלן, ווײַל אַז זיי זענען אײַנע גוטע־פֿרײַנד, האָט מײַן ברודער נישט קיין רעכט געהאַט צו פֿאַרלאַנגען פֿון אים, און שעכטער האָט נישט געטאָרט חתמענען. נאָר אײַך צוליב, פֿרוי שעכטער, טו איך עס! ווײַל איך האָב אַ סך פֿון אײַך געהערט: פֿון מײַן ברודער וואָס האַלט אײַך אין איין לויבן, און בכלל — גאַנץ טשערנעוויץ רעדט פֿון אײַך, ווי אײנע

פֿון די פֿיר אמהות. דערפֿאַר וואָס איר האָט איבער מײַן ברודער בעכטן געהאַט אַזוי פֿיל צרות און געליטן אַזאַ בושה, זאָל אײַך גאָט באַצאָלן: איר זאָלט מער קיין בושה אויף אײַער לעבן נישט האָבן!" ער האָט זיך וואַרעם געזעגנט און איז אַוועק.

# די שוויגערס

הײַנטיקע ווײַבלעך, אַז זיי ווױנען אין פֿיר, פֿינעף און אַפֿילו זעקס שטיבער, האָבן זיי נישט קיין פּלאַץ פֿאַר אַן אַלטער מאַמען. מע דאַרף זי נישט האָבן סײַדן אויף קינדהיטן. אָבער איך האָב עטלעכ'און צוואַנציק יאָר געהאַלטן אָדער די מאַמע אָדער די שוויגער, אָדער בײדע אין אײנעם. פֿונעם טאָג פֿון מײַן חתונה ביז זײערע לעצטע רגעס, זענען זײ בײדע געווען בײַ מיר (מיט געוויסע איבעררײַסן). ס'איז נישט געווען פֿון לויטער שׂימחה מײַן וועג אין יענע יאָרן. ס'איז געווען ויחד־יתרו. יעדן פֿונק פֿרייד, וואָס איך האָב געקענט געניסן מיט מײַן מאַן און קינדערלעך, איז מיר אַרויס באַקעם. האָב איך געזאָגט אַ גוט וואָרט דער מאַמען, האָט די שוויגער זיך תּיכּף באַליידיקט. האָב איך געזאָגט דער שוויגער גוט־מאָרגן, האָט מײַן מאַמע געזאָגט: „וואָדען! איך דערלאַנג איר די קאַווע אין בעט און גוט־מאָרגן זאָגט זי דער שוויגער!"

די צוויי מאַמעס — מע קען נישט זאָגן, זיי האָבן זיך חלילה נישט אַרומגעקריגט, אָבער אין די פּיסקלעך האָבן זיי זיך אויך נישט געקושט. מײַן מאַמע האָט תּמיד געהאַט איר אײגענעם גאַנג — זי האָט געמוזט זײַן די באַלעבאָסטע אין הויז. זי האָט קיין מאָל נישט געפֿרעגט וואָס צו קאָכן אָדער באַקן. איך האָב מיך נישט געטאָרט מישן. „דו פֿאַרשטייסט אויך עפּעס?" פֿלעג זי גיבן אַ זאָג. „מאַמע, איך בין דאָך תּמיד בײַ דיר געווען די פֿילוסאָפֿקע! דו פֿלעגסט דאָך תּמיד זאָגן, אַז דו האָסט דעם גאַנצן קעז אַרײַנגעגעטון אין איין וואָרעניק: איך בין בײַ דיר די קליגסטע פֿון אַלע קינדער. און דאָ, מיט אַ מאָל — פֿאַרשטיי איך גאָרנישט?" „יאָ, פֿון זינט דו ביסט אַרײַן אין דער משפּחה, ביסטו אויסגעוועפּט".

און בנימין, אַז ער האָט זיך געוואָלט דורכרעדן מיט זײַן מאַמע, האָט זי דאָס זעלבע געזאָגט: ער וואָלט געווען אַ רבֿ, אַ טײַערער תּכשיט, ווען נישט איך. פֿון זינט ער האָט מיט מיר חתונה געהאַט, איז ער געוואָרן אַ גוי גמור. און נישט נאָר אים האָט זי עס געזאָגט, נאָר ס'האָט געמעגט זײַן אַ פֿולע שטוב מיט געסט און מע האָט גערעדט עפּעס וועגן ייִדיש, האָט זי אויסגעשריגן: „וואָס ווייסטו, דו גוי!" ער פֿלעג לאַכן און מיך פֿלעג עס שטעכן.

זי האָט נאָך אַן אַנדערן דרך געהאַט: אַז סע איז ווער געקומען פֿון דער משפּחה צו מיר און איך בין דאָך געווען אין געוועלב, פֿלעג זי תּמיד מיך צוקלאָגן, אַז איך מאַך קאַליע איר זון. אַ שטייגער בײַ מײַן

ברודער סראָל. איך האָב אים קיין מאָל נישט אָקעגנגערעדט, כאָטש זי'ר פֿלעג מיך אָפֿט מוסרן: סטײַטש, פֿאַר וואָס איך האַלט שבת אָפּן דאָס געוועלב? איך פֿלעג אים פּרוּוון איבערצײַגן, אַז איך האָב נישט קיין ברירה. איך בין אַ גרויסע באַדאַרפֿעריץ, די הוצאָות זענען כמעט גרעסער ווי די הכנסה, און ווען נישט דער שבת (וואָס ער איז געווען אַ וויכטיקער טאָג פֿון מחיה) און אונדזער שווערע האָרעוואַניע, וואָלטן מיר נישט געקענט נאָכקומען. איך פֿלעג אים זאָגן, אַז סע שטייט אין די הייליקע ספֿרים: ס'איז בעסער אַ פֿערד אין מיטן גאַס אָפּשינדן, איידער אָנקומען צו מענטשן. אָדער שטייט אויך — בעסער מאַך דעם שבת פֿאַר אײַנדערוואָכן איידער בײַ מענטשן הילף צו בעטן. פֿלעג ער זאָגן: כ'האָב דיר נישט געוואָל'ט דערציילן, נאָר אַז דו ברענגסט מיך דערצו, מוז איך דיר שוין זאָגן. ווען איך קום צו דיר, הייבט דײַן שוויגער אָן אויף דיר צו רעדן: דו מאַכסט פֿון אים אַ תּל. נישט גענוג דו האָסט אים געמאַכט פֿאַר אַ סוחר, האָסטו אים אָפּגעריסן פֿון דער תּורה!״ „נו און וואָס זאָגסטו דערצו? מיינסטו, ס'איז אמת?״, האָב איך אים געפֿרעגט. וואָלט עס מיך דען נישט מער געפֿרייט, ווען מײַן מאַן פֿירט זיך ווי מײַנע ברידער? אָבער איך ווייס, אַז ער וועט נישט גיין אין שיל אַרײַן. איך האָב מיט אים נאָך חתן־צײַט אָפּגעמאַכט, אַז ראָש־השנה און יום־כּיפּור זאָל ער מיט מיר גיין אין שיל אַרײַן און אַ גאַנץ יאָר זאָל איך אים צו רו לאָזן. אונדז'אָ'מיר ביידע געהאַלטן וואָרט. פֿון כּשרות איז אָפּגערעדט. ערשטנס, זענען ביידע מאַמעס בײַ מיר; און צווייטנס, האָב איך אַליין אויך ליב אַ כּשר הויז.

פֿרײַטיק צו נאַכטס און יום־טובֿ האָבן מיר געפֿירט אַ שיינעם ייִדישן טיש מיט קידוש, זמירות און פֿאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט זינגענדיק ייִדישע לידער מיט אונדזערע געסט אָדער שכנים, וואָס זיי פֿלעגן זײַן אונדזערע גוטע־פֿרײַנד, אַ ברייט הויז האָט זיך בײַ אונדז געפֿירט, ווי בײַם גרעסטן גבֿיר.

## אַ שווער שליחות

טייל פֿון מײַנע ברידערס קינדער זענען כמעט אויסגעוואַקסן בײַ מיר. געגאַן אין טשערנעוויץ אין די שולן צי זיך געלערנט אַ פֿאַך, האָבן זיי בײַ מיר געוווינט ביז זייער חתונה. אונטער מײַן און בנימינס השגחה זיך דערצויגן. דאָרט, למשל, סראָלס עלטסטע טאָכטער, האָט געלעבט מיט אונדז ביז זי האָט זיך פֿאַרליבט אין אַ בחור און ער אין איר. כאָטש ער איז געווען פֿון אַ זייער לײַטישער משפּחה, איז ער אַליין קיין גרויסער לײַט נישט געווען: אַן אינטעליגענטער בחור, נאָר קיין מאָל נישט געטראַכט פֿון אַ תּכלית. אַזוי ווי ער האָט נאָר דעם שווער פֿאַרהאָרעוועט נדן געפּטרט, איז ער אַוועק קיין מאָנטעווידעאָ (אורוגווײַ) און דאָרט מיט איר קליין ייִנגעלע איז געבליבן בײַם טאַטן. זי האָט זיך דערווײַל געלערנט

שנײַדערײַ און נאָך אַ צווי יאָר האָט ער געשריבן, אַז ווען מע וועט איר געבן אויף הוצאות, קען זי קומען. טייל פֿון דער משפּחה האָבן זיך אָקעגנגעשטעלט זי זאָל צון אים פֿאָרן, אָבער דאָרא האָט אים זייער ליב געהאַט, האָט מײַן ברודער קיין ברירה נישט געהאַט און איר געמוזט נאָך אַ מאָל געבן נדן, זי זאָל קענען קומען צון איר זיווג.

דעם צווייטן, טאַליע (נפתּלי), האָט סראָל געוואָלט מאַכן כאָטש פֿאַר אַ רבֿ, אים אַרײַנגעגיבן אין דער וויזשניצער ישיבֿה. ער האָט אָבער נישט געוואָלט: ס'איז אים נישט צום האַרצן געווען די גאַנצע סבֿיבֿה. איז ער געקומען צון אונדז און האָט פֿאַר בנימינען ממש געוויינט: וואָס וויל דער טאַטע פֿון אים? ער איז נישט דער טיפּ פֿאַר אַ ישיבֿה! ער וויל נישט צוריקפֿאָרן און בעט מע זאָל אים העלפֿן זיך באַפֿרײַען פֿון דעם יאָך... בנימין, וואָס האָט שטאַרק געליטן יונגערהייט אין די ישיבֿות — ס'איז אים נאָך געלעגן גוט אין זכּרון דאָס לערנען און הונגערן, און בכּלל דאָס וועלן זיך לערנען וועלטלעכע לימודים — האָט אים פֿאַרשטאַנען.

איצט, אַז סראָל איז אַרײַנגעקומען נעמען דעם בחור און אים קריק אָפּפֿירן קיין וויזשניץ אין דער ישיבֿה, האָט ער אָנגעטראָפֿן אויף אַ גרויסן ווידערשטאַנד. קודם מײַן מאַמע, וואָס זי האָט געטענהט: „וואָס ווילסטו פֿונעם קינד? ער וועט נאָך קראַנק ווערן דאָרט! ער איז געווען אַ שוואַך קינד קלײנערהייט און אַזאַ מפֿונק אויפֿן עסן... און דאָרט קאָכט מען פֿאַר אַ פֿאַר הונדערט בחורים אין איין טאָפּ. ער וועט קראַנק ווערן, וועסטו עס האָבן אויף דײַן חשבון!" דערנאָך האָט זיך בנימין אָוועקגעזעצט און האָט אָנגעהויבן אַרײַנטענהן אין אים: „וואָס זוכסטו דיר צרות? ער וויל נישט, וועט עס דיר סײַ ווי נישט העלפֿן. סע וועט דיך קאָסטן געלט און סע וועט דערפֿון גאָרנישט אַרויסקומען. נייטן צום לערנען קען מע נישט. לאָז אים דאָ בײַ מיר, כ'וועל אים פֿירן אין גלײַכן וועג. כ'וועל אים אַרײַנגיבן אין דער האַנדלשול און ער וועט זיך אויסלערנען אַ פֿאַך — אי ער וועט זײַן צופֿרידן אי דו וועסט מיט אים קיין בושות נישט אײַננעמען".

אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז סראָל האָט נישט געהאַט קיין ברירה און אויסגעשריגן: „האַלטס אים דאָ, דעם גויאָן! נאָר זאָלסט וויסן זײַן, אַז קיין צעבראָכענע פּרוטה וועל איך אים מער נישט געבן!" אונדז'אָ'מיר נאָר אויף דעם געוואַרט. כאָטש מײַן ברודער איז אַהיימגעפֿאָרן מיט אַ צעבראָכן געמיט און מיר האָט דאָס זייער ווי געטון, אָבער אין־ברירה! ער האָט נאָר איין זאַך געבעטן: די מאַמע זאָל טאַליען נישט געבן קיין עסן, ביז ער וועט נישט דאַווענען.

אַזוי איז אַוועק אַ צײַט און טאַליע איז געוואָרן אַ בוכהאַלטער. ער האָט באַקומען אַ פּאָסטן בײַ אונדזערס אַ געשוועסטערקינד, שלמה גאָטעסמאַן, אין אַ זאַקן־פֿאַבריק. מע האָט אים דאָרט זייער ליב געהאַט פֿאַר זײַן שטילקייט און ערלעכקייט. און ווען ער איז געווען אַזוי ווײַט זיך צו קענען

אַליין אויסהאַלטן, האָט ער זיך געדונגען מיט נאָך אַ בחור אַ שטיבל און פּלעג נאָר קומען עסן אַ גוטן מיטאָג צון אונדז.

ביז סע האָט זיך אָנגעהויבן בײַ אונדז צו רעשן: יונגוואַרג פֿאָרט קיין פּאַלעסטינע. טאַליע פּלעג אַרומגיין חלומען פֿון פֿאָרן, אָבער ס'איז געווען נאָר אַ חלום, ווײַל צום פֿאָרן האָט מען געמוזט האָבן אַ צערטי־פֿיקאַט און דאָס האָבן נאָר געקענט דערלאַנגען די חלוצים.

איין מאָל, אין אַ ווינטערדיקן טאָג, קומט טאַליע צו לויפֿן: „טאַטע ליפּשע, דוד גאָטעסמאַן איז הײַנט אַרײַנגעקומען אין פֿאַבריק און געזאָגט בסוד, אַז ווען ער געפֿינט אַן אָפּנעמער, קען ער פֿאַר 4000 ליי קריגן אַ צערטיפֿיקאַט!" דוד איז דעמאָלט געווען אין די פֿעדערן: געהאַט דאָס גרעסטע קאָפֿעהויז אין טשערנעוויץ „לעוראָפּ", און אַ גאַנצער מאַכער געווען אי אין דער „האַטפֿאָלע", אי אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געוווּסט פֿון אַלע סודות אויפֿן קהלש־פּאָליטישן פֿעלד. דוד האָט דערציילט, אַז סע זענען אָנגעקומען קיין טשערנעוויץ עטלעכע צערטיפֿיקאַטן פֿאַר חשובֿע פּאַרטיימענטשן, נאָר איינער פֿון זיי איז נאָך נישט גרייט צו פֿאָרן און דעם צערטיפֿיקאַט קען מען פֿאַר דער דערמאָנטער סומע האָבן. מע קען פֿאַר דעם קריגן אַפֿילו צען ביז פֿופֿצן טויזנט ליי, נאָר מע קען זיך נישט פֿאַרטרויען פֿאַר קיינעם. איך און בנימין זע'מיר געבליבן ווי פֿאַרשטיינערט: וואָס טוט מען? דאָס יינגל איז געשטאַנען פֿאַר־צרהט. כ'האָב אים געהייסן שיקן דעם פֿעטער דוד צון אונדז. ר'איז באַלד געקומען און מיר דערציילט: ס'איז אַ גרויסע מציאה, כ'זאָל טון אַל דאָס מעגלעכע און אוממעגלעכע און כאַפּן. דאָס איז געווען אין אַ פֿרײַ־טיק נאָך מיטאָג און ביז מאָנטיק מוז דאָס געלט זײַן אין דודס הענט, ווײַן נישט וואַרטן צען אַנדערע דערויף.

שבת צו נאַכטס, אין דרויסן איז געווען אַ זאַווערוכע, געווען אַן עבֿירה אַ הונט אַרויסצולאָזן, האָבן בנימין און טאַליע מיך אַראָפּגעפֿירט צו דער באַן, און איך — אויף גאָטס באַראָט — האָ'מיך געלאָזט אינעם געפֿער־לעכן וועג. כ'האָב שטילערהייט געבעטן גאָט, ער זאָל מיך לעבעדיק צו־ריקברענגען צו מײַנע קינדער... צווועלף בײַ נאַכט איז דער צוג אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע טשערעפּקעוויץ, דרײַ קילאָמעטער פֿון וואַל־טשעניץ, וווּ מײַן ברודער סראָל האָט געוווינט. זומער בײַ טאָג וואָלט עס געווען צום דערטראָגן, אָבער ווינטער בײַ נאַכט, דער סערעט איז געווען פֿאַרפֿרוירן; מע האָט געמוזט אַריבערגיין אויף אַ קלאַטקע.

כ'בין אויסגעשטיגן פֿון דער באַן און זיך געזען איינע אַליין אויף דער נאַכטיקער סטאַנציע. כ'האָב מיך קוים צוגעשלאָגן — דורכן טיפֿן שניי — צום וועכטער און אים געפֿרעגט, ווי קען איך קומען קיין וואַלטשעניץ. דער גוי האָט זיך צעלאַכט: „ביסט משוגע? ווער וועט אין דער נאַכט זיך לאָזן אַזאַ געפֿערלעכן וועג?" כ'האָב אים צוגעזאָגט אַ גוטן טרונק בראָנפֿן, ער זאָל מיך צופֿירן צו די טויבערס, נישט ווײַט פֿון דער באַנ־סטאַנציע. דער ערל האָט אײַנגעוויליקט און מיר געהייסן אים האַלטן

ביי דער פֿאַלע פֿון זיין פּעלץ און אַזוי האָ'מיר זיך צוגעשלאָגן צו די טויבערס. דאָס גאַנצע הויז איז שוין לאַנג געשלאָפֿן, נאָר אַ קליין לעמפּל האָט אין קרעטשמע געברענט. דער גוי האָט געגיבן אַ קלאַפּ אין טיר און אַרייַנגעשריגן: אַ גאַסט פֿון טשערנעוויץ. ס'איז באַלד געוואָרן ליכטיק און אַז די טיר האָט זיך געעפֿנט און ער האָט מיך דערזען האָט לייזער טויבער אַ דערשראָקענער געפֿרעגט: „פֿרוי שעכטער, וואָס איז נייעס, וואָס איר האָט זיך דאָס לעבן אייַנגעשטעלט?". דעם וועכטער האָט מען געגעבן אַ גוטן טרונק בראָנפֿן און מיר האָט די פֿרוי טויבער געמאַכט אַ גלאָז טיי. די טויבערס, גוטע־פֿרייַנד פֿון סראָלס משפּחה, האָבן מיר געוואָלט מאַכן אַ געלעגער, אָבער כ'האָב נישט געוואָלט הערן. כ'האָב געמוזט נאָך די זעלבע נאַכט זיין ביי מיין ברודער.

זיי האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז ס'איז אַ בייטיקע זאַך און האָבן געבעטן דעם וועכטער, ער זאָל מיך אַריבערפֿירן צו סראָל גאָטעסמאַן קיין וואָל־טשעניץ. ער האָט קודם נישט געוואָלט הערן, נאָר אַז איך האָב אים צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן, האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדן. כ'האָב אים געהאַלטן ביים פּעלץ און אַזוי האָ'מיר זיך געלאָזט אויפֿן געפֿערלעכן וועג מיט האַרץ־קלאַפּעניש און אַ טיפֿער תּפֿילה אין האַרץ, באַלייט פֿון הינטגעביל, ביז אונדז זע'מיר דערגאַנגען צו מיין ברודערס פֿאַרשנייטן הייזל.

אַז דער גוי האָט געגעבן אַ געשריי, אַז ער האָט געבראַכט די שוועס־טער, האָט סראָל, נישט־טויט נישט־לעבעדיק געעפֿנט די טיר. ער האָט אָפּגעפֿאַרטיקט דעם גוי און אסתּר האָט מיר געמאַכט עפּעס צום טרינקען און די שווערע פֿראַגע איז געקומען: „שוועסטער, וואָס איז געשען, וואָס דו האָסט דיר אייַנגעשטעלט דאָס לעבן און געקומען צו פֿאָרן ביי נאַכט אין אַזאַ זאַווערוכע?" „הער אויס, מיין טייַערער ברודער, האָב איך אים געענטפֿערט. זאָג מיר צו וועסט זיך נישט אויפֿרעגן און די מיצווה זאָל מיר נישט פֿאַרשטערט ווערן!" כ'האָב אים דערציילט פֿון אַלף ביז תּוו. ער איז נעבעך בלאַס געוואָרן. כ'האָב אים געגיבן צו פֿאַרשטיין, אַז באַלד וועט ער מוזן גיין צום מיליטער און אין רומענישן מיליטער איז נישט געוועזן לייַכט. „דו ווייסט דאָך, אַז דו וואָ'סט אָוועקגעגעבן דאָס לעצטע העמד אים אויסצוקויפֿן דערפֿון. און איצט אַז סע טרעפֿט זיך אַזאַ מציאה, מוזסטו עס אויסניצן". ער און אסתּר האָבן זיך געקאָרטשעט פֿון יסורים, און איך, צוקוקנדיק האָב מיט זיי מיטגעליטן. ביז סראָל האָט זיך אָנגע־רופֿן: ר'האָט נישט קיין מזומן. ר'האָט צוויי טויזנט ליי, דאַרף ער פֿאָרן נאָך בראָנפֿן. „הער אויס, ברודער, איך האָב אויך נישט קיין מזומן, אָבער איך האָב קרעדיט. דו וועסט די צוויי טויזנט געבן און איך וועל מיר לייַען און וועל געבן די אַנדערע צוויי און אונדז'ע'מיר זיך אַן עצה געבן".

ביז אַכט טעג איז טאָליע אָוועקגעפֿאָרן קיין פּאַלעסטינע. און אין צוויי יאָר אַרום — דער מיזיניק עליע. הייַנט לעבן אין ישׂראל — אַחוץ די צוויי זין מיט זייערע משפּחות: קינדער און אייניקלעך — אויך די אַנדערע

דריי טעכטער: דאָרא, וואָס האָט געלעבט אין אורוגוויי, און אירע קינדער און אייניקלעך אין קיבוץ יד־מרדכי; לוסיע, וועמעס מאַן בערקו איז דער־הרגעט געוואָרן נאָכן אַהיימקומען פֿון טראַנסניסטער, פֿון באַנדעראָווצעס, לעבט היינט אין חולון מיט איר צווייטן מאַן און אירע צוויי טעכטער, איידעמס און אייניקלעך; יענטל מיט איר מאַן און טאָכטער לעבט אויך אין חולון. די שווענערין מיינע אסתּר האָט אויך ביז 1972 געלעבט ביי איר טאָכטער יענטל אין חולון. נאָר סראָל האָט נישט דערלעבט צו קומען אין זיין אויסגעבענקטן הייליקן לאַנד. צוריק פֿון דער דעפּאָרטירונג קיין טראַנסניסטער, האָט ער באַקומען אַ ראַק אין האַלדז און איז אין 1946 אויסגעגאַן אין סערעט, ווו ער איז באַהאַלטן. זיין זכות זאָל מיר און דער גאַנצער משפּחה ביישטיין!

# לייענען און לערנען

אונדז'אַ'מיר זיך געלעבט בשלום, מיין מאַן און איך. די קינדער — ביידע גוטע קעפּלעך געהאַט און זיך גוט געלערנט. דאָס טעכטערל פֿלעג שיין זינגען און יידישע לידער געקענט אָן אַ צאָל. אויך מאָלן פֿלעג זי שיין און טאַקע דער טאַלאַנט האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין איר לעבן. מיין זינדעלע, מאָטעלע, האָט פֿון קינדוויי אָן זיך אַרויסגעוויזן מיט זיין חכמה און שאַרפֿן מוח. ספּעציעל האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין געאָגראַפֿיע און מאַטעמאַטיק. יידישע לימודים האָבן זיי זיך געלערנט ביי אַ מלמד און יידיש לייענען און שרייבן האָט ביילציע זיך געלערנט אין די נאָכמיטאָג־קלאַסן פֿונעם „מאַרגנרויט" און אין יידישן שולפֿאַראיין. און מאָטעלע האָט באַקומען פּריוואַטע לעקציעס פֿונעם שרייבער הערש־לייב קאַזשבער.

בנימין פֿלעג פֿאַר די קינדער און מיר פֿירלייענען. מיר האָבן געמעגט זיין ווי מיד, זענען די קינדער נישט געגאַן שלאָפֿן, ביז דער טאַטע האָט פֿאַר זיי נישט געלייענט. נישט נאָר קינדער־מעשׂיות און זשיל ווערן, נאָר אויך שלום אַש א״אַ. און נישט בלויז מיר און די צוויי באַבעס האָבן זיך צוגעהערט, נאָר מיינע טייערע שכנים, שמואל און ריסל (רותל) האַראָוויץ און זייער ייִנגעלע העסיו (הערשל), ווי אויך אַנדערע שכנישע קינדער.

בנימין פֿלעג באַציִען צייטונגען און זשורנאַלן פֿון וואַרשע (ליטעראַ־רישע בלעטער) אַחוץ די אָרטיקע יידישע צייטונג. די נייסטע ביכער האָט ער באַשטעלט. אַזוי ווי ער האָט נאָר געהערט, אַז ד״ר זשיטלאָווסקי האָט אַרויסגעגיבן זיינע געזאַמלטע ווערק, האָב איך געשריבן לאָזערן קיין אַמעריקע, ער זאָל אונדז שיקן די צען בענד. נו, נו האָט זיך עפּעס געטון! מע איז געקומען צון אונדז ווי אין אַ ביבליאָטעק. ד״ר חיים

זשיטלאָווסקי איז געווען זײַן אָפּגאָט. ער האָט נישט געקענט זיך גענוג אָנקישען מיט זײַנע ווערק.

קיין שום קולטור־אונטערנעמונג האָ׳מיר נישט פֿאַרפֿעלט. איז געקומען די ווילנער טרופּע, האָ׳מיר נישט אויסגעלאָזט איין פֿאָרשטעלונג. אַזוי אויך אַנדערע גוטע טעאַטער־אויפֿפֿירונגען. און צו הערץ גראָסבאַרדס רעציטאַציעס, וואָס האָבן אַזאַ רושם געמאַכט אין טשערנעוויץ, זע׳מיר שטענדיק געגאַן און מיטגענעמען אונדזער טעכטערל.

דער יידישער שולפֿאַראיין האָט געהאַט אַ דראַמאַטישע סעקציע „קאַמעלעאָן”, וואָס זי האָט אונטער דער אָנפֿירונג און רעזשי פֿון שימחה שוואַרץ, אויפֿגעפֿירט זייער גוטע פֿאָרשטעלונגען. אונדזער טאָכטער האָט צוקוקנדיק זיך גיך אָפּגעלערנט און אַהיימקומענדיק פֿון די פֿאָרשטעלונגען, האָט זי באַלד מיט אירע חבֿרטעס אין די קאָרידאָרן און ליידיקע דירות אין שטיינגאַס נ׳ 12 אויך געשפּילט טעאַטער.

בנימין האָט זיך געחבֿרט מיט דער יידישיסטישער אינטעליגענץ — ד״ר פֿורמאַן, בײַזער, ד״ר ראָזנרויך, יצחק פֿאַנער און נאָך. ער פֿלעג אַ סך לייענען. אויפֿשטיין פֿאַר טאָג, איידער מע האָט געדאַרפֿט אויפֿמאַכן דאָס געוועלב און אָפּלייענען אַ פּאָר שעה. נישט נאָר די טרייפֿע־פּסולס, ווי מײַן שוויגער פֿלעג רופֿן די ביכער, נאָר ער פֿלעג אויך אַ מאָל אַרײַנכאַפּן אַ בלאַט גמרא (אין בעט). ווען מ׳איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן, פֿלעג בנימין אויפֿדרייען דאָס לעמפּל און זיך נעמען שאָקלען, סע האָט געמעגט זײַן צוויי־דרײַ בײַ נאַכט. איך פֿלעג זיך אָקעגנשטעלן: כ׳בין געווען מיד און האָב געוואָלט שלאָפֿן. אָבער ס׳האָט מיר גאָרנישט געהאָלפֿן. נאָר אַז גאָט האָט געהאָלפֿן, די שוויגער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט שוין קיין צרות נישט געפֿעלט. זי האָט אים שיין מכבד געווען, נאָר ער האָט איר קיין מאָל קיין בייז וואָרט נישט געזאָגט. ווען איך פֿלעג אים פֿרעגן: סטײַטש, ווי קומט עס... האָט ער געהאַט איין ענטפֿער: זי איז נעבעך אויף צרות, מוז זי צון עמעצן אויסלאָזן.

## מיט אַ הוראַ

איך פֿלעג יעדן חודש אַרײַנפֿאָרן קיין בוקאַרעשט נאָך סחורה, ווײַל פּרנסה האָט מען נאָר געקענט ציִען פֿון קויפֿן סחורה דירעקט אין פֿאַבריק. אין בוקאַרעשט האָבן זיך געפֿונען עטלעכע זײַדפֿאַבריקן און דער הויפּט־אַרטיקל בײַ אונדז איז געווען זײַד (קרעפּ־דע־שין). אָבער אין בוקאַרעשט צו קויפֿן האָט מען געמוזט האָבן מזומן, און דאָס האָט בײַ אונדז תּמיד געפֿעלט. אונדז פֿלעג׳מיר פֿאַרקויפֿן אַ גרויסן טייל אויף אויסצוצאָלן און אונדז אַליין פֿלעג׳מיר אויך נעמען אויף צײַט.

ס׳איז געווען אַ מאָנטיק נאָכן ירידֿ, אין שופֿלעדל האָט זיך געפֿונען אַ טאָג שיינע לייזונג און פֿאַר נאַכט, ווען סוחרים זענען געקומען מאָנען

געלט, האָ׳מיר געצאָלט אַ ביסל וויניקער. און איין סוחר, וואָס מיר זענען אויך געווען פּערזענלעכע גוטע־פרײַנד, און אים בין איך צום מערסטן שולדיק געווען — האָב איך געזאָגט: „הער סאַטינגער, איר ווילט געלט און איך וויל פאָרן קיין בוקאַרעשט נאָך סחורה. איך דאַרף אַ גמילות־חסד״. פרעגט ער: „וויפל?״ „וואָס הייסט וויפל? וויפל קענט איר מיר לײַען?״ ער איז אַוועק און נאָך אַ האַלבער שעה איז ער צוריקגעקומען און מיר אויסגעציילט 36,000 ליי. דאָס איז געווען גאָר אַ גרויסע סומע. כ׳בין גיך אַהיימגעלאָפן, מיך איבערגעטון און בין אַראָפּ צו דער באַן איבערלאָזנדיק דאָס געשעפט אָן אַ ליי; און דערצו נאָך אַזאַ גרויסן גמילות־חסד! ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז אין דרײַ טאָג קען זיך אַזויגס אָפּטון!

ווען כ׳בין דאָנערשטיק פאַר טאָג צוריקגעקומען, איז בנימין געשמאָ־נען אויף דער באַנסטאַנציע און מיך אָפּגעוואַרט. כ׳בין געווען זייער מיד — צוויי נעכט נישט שלאָפן און צוויי טעג אין בוקאַרעשט אַרומלויפן אין די געפערלעכע היצן — אָבער כ׳בין צו דער זעלבער צײַט געווען זייער פריילעך, ווײַל כ׳האָב גוט געהאַט אײַנגעקויפט און אַהיימגעבראַכט איבער טויזנט מעטער זײַד. ווען אונדז׳אַ׳מיר אויפגעלאָדן די סחורה, האָט בנימין געזאָגט דעם קוטשער, ער זאָל אַהיימפאָרן. ס׳איז מיר עפּעס נישט געווען קלאָר: פאַר וואָס נישט אין געוועלב. ווען כ׳האָב אים געפרעגט, וואָס הערט זיך, האָט ער מיר שטילערהייט אָנגעהויבן צו דערציילן, אַז עפּעס קאָכט זיך שטאַרק אין דער לופט. די לעצטע צוויי טעג זענען אַרומגעפלויגן עראָפּלאַנען און אַראָפּגעוואָרפן צעטעלעך אין יידיש, רומע־ניש און רוסיש, מע זאָל זיך נישט שרעקן, מע זאָל זיך רוּיק האַלטן — סע וועט קיינעם גאָרנישט געשען. די שטאָט איז געווען אין טויטשרעק, נישט־וויסנדיק וואָס סע הענגט איבער אונדזערע קעפּ.

דאָנערשטיק נאָך מיטאָג, כ׳בין אַרויסגעקומען אין געוועלב, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַלעמענס אויגן פרעגן מיך: וואָס ביסטו געפאָרן און אַוועקגעטראָגן דעם לעצטן ליי דײַנעם און נאָך דעם געליגענעם אויך? די שכנים האָבן געפרעגט: וואָס הערט זיך אין בוקאַרעשט? וואָס רעדט מען דאָרט וועגן אונדז, בוקעווינער יידן? כ׳האָב זיי גאָרנישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן: כ׳האָב פון גאָרנישט געוווּסט. אַזוי איז דורכגעלאָפן, אָדער בעסער געזאָגט דורכגעקראָכן, דער טאָג. מע האָט פאַרמאַכט די געוועלבן, איז יעדער געבליבן אין גאַס. ס׳האָט קיינעם זיך נישט געגלוּסט אַהיימצוגיין.

דעם צוויטן טאָג האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּן אויפן שטראָז. יעדער איז געשטאַנען אויף די גאַסן און געקוקט. (אַ סך יידן האָבן זיך געשראָקן פאַר די רוסן. זיי האָבן נאָך געדענקט די פּאָגראָמען. כאָטש בײַם רומענער איז אונדז געווען ביטער, האָט מען אָבער פון קיין פּאָגראָ־מען נישט געוווּסט.) די רויטע אַרמיי האָט אַרײַנמאַרשירט: אָן אַ שיעור טאַנקען און אויטאָס מיט סאָלדאַטן. מע האָט זיי אויפגענומען מיט אַ

הוראה. די גדולה איז געווען אַזוי גרויס, אַז מ׳האָט פֿאַרגעסן וואָס סע קען געשען, טאָמער בלײַבן זיי נישט מיט אונדז.

די ערשטע טעג זענען די שפּײַזקראָמען געשטאַנען אָפֿן און אונדזערע ייִדן, זאָלן זײַן געזונט, האָבן מיט אַ מאָל געהאַט געלט און געטראָגן גאַנצע בערג מיט עסנוואַרג. מײַן מאַמע האָט אָנגעהויבן שרײַען: „וואָס גייסטו נישט אויך אײַנקויפֿן? סע וועט זײַן אַ הונגער! מע ראַמט דאָך אויס די קראָמען!" אַז כ׳האָב אָבער קיין ליי נישט געהאַט, מיט וואָס האָב איך געזאָלט קויפֿן? איך האָב גענומען דעם שליסל און געגאַנגען עפֿענען דאָס געוועלב, כאָטש יעדער האָט געשריגן: מע טאָר נישט, ס׳איז נישט אונדזערס מער — ס׳איז זייערס! אָבער איך האָב געמוזט אײַנשטעלן: כ׳האָב גערדאַרפֿט פֿאַרזאָרגן מײַן הויז מיט שפּײַז.

דורכגייענדיק דורך דער שפּײַזקראָם אַקעגן אונדזער וווינונג, בין איך אַרײַן און געזאָגט: „איך האָב נישט קיין געלט, אָבער שפּײַז דאַרף איך האָבן. מיר זענען זיבן אירע אין הויז און כ׳האָב גאָר קיין רעזערוו נישט. כ׳זע, אַז באַלד בלײַבט איר אָן סחורה. שטעלט מיר צונויף אַ פּעקל, אין אַ צוויי שעה וועל איך צוריקקומען, וועל איך אײַך באַצאָלן." די געוועלבערין האָט געוווּסט, אַז כ׳האָב סחורה, וואָס זי דאַרף, האָט זי בײַ מיר באַשטעלט. און אַזוי האָב איך איר געגעבן מאַטעריאַל אויף לײַלעכער, ציכן, קליידער און זי האָט מיר געגעבן צוקער, מעל, קאַווע און אַלץ וואָס אַ באַלעבאַטישקייט דאַרף.

אַז אונדז זע׳מיר צוגעקומען צום געוועלב, זענען שוין געשטאַנען אַ גאַנצע אַטשערע מענטשן און געוואַרט כ׳זאָל אויפֿמאַכן. בנימין האָט געזאָגט: אפֿשר זאָל׳מיר שיקן נאָך קאַצן, אונדזער קאָמי? כ׳האָב אַזוי געטון. קאַץ האָט בײַ אונדז געאַרבעט פֿיר יאָר און איז געווען נישט ווי אַ באַצאָלטער אַרבעטער, נאָר ווי אַ גוטער־פֿרײַנד אָדער פֿרײַנט. ער איז געקומען צו לויפֿן. דערזען וואָס סע טוט זיך, האָט ער געזאָגט: „פֿרוי שעכטער, כ׳האָב מורא פֿאַר די כאַוויירים". כ׳האָב געפּרוּווט אים איבעררעדן: „הער קאַץ, ווער ווייסט נאָך אַזוי גוט ווי איר, אַז כ׳האָב נישט קיין ליי און סאָטינגערן בין איך שולדיק. ער האָט מיר תּמיד געהאָלפֿן, קען איך אים נישט איצט לאָזן פֿאַלן: כ׳מוז אים עפּעס צוריקצאָלן". כ׳האָב בײַ אים געפּועלט.

אונדז ביידע זע׳מיר אַרײַן אין געוועלב, בנימין איז געשטאַנען און געהיט די טיר. יעדעס מאָל האָט ער אַרײַנגעלאָזט עטלעכע קונים; קאַץ האָט געמאָסטן און געשניטן און איך האָב גערעכנט און גענומען געלט. אויף קיין פּרײַזן האָט קיינער נישט געפֿרעגט — אַבי גיט סחורה און וואָס מער! אַזוי אָפּגעאַרבעט אַ צוויי שעה, דערנאָך האָט בנימין קיינעם מער נישט אַרײַנגעלאָזט. אונדז׳אַ׳מיר צוגעזאָגט מאָרגן ווידער צו עפֿענען די קראָם. דערווײַל האָב איך צעטיילט דאָס געלט אויף דרײַ חלקים: אונדז, סאָטינגערן און קאַצן.

דעם גאַנצן פֿרײַטיקדיקן טאָג איז מען געשטאַנען און געפּרייט זיך

מיט די סאָלדאַטן אויף דער גאַס. פון דעם הורא איז מען הייזעריק געוואָרן; פון פּאַטשן מיט די הענט האָט מען באַקומען מאַזאָליעס. אָבער ווער האָט עס געפילט! אַבי געפּטרט דעם רומענער און אַרײַנגעכאַפּט זיעם כאַוועד סטאַלין... וואָס האָבן מיר געוווּסט, וואָס פאַר אַן אומגליק ער וועט אונדז זײַן? נאָך דרײַ טעג זיך פרייען, האָט פּלוצעם זיך אָנגעהויבן פּילן, אַז אונדזער פרייד איז געווען אומזיסט...

זונטיק אין דער פרי האָט שוין איבער דער שטאָט געהאַנגען אַ ביטערע כמאַרע: יעדער, וואָס ער האָט אַ געוועלב אָדער פאַבריק, מוז ביז פיר און צוואַנציק שעה אַראָפּטראָגן די שליסל אין מאַגיסטראַט. פון איצט אָן זענען זיי די באַלעבאַטים. אויף דעם פּלאַקאַט, וואָס מ׳האָט אַרויסגעהאַנגען איז אויך געשטאַנען, אַז די ליי מוז מען ביז דרײַ טעג אײַנבײַטן אויף רובל. און וועמען מע וועט כאַפּן עפּעס קויפן אָדער פאַרקויפן, וועט מען אײַנזעצן אין תּפיסה. און דאָס האָט געשמעקט מיט פינעף ביז צען יאָר סיביר. ס׳איז אונדז באַפאַלן אַ טויטשרעק. מע האָט מורא געהאַט נישט נאָר פאַר דער גאַס, נאָר בײַ זיך אין שטוב אַרויסצורעדן אַ וואָרט: טאָמער וועט זיך ווער חלילה אונטערהערן...

אין אַ צײַט אַרום איז חיים מיט זײַן הויזגעזינד געקומען צו פאָרן אויף אַ שווער אויפגעלאָדענעם וואָגן מיט זײַן גאַנץ באַלעבאַטישקייט. מע האָט בײַ זיי אין סערעט געלאָזט וויסן, אַז אין דרײַ טעג אַרום וועט די גרענעץ זיך פאַרמאַכן — און סערעט וועט זײַן אויף דער רומענישער זײַט, ווײַל דער גאַנצער דרום־טייל פון דער בוקעווינע וועט געהערן צו די רומענער, בשעת דער צפון־טייל וועט אַריבער צו דער סאָוועטן־מאַכט. טשערנעוויץ איז געלעגן אין צפון־טייל, האָבן אַ סך ייִדן, וואָס זיי האָבן געהאָפט, אַז די רוסן זענען אונדזער משיח, געכאַפּט דאָס פּעקל און געקומען קיין טשערנעוויץ. מײַן ברודער איז אויך געווען איינער פון די. ער האָט געקענט די רוסן פון יענער צײַט, ווען ער איז געווען פאַרשיקט ווי אַ לעבעדיקער משכון קיין סיביר אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און ער האָט נישט געהאַט קיין שלעכטע מיינונג וועגן זיי. ער איז געווען זיכער, אַז זיי וועלן זײַן בעסער ווי די רומענער. אַחוץ דעם האָט ער אין טשערנעוויץ געהאַט צוויי אויסגעגעבענע טעכטער, די מאַמע, און זײַן איינציקן זון יונה, וואָס האָט געהאַט פאַרענדיקט זײַן שטודירן אין איטאַליע פאַר אַ דאָקטער און איז געווען אונדזער טאָכטער ביילאַ׳ס חתן.

## דער ערשטער אַקט

ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די אַרבעטער נעמען איבער די פאַבריקן. אונדזער דינסט, וואָס האָט געשטאַמט פון גאַליציע, האָט אַליין קיין משפּחה נישט געהאַט; האָט זי געוואָלט בלײַבן בײַ אונדז, כאָטש

איך האָב זי געוואָלט גוט באַלויבען און זי לאָזן גיין. זי האָט געטענהט, אַז שוין פיר יאָר ווי זי דינט בײַ אונדז און ס׳איז איר געווען גוט, זאָל זי אונדז איצט איבערלאָזן? זי האָט זיך אָנגעהויבן חברן מיט דער הויז־מײַסטערין, אַ גויע וואָס האָט נישט שלעכט געלעבט מיט אונדז און די אַנדערע קאָמעניקעס, אָבער ווען די רוסן זענען אַרײַן, האָט זי זיך גע־קלאָפּט דעם קאָפּ אין דער וואַנט (אַזוי האָט מען געזאָגט). זי האָט געהאָפט, אַז די דײַטשן וועלן קומען. איצט האָט זי געזוכט צו נעמען נקמה, ספּע־ציעל אין די מענטשן, וואָס איר האָט זיך געדאַכט, זיי האָבן זיך געפרייט מיטן אַרײַנמאַרש פון דער רויטער אַרמיי. אַזוי ווי די הויזמײַסטערס האָבן באַקומען אַ באַזונדערע פונקציע — צו זײַן מוסרים — האָט זי געהאַט אַלע מעגלעכקייטן זיך אָפּצורעכענען.

זי איז געווען אַזוי ביטערע, אַז אין אַ שיינעם טאָג וואָרט זי מיך אָפּ בײַם טויער און דערציילט מיר אַזאַ מעשה: דאָ אין שכנות האָט זיך אַרײַנגעצויגן אַ רוסקע, אַ נאַטשאַלניטשקע מיט קינדער און זיי זענען אַלע אָפּגעריסן און נאַקעט. צי וואָלט איך זיי נישט פאַרקויפט אַ שטיקל סחורה? געלט האָט זי, נאָר זי האָט נישט ווו צו קויפן. כ׳האָב פשוט מורא געהאַט איר צו זאָגן ניין. זי האָט געוווסט, אַז בײַ מיר זיצט אַ שנײַדערין און נייט פאַר מײַן טאָכטער דעם אויסשטאַפיר. האָב איך איר געזאָגט: „דו ווייסט, אַז מע האָט בײַ מיר צוגענעמען דאָס געוועלב, נאָר כ׳האָב אין דער היים אַ פּאָר רעשטלעך, וואָס כ׳האָב אָנגעגרייט פאַר מײַנע קינדער אויף אויפּצונייען אָנגעטועכץ, וועל איך איר שענקען אַ רעשטל אויף אַ בלוזקע״. דעם צווייטן טאָג איז זי אַרויפגעקומען מיט דער רוסקע און איך האָב איר געגעבן אַ שטיקל סחורה אויף אַ בלוזקע. פרעגט זי מיך וויפל סע קאָסט, זאָג איך איר, אַז איך האָב נישט מער קיין געוועלב און כ׳וויל נישט פאַרקויפן. זי, אָבער, כאַפּט צען רובל און לייגט עס אַוועק אַ באַליידיקטע: זי איז נישט קיין אָרעמע און וויל נישט קיין מתנות. און מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער אַקט פון אונדזער אומגליק.

כ׳האָב געזען, אַז יעדן טאָג ווערט מיר די דינסט פאַרשווונדן אויף אַ שעה, אָבער ווער האָט געקענט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ טײַוולישן פּלאַן זיי האָבן דאָרט בײַ דער הויזמײַסטערין פאַר אונדז צוגעגרייט! ביז אין אַ בײַנאַכט — דעם פערצעטן סעפּטעמבער 1940 — ליגנדיק אין די בעטן אין בעסטן שלאָף, דערהערט זיך אַ קלאַפּן אין טיר. און עפענענדיק שטעלט זיך אַרײַן מיט אַן אײדעלן „מאַזשנאַ?״ אַ פּאָר פון דער מיליץ און זיי הייסן יעדן אַרויס פון די געלעגערס.

זיי הייבן אָן צו זוכן — נישט זוכן ווי מענטשן נאָר ווי רוסישע „כאַווירים״ קענען. איבערגעקערט די שטוב און גאָרנישט געפונען, האָבן מיר מיט קלאַפנדיקע הערצער געוואָרט זיי זאָלן אַוועקגיין. זיי זענען טאַקע סוף־כל־סוף אַוועק, נאָר צון אונדזער גרויסן שרעק האָבן זיי געהייסן בנימינען זיך אָנטון און מיטגיין. איך בין אויפגעשפּרונגען און אויך געוואָלט

גיין, האָבן זיי נישט געלאָזט: אַז זיי וועלן מיך דאַרפֿן, וועלן זיי מיך קומען נעמען.

אונדז זע׳מיר געבליבן אין געהאַקטע ווונדן וואַרטן אויף בנימינס צוריקקומען. אומזיסט. אַזוי ווי ס׳האָט אָנגעהויבן זשאַרען אויף טאָג, האָט מען זיך אָנגעהויבן דרייען אַרום דער מיליץ און זען אָדער הערן וואָס מע טוט דאָרט צו בנימינען. אָבער ווער האָט דען געקענט עפּעס געוואָר ווערן? דער טאָג האָט זיך געצויגן אין שרעק. אונדזער הויז איז געווען באַוואַכט פֿון דער מיליץ, אַזוי אַז מע האָט מורא געהאַט צון אונדז אַרײַנצוקומען. אַרום צוויי אַ זייגער בײַ טאָג האָבן זיך ווידער באַוויזן אַ פּאָר הינדאַמאַקעס פֿון דער מיליץ און געפֿרעגט אויף מיר. פֿון דער שרעק פֿון דער נאַכט בין איך געווען אַזוי צעבראָכן, אַז כ׳האָב מיך נישט געקענט רירן און בין געבליבן ליגן אין בעט. (כ׳בין אַזוי אָפּ־געלעגן חדשים לאַנג אויף אַ האַרצקרענק.) אָבער כאָטש כ׳בין געווען שלאַף, האָב איך מיך געמוזט אָנטון און גיין מיט זיי אויף דער מיליץ. זיי זאָבן מיך געפֿירט אונטער די אָרעמס, ווײַל איך האָב געפּלאָנטערט מיט די פֿיס און קוים זיך געשלעפּט. מענטשן אין גאַס זענען געשטאַנען פֿאַר־חידושט און געקוקט. די׳ע וואָס האָבן אונדז געקענט, האָבן נישט געקענט פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס מע פֿירט מיך. מײַן מאַן איז געווען אַ סאָציאַליסט און געוּרודפֿטע פֿון דער רומענישער רעגירונג פֿלעגן זיך בײַ מיר אויס־באַהאַלטן.

מע האָט מיך אַרײַנגעשלעפּט אין אַ באַזונדער שטיבל, אָפּגעטיילט דורך אַ שפּאַניש ווענטל: מ׳האָט געקענט הערן יעדן שאָרך פֿון יענער זײַט. פּלוצעם האָב איך דערהערט בנימינס קול: ער האָט געקרעכצט, געזיפֿצט, אָבער נישט געוואָלט אונטערשרײַבן דעם פּראָטאָקאָל פֿון סאָמע ליגנס, וואָס זיי האָבן צונויפֿגעשטעלט. ווי איך דערהער פֿירלייענען דעם פּראָטאָקאָל — און זיי האָבן אינמיסטן געלייענט הויך, איך זאָל הערן — און מע האָט געגיבן אַ זאָג: אויב נישט שיסן, וועט מען אים פֿאַרשיקן כאָטש אויף צען יאָר קיין סיביר, בין איך געפֿאַלן אין חלשות. מע האָט מיך דערמינטערט און פֿון יענער זײַט ווענטל האָט איינער געזאָגט: „הערסט ווי דײַן ווײַב וועט באַלד שטאַרבן און דיך וועט מען אַוועקשיקן קיין סיביר און די צוויי באַבעס מיט די קינדער וועלן אומקומען פֿון נויט!" איך האָב אויפֿן קול געוויינט און געקלאָגט און בנימין האָט געוויינט און געשריגן, ער וועט טון אַלץ וואָס זיי ווילן, נאָר מע זאָל מיך אַהיימשיקן...

נישט אַזוי לײַכט לאָזן זיי אַרויס פֿון זייערע חיהשע לאַפּעס. מע האָט מיך אָפּגעמוטשעט ביז האַלבע נאַכט, דערנאָך מיך אַהיימגעשיקט. די גאַנצע גאַס איז געשטאַנען אין דרויסן און מיט מיר געוויינט און געקלאָגט, אָבער וואָס האָט דאָס געהאָלפֿן? מײַן גרויס אומגליק איז פֿון די רוצחים געחתמעט געוואָרן אויפֿן גאַנצן לעבן.

# פּראָצעסן, פאַרשיקונג

חדשים איז בנימין אָפּגעזעסן אין אַ טשערנעוויצער תּפיסה אונטער שרעקלעכע באַדינגונגען — די ענגשאַפט איז געווען אַזוי גרויס, אַז די אַרעסטירטע האָבן זיך געמוזט אײַנטיילן: ווען אײנע זענען געזעסן אָדער געשלאָפן, האָבן די אַנדערע געמוזט שטיין. דערנאָך איז געקומען צון אַ פּראָצעס. כ׳האָב גענומען אַן אַדוואָקאַטקע, טאַכטאַמאַש — אַ יונגע, שיינע מיט אַ קלוגן פּיסק, אַ גרוזינערקע. אָבער זי איז קוים געקומען צום וואָרט. דער ריכטער, דווקא זייער אַ לײַטישער, האָט געהאַלטן, אַז די באַשולדיקונג האָט נישט קיין ממשות און נאָך אַ קורצער אויספרעגונג האָט ער בנימינען באַפרײַט. די חברים און שכנים וואָס זענען געווען דערבײַ, האָבן אים אַרויסגעטראָגן אויף די הענט מיט אַ גרויסן הוראַ.

אָבער די פרייד האָט נישט לאַנג געדויערט. די רוצחים האָבן אים נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון זייערע לאַפּעס. דער פּראָקוראָר האָט באַלד געמאַכט אַ רעקורס און נאָך צוואַנציק טעג זײַן אין דער היים, האָט ער זיך געמוזט שטעלן צום צווייטן פּראָצעס. דאָ איז שוין געווען אַן אַנדערע מעשׂה. אַן אַנדערער ריכטער, אַ פאַרביסענער. סע האָט גאָרנישט געהאָלפן, וואָס די בײַזיצערס האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט דעם פּראָקוראָרס פאָדערונג פון 6 יאָר. דער ריכטער האָט זיי געסטראַשעט, אַז אויב זיי שרײַבן נישט אונטער, וועלן זיי באַטראַכט ווערן פאַר פאַררעטערס. איינער פון די צוויי בײַזיצערס האָט פאַר אויפרעגונג געחלשט. נאָך עטלעכע שעה ביטערע רײַסערײַען, האָבן די בײַזיצערס אויסגעפירט: נאָר צוויי יאָר. דער ריכטער האָט אָבער געגיבן אַ וואָטום סעפּאַראַטום אויף 5 יאָר.

מע האָט בנימינען פאַרשיקט קיין סיביר. דער אַדרעס פונעם שקלאַפן-לאַגער: סטאַנציאַ קאַרעלינאַ, אײַזנבאַן א״ג קאַגאַנאָוויטש, סווערדלאָווסקער געגנט. אונדז׳אַ׳מיר נישט געוווּסט וועגן זײַן פאַרשיקונג: געמיינט אַז ער זיצט אין דער טשערנעוויצער תּפיסה. נאָר פּלוצעם, נאָך חדשים לאַנג נישט הערן פון אים, האָ׳מיר באַקומען אַ רוסיש בריוועלע, געשריבן אויף אַ שטיקל ברוינעם פּאַפּיר. קודם האָ׳מיר נישט געוווּסט ווער דאָס שרײַבט — בנימין האָט דאָך נישט געקענט קיין רוסיש און ס׳איז נישט געווען זײַן כּתבֿ. ווען מיר האָבן זיך געכאַפּט, אַז דאָס שרײַבט אונדז טאַקע בנימין פון יענער זײַט אוראַל איז אונדז געוואָרן אַ לאַך אין האַרץ.

שפּעטער האָבן מיר שוין יאָ באַקומען לאַנגע יידישע בריוו. ער איז געלעגן אין שפּיטאָל: געראַנגעט געוואָרן בײַם האַקןביימער. אַ גוטהאַרציקע יידישע דאָקטערשע האָט די בריוו אַרויסגעשמוגלט און אונדז געשיקט. איך האָב אים אָנגעהויבן שיקן פּעקלעך שפּײַז און ער האָט זיי באַקומען. אפשר, ווען די מלחמה וואָלט נישט געווען אויסגעבראָכן, וואָלטן מיר אים נאָך געזען צוריק...

אין יאָרן אַרום, נאָכן סוף פון דער מלחמה, האָב איך זיך דערוווּסט וועגן זײַן ביטערן סוף. אַ טשערנעוויצער ייִד, וואָס איז מיט אים אין איינעם

געוועז, האָט אונדז דערציילט, אַז ווען דאָס פֿײַער איז אויסגעבראָכן, האָט מען זיי געשיקט הינטער דער פֿראָנט אויף שוואַרצאַרבעט. בנימין האָט געאַרבעט אונטער איינעם — אויך אַ פֿאַרמישפּטער, אַ קרימינעלער פֿאַר־ברעכער. ווען יענער האָט אים געהייסן איין מאָל פּוצן זײַנע שטיוול און בנימין האָט זיי נישט גוט גענוג געפּוצט (ער פֿלעג טראָגן ברילן און דאָרט האָבן זיי זיך אים צעבראָכן, איז ער געווען ווי בלינד), האָט ער אים אַזוי צעשלאָגן, אַז דאָס איז געווען זײַן סוף. דער ייִד, אַ געוויסער נײַמײַער, האָט מיר דערציילט, אַז אויף זײַן קישעלע איז בנימין אויסגעגאַן.

## 1941

דעם 9טן פֿעברואַר 1941 האָט מײַן טאָכטער חתונה געהאַט מיט מײַן ברודער חיימס זון: יונה גאָטעסמאַן. ס׳איז נישט געווען קיין שׂימחה, ווי סע וואָלט באַדאַרפֿט צו זײַן. דער טאַטע — אין סיביר. בכּלל האָט זיך נישט געשׂימחהט בײַ ייִדן אין יענער צײַט.

דעם 22סטן יולי פֿונעם זעלבן יאָר האָט אויסגעבראָכן די דײַטש־סאָוועטישע מלחמה. איך בין פּונקט געווען מיט מײַן דרײַצן־יעריקן זון בײַ מײַן טאָכטער אויף דער זוויניאַטשקע. (מײַן איידעם האָט געהאַט באַקומען אַ פּאָסטן ווי אַ דאָקטער פּונקט אינעם שטעטעלע ווו דאָס וויגעלע פֿון די גאָטעסמאַנס איז געשטאַנען.) שוין אַ וואָך נאָכן אומגעריכטן אָנפֿאַל פֿון די דײַטשן, האָבן די רוסן אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן. טאָג־און־נאַכט האָבן טויזנטער אויטאָס, טאַנקען געהרימעט איבערן שטראָז וואָס פֿירט פֿון טשערנעוויץ דורך זאַלישטשיק קיין קאָמעניץ־פּאָדאָלסק און ווײַטער קיין רוסלאַנד. אונדז׳אָ׳מיר צונויפֿגעפּאַקט דאָס פֿאַרמעגן אויפֿן איידעמס פֿורל און זיך אויך געלאָזט לויפֿן מיט טויזנטער אַנדערע ייִדן, זיך צו ראַטעווען פֿונעם דײַטש.

אויפֿן באַרג פֿאַר קאַרעליווקע, אַ שטעטל אין מיזרח־גאַליציע, האָט אַ טאַנק פֿון אַן אַנטלויפֿנדיקן טריין פֿאַרטשעפּעט אונדזער פֿערד־און־וואָגן. איידער מע האָט זיך אומגעקוקט איז דער וואָגן געלעגן אַן איבערגעקערע־טער, די זאַכן — צעוואָרפֿן, און אונדז זע׳מיר געבליבן זיצן אין שאָנץ און זיך צוגעקוקט ווי אַלע ציִען אָפּ. אַן אָרטיקער בעל־מלאָכה האָט אונדזער פֿורל פֿאַרריכט און אונדז׳אָ׳מיר זיך סוף־כּל־סוף ווײַטער געלאָזט אין וועג אַרײַן. שלעפּנדיק זיך באַרג־אַרויף באַרג־אַראָפּ אין איינעם מיטן ד״ר ראַוך און זײַן משפּחה האָ׳מיר זיך דערשלאָגן קיין באַרשטשעוו. אין אַ פֿאַרלאָזט הויז האָ׳מיר זיך אויפֿגעהאַלטן דרײַ טעג. די אָרטיקע ייִדן, איבערגעשראָקענע, האָבן אונדז געוואָרנט דאָרט נישט צו בלײַבן, ווײַל אָט־אָט וועלן די דײַטשן קומען און ווײ וועט זײַן צון אונדז, אַנטלאָפֿענע מיט די רוסן.

אונדז׳אָ׳מיר זיך געלאָזט פֿאָרן צוריק אַהיים. צוויי פֿורלעך: איינס די

ראַוכס, דאָס אַנדערע — מיר. אויפֿן גאַנצן וועג — מע זעט נישט קיין מענטש. פּחד ליגט אין דער לופֿט. די רוסן זענען שוין געווען אַוועק און די דײַטשן זענען נאָך נישט געהאַט געקומען. ס׳האָט זיך געדאַכט: גויִשע אויגן קוקן אונדז נאָך פֿון יעדן שטיבל אַרויס.

## אַ העלדישע משפּחה — די קאַלעכשטיינס

ס׳איז געווען אַ פֿרײַטיק פֿאַר נאַכט. פֿאַר קאַרעליוּוקע האָט אונדז פּלוצעם באַפֿאַלן אַ שרעק: דער פֿינצטערער וואַלד פֿאַר אונדז האָט אונדז אויסגעזען צו זײַן די דײַטשע אַרמיי. צום ערשטן גויִשן שטיבל וואָס מיר האָבן געטראָפֿן, זענען מיר צו, בעטן, מע זאָל אונדז אַרײַנלאָזן. ווי גליקלעך זע׳מיר אָבער געווען, אַז סע האָט זיך אַרויסגעשטעלט צו זײַן ייִדישע ערדאַרבעטערס! זיי האָבן אויפֿגענומען דעם טויער, אונדז אַרײַנגענומען אין שטוב; דעם וואָגן האָט מען צענעמען און באַהאַלטן אין שטאַל מיט די פֿערד. צען טעג זע׳מיר — אַכט פֿרעמדע אירע — געווען בײַ דעם טײַערן ייִד קאַלעכשטיין. ער און זײַן משפּחה האָבן אונדז מקרבֿ געווען און זיך געטיילט מיט אונדז מיט זײַן לעצטן ביסן. אין יענער צײַט, ווען מע וואָלט געוואָר געוואָרן, אַז ער האַלט באַהאַלטן אַנטלאָפֿענע, וואָלט ער מיט זײַן הויזגעזינד נישט ווערט געווען קיין צוויי גראָשן.

דערנאָך האָט ער זיך אונטערגענומען אונדז אַהיימצופֿירן, כאָטש אונדז׳אַ׳מיר אים נישט געבעטן. אונדז׳אַ׳מיר אים אָנגעמוט צו געבן עפּעס אַנטועכץ פֿאַר אים מיט דער משפּחה, האָט ער געזאָגט: „די זאַכן וועט איר נאָך דאַרפֿן זיך אויסצוקויפֿן פֿון די רוצחים". און ער האָט פֿאַרעקשנט זיך אָפּגעזאָגט עפּעס פֿון אונדז צו נעמען. רײַטנדיק אויף זײַן פֿערד האָט ער אונדזערע צוויי פֿורן באַלייט ביז קיין זאַלישטשיק און זיך מיט דעם אײַנגעשטעלט זײַן אייגן לעבן. אַ פּשוטער ייִד, אַן ערדאַרבעטער פֿון פֿאַך, אָבער אַ צדיק.

אין 1945 האָ׳מיר אָפּגענעמען אַ גרוס פֿון זיי. סע זענען אָנגעקומען קיין טשערנעוויץ פּוילישע ייִדן, געראַטעוועטע פֿונעם גיהנום. מײַן טאָכטער איז צוגעגאַן זען: אפֿשר איז עמעצער פֿון אונדזער משפּחה געבליבן לעבן...

ווי זי איז אַזוי געשטאַנען און זיך אַרומגעקוקט, איז צון איר צוגעקומען איינער אַ יונגער־מאַן און זי געפֿרעגט: „איר זענט אַ גאָטעסמאַן?" ווען זי האָט פֿאַרחידושט אים געפֿרעגט ווער איז ער, האָט ער געזאָגט: „איר זענט געווען באַהאַלטן בײַ מײַן שוואָגער אין קאַרעליוּוקע". ער איז געווען אַ ברודער פֿון דער פֿרוי קאַלעכשטיין און מיט אים זענען נאָך געווען צוויי פֿון קאַלעכשטיינס ייִנגלעך. דאָס איז אַלץ וואָס ס׳איז געבליבן פֿון דער אײדעלער און העלדישער משפּחה.

טראַגיש און העראָיִש איז געווען דער טויט פֿונעם עלטסטן זון זייערן, ווי דער פֿעטער האָט עס אונדז איבערגעגיבן. ער איז איין מאָל אַרויס

פון שטוב, דאַכט זיך אין די שעהען, ווען מע האָט נישט געטאָרט גיין, האָט אַן אוקראַיִנישער פּאָליציי, אַ קאָלאַבאָראַנט מיט די דײַטשן זײַם געוואָלט אַרעסטירן. דער בחור האָט זיך אָנגעהויבן צו ראַנגלען מיטן מערדער. ער האָט בײַ יענעם שוין געהאַט אַרויסגעריסן די ביקס. האָט די מאַמע פונעם בחור עפּעס דערהערט און איז אַרויסגעלאָפן. ווי זי האָט דערזען דאָס געראַנגל, האָט זי זיך דערשראָקן און געגעבן אַ קוויטש. איז אָנגעלאָפן אַ צווייטער אוקראַיִנישער פּאָליציאַנט און דערשאָסן ד׳עם העלדישן בחור פון הינטן, ווען ער האָט שוין געהאַט בײַגעקומען ד׳עם ערשטן פּאָליציאַנט.

## דער שווערער וועג אַהיים

דעם שווערן וועג אַהיים זע׳מיר מיט שרעק אין האַרץ ווײַטער געגאַן. דאָ און דאָרט זענען געלעגן טויטע פערד, אָדער אַ זעלנער צוגעדעקט מיט אַ קאָץ. אַ דײַטש־אונגערישע פּאַטראָל האָט אונדז פּלוצעם אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן באַזוכן אונדזערע וועגן. אונדז זע׳מיר געשטאַנען אין געהאַקטע ווונדן גרייט אויפן אַרגסטן, כאָטש קיין געווער און אַמוניציע האָבן זיי בײַ אונדז זיכער נישט געפונען. האָט זיך צון אונדז צוגערוקט איינער פון דער פּאַטראָל און שטילערהייט געשעפּטשעט: „פאָרכטס אײַך נישט”. די פּאָר ווערטער אויפן אונגערישן יִדיש האָבן אויפגעמינטערט אונדזערע פאַרצרהטע הערצער...

אָנגעקומען קיין זאַלישטשיק בײַ נאַכט אין אַ גאָס רעגן, האָ׳מיר אָנגעקלאַפּט אין דער טיר בײַ אַ קרובֿ און דאָרטן איבערגענעכטיקט. זאַלישטשיק האָט געהערט צו גאַליציע און איז שפּעטער געווען אונטער דײַטשער אַדמיניסטראַציע, בעת די זוויניעטשקע אויף יענער זײַט בעסטער האָט געהערט צו דער בוקעווינע און איז שוין געווען אונטער רומענישער אָקופּאַציע און אַדמיניסטראַציע.

אין דער פרי האָ׳מיר געגעבן אַ קוק, אַז מע קען זיך נישט צושלאָגן אַהיים מיטן פורל, ווײַל די בריק איבערן נעסטער איז געווען אויפגעווייסן פון די אָפּטרעטנדיקע רוסן. האָבן מײַן זון, דער איידעם און די טאָכטער זיך אַריבערגעדראַפּעט איבער דער חרובֿער בריק, צו זען וואָס סע טוט זיך אין דער היים, אויף דער זוויניעטשקע. איך מיטן וואָגן און ד״ר ראַוכס משפּחה מיט זייער וואָגן זענען געבליבן אויף דער זײַט.

דער רעגן האָט געגאָסן עטלעכע מעת־לעת און דער נעסטער איז אַריבער די ברעגעס. די קינדער האָבן זיך מער נישט געקענט אומקערן און אונדז זע׳מיר אָפּגעשניטן געוואָרן איינס פון ס׳אַנדערע. איך און דער ד״ר ראַוך האָבן, נאָך לאַנגן זוכן, געפונען אַ ייִד, פאָר גוט באַצאָלט, ער זאָל אונדז אַריבערפירן מיטן פּעראָן. אונדז זע׳מיר צוגעקומען צום פּעראָן דורך פעלדוועגן, כדי די גויִים זאָלן אונדז נישט דערזען. פון

דאָרט האָט ער אונדז אַריבערגעפֿירט. אַריבער דעם נעסטער, האָט דער ייִד זיך געוואָלט אומקערן. איך האָב אים אָנגעהויבן צו בעטן, ער זאָל אונדז צופֿירן צון אַ דאָרף: איך האָב דאָך נישט געקענט אַליין טרײַבן דעם פֿערד־און־וואָגן. דער ייִד האָט געהאַט אַ גערעכטע טענה, אַז ער איז אַ טאַטע פֿון פֿינעף קינדער און מע וועט אים זיכער דערהרגענען, אַז מע וועט אים טרעפֿן אין אַ פֿרעמדן דאָרף. נאָך דעם ווי ער האָט מיר אויסגעזוכט אַ שייגעצל ער זאָל מיך פֿירן, האָט ער זיך אומגעקערט.

ווי דאָס שייגעצל האָט אונדז צוגעפֿירט צו דער געמײנדע פֿון יענעם דאָרף, האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף צונויפֿגעלאָפֿן. די אָנפֿירערס, די האַר־מאָדע, האָט אָנגעהויבן אונדז אויסצופֿרעגן און סטראַשען. און באַלד האָבן זיי אויסגעקליבן אונדז דרײַ — מיך, דעם ד״ר ראַוך און זײַן אַלטן שווער, הער האַראָוויץ — און אונדז אויסגעשטעלט בײַ דער מויער צום שיסן. מײַנע צוויי מיטפֿאָרערס האָבן אָנגעהויבן בעטן און וויינען, האָט זיך איינער פֿון זיי אָנגערופֿן: „לאָמיר קודם האַלטן אַ באַראַטונג!” איך האָב מיך אָנידערגעזעצט אויף די טרעפּ פֿון דער געמײנדע, פֿאַרוויקלט און פֿאַרמאַקלט אין אַ טיכל, האָב איך אויסגעזען ווי אַן אַלטע באַביטשקע און געוואַרט אויפֿן מישפּט. ביז ס׳איז אַרויסגעקומען איינער מיך אַרײַנ־רופֿן. כאָטש אין טויטשרעק, בין איך געווען מער באַהאַרצט פֿון די צוויי מענער און האָב אָנגעהויבן טענהן צו זיי. „ביסט אַ קלוגע באַביטשקע, האָבן זיי געזאָגט, מיר באַפֿרײַען אײַך, נאָר איר מוזט פֿאַרשווינדן פֿונעם דאָרף!” זיי האָבן געפֿונען פֿאַר אונדז אַ שטוב, וווּ אונדז זאָל׳מיר קענען איבערנעכטיקן, און מע האָט אונדז דאָרט פֿאַרשלאָסן.

אַזוי ווי ז׳האָבן אונדז פֿאַרשלאָסן, האָט ד״ר ראַוך באַלד געזאָגט: „זיי וועלן אונדז די נאַכט דאָ אויסהרגענען און זיך צעטיילן מיט אונדזער האָב־און־גוטס!” אַוועדײַ, נאָך אַ שטיקל צײַט האָ׳מיר דערהערט אַ שוש־קערײַ אין דרויסן. ווען אונדז׳אָ׳מיר בגנבֿה אַ קוק אַרויס געגיבן, האָ׳מיר טאַקע געזען, ווי מע באַראַבעוועט אונדזערע וועגן. די ראַוכס האָבן גע־קרעכצט: אָט וועט מען אונדז אויסהרגענען, אָבער איך האָב געזאָגט, אַז ווען זיי ווילן אונדז הרגענען, וואָלטן זיי געקענט אונדז אויסראַבעווען נאָך דעם ווי זענען אונדזער פּטור געוואָרן. קוים דערלעבט דעם פֿאַרטאָג, האָט די גויע געעפֿנט די טיר און אונדז מודיע געווען, אַז ס׳איז דאָ אַ שייגעץ, וואָס ער וועט אונדז אַרויספֿירן פֿונעם דאָרף.

דער שייגעץ האָט גענומען די לייצעס פֿון מײַן וואָגן און איך, גלײַך ווי די אַנדערע, בין נאָכגעשפּאַנט דעם באַרג־אַרויף מיט שאָטער און שטיינער. די פֿערדלעך האָבן זיך קוים געשלעפּט. אַז מע האָט זיך שוין דערשלעפּט צום שפּיץ באַרג, האָט דער שייגעץ זיך אָפּגעשטעלט און מער נישט געוואָלט מיט אונדז גיין, ער וועט אונדז שיקן זײַנעם אַ באַקענטן, ער זאָל אונדז ווײַטער פֿירן. ווי דער נײַער פֿירער איז געקומען און אונדז אָפּגעפֿירט אַ שטיק וועגס, איז פּלוצעם ווי פֿון אונטער דר׳ערד אויסגעוואַקסן עטלעכע שקצים מיט ביקסן און אונדז געהייסן שטיין

בלײַבן. איינער פֿון דער באַנדע האָט אונדז באַפֿוילן זיך צו לייגן מיטן פּנים אַראָפּ אין דער שטעכיקער פֿריש געשניטענער תּבֿואה. אַלע האָבן אָנגעהויבן וויינען און בעטן צו גאָט. דער אַלטער האַראָוויץ האָט געזאָגט ווידוי, און צום קליינעם אייניקל האָט ער גערעדט: „וויין, פֿיליציקאַ, וויין, באַלד וועסטו נישט האָבן קיין טאַטע־מאַמע!" איך בין געלעגן און שטיל מיך אויסגעטענהט מיט גאָט: „דעם טאַטן האָסטו צוגענומען בײַ מײַנע קינדער, איצטער ווילסטו אויך מיך פֿון זיי אַוועקנעמען?" אונדז זע׳מיר אַזוי געלעגן אפֿשר אַ שעה מיטן פּנים אין שטעכיקן גראָז אַרײַן און גע־הערט ווי זיי רעשן זיך בײַ אונדזערע וועגן.

נאָר פּלוצעם האָט איינער פֿון זיי געגעבן אַ געשריי: „מיר שענקען אײַך דאָס לעבן, נאָר פֿאַרשווינדט פֿון דאַנעט!" ער האָט אונדז נאָך געזאָגט, אַז אַ צוויי מײַל ווײַטער געפֿינט זיך דאָס דאָרף באַבין און ווי אַזוי מיר זאָלן אַהין פֿאָרן.

באַבין האָב איך געקענט פֿון אַ מאָל — מײַן באָבע האָט געוואוינט דאָרט אַ ברודער און איך פֿלעג אַ מאָל אַהין פֿאָרן. דאָס דאָרף האָט געהערט צו דעם ראַיאָן, וווּ דער ד״ר ראַוך און מײַן איידעם זענען געווען דאָקטוירים האָ׳מיר זיך גערעכנט, אַז דאָ וועלן מיר זיכער באַקומען הילף. אַזוי ווי אונדז זע׳מיר אַהין דערפֿאָרן און די רוצחים האָבן דערזען צוויי וועגעלעך מיט ייִדן, זענען זיי זיך צונויפֿגעלאָפֿן ווי אויף אַ בייז־ווונדער. איך בין צוגעגאַן צו אַ גויע, וואָס זי איז געשטאַנען פֿאַר איר אָבאָרע, און געבעטן פֿאַרן קינד, וואָס איז געווען פֿינעף יאָר אַלט, אַ גלעזל מילעך. די גויע האָט אַרויסגעבראַכט אַ גלעזל מילעך, נאָר איידער זי האָט עספּייעט עס דעם קינד צו דערלאַנגען, זענען אונטערגעלאָפֿן עטלעכע רוצחים, איר געגעבן אַ קלאַפּ אין דער האַנט און דאָס גלעזל מילעך האָט זיך אויסגע־גאָסן. „אַ ייִדישן בענקערט גיסטו מילעך?" האָבן זיי געשריגן. די גויים אַרום האָבן זיך אָנגעצונדן ווי צערייצטע חיות: „ס׳איז געקומען די צײַט זיך אָפּצורעכענען מיט אײַך! גענוג געזויגן אונדזער בלוט!" כ׳האָב געזען, אַז אונדז שטיי׳מיר שמאָל, האָב איך מיך אַרויפֿגעשטעלט אויפֿן וואָגן און האָב אָנגעהויבן רעדן צו זייער האַרץ און געוויסן: „ס׳איז מלחמה און מע ווייסט נישט ווער פֿון אונדז סע וועט בלײַבן לעבן נאָך דעם בראַנד! מיר זענען פֿון דער זוויניעטשקע. דער מאַן אויף יענעם וואָגן איז דער ד״ר ראַוך און איך בין די שוויגער פֿונעם ד״ר גאָטעסמאַן, וואָס אַ סך פֿון אײַך האָט ער געהיילט!" קולות זענען דערווײַל נאָך אַלץ געגאַנגען אַרום מיר, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז מײַנע רייד זענען אַרויסגעוואָרפֿן: אונדז זע׳מיר פֿאַרלוירן.

פּלוצעם, אין מיטן דעם גאַנצן יריד פֿון סטראַשענדיקע געוואַלד׳עס, קומט צו אַ יונגער גוי און רופֿט זיך צון אונדז אָן: „דו ביסט דעם דאָק־טערס שוויגער? ער האָט מיך קורירט און איך וועל אײַך העלפֿן! ביז צו דער זוויניעטשקע קען איך אײַך נישט פֿירן, אָבער איך וועל אײַך אַרויפֿ־פֿירן אויפֿן באַרג". די גויים האָבן אײַנגענומען שטומעניש און אונדז זע׳מיר

אַפּגעפּאָרן. נאָענט צו די זוויניעטשקער פעלדער, איז פּליציבק, ווי פון אונטער דר׳ערד, אונטערגעלאָפן אַ גוי און האָט אָנגעהויבן זיך מיט אונ־דזער באַלייטער צו סודען. דערנאָך האָט ער, אָן שום בושה, אויפן קול אין אים אַרײַנגערעדט: „וואָס פּירסטו די זשידעס? אונדז קע׳מיר, אויב דו ווילסט זיי נישט הרגענען, צונעמען די וועגן מיט די זאַכן און זיך צעטיילן״. אָבער אונדזער גוי האָט אַלץ געזאָגט: ער וויל נישט. יענער גוי האָט ווײַטער גערעדט, אַז אַ פּאָר שקצים פֿונעם דאָרף האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן אים צו רעכט מאַכן, אויב ער פירט אונדז אַרויס אויף דער זוויניעטשקע.

די ראָוכס זענען געווען אַזוי צעטומלט פון שרעק, אַז זיי האָבן נישט געקענט אויפמאַכן דאָס מויל. נאָר איך האָב אים געזאָגט: „אויב ס׳איז אַזוי, גיי צוריק אין דאָרף. נעם דיר וואָס דו ווי׳סט פונעם וואָגן פאָר דײַן מי און גיי!״ ער האָט גאָרנישט געוואָלט און איז אַוועק. איך האָב גענעמען די שקאַפּע בײַ די לייצעס און מיט שווערער מי, גייענדיק צו פוס לעבן וואָגן אין די טיפע ליימיקע בלאָטעס, האָבן מיר זיך צוגעשלעפּט ביזן ציל. ווען ד״ר ראָוך און זײַן פרוי זענען אַרײַן אויף דער זוויניעטשקע, איז מען געשטאַנען און געגאַפט. זיי זענען כמעט איבער נאַכט גרא געוואָרן און אויסגעזען ווי צעדולט; מיט קיינעם נישט געוואָלט רעדן, נאָר גיך געזוכט אַ שטוב וווּ אַרײַנצולויפן.

## זוויניעטשקע גייט דעם לעצטן גאַנג

אָנגעקומען צו די קינדער, האָט מען אונדז שוין מכבד געווען מיט דער גוטער בשורה, אַז אַלע ייִדן פון דער זוויניעטשקע מוזן אין אַ פּאָר שעה אַרום זײַן גרייט: מע וועט זיי פירן אין אַ שכנישן דאָרף יאַזעפּיווקע זיך איבערווינטערן אויף אַ גוט. אונדז — די צוויי משפחות — אַזוי ווי אונדז׳אָ׳מיר נישט געקערט צו דער זוויניעטשקער געמיינדע, נאָר קיין טשערנעוויץ, האָט מען (דורך באַקשיש און מתנות) געלאָזט דערווײַל בלײַבן, ביז אונדז וועל׳מיר קענען אַהיימפאָרן.

אַזוי האָבן די זוויניעטשקער ייִדן — אַן ערך 40—50 משפּחות — טייל אויף וועגן, אַנדערע צו פוס, מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס און קליינע קינדער אויף די הענט, זיך צוגעזעגנט צו גיין דעם לעצטן גאַנג. אונדזער געשוועסטערקינד אסתּר לינדענבוים, מיט איר זון שמואל און זײַן ווײַב, אויף די הענט אַן עופּעלע אַכט טעג נאָכן ברית; און די עלטערע שנור אסתּרס, אַן אַלמנה מיט צוויי ייִנגלעך, וואָס האָבן נאָך דאָס לעצטע געכאַפּט פון דער וואַנט דעם טאַטנס בילד. זיי זענען געווען מײַן טאָכטערס שכנים און איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די סצענע, ווי איינער פון די זין האָט זיך אַנידערגעשטעלט אויף דער שוועל פונעם הײַזל און זיך מיט דעם געזעגנט, אַזוי ווי ער וואָלט געוווּסט, אַז זיי וועלן זיך מער נישט אומקערן.

אונדז מיט די ראַוכס זע׳מיר געבליבן מיט פֿאַרקלעמטע הערצער אַליין אויפֿן דאָרף, נישט ווייסנדיק וואָס סע וואַרט אויף די זוויניעטשקער ייִדן, צי וואָס מיט אונדז וועט געשען. איינער אַ האַרבאַטע ייִדל, הערש קע־ניגסבערג, האָט זיך צוריקגעגנבֿעט אין זײַן שטיבל אַרײַן, און אונדז דערציילט, אַז די ייִדן פֿון אַלע דערפֿער אַרום האָט מען אויסגעהרגעט. סע שווימען אום אויפֿן נעסטער גופֿים: גאַנצע משפּחות צונויפֿגעבונדן מיט שטעכיקע דראָט. אונדז האָ׳מיר דאָס נישט געוואָלט און נישט געקענט גלייבן. געמיינט — ער וויל אונדז שרעקן. נאָך אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען אונדז זע׳מיר אַוועק קיין זאַסטאַווגע, האָ׳מיר שוין געהערט דעם שרעקלעכן אמת...

מע האָט די ייִדן נישט געפֿירט אויף דער יאָזעפֿיווקע איבערן ווינטער. מע האָט זיי געטריבן צו דער געוועזענער פּוילישער גרענעץ, און זיי געהייסן אַריבערגיין אויף יענער זײַט. אַזוי ווי זיי זענען געווען אין מיטן האָט מען אָנגעהויבן צו שיסן פֿון ביידע זײַטן. געציילטע עטלעכע ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט, אַנטלויפֿנדיק אין די פֿעלדער צווישן דער תּבֿואה. פֿון איינעם אַ יונגן בחור, אויך אַ קעניגסבערג, וואָס לעבט הײַנט אין ישׂראל, האָבן מיר געהערט שרעקלעכע פּרטים. דער שוחט — אַ יונגער סימפּאַטישער מענטש, אויך געווען אַ שטיקל ערדאַרבעטער — האָט געהאַלטן אויף דער האַנט דאָס ייִנגסטע פֿון זײַנע אַכט קינדער און ווי ער האָט געזען וואָס מע גייט מיט זיי טון, האָט ער זיך אַרומ־געוויקלט אינעם טלית מיט ווײַב־און־קינד און מיט שמע־ישׂראל אויף די ליפּן אומגעקומען אויף קידוש־השם. קיינער פֿון די אַלע איז נישט געקומען צו קבֿר־ישׂראל.

## נאָכוואָרט

מײַן ברודער חיים האָט מען אַרויסגענעמען פֿונעם ייִדישן שפּיטאָל אין טשערנעוויץ און אים אַוועקגעשיקט קיין טראַנסניסטער, איינער פֿון די אַכציק טויזנט פֿאַרשיקטע טשערנעוויצער ייִדן. ער איז דערשאָסן געוואָרן פֿון די דײַטשן איבערן טײַך בוג.

חיימס עלטסטע טאָכטער דאָרע מיט איר מאַן און קינד זענען אויס־געגאַן פֿון הונגער און טיפֿוס אין אָבעדיווקע (טראַנסניסטער). גיטל, חיימס אַלמנה, האָט נאָך דער מלחמה אויסגעוואַנדערט קיין ישׂראל און דאָרט געלעבט ביזן יאָר 1954. אויך אירע צוויי טעכטער סערל און סימע און זייערע משפּחות וווינען דאָרט. די דריטע טאָכטער רבֿקה וווינט מיט איר משפּחה אין שוועדן.

מײַן טײַערן ברודער לאָזער, וואָס ער האָט אַלע יאָרן געשטרעבט מיך צו זען צוריק אין אַמעריקע, האָב איך נישט געהאַט די זכיה צו טרעפֿן אַ לעבעדיקן, ווען כ׳בין צום צווייטן מאָל אָנגעקומען קיין ניו־

יאָרק. ער האָט פֿאַרן טויט פֿאַרשריבן אין דער צוואָה מיר אַ גלײַכן טייל מיט זײַנע דרײַ זין, פֿינעף טויזנט דאָלאַר, וואָס ס'האָט מיר ווי אַ גײ־געקומענע אין לאַנד אַ סך געהאָלפֿן.

מײַן שוועסטער ריווציע איז אַרויס פֿון ווין מיט איר טאָכטער און אײדעם. נאָר איר מאַן משה איז אומגעקומען אין דאַכאַו.

ביז איך און מײַנע קינדער זע'מיר געקומען קיין אַמעריקע אין 1950־1951, זע'מיר געגנוג דורכגעגאַן. פֿון פֿאַרשיקט ווערן קיין טראַנס־ניסטער זע'מיר באַשיצט געוואָרן דורך דעם וואָס מײַן אײדעם, ווי אַ דאָקטער, האָט פֿון דער רומענישער מאַכט באַקומען אַזאַ פּאַפּיר (אויטאָ־ריזאַציע), וואָס האָט אים, פּונקט ווי נאָך עטלעכע טויזנט ייִדן פּראָפֿעסיאָ־נאַלן, בעלי־מלאָכות און אַנדערע מיט זייערע משפּחות, געראַטעוועט פֿון דעפּאָרטירונג און במילא טויט. נאָך דער באַפֿרײַונג האָ'מיר צוויי יאָר זיך אַרומגעוואָלגערט אין בוקאַרעשט. מײַן זון מרדכי, וואָס האָט צוליב דער מלחמה פֿאַרלוירן יאָרן לערנען, האָט זיך צוגעגרייט און אין איין יאָר האָט ער אָפּגעלייגט עקזאַמען אויף אַלע קלאַסן מיטלשול און די מאַטורע. צישן הונדערט סטודענטן זענען דרײַ אויפֿגענומען געוואָרן אויפֿן בוקאַרעשטער אוניווערסיטעט מיט אַ סטיפּענדיע, איינער פֿון זיי איז געווען מרדכי. ר'האָט אויך געמאַכט הכשרה אין אַ קיבוץ פֿון „הנוער הציוני", אָבער ווײַל ער איז געווען אַ פֿאַרברענטער ייִדישיסט און האָט געוואָלט זיך פֿאַרבינען מיטן ייִוואָ אין ניו־יאָרק כדי מיטצואַרבעטן מיט די ווײַנרײַכס, מיט חיים גיניגער אאַז"וו, איז ער נישט געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

פֿון בוקאַרעשט האָ'מיר געשוואַרצט די גרענעץ ביז אונדז'אָ'מיר זיך דערשלאָגן קיין ווין. מרדכין האָט מען געכאַפּט און ער איז געזעסן דרײַ וואָכן אין טעמעשוואַרער קרימינאַל. זײַן באַגאַזש איז באַשטאַנען פֿון איין העמד און — אליעזר שטיינבאַרגס משלים. אַנגעקומען קיין ווין, האָט ער שטודירט און געמאַכט זײַן דאָקטאָראַט אין שפּראַך־וויסנשאַפֿט און איז געוואָרן אַ ייִדישער פֿילאָלאָג. ער איז אַלט געווען אין גאַנצן 23 יאָר.

מײַן אײדעם, וואָס האָט געאַרבעט אין אָנהייב ווי אַ דאָקטער אינעם ווינער פּליטים־לאַגער ראָטשילד־שפּיטאָל, איז שפּעטער געוואָרן הויפּט־דאָקטער פֿון אַלע ווינער פּליטים־לאַגערן. נאָכן אָפּזיצן פֿיר יאָר אין ווין זע'מיר סוף־כל־סוף אָנגעקומען קיין אַמעריקע. דאָ האָב איך מיר, נאָך פֿיר וואָכן זײַן אין לאַנד, געמאַכט אַ געוועלב. אַ יאָר שפּעטער האָב איך מיך באַקענט מיט בנימינס אַ קרובֿ, יצחק ווידמאַן, אַ פֿרומער באַלעבאָ־טישער ייִד, און האָב מיט אים חתונה געהאַט. מיר האָבן אָפּגעלעבט פֿופֿצן יאָר און געהאַט אַ גוט צוזאַמענלעבן, ביז ער איז אַוועק פֿון דער וועלט.

נאָך צוויי יאָר דינען אין אַמעריקאַנער מיליטער האָט מרדכי געפֿונען זײַן באַשערטע — איטע־טשאַרנע, אַן אַמעריקאַנער־געבוירענע אינטעלי־גענטע ייִדישע־טאָכטער, אַ טאַלאַנטירטע פּיאַניסטקע. זי האָלט אַ כּשרע

שטוב, היט יום־טובֿים און רעדט ייִדיש נישט אַרגער פֿון אונדז. זיי האָבן פֿיר גרױסאַרטיקע ייִדיש־רעדנדיקע קינדער: שׂרה־רחלע, דאָבע־גיטעלע, פֿרומעט־איידעלע און יאָסל־בנימין. איטלעכס — מיט זײַן חן און טאַלאַנט.

דעם נחת וואָס איך האָב פֿון מײַן זון געהאַט בײַ דער ערשטער ייִוואָ־קאָנפֿערענץ, וואָס מיר זענען געווען אין ניו־יאָרק און איך האָב אים דערזען זיצן אויף דער טריבונע מיט אַלע ייִדישע גדולים! דער ייִדישער פֿילאָלאָג חיים גינינגער, וואָס מרדכי איז זײַנס אַ תּלמיד, האָט צו מיר געזאָגט: „איר וועט פֿון אײַער זון דערלעבן אַ סך נחת. ער און אוריאל ווײַנרײַך זענען די בעסטע ייִדיש־קענערס פֿונעם יונגן דור". איך האָב אים געענטפֿערט: „אַ שאָד וואָס זײַן טאַטע האָט עס נישט דערלעבט!"

מרדכי איז הײַנט אַ לערער פֿון ייִדיש אין קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט, ישיבֿה־אוניווערסיטעט און ייִדישן לערער־סעמינאַר. ער פֿירט אָן עטלעכע אָרגאַניזאַציעס, רעדאַקטירט דרײַ זשורנאַלן, און האָט אַרויסגעגעבן דרײַ ביכער (עטלעכע האַלט ער אין שרײַבן). ער פֿירט אַ קאַמף „אויף לעבן און טויט" פֿאַר אַ ריין ייִדיש דורך פֿאָרשונגען, אַרטיקלען, בריוו און לעקציעס. ער האָט זיך טאַקע צוגעצויגן אַ סך שׂונאים, אָבער אויך פֿאַר־ערערס. תּלמידים זײַנע און יוגנטרוף־חבֿרים האָבן אַפֿילו פּיקעטירט די ניו־יאָרקער צײַטונגען און געפֿאָדערט אַ ריין לשון. און כאָטש איך בין דעמאָלט (1970) אַלט געווען 77 יאָר, בין איך אויך מיטגעגאַנגען.

ספּעציעל שטאָלץ בין איך מיטן אופֿן ווי אַזוי ער האָט פֿאַראייביקט זײַן טאַטנס נאָמען. כאָטש ער איז ווײַט פֿון רײַך, האָט ער געבראַכט אַזאַ קרבן, ווי מע הערט נישט הײַנטיקע צײַטן: מיט אַ בײַשטײַער פֿון העכער 10,000 דאָלאַר האָט ער אויפֿגעשטעלט די „פֿונדאַציע פֿאַר ייִדישער שפּראַכקולטור א"נ בנימין שעכטער". יאָ, מײַנע קינדער זענען נישט נאָר אַזוינע ייִדישיסטן ווי זייער פֿאָטער, נאָר אויך אַזוינע אידעאַליסטן.

מײַן טאָכטער ביילציע מיט איר מאַן וווינען אין ניו־יאָרק, וווּ ער פּראַקטיצירט. זיי האָבן דרײַ קינדער. די עלטסטע, טויבע, איז אַ נאָמען נאָך מײַן מאַמען. דער צווייטער, חיים — נאָך מײַן אײדעמס פֿאָטער, מײַן ברודער. דער דריטער איציק (יצחק־נחמן) — נאָך ד"ר י. נ. שטיינבערג. זיי אַלע זענען ווילע, פֿעיִקע קינדער און האָבן זיך געלערנט אין אַ ייִדישער שול. מײַן טאָכטער איז געוואָרן אַ ייִדיש־לערערין. זי איז אויך אַ מאָלערין און אַ דיכטערין. זי האָט שוין אַרויסגעגעבן דאָס צווייטע ביכל ייִדישע פּאָעזיע. סײַ זי סײַ איר מאַן זענען אַקטיוו אין דער שול־באַוועגונג פֿונעם שלום־עליכם־פֿאָלק־אינסטיטוט.

די איידלסטע און שענסטע משפּחה וואָס איך האָב באַקענט דאָ אין לאַנד איז געווען פֿון ד"ר י. נ. שטיינבערג. זיי האָבן מיך אַרײַנגענומען אין זייער קרײַז און מיך געמאַכט פֿאַר אַ כּלל־טוערין. דעם ערשטן פּרײַ־טיקצונאַכטס אין ניו־יאָרק בין איך געווען פֿאַרבעטן צו די שטיינבערגס.

דעם קבלת־שבת פון ד״ר י. נ. שטיינבערג מיט זײַן זון לעא וועל איך קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן! ס׳האָט זיך מיר דעמאָלט געדאַכט — איך זיץ בײַ מײַן אײגענעם טיש און מיר פּראַוועז שבת. זײַן אידעלע פֿרוי בחמה און זײַן אומפֿאַרגעסלעכע טאָכטער אַדאַ וועלן מיר שטענדיק בלײַבן אין זכּרון.

איך בין פֿאַרבליבן אַ שטיקל טוערין אינעם פֿרײַלאַנד־קרײַז אין אײנעם מיט די געטרײַע כּלל־טוערס ד״ר ל. מ. פּרוכטבוים, קייליע מינקין, נ. טור־ראַק, לײבל כּהן. אַ באַזונדער וואָרט וויל איך זאָגן וועגן י. זעליטש, וואָס ער שטייט מיט אַן אָפֿענער האַנט און העלפֿט בשתיקה אַרויס. ער היט זיך פֿאַר פּירסום אָדער כּיבודים. אויך ד״ר ש.־ז. יובלי, וואָס ער האָט זיך זייער שיין געשטעלט אי בײַם אויפֿשטעלן די בנימין שעכטער־פֿונדאַציע אי בײַם העלפֿן אַרויסגעבן מײַן ביכל זכרונות, וויל איך דערמאָנען צום גוטן.

אַ כּלל, כ׳האָב אָפּגעלעבט אַ וועלט. אַז איך קלער צוריק, קען איך זאָגן, אַז כ׳האָב מיט וואָס צו זײַן צופֿרידן: כ׳לאָז איבער אַ דור וואָס אַ סך פֿון מײַנע מיטמענטשן זענען מיך מקנא.

# גלאָסאַר

מיר ברענגען דאָ אַ רשימה ווערטער, וואָס טייל זענען דיאַלעקטיזמען; אַנדערע זענען זייער פֿאַרשפּרייט און פֿאַרט שוין האַלב פֿאַרגעסן; אַנדערע, ווידער, זענען מיליטערישע צי אַדמיניסטראַטיווע טערמינען קראַנטע בימי עסטרייַך־אונגערישע אימפּעריע. טייל זענען אַנגליציזמען און אַמעריקאַניזמען. אויב אַ וואָרט איז אויסגעטייַטשט אין די זכרונות גופֿא, איז עס אין גלאָסאַר בדרך־כּלל ניט פֿאַרצייכנט, סייַדן סע חזרט זיך איבער אין טעקסט און דאָס צווייטע מאָל איז עס ניט אָפּגעטייַטשט. כּדי דער גלאָסאַר זאָל זיך ניט צו שטאַרק צעוואַקסן, האָבן מיר אידיאָמען געברענגט נאָר אויפֿן שפּיץ מעסער. מיר דעפֿינירן די ווערטער נאָר ווי זיי ווערן געניצט אין דעם ביכל.

דעם רבים גיבן מיר בדרך־כּלל ניט, דעם גראַמאַטישן מין — אין גאַנצן ניט. אויך די פֿאַרטייַטשן זענען בצימצומדיקע, אַבי זיי קלעקן צו פֿאַרשטיין דעם קאָנקרעטן טעקסט ווו זיי טרעפֿן זיך.

די סימנים וואָס מיר ניצן דאָ: אין קאַסאַקעס // גיבן מיר דעם אַרויסרעד. די קירצונגען **דייַטשמ׳, אַמער׳, אַנגל׳** זענען טייַטש: דייַטשמעריזם, אַמעריקאַניזם, אַנגליציזם — די לעצטע צוויי דעקן זיך צום גרעסטן טייל. די אַזוי באַקוויטלטע ווערטער גייען אין גענדזן־פֿיסלעך. **ש״ל** איז טייַטש שפּעט־לשון; **ע״א** — עסטרייַך־אונגערישער טערמין. דעם וואָרטאַקצענט באַצייכענען מיר מיט אַן אַפּאָסטראָף נאָכן וואָקאַל וואָס טראָגט דעם אַקצענט; מיר טוען עס אָבער נאָר, ווען דער אַקצענט איז ניט אויפֿן פֿאַרלעצטן טראָף (אין מערטראָפֿיקע ווערטער), חוץ ביי ווערבן אויף **־עווען**, פּרעפֿיקסן און קאָנווערבן, ווי אויך דימינוטיוון. אַזוינע סופֿיקסן ווי **־אַק, ־וק, ־יטעט** זענען דאָך אַלע מאָל אַקצענטירט, איז אויך ניט שייך עקסטער צו באַצייכענען זייער אַקצענטירטקייט.

אַבאַרע — פּויערישער הויף

„אַבערגלויבעריש״ — גלייבעכצדיק (דייַטשמ׳)

אַגענטור — כּוללדיקער נאָמען פֿאַר די אַמאָליקע קאָמיטעטן צו העלפֿן עמיגראַנטן פֿון מיזרח־אייראָפּע קיין אַמעריקע

אַדערקע — אַן אָפּגעצויגענע גאַנדז, ד״ה אָן דעם פֿעטס און אַפֿילו אָן געוויסע טיילן פֿלייש

אַווערײַ' — **והראָיה**

אויזון — **אויבן**

אויסבײַטן וויט דעמבע נאַ דאַשטש — **אויסבײַטן שלעכטס אויף אַרגערס**

אויסגיין — **גיין פֿאַרברענגען**

אויסזײַן די צײַט — **נעלם ווערן, אַוועקקומען**

אויסקטנען זיך — **משתּין זײַן**

אויסשטאַפּירונג — **דער כּלהס אויסשטײַער**

אויף איינעם : שפּילן אויף איינעם — **אַלץ שטעלן אין קאָן**

„אויפֿזאָגן" — **רעציטירן** (דײַטשמ')

אונדז — **מיר**; אונדז'אָ'מיר — **מיר האָבן**; אונדז זע'מיר — **מיר זענען**; אונדז
שטיי'מיר — **מיר שטייען**

אונטער — **הינטער**

אונטערגאַנג — **עפּידעמיע**

איבערבײַס — **דאָס אינדערפֿרײַקע עסן**

אי דאָס — **און דערצו נאָך**

אײַנניאָרען זיך — **אײַנגנורען זיך**

אײַנצייכעניש — **סימן, זכר**

אײַנרוקן — **גיין אין סאָלדאַטן**

אײַנשלאָק — **פֿאַלבאָן**

אין־קול (אַרויסגערעדט /עינקאָל/) — **אַ נעגאַציע, גיט דווקא אין דער פֿאַרבינדונג
אין קול ואין עונה**

אָנבײַסן — **דער מאָלצײַט מיטאָגצײַט**

אָנזען : קענען אָ' — **קענען לײַדן**

אָנטייען — **אָנקוועלן, שעפּן נחת**

אָנטשווונדן ווערן — **נעלם ווערן, אַוועקקומען**

„אָנטשיידנדיק" — **מכריעדיק** (דײַטשמ')

אַ ניע מעניאַטע, אַ ניע פּרידאַטע — **גיט אַראָפּצושלינגען און גיט אויסצושפּײַען**

אָנקישען זיך — **אָנפֿרייען זיך**

„אָסטבאַנהאָף" — **מיזרח־וואָקזאַל אין ווין**

אָסענטירן — **געמען צום מיליטער** (ע"א)

אָפּווישן זיך דאָס פּיסקל — **אָפּשווײַגן, אַראָפּשלינגען**

אָפּטאַקסירן עמעצן — **באַשטײַערן עמעצן לויט זײַן יכולת**

אָפּטשאַטען — **אָפּטשאַטעווען, לאָקערן אויף עמעצן**

אָפּקאָטשלען זיך — **אָפּקאַטשען זיך (אויף אַ גלעגער) אַ צײַט לאַנג**

„אָפּרייטער" — **שטעפּער** (אַנגל')

אָפּשאַליעווען — **אָפּצאַמען**

אָפּשטעלן זיך דריטע קלאַס — **פֿאַרענדיקן דאָס מיליטער־דינסט**

אָקאָמען — **אַדמיניסטראַטאָר פֿון אַ גוט**

אָקציז — **בראָנפֿן־שטײַער, פֿלייששטײַער, שחיטה־שטײַער — שטײַערן וואָס פֿלעגן
געהערן צו קהל און יחידים פֿלעגן זיי אָפּדינגען**

אַראַנזשע'ר — **טאַנצמײַסטער**

אַרויסקינטשען — **אַרויסענדיקן**

אַרויסשטעקן די צונג — **גיט זײַן בכּוח עפּעס דורכצופֿירן**

אַרומדראַלען — **זען דראַלען**

אַרומלעטען — **אַרומלויפֿן, אַרומפּאַדען**

אַרײַנלייגן זיך — **אַרײַנמישן זיך, פּרוּוון צו מאַכן שלום**

באַבולע /באַבילי/ — **גראַב, ברוין פּאַקפּאַפּיר**

באַבע /בובי/ — פרוי וואָס העלפט אָפּנעמען דאָס קינד
באהאַלטן — באַגראָבן
באַזען זיך — האָבן די ווסת
באַטיסט — אַזאַ דינע סחורה
באַז, בעז — שטורך אין דער פּלייצע
באַלאַקען — רעדן אַ סך און אָן אַ תּכלית
באָמבאָנע — צוקערל
באַ׳מבעטל — מעבלשטיק וואָס בײַ טאָג דינט עס צום זיצן און בײַ נאַכט צום שלאָפן
„באַנהאָף" — וואָקזאַל (דײַטשמ׳)
„באָס" — באַלעבאָס פון דער פירמע, מײַנסטער (אַמער׳)
באַקשי׳ש — כאַבאַר
באַרבוליע — קאַרטאָפל
באַרגן — נעמען סחורה אויף באָרג (ס׳איז ניט קיין סינאָנים צו לײַען)
„באָרדער" — קאָמעניק (אַנגל׳)
באַרכעט — אַ וואַרעמע, ווינטערדיקע סחורה
„באַשאַ׳טערן" — באַדעקן אַ וועג מיט זשוויר (דײַטשמ׳)
באַשע׳פט — געשעפט (ש"ל)
בובע, ־ס — אַ קאַרטאָפל־קוגל
בוקעווינע /בײקיווינ׳/ — פּראָווינץ צווישן גאַליציע, באַסאַראַביע, מאָלדעווע, זימ־בערגן, מאַרמאַראָש, בדרך־כּלל אויסגעלייגט: בוקאָווינע
ביכל — באַנקביכל
בילמעלע — מיכשול (ווערטערלעך: קליינע בעלמע, געשווילעכצל)
בימבלען זיך אין קאָפּ — באָמבלען זיך אין קאָפּ
בינען, געבונען — בינדן
ביסטרע — שטרענג, ברוגז
בליסקען — בלישטשען
בעווילניע — זײַן אַ גוטער (געזאָגט אויף אַ גוי)
„בעטווין" — צווישן (אַנגל׳)
בעד זען באַד
בעל־גופערו /באַלגו׳פערו/ — אַן אָנגעשלאָגענער עושר און אַ פּראָסטער (ש"ל)
בעסערער — אינטעליגענטער, באַלעבאַטישער (אָן אַ פאַרגלײַך־אָביעקט און מיט אַ באַזונדערער אינטאָנאַציע)
„בעצי׳רק" — אַדמיניסטראַטיווער ראַיאָן (ע"א)
„בעצי׳רקסהויפטמאַנשאַפט" — ראַיאָן־פאַרוואַלטונג (ע"א)
„בעצי׳רקסזשאַנדאַרמערי׳" — ראַיאָן־זשאַנדאַרמעריע (ע"א)
בעשטאַווניע — דער נאָמען פון אַ געווויסער קרעטשמע
בראַק — אָפּפאַל, באָוול
בריק — דיל
ברענער — ספּעציאַליזירטער אַרבעטער אין אַ בראָנפן־ברענערײַ
בשעת־מעשׂ׳: ער איז אַ גאַנצער בשעת־מעשׂ׳ — אַ גאַנצער מאַכער
גאַקעס — גאַטיעס
גויִיש — אוקראַיִניש
גומע־גוי — אַ זידלוואָרט (איבערפורעמונג פון גוי גמור ?)
ג׳ידיטש — פאַרמאָגער פון אַ גוט
„גײַזל" — ערובניק (ע"א)
גילן — גילדן, אַזאַ געלטאייננס
גלײַך מיטן טאָג — ווי באַלד ס׳איז געוואָרן טאָג

געבלעטערט קלייד — דאַמאַסטן קלייד

„געזונד" — געשריבענע, אָפיציעלע בקשה (ע"א)

געזונטער פּיסק — מענטש וואָס קען זיך קלאָר אַרויסזאָגן, קען זײַן שטעטל באַשטיין

געלעגנהייט — פּורל

„געמיינדע" — דאָרף־אַדמיניסטראַציע ; בנין פֿון דער דאָרף־אַדמיניסטראַציע

גראַלניע — בראָנפֿן־ברענערײַ, גוראַלניע

„גראַסערי" — שפּײַזקראָם (אַנגל')

גרויס שטיק : האַלטן ג' ש' פֿון — זייער האַלטן פֿון עמעצן

גרײַצער — קלענסטער עסטרײַך־אונגערישער געלטאייננס

דאַברע־דורען — אַ גוטער וואָס מע ניצט אים אויס

דאַלאָניע — דלאָניע

דאָמען — דאָמינאָ

דאָנע מאכלים — מעדני־מלך, קיניגלעכע מאכלים

דאָס — הינטערחלק

דויזק — דיעגעכץ

דולן זיך — פֿירן אַ פּלאַטאָנישע ליבע

דולער — איינער וואָס פֿירט אַ פּלאַטאָנישע ליבע

דופּען אויף עמעצן /דיפּין/ — פֿאַרלאָזן זיך אויף עמעצן

דורכשטורקען די צײַט — דורכשטופּן, איבערקומען די צײַט

דײַטשמעריש — דײַטשיש (ש"ל ; ניט דווקא פֿאַרדײַטשט יידיש)

דײַקע — דווקא

דינסטאַק — דינסט (ש"ל)

דע'כעוויטשנער — אַסטמאַטיקער

דעמפּעכץ — קאָמפּאָט פֿון עטלעכע מינים פֿרישן אויפּס אָסיענצײַט

דעקע — דעקאָגראַם

דערביוען זיך צו — דערשלאָגן זיך צו

דערבײַ זײַן — גרייט זײַן

דערגאָדזען — צופֿרידן שטעלן

דערגיין — קלעקן

דערהאָרן זיך — דערוואַרטן זיך

דראָזשען : סע דראָזשעט — אַ ציטער גייט איבער איבערן לײַב

דראָלען — גיין פֿאַרווײַלן זיך (ש"ל)

„האָטפּאָלע" — סאָציאַל העכערע שיכטן (דײַטשמ')

„האַנט" — אַרבעטער (אַמער')

הארבוז — (1) קאַווענע ; (2) דיניע

האַרטאָווגע — אויף הורט, אַנגראָ, הורטאָוונע

האַרמאָדע — די גויִם פֿון אַן אוקראַיִנישן דאָרף, דער אוקראַיִנישער עקוויוואַלענט פֿון קהל ; די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון אַן אוקראַיִנישן דאָרף

האָרן — אָרן, פֿאַרדריסן

הוטעניו — היטעלע (ש"ל)

הויפּסמענטש — אָנגעשטעלטער אין אַ פּריצישן הויף

הוליעס — זידלוואָרט געניצט אויף מענטשן

הומאָ'ר — שטימונג

הײַדאַמאַק — זידלוואָרט

היניק — אַ שטיק פֿערד־ צי בהמה־מיסט

הני — מיסט פֿון פֿערד און בהמות

„העד־פינדישערין״ — הויפּט־אַרויסענדיקערין (אַמער)
העט — וואָלט
הרימען — אַרויסרופן אַ דונערדיקן קלאַנג
„וואָפן־איבונג״ — מיליטערישע טרענירונג (ע״א)
ווי געשיקט זיך — וואָס דען האָסטו געמיינט? ווי אַנדערש? ווי מע וואָלט זיך געמעגט דיכטן
וויזום — וויזע (דײַטשמ׳)
וויכאָוואַניק — אויפציקינד
ווי־סט — ווילסט
ווען — ווייען (אַ ווינט)
„ווירטסהאַוז״ — דער דײַטשישער עקוויוואַלענט פון ווערטסהויז
וועגן — רבים פון וואָגן
ועס געווען — וואָלט געווען
וועלן — קאָכן מילעך
וועגס — ווען עס איז; אַנומלט
ויחד יתרו — געמישטע פרייד
זאַזנײַען — האָבן געקענט עמעצן, וואָס ער האָט געהערט צון אַ פריערדיקן דור
זאַק מיט השתנה — אַ זאַק אײַנגעטונקען אין אורין, דערנאָך באַשפּריצט מיט ספירט; דאָס גאַנצע צוגעלייגט ווי אַ רפואה
זאָרע — ערשטער זונשפּראָץ
זביטקע — שפּיצל, אָפּטו
זמיסציען זיך — פּאַמיעשטשען זיך, אײַנאָרטן זיך
זרוע /זראָיע/ — אַ פּיצל פלייש
זשאַווער — שאַווער (אַזאַ טײַכגעוויקס), געניצט ווי גרינס אויף שבועות
זשאַרען: זש׳ אויף טאָג — שאַרייען אויף טאָג
זשליאָגען — זשליאָקען
חד־גדיא — מאָדנער עולם, אַ גרופּע כּלערליי מענטשן (איראָניש)
חול־המועדניק — דער וואָס קומט צו גאַסט חול־המועד
חושם ווערן — צעטומלט ווערן
חייבטע — שולדיקע
חלשות: אַרײַן אין אַ ח׳ — אַ מצב פון חלשן גאָך אַנאַנד
המאה־ודבֿש /כעמיווידוואַ׳ש/ — פּוטער און האָניק
חריפות — כּדאַי צו זען
טאָג־ונאַכט — טאָג־און־נאַכט, כּסדר
טאַטי־ן — טיטון, טאַביק
טאָנע־מאָנע — טענה־ומענה
טוניק — אַן אייבערשט קלייד וואָס גייט איבער אַן אונטערשט קלייד
טור — ריי
טייעלע — לאָקאַל וווּ מע טרינקט טיי
טיש־און־נײַנציק כּפּרות: טויגן אויף ט׳ — תשעה־ותשעים בּ׳
טעטי־ן זען טאַטין
„טראַמלפּעל״ — פּויקהײַטל אין אויער (דײַטשמ׳)
טראַנסניסטער — פּשוט־פאָלקישער טערמין פאַר דער פּראָווינץ טראַנסניסטריע ד״ה פאַרן געגנט צווישן נעסטער און בוג, ווו מע האָט בעת דער 2טער וועלט־מלחמה דעפּאָרטירט רומענישע ייִדן
טראַנץ — שלעכטע, דעסטרוקטיווע שטימונג; משוגעת
טראַפּי־ק — געוועלב פאַר ציגײַערס, שוועבעלעך, מאַרקעס

טראַקטיר — אַמאָליקער רעסטאָראַן

„טרייד" — מלאָכה (אַנגל׳)

טריין — מיליטערישער עשעלאָן

טריניטשקע /טרײ׳נ׳יטשקי/ — דרײַפוס, מכשיר צום קאָכן

טשיזמע — שטיוועלעט; הויכער, ווײַבערשער שוך צום שנירן

טשעוועניק — שיפל

טשערנעוויץ — פּאַקטישער אַרויסרעד פונעם נאָמען פון דער שטאָט, וואָס מיר זענען געוווינט צו שרײַבן טשערנאָוויץ

„יאָדלען" — אַ זינגיקער רוף בײַ טיראָלער און שווייצער געבערגסלײַט

יאַזדאַ! — אויסרוף אַן ערך ווי „הײַדאַ, געפאָרן!"

יאַיעשניק — אייערניק, אייער־סוחר

יאַקאַ׳ס — ווי ס׳איז

יוסט /ײַסט/ אין געלט — זײַן בײַ געלט

יעכצן — שרײַען אויף עמעצן

יראת־שמים /ײַרישימאַײַם/ — ירא־שמים

כּל־ההתפּעלות — אַל דאָס מיגלעכע

כּלי — בראָנפנפאַס

כאַלאַסעווען — פּרעסן

כאַרטש — שפּײַז

כאַשטש — וואַלד אויפן זוויניעטשקער באַרג, אַקעגן דעם באַרג כרישטשעטיק

כעמיצקע: פון כ׳ס צײַטן — פון כמעלניצקיס צײַטן; זייער אַלט

כרישטשעטיק — באַרג אויף איין זײַט פונעם טאָל, וווּ סע ליגט דאָס שטעטעלע זוויניעטשקע

„לאַנטש" — וואַרעמעס, מיטאָג (אַנגל׳)

לאַסטוואַגאַן — משׂא־וואַגאָן (דײַטשמ׳)

לאַסקע: שטיין אין עמעצנס ל׳ — דאַרפן אָנקומען צו עמעצנס טובֿה

לאַ׳קעטקע — דעליקאַטעס

לאַ׳קעמען זיך אין — קוואַפּען זיך אויף, חשק האָבן צו

ליובעווען זיך — ליבן זיך

ליטקע: כאַפּן אויף דער ליטקע — אַרײַנגאַרן

ליי — רומענישע מטבע

לײַטערהויז — דיסטילעריע, אָרט וווּ מע לײַטערט בראָנפן

לײַטערן בראָנפן — דיסטילירן

„לײַסטן" — פּועל זײַן, אויפטון (דײַטשמ׳)

לינקן־פעלער — לונגען־פעלער, טובערקולאָז

ליפּקעלע — מיידל מיט לײַכטע עראָטישע פירעכצער

לעהאָווניע — האָלעוועשקע

לעכציער — ליכטציער, ליכט־פאַבריקאַנט

לעמבעבריק — לעמבעריק, שטאָט אין גאַליציע (ש"ל)

מאַטניאַ׳ — גרויסער סכום געלט

מאַכעבו׳לעניק — זידלוואָרט (פון מלאכי־חבלה)

מאָלאַטש — באַגראָבער; נידעריקסטער שטאַפּל אין דער חבֿרה־קדישא

מאַליאַווע שיין — זייער שיין, אָבער אומאינטערעסאַנט

מאַלײַ׳ — געבעקס פון פּאַפּשוימעל

מ׳אַ׳מיר — מיר האָבן מיר (טאָפּעלער פערזענלעכער פּראָנאָם אין דער ערשטער פּערזאָן רבים, פ"גל אונדז)

מאַסיו — מאַסקע ד"ה פאַרשטעלער

מאַרגנראָק — **שטובכאַלאַט**

„מאַריאַהי־לפערשטראַסע" — **צענטראַלע גאַס אין ווין**

מאַשלי־ן — **מוסלין (אַזאַ סחורה)**

מהסתם /מיסטאַ־מ/ — מסתמא

מוטל זײַן אויף — **אַרויפלייגן אויף עמעצן אַן עול**

„מוסטערן" — **נעמען צום מיליטער (ע"א)**

מוף — **מופטע**

מזיק־טוב — **מזל־טוב (קאָנטאַמינאַציע מיט מזיק)**

מחיה /מעכײַ/ — גוטגייזיק געשעפט

מיאוסע זאַך — **בושה פאַר לײַטן**

מידער — **קאָרסעט, שנירלײַבל**

„מיליטער־פליכטיק" — **אין מיליטער־עלטער (ע"א)**

מילעכיקע — **פרוי וואָס האַנדלט מיט מילעך**

„מיסעס" — **באַלעבאָסטע פון אַ דירה (אַמער')**

מלא־ושימחה — **מלא־פרייד (אַ קאָנטאַמינאַציע פון מלא־גדולה און ששון־ושימחה)**

מלכותטע — **מלכה**

ממון איז דמען /מרמיגיזדרמיג/ — **ממון איז דמים, ד"ה דאָס פאַרהאַרעוועטע האָב־און־גוטס איז מיט בלוט צו גלײַך, מע טאָר עס ניט איבערלאָזן**

מן־הצד — **אין (!) אַ ווינקל, אין אַ העק**

מעלשענק — **מעלקלייט**

מענדזשיק — **איבערגאַנג־מאַנטל; ניט קיין ווינטערדיק, ניט קיין זומערדיק מלבוש**

מענוסע /מענ־זסי/ — **טייל פונעם פאַרדיי־אַפאַראַט בײַ דער בהמה; האַלווע שטיקל פלייש**

מצודה — **צרה**

נאַהײַקע — **נאַגײַקע**

נאַטיש — **ווי באַלד**

נאַטשאַלניטשקע — **ווײַב פון אַ נאַטשאַלניק ד"ר פון אַ מלוכה־באַאַמטן אין רוסלאַנד**

„נאַכהענגלס" — **צירונג־הענגעל (דײַטשמ')**

נאָכטאָנץ — **אַ שימחה שבת צו נאַכטס נאָך דער חתונה**

„נאָרדבאַנהאָף" — **צפון־וואָקזאַל אין ווין**

נויגן — **אויגן (ש"ל)**

נותן — **געבער (ש"ל)**

ניבע — **קלאַמפערשט**

ני־בעטאָ — **קלאַמפערשט**

ניויכערטע — **סוחרטע (ש"ל)**

נעדיזנע — **לעצטגעלט**

נעסטער — **דער טײַך וואָס איז בעסער באַוווּסט אונטער זײַן רוסישן און דײַטשישן נאָמען דניעסטער. די באַבע טוּיבע פלעג אים אַפילו רופן עסטער.**

נעפאָ־ט — **פלימעניק**

נעפאָטקע — **פלימעניצע**

סאַמעוואָרעס — **סאַמאָוואַרן (רבים)**

„סאָפער" — **וועטשערע (אַנגל')**

סאַק־און־פּאַק — **באַגאַזש**

סטאָ־דעלע — **שײַער**

סטאַנקעוועץ — **(1) טופּען; (2) אַרומשפּאַנען**

סטאַראָזעם(ניק) — **אַלצווייסער, גאַנצער חכם**

סטוטשקע — **שפּיצל, אָפּטו**

„סטעדי באָרדער" — סטאַבילער קאָמעניק (אַנגל')

„סטענד" — שטעל צום האַנדלען (אַנגל')

סמוזען — סמייען, דערוועגן זיך

„סעמפּל־מייקער" — מוסטער־מאַכער בײַ מאַנטלען, קליידער א"אַ (אַנגל')

סענץ: סאַמע ס' — סאַמע סולת, ס'בעסטע פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער סבֿיבֿה

ספּאָסיב — פּלאַן, שׂכל, פֿאָרטל

ספּידעט ווערן — צעטומלט ווערן

ספּלאַוניק — דער וואָס פֿירט אַ ספּלאַווע

ספּלאַווע — פּליט, ד"ה מיט דראָט צונויפֿגעבונדענע קלעצער, געניצט פֿאַר טראַנס־פּאָרטאַציע אויף טײַכן

עספּייען — אויספּייען, באַווײַזן עפּעס צו טאָן

עשׂוים /עיזױבֿן/ — גויים

פּאַ'זעכע — בוזעם

פּאַטראַווקע — פּאַטראַווע

פּאַטשערין — אויסברענגערין

פּאַן, ־עס — פּריץ

פּאַנטשענע — לײַבדינסט

פּאַן פּאַטשעבאָוסקי — אַ גרויסער באַדאַרפֿער

פּאַסירט — דורכגעזיגן דורך אַ זײַער

פּאַ'ציערקע — גלאָזקרעל, פּאַטשערקע

פּאָקיק — פּאָטיק, לויפֿנדיק וואַסערל

פּאַ'רעבאָק — גרויסער בחור; הויפֿדינער

פּאָרע'ט־פֿירער — ראָש־המדברים, רעדל־פֿירער

פּה־קדושל /פּעקו'דישל/ — שאַרף פּיסקל (ש"ל)

פּוסטעפּאַ'ש — פּוסטעפּאַס

„פּושקאַרט" — שטופּוועגעלע פֿון אַ פּעדלער (אַנגל')

פּחדליווע — מוראוודיק

פּחת /פּכאַס/ — אָפּפֿאַל

פּטרן — פּטור ווערן פֿון

פּידאַ'ק — אייבערשטער טײל פֿון האָגן

פּידעלעכע — האַלבע לייד

פּידעשווע — פּאַדעשווע, זויל

פּיויקע /פּיאָוקי/ — פּיאַווקע

פּיטשערונטשיק — זייער אַ פּיצלס

„פּיידע" — שׂכירות, לוין (אַמער')

פּיש־קישעלע — קינדער־קישעלע

פּלוש — פּליוש

„פּלינדערן" — ראַבירן (דײַטשמ')

פּליצינק — פּלוצלינג

פּסעסיע — פּאָסעסיע (אַ גוט אָפּגעדונגען בײַ אַ פּריץ)

פּסעסער — דער וואָס האַלט אַ פּסעסיע

פּעכניען אויפֿן פּיסק — הונגערן

פּענע — פּעני (הונדערטסטל פֿון אַ דאָלאַר)

פּערע'ן — פּראָם

פּערעסטאַ'ז — הוליאַנקע

פּערקויז, ־ן /פּרקאָ'וז/ — אַפּריקאָס

פּראַפּינאַטאָר — שענקער, הורטאָווניק פֿון בראָנפֿן

פּראָפּינאַציע — שענק; הורט־מיסחר פֿון בראָנפֿן
פרוט /פּריט/ — דער טײַך וואָס גיסט זיך אַרײַן אין דער טינע
פּרימיסט — ברעט אויף פֿיר פֿיס, וואָס די באַלעבאָסטע האָט זיך דערויף געפּאָרעט בײַם קאָכן
פּריספּע — פּריזבע (ערדענער זיצאָרט אַרום אַ הויז)
פּרנסה־באַגרעבער — פּרנסה־געבער (ש״ל)
פּרעמאָסטען — מאַכן פּלאַץ פֿאַר עמעצן
פֿאַלבאָ׳ן — פֿאַרזיימונג. מאַכן אַ פֿ׳ — פֿאַרקירצן אַ קליידל, אַ מאַנטל
פֿאַנאַטיש — זייער פֿרום
פֿאַרבענקען — קראַנק ווערן פֿון בענקשאַפֿט
פֿאַרדעכטס — פֿאַרסאַפּעט
פֿאַרדעק — דעק פֿון אַ שיף
„פֿאַרטרויענסמענטש״ — בעל־יועץ (דײַטשמ׳)
„פֿאַריער״ — פֿוטערוואַרגער (אַנגל׳)
„פֿאַרלעסלעכער אָפּנעמער״ — פֿאַרלאָזלעכער בעלן (דײַטשמ׳)
פֿאַרמאַקלט — פֿאַרוויקלט
„פֿאַרסטרײַק״ — שטרײַק פֿון די פֿוטערוואַרגערס (אַנגל׳)
פֿאַרפֿאַ׳ר: מיט אַ גרויסן פֿ׳ — מיט אַ גרויסן פּאַראַד, מיט אַ גרויסן אַנטוראַזש
„פֿאַר־פֿינדישערין״ — מיידל וואָס ענדיקט אַרויס פֿוטערוואַרג (אַמער׳)
פֿאַרקאָכעט — געקאָרמעט
פֿאַרשטעלן זיך מיט — באַרימען זיך מיט
פֿאַרשפּיל /פֿורשפּיל/ —דאָס פֿאַרברענגען בײַ דער כּלה שבת פֿאַר דער חתונה
פֿאַרשפּיצט — זײַן אַ בעל־יסורים; פֿאַרזאָרגט, פֿאַרקרענקט
פֿון אויוון — פֿון אויבן
פֿוקען — סע גייט איינצײַטיק אַ שניי מיט אַ רעגן
פֿיאַקער — דראָשקע מיט צוויי פֿערד
„פֿינדישערין״ — אַרויסענדיקערין (אַמער׳)
פֿירן די מדינה — פֿירן די גרענדע
פֿעלד — (1) בית־עולם; (2) שלאַכטפֿעלד
פֿעלן זיך — שטאַרבן
„פֿענדן״ — אָפּשרײַבן דאָס פֿאַרמעגן אָדער סחורה (דײַטשמ׳)
פֿעסל בוריקעס /בעריקיס/: דאָס פֿ׳ האָט זיך איבערגעקערט — דאָס מזל איז אַוועק
פֿע׳פֿערדזיכטיק — אײַפֿערזיכטיק (ש״ל)
פֿערטל — פֿערטל קילאָ
„פֿערי״ — פּראָם (אַנגל׳)
פֿרײַלע — פֿרײַלין
פֿרײַנט — קרובֿים
פֿרעמדער מין — פֿון אַנדערן געשלעכט
צדה־לדרך /סעידערלידעירעכ/ — אויף הוצאָות
צוואַלינג — קלעצער פֿון דער סטעליע
„צוואַנגסיאַקע״ — משוגעים־העמדל (דײַטשמ׳)
צווייטל — פּאָר, אַנטקעגענער, פּאַרטנער
צור /צער/ — צו דער
צו שטאַנד ברענגען — ברענגען עמעצן צו אַ מעמד, שטעלן אויף די פֿיס
ציגײַער — פּאַפּיראָס
צינען, געצונען — צינדן
צישן — צווישן

צענזאַרין /טסענזערן/ — מיידעלע וואָס די לערערקע שטעלט אַכטונג צו געבן אויף די אַנדערע קינדער

צעקולקען זיך — צעקײַקלען זיך

קאַטשיי־לעכע — אַזאַ צונעמעניש

„קאַיוטע״ — קאַיוט (דײַטשמ׳)

קאַ׳לטענעס — כּל־טובֿ (ש״ל)

קאַליש — ניט קלערנדיק קיין סך, כּלאַחר־יד

קאַפּאַציטעט — חשובֿע פּערזענלעכקייט

קאַפּע — אַ מין בערעט

קאַצאַ׳פּ — אָרטיקער רוס

קאַצעפּיניק — קצבֿ

קאַקירל /קוקירל/ — קוואַטירל (מכשיר פֿאַר גיסיקע זאַכן)

קאַרט — קוואָרט (מאָס פֿאַר גיסיקע זאַכן)

קהילה־שרײַבער — קהילה־סעקרעטאַר

קוגרידזיע — קוקורוזע

קודם־כּלל — קודם־כּל

קוטשירן — טרײַבן פֿערד־און־וואָגן צי אַ דראָשקע

קוסשמאַ׳ר — קירזשנער

קוטשער — בעל־עגלה

„קונדנקרײַז״ — קונימשאַפֿט (דײַטשמ׳)

...ײַזערלעך־קעניגלעכער באַאַמטער — מלוכישער באַאַמטער אין עסטרײַך־אונגערן

קיפּל : קיפּעלע — אַזאַ ברויטגעבעקס פֿון ווײַס מעל

...ירה — עסטרײַך־אונגערישע אימפּעריע (ש״ל)

...לאַפּן — גיין כּשורה

„קליינפֿאַרשלײַס״ — דער פֿאַרקויף לאַחדים (דײַטשמ׳)

קעהאַלנע — מכשיר צום גראָבן

קעסט־און־קרעפּיר — קעסט (ש״ל פֿון „קאָסט־אונד־קוואַרטיר״)

קעסל־גאַרטן — אַרײַנפֿאַר־פּונקט פֿאַר עמיגראַנטן אין די פֿ״ש

קערן — געהערן

„קראַנ(ע)״ — עסטרײַך־אונגערישער געלטאײנס

„קראָנפּרינץ״ — קרוינפּרינץ (דײַטשמ׳)

„קריזע״ — קריזיס (דײַטשמ׳)

„קריטיזירן״ — קריטיקירן (דײַטשמ׳)

„קרענצכען״ — קערמעשל

ראַספּראַלען — אויפֿפּראַלן

ראַשקאַש — ראָסקאָש, לוקסוס

רבנים — חסידישע רביים

רידזען — חריזען, גריזשען

רײַנדל, ־עך — נידעריקער טאָפּ מיט צוויי אויערן

רײַניש — עסטרײַך־אונגערישער געלטאײנס. ווערט צוויי קראָנען

רײַע : שטיין אין דער ר׳ — ריי, שורה (דײַטשמ׳)

רינגעלאַס, ־ן — אַזאַ זגאַל פֿלוימען, לאַנגע

„ריקצוג״ — צוריקצי (דײַטשמ׳)

רעדן בראַיש — רעדן אויפֿן צענטראַל־ייִדישן שטייגער, ד״ה אַרויסרעדן די הערטער
ברייט, שיין, גיין /בראַיט/שאַין/גאַין/

רעוויזאָר /ריוויזאָ׳ר/ — אינספּעקטאָר

רעוועסניק ; רעוועסניצע — פֿון זעלביקן עלטער

רעכטע — אַ בריה, אַ באַלעבאָסטע

רענדאַרינטע — דעם רענדאַרס ווייב

רע׳שעטקע — אַזאַ לעקעך מיט כּלערליי פֿאַרצירונגען, ספּעציעל פֿאַרן קוואַטער

„שאַטער״ — זשוויר (דײַטשמ׳)

שאלה: אַ שאלה אויף אַ קשיא — אַ קשיא אויף אַ מעשׂה!

שאַלטיק — ווילד ייִנגל

שאַנץ — ראַוו

שאַפֿער — אויפֿזעער, אַדמיניסטראַטאָר פֿון אַ גוט; אַ ביסל נידעריקער פֿונעם אָקאָנאָמען

שאַרן זיך צו — האָפֿירן

„שוב״: צוריקברענגען מיט ש׳ — מיטן עטאַפּ

שוואַב — דײַטשישער קאָלאָניסט, אַן אָפּשטאַמיקער פֿון שוואַבן

„שוואַרמלינינע״ — ערשטע פֿראָנטליניע (דײַטשמ׳)

„שולפֿײַער״ — שול־שימחה (דײַטשמ׳)

שטײַטש — סטײַטש

שטיין — מצבֿה

שטעלמאַכער — סטעלמאַך

שטעלן צום צעטל — באַנעמען, באַגנבֿענען

שטראָז — שאָסיי

שיילן: זיך ש׳ דאָס פּנים — זיך שטאַרק שעמען

„שײַנווערפֿער״ — פּראָיעקטאָר (דײַטשמ׳)

שלאַכט — (אין גאַליציע איז דאָס וואָרט טײַטש נישט נאָר ׳באַטאַליע׳, נאָר אויך מלחמה בכּלל)

שניצן זיך און מאָלן — אָנטאָן זיך דעם גרעסטן כּוח

שערן זיך — קוואָפּען זיך

שערעפּאָ׳ניקל — קינדערקליידל, אויבן שמאָל און אונטן ברייט

שפּאָרעט — פּליטע צום קאָכן

„שפּיזער־צימער״ — עסשטוב (דײַטשמ׳)

שפּעצערײַ־קראָם — געוועלב פֿון זאַקן, פֿאָדעם, קעמלעך, בערשטלעך, „גוייִשע זאַכן״ (פֿאַרבן, סטענגעס, פּאַציערקעס).

ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן

# אַן עולה־רגל צו דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפֿערענץ

## (זכרונות וועגן חיים־בנימין שעכטער)

אין 1944 אַן ערך איז אין אַ סאָוועטישן צוואַנגאַרבעט־לאַגער אין סיביר אומגעקומען מײַן טאַטע, חיים־בנימין שעכטער. איינער פֿון יענע שטילע טוערס און בויערס, וואָס כאָטש אויף טריבונעס זעט מען זיי ניט און קיין ערנאָמטן פֿאַרנעמען זיי ניט, זענען זיי פֿאָרט דער סאַמע רוקנביין, דאָס לײַב־און־לעבן פֿון אָרגאַניזאַציעס, באַוועגונגען, פֿון דער גאַרער אידעישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. די אומבאַוווסטע זעלנער אינעם קאַמף פֿאַרן פֿאָרויסגאַנג פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט.

געבוירן אין זשעלין (מיזרח־גאַליציע) אין 1890, ווי דער צווייטער פֿון פֿיר קינדער, בײַ איציע־מרדכי דעם שוחט (אַ זידיטשויווער חסיד), איז מײַן טאַטע דורכגעגאַן חדר און ישיבֿה, ווי דער שטייגער אַמאָליקע צײַטן. אַ מתמיד און אַ שאַרפֿער קאָפּ, האָט די משפּחה אויף חיים־בנימינען געלייגט גרויסע האָפֿענונגען: סע וואַקסט אַ גדול בישׂראל. חיים־בנימין איז אָבער „קאַליע" געוואָרן, ער איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון די אידעעס פֿון ייִדישיזם, וועלטלעכע ייִדישקייט, סאָציאַליזם און טעריטאָריאַליזם און איז געוואָרן ד"ר חיים זשיטלאָווסקיס אַ חסיד. אין 1908 איז דער 18־יאָריקער חיים־בנימין טאַקע אַוועק צו פֿוס פֿון דעלעטין, ווו די משפּחה זײַנע האָט דעמאָלט געוווינט, קיין טשערנאָוויץ, צו דער ערשטער ייִדישער שפּראַך־קאָנפֿערענץ, זיך פֿרייען מיטן יום־טובֿ פֿון ייִדיש און זען דעם גײַסטיקן וועגווײַזער זײַנעם, ד"ר זשיטלאָווסקי. ס'איז פֿאַר אים געווען אַן איבערלעבונג און פֿאַר זײַן משפּחה — אין יאָרן אָרום — אַ שטאָלץ און אַ ייִחוס.

אַפֿילו העט שפּעטער, ווען מײַן טאַטנס וועלטלעכקייט און סאָציאַליס־טישקייט זענען שוין געווען פֿאַרפֿונדעוועטע פֿאַקטן, האָט דער פֿרומער צד חיים־בנימינען ניט אויפֿגעגעבן. דער זנאַמער רבֿ, בײַ וועמען דער טאַטע איז אַ צײַט לאַנג געווען אַ הויזלערער, האָט אַפּעלירט צו מײַן מאַמען, זי זאָל פּועלן בײַ אים, ער זאָל פֿאָרן אינעם ראַבינער־סעמינאַר אין פֿראַנק־פֿורט דמײַן. ניט ליפּשע, ניט עמעץ אַנדערש וואָלט דאָס אָבער געפּועלט.

חיים־בנימין שעכטער איז געהאַט אַוועק אויף אַנדערע דרכים און זײַן אינטעלעקטועלע אָרנטלעכקייט און אידעישע אויסגעהאַלטנקייט האָבן ניט דערלאָזט ער זאָל זיך נעמען צון אַ פאַך, וואָס זײַן האַרץ און זײַן אמונה זענען דערינען ניט געווען. (אַ וואַרעמע באַציִונג צו דער וועלט פֿון טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט האָט דער טאַטע אָבער געהאַט זײַן גאַנץ לעבן. ס'געדענקט זיך מיר ווי ער איז איין מאָל אַהיימגעקומען שפּעט בײַ נאַכט אין איינעם מיטן זשאַדעווער שוחט — אַגב אויך געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער מענטש — און ווי איבער די שטילע טשערנאָוויצער גאַסן האָט געקלונגען זייער געזאַנג, דער ניגון פֿון „וטהר לבנו לעבדך באמת״).

מײַן טאַטנס מענטשלעכקייט האָט געשמט. אַן עפּיזאָד: אַ צײַט לאַנג איז ער געווען אַן אַגענט פֿון דער פֿירמע זינגער־ניימאַשינען. האָט זיך פֿאַרקויפֿט אַ מאַשין אויף אויסצוצאָלן, אָבער די נייטאָרין, אַז ס'איז געקומען די צײַט צו צאָלן די צווייטע אָדער דריטע ראַטע, האָט זי ניט געהאַט מיט וואָס. מײַן טאַטע האָט זיך דערוווּסט, אַז מע וועט איר צונעמען די ניימאַשין, איז ער געגאַן איר דאָס אָנזאָגן. זי האָט אָבער פֿאַרט ניט געהאַט קיין פּרוטה בײַ דער נשמה, האָט ער — דער פֿאַרקויפֿער — באַצאָלט דער אָרעמער שנײַדערקעס חובֿ און אַזוי אָרום געראַטעוועט איר אָרעם שטיקל ברויט. אין דער משפּחה פֿלעג מען זיך דערציילן ענלעכע מעשים־טובֿים מײַן טאַטנס לגבי פֿאַבריק־מיידלעך אין די טשערנאָוויצער טעקסטיל־פֿאַבריקן.

אַן אַנדער עפּיזאָד. אויפֿן „מעלפּלאַץ״, ווו מײַנע טאַטע־מאַמע האָבן געהאַט זייער שניטקראָם, האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ חבֿרה שווינדלערס און גנבֿים — די וואַגנער־באַנדע. ווי נאָר סע פֿלעג קומען אַ פּויער פֿון דאָרף, פֿלעגן זיי דורך כּלערליי דריידלעך, מיט פֿאַלשע קאָרטן בײַ איִם אויסנאַרן דעם לעצטן גראָשן. (די וואַגנערס זענען געווען פֿאָלקסדויטשן, ניט קיין ייִדן.) מײַן טאַטע האָט דאָס ניט געקענט צוקוקן און האָט איינעם אַ פּויער געוואָרנט, אַז מע וועט אים דאָרט באַשווינדלען. די וואַגנער־באַנדע האָט אים דעמאָלט שיִער ניט געממיתט. די סוחרים פֿונעם מעלפּלאַץ האָבן אים געמוזט באַשיצן.

לעבן אַ גערעכט לעבן און פֿאַלן אַ קרבן פֿאַר דעם איז, ווײַזט אויס, אַ טראַדיציע בײַ אונדז אין דער משפּחה. מײַן טאַטנס טאַטע, דער זיידע איציק־מרדכי, איז געווען — ווי שוין דערמאָנט — אַ שוחט, כּדי מפֿרנס צו זײַן ווייב־און־קינד, כאָטש ער האָט געהאַט הרמנות אויף רבֿ. ער האָט געשמט פֿאַר אַ תּלמיד־חכם און אַן ערלעכן ייִד. די קצבֿים אָבער זענען געווען אויף אים אין כּעס פֿאַר פּסלען זייערע בהמות. ער האָט זיך אָבער ווײַטער געפֿירט ווי דער דין האָט געפֿאָדערט און דער סוף איז געווען אַז אַ קצבֿ האָט אים אָפּגעשלאָגן די לונגען. ער איז אָפּגעלעגן אַ פּאָר חדשים, געשפּיגן מיט בלוט און איז אַוועק פֿון דער וועלט — אַ קרבן פֿון זײַן אויסגעהאַלטנקייט און פּרינציפּיעלקייט. (דעם דאָקטערס עצה אָנצוקלאָגן דעם קצבֿ אין געריכט האָט דער זיידע זיך אָפּגעזאָגט אָנצו־

נעמען. אין זשעלין האָט מען זיך אָבער דערציילט, אַז צום יאָר איז דער קצבֿ דערטראָגנקען געוואָרן.)

מע זאָגט, אַז עבֿירה גוררת עבֿירה. אמת, דאָס גילט אָבער אויך פֿאַרקערט: מיצווה גוררת מיצווה — אידעיִשע אויסגהאַלטנקייט און ערלעכקייט רופֿן אַרויס באַוווּנדערונג, אידעאַליזם רופֿט אַרויס אידעאַליזם. איז וואָס איז דאָ דער חידוש, וואָס מײַן טאַטן איז געראָטן וואָס אַנדערע טאַטעס איז ניט געראָטן: אויפֿצוציִען, אין מיטן פֿון אַ דײַטש־רעדנדיקער יוגנט, קינדער מיט לײַב־און־לעבן איבערגעגעבענע ייִדישיסטן פּונקט ווי דער טאַטע איז געווען.

ווען די סאָוועטן־מאַכט האָט מײַן טאַטן געמישפּט צום צווייטן מאָל (זען קאַפּיטל „פּראָצעסן און פֿאַרשיקונג" אין דער מאַמעס זכרונות) האָט זיך געטראָפֿן אַזאַן עפּיזאָד: בעת דער באַראָטונג צווישן ריכטער און בײַזיצערס, וואָס זי האָט זיך געצויגן שעהען לאַנג, האָט דער פּראָקוראָר און דער עולם זיך אַרומגעדרייט אויפֿן קאָרידאָר. איז איינער, מײַן טאַטנס אַן אַלטער חבֿר, אַ געוויסער ראָזנער, צוגעגאַנגען צום פּראָקוראָר העלפֿן אים פֿאַרריכערן אַ ציגאַרעט און אים געזאָגט: „צי ווייסט איר וועמען איר האָט אָנגעקלאָגט?" און האָט אָנגעהויבן אַזוי צו לויבן דעם באַשולדיקטן, מײַן טאַטן, אַז יענער האָט זיך אַזש אָנגעכאַפּט בײַם קאָפּ: „פֿאַר וואָס האָט מען מיר דאָס פֿריִער ניט געזאָגט?" ווען דער פּסק־דין איז באַקאַנט געוואָרן, איז כאָטש דער פּראָקוראָר איז געווען מחויבֿ צו מאַכן אַן אַפּעל, ווײַל לויטן סאָוועטישן געזעץ איז די מינימום־שטראָף פֿאַר ספּעקולאַציע געווען פֿינעף יאָר, האָט ער עס ניט געטון. ער האָט ניט אַפּעלירט פֿאַר אַ העכע־רער שטראָף, ניט געקוקט אויפֿן ריכטערס סעפּאַראַט־וואָטום פֿאַר פֿינעף יאָר.

אומקערנדיק זיך צו מײַן טאַטנס ייִדישיזם: ער איז געווען אויסגע־האַלטן ביז גאָר. צו ייִדן האָט ער גערעדט ניט אַנדערש ווי ייִדיש. געדענקט זיך מיר אַן עפּיזאָד. איין מאָל איז צו אונדז געקומען אַ יונגער־מאַן נעמען אויף אַ ראַנדעוווּ אַ קוזינע, וואָס זי האָט בײַ אונדז געוווינט. געווען איז יענער אַ מזרחיסט און — כ'האָב מורא — ניט קיין גרויסער חכם. זאָגט ער צו מײַן טאַטן: „אָ, איר זענט אַ ייִדישיסט? איך האָב ניט ליב קיין ייִדישיסטן". האָט מײַן טאַטע זיך גאָרניט געפֿוילט און מיט אַ געלאַסענעם אָבער זיכערן טאָן אים געוויזן די טיר: „אויב איר האָט ניט ליב קיין ייִדישיסטן, האָט איר בײַ מיר אין הויז נישט וואָס צו זוכן". איך האָב אָנגע־טייעט, אין קינדישער באַוווּנדערונג.

יאָ, מיר האָבן אים באַוווּנדערט. איך געדענק אַ זומער־וואַקאַציע אין ווישענקע אויפֿן טײַך טשערעמוש. עפּעס אַ צווײי וואָכן זענען מיר דאָרט געווען. געוואַנדערט איבער לאָנקעס, וועלדער, געזוכט קוואַלן און געפֿונען שלענגלעך. דער טאַטע האָט צו מיר גערעדט, געדאַנקען, חלומות, זיך אויס־גערעדט. איך — אַ קינד פֿון 7 יאָר — האָב זיך אײַנגעהערט מיט אײַנ־טערעס, אײַנגעזאַפּט יעדעס וואָרט און דאַכט זיך אַפֿילו פֿאַרשטאַנען. ער

האָט גערעדט צו מיר ווי צון אַ גרויסער און איך בין אין דעם מאָמענט געוואָרן אַ גרויסע.

אויך צו מײַן ברודער (מרדכי שעכטער) — דאָס אייגענע. אַ קינד פֿון 4־5 יאָר, פֿלעג מײַן טאַטע אים זונטיק נעמען אויף לאַנגע שפּאַצירן אין די פֿאָרשטעט פֿון טשערנאָוויץ — קיין ראָש, קאַליטשאַנקאַ — און אויפֿן ווײַנבאַרג. ער האָט אים אויסגעמאָלט ווי גוט סע וועט זײַן, ווען ייִדן וועלן באַקומען אַן אייגענע טעריטאָריע, וועלן ערד־אַרבעטערס און רעדן ייִדיש. דאָס קליינע מאָטעלע האָט מיט קינדישן ענטוזיאַזם און שעכטערישער פֿאַרחלומטקייט געשלונגען דעם טאַטנס רייד, און איז אויפֿן גאַנצן לעבן געוואָרן אַ ייִדישיסט און טעריטאָריאַליסט.

און דאָ ליגט פֿאַר מיר אַ בינטל בריוו, פֿון סיביר, קאַרעלינאַ אימיאַ, כמעט דער איינציקער זכר וואָס איז אונדז פֿון טאַטן פֿאַרבליבן. צו זײַן 12־יאָריקן זון שרײַבט ער:

„זון מײַן ליבער, איך פֿריי זיך מיט דײַן קינדיש ליבן הענטל, וואָס וויל מיר העלפֿן, שטרעקט זיך אויס מיר אַ גלעט צו טון בעדײַ, און דערפֿון ווערט מיר אַ סך לײַכטער די צרה... שרײַבסט דיך אונטער „דײַן ליבנדער זון" — ווי גוט ווערט דעם טאַטן בײַ דער נשמה, אַז ער לייענט עס — דאָס איז נישט בלויז אַ וואָרט ווי ווערטער סתם, דאָס איז אַ פּערל געוואָרן, אַ רוף. ווער האָט הײַנט דען אייגעם ליב אין דער גרויסער פֿרעמדער וועלט?"

און צו זײַן טאָכטערס חתונה:

„פֿון אַ ביסל ווײַט און אַ ביסל אַ פֿאַרשפּעטיקטער, שיק איך, אַ טאַטע צו זײַנע קינדער, זײַן מזל־ברכה, ווינטשנדיק אײַך אַ גוט און צופֿרידן לעבן... מײַנע ליבע, טײַערע קינדער, איך דריק אײַך צו מײַן האַרץ מיט דער טיפֿסטער ליבע און האָף מיט פֿרייד אײַך באַלד צו זען. שרײַבטס מיר זייער אָפֿט. מע קען שרײַבן ייִדיש.

„ליבע טאָכטער, טײַערע, איך ווייס די צרות וואָס דו האָסט דיך וועגן מיר אָנגעליטן. איך ווייס די טרערן וואָס דו האָסט וועגן מיר אויסגעוויינט. איך קוק אין דײַן האַרץ און פֿיל דײַן זעל ווי דו מײַנע. איך וואָלט געוואָלט דו זאָלסט אַ ביסל וועגן מיר פֿאַרגעסן. פֿאַרגעס, ווײַל פֿון צרות מאַכן זיך האָב איך אויך גאָרנישט. פֿאַרגעס און אין זין האָב דײַן ליבן מאַן און דיך. מיר נאָר שרײַב, מײַן טײַערע טאָכטער!"

זאָל זײַן אַז דאָס איז די סוביעקטיוויטעט פֿון אַ טאָכטער, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אין מײַן לעבן האָב איך קיין גלײַכן צון אים, מײַן גוטן, ערלעכן, אידעאַליסטישן טאַטן ניט געפֿונען.

יצחק פּאַנער

# די שענסטע מצבֿה

## (צו דער גרינדונג פֿון דער „פֿונדאַציע פֿאַר ייִדישער שפּראַכקולטור א״נ בנימין שעכטער״)

טשערנאָוויץ. 3־4 יאַר באַך — „טשערנאָוויץ״. די שפּורן פֿון 1908 זענען באַך קענטיק געווען. באַך האָבן אין די אויערן פֿון דער קליינער „ייִדיש־סעקטע״ — פּועלי־ציון, די אַקאַדעמישע חבֿרה „קולטור״ און „אמונה״ — געקלונגען די רעפֿעראַטן פֿון פּרץ, ד״ר זשיטלאָווסקי, ד״ר נתן בירנבוים, אַש און אַנדערע, וואָס האָבן אַזוי פֿײַערלעך פּראָקלאַמירט ייִדיש ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿון ייִדישן פֿאָלק.

די יונגטלעכע „סעקטאַנטן״ האָבן זיך דעמאָלט אָנגעהויבן באַגריסן אויף דער הערנגאַס (הויפּט־פּראָמענאַדע אין טשערנאָוויץ) דעמאָנסטראַטיוו הויך, אַז סײַ די גויִשע און סײַ די ייִדישע דײַטשן זאָלן הערן, מיט שלום־עליכם״ אָדער „איך האָב דעם כּבֿוד״ (פֿון דעם דײַטשן Ich habe die Ehre).

פֿאַר דעם 20־21־יאָריקן בנימין שעכטער איז אָבער ייִדיש נישט געווען קיין מאָדע, נישט קיין עקזאָטיק, נישט קיין מין דווקא־זשעסט פֿאַר דעם עסטרײַכישן טשערנאָוויץ, ווו דער רובֿ ייִדן זענען געווען „דויטשע מאָזאַישער קאָנפֿעסיאָן״, און אויך נישט קיין ראָמאַנטיק. פֿאַר אים איז די ייִדיש־תּורה, וואָס ער האָט מקבל געווען אויפֿן טשערנאָוויצער באַרג־סיני, געווען אַ לעבנס־נייטיקייט פֿאַרן ייִדישן קיום ווי אַ פֿאָלק. זײַן „נעשה־ונשמה״ איז אים אַרײַן אין בלוט, געוואָרן דער לײַטמאָטיוו פֿון זײַן טראַכטן, דער ציל פֿון זײַן גײַסטיקן לעבן. און די דאָזיקע ייִדיש־אידעע איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט זײַן טעריטאָריאַליזם. אַ ייִדישע טעריטאָריע אָן ייִדיש וועט נישט עקסיסטירן, פּונקט ווי עס וועט נישט עקסיסטירן קיין ייִדיש אָן אַ טעריטאָריע — דאָס איז געוואָרן זײַן „אידעע פֿיקס״.

ער איז נישט געווען קיין פּענמענטש, נישט קיין עסקן, נישט קיין מנהיג און נישט קיין רעדנער. זײַן גרויסקייט איז באַשטאַנען אין וועלן בלײַבן קליין, זײַטיק, אַנאָנים.

פֿאַראַן בעל־חלומות פֿון אידעאַלן וואָס זייערע נעמען בלײַבן אומבאַ־מערקט, ווי די נעמען פֿון פֿאָלקסלידער־מחברים, וועמענס לידער זענען פֿאַרשפּרייט אין פֿאָלק, וועלכע קינד־און־קייט זינגען, אָן צו וויסן דעם נאָמען פֿון מחבר.

בנימין שעכטער האָט געהערט צו יענע אַנאָנימע „מחברים״. זײַן חלום וועגן אַ טעריטאָריע פֿאַר ייִדן, זײַן הייסע ליבשאַפֿט פֿאַר ייִדיש־לשון זענען געווען ווי לידער וואָס גייען פֿון אויער צו אויער, פֿון האַרץ צו האַרץ. און כאָטש בנימין שעכטער האָט די דאָזיקע „לידער״ געזונגען אָן נאָטן, האָט ער זיי געזונגען ריכטיק, אָן איין איינציקן פֿאַלשן טאָן... און כאָטש ער האָט זיך געלאָזט גיין אויף זײַן אידעאָלאָגישן וועג אָן אַ קאָמפּאַס, האָט ער קיין איינציקן פֿאַלשן טריט נישט געמאַכט, קיין מאָל נישט געבלאָנדזשעט...

צו דער טשערנאָוויצער ייִדישער שפּראַך־קאָנפֿערענץ איז בנימין שעכטער, אַ 17־18־יאָריק בחור, געקומען פֿון סטאַניסלע צו פֿוס, ווײַל קיין געלט אויף הוצאות האָט ער נישט געהאַט. ער איז דעמאָלט געהאַט אַוועק פֿון דער ישיבֿה און זיך שוין מער נישט אומגעקערט אַהין. ער האָט גיכער געוואָלט זיך שווער פּלאָגן מיט געבן לעקציעס, איידער עסן טעג אין דער ישיבֿה.

איך האָב מיך מיט בנימין שעכטער באַקענט אַרום די יאָרן 1912־1913. ס׳איז מיר געבליבן אײַנגעקריצט אין זכּרון אַ קליין בוידעם־שטיבל ערגעץ אין ייִדישן קוואַרטאַל, ווו עטלעכע ייִנגלעך (איינער פֿון אונדז אַפֿילו נאָך מיט די פּאות) האָבן זיך אָפּט געטראָפֿן און צוזאַמען „געביפּילט״ (אײַנגעחזרט) לאַטײַנישע און גריכישע וואָקאַבלען, פֿאַרהערט איינער דעם צווייטן אַ בלאַט אָוויד אָדער קסענאָפֿאָן... וועגן טשערנאָוויץ האָט מען זיך דעמאָלט געוויצלט, אַז די שטאָט באַשטייט פֿון דרײַ קאַטעגאָריעס ייִדן: סוחרים, דאָקטוירים און פֿיאַקער־קוטשערס (קאַרעטע־בעל־עגלות)... אַזוי ווי די דאָזיקע ייִנגלעך האָבן אין זיך נישט געפֿילט קיין סוחרישע פֿעיִקייטן, און צו ווערן פֿיאַקער־קוטשערס האָבן זיי אויך נישט געהאַט קיין גרויס חשק, האָבן זיי באַשלאָסן צו ווערן דאָקטוירים...

דאָס לערנען עקסטערן איז אין יענע יאָרן נישט געווען קיין נאָווינע אין טשערנאָוויץ. יעדער הויזלערער איז אָדער געווען אַ שילער אין אַן עפֿנטלעכער גימנאַזיע, אָדער אַ סטודענט פֿון אַן אוניווערסיטעט, אָדער ער איז געווען אַן עקסטערניסט.

בלויז איינער פֿון אונדזער עקסטערן־גרופּע האָט „אויסגעהאַלטן ייִדיש־קייט״, ד״ה געוואָרן אַ דאָקטער. די אַנדערע האָבן אָדער אין גאַנצן נישט באַוויזן זיך צו שטעלן צום מאַטורע־עקזאַמען, אָדער זיי האָבן זיך גע־שטעלט און זענען דורכגעפֿאַלן.

די דאָזיקע ייִנגלעך זענען דאָס רובֿ געווען פֿון אָרעמע הײַזער. בנימין שעכטער, למשל, האָט פֿון זײַנע פֿאַרדינסטן געדאַרפֿט אויסהאַלטן נישט נאָר זיך אַליין (מיט עסן, וווינונג, קליידונג, ביכער, און פֿאַר אַ גויט אויך צאָלן פֿאַר אַ רעפּעטיטאָר) — נאָר ער האָט אויך געדאַרפֿט שיקן געלט זײַן אָרעמער מאַמע, דער אַלמנה, קיין גאַליציע. האָט מען געזוכט צו געבן וואָס מער לעקציעס, און לעקציעס האָבן צוגענומען צײַט און

כּוח. איז שוין נישט געבליבן קיין צײַט (און כּוחות) אויף צו טאָן עפּעס „פֿאַר זיך".

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט מיך פֿון בנימינען צעשיידט. איך האָב געדאַרפֿט ראַטעווען די עסטרײַך־אונגערישע מאָנאַרכיע אויפֿן איטאַליעניש פֿראָנט, בנימין שעכטער, מחמת זײַן שטאַרקער קורצזעיִקייט, האָט אָפּגעדינט זײַנע מלחמה־יאָרן אין אַ מיליטער־קאַנצעלאַריע.

אין אָנהייב פֿון די צוואָנציקער יאָרן איז בנימין אַהיימגעקומען קיין טשערנאָוויץ פֿון ווין — מיט אַ פֿרוי און אַ קליין קינד, אַ מיידעלע.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט איז ער געשטאַנען מיט אַ שניט־געוועלב אין איינעם פֿון די „צריפֿים" וואָס זענען אויפֿגעבויט געוואָרן אויפֿן מעלפּלאַץ. די הויפּטפֿאַכמאַנקע און סוחרטע איז געווען זי, די אשת־חיל, ליפּשע. די זעלבע ליפּשע (גאָטעסמאַן־ווידמאַן) וואָס דרוקט הײַנט אירע זכרונות אין המשכים אינעם זשורנאַל אויפֿן שוועל, זכרונות וואָס לייענען זיך מיט שפּאַנונג און גרויס הנאה. שוין איר ייִדיש פֿאַרכאַפּט מיט די אָריגינעלע ווערטלעך און אויסדרוקן, מיט דער זעלטענער אידיאָמאַטיק פֿון יענעם קאַנט (זוויניעטשקע, בײַם נעסטער). ס'גלייבט זיך גאָר נישט, אַז די פֿעיִקע מחברטע פֿון אָט די זכרונות איז די זעלבע פֿעיִקע סוחרטע פֿון יענע יאָרן...

בנימין שעכטער האָט, פֿאַרשטייט זיך, מיטגעאַרבעט אין קראָם. אָבער אין שעהען ווען די „מחיה האָט זיך נישט אָפּגעריסן", פֿלעגט ער זיך אַריבערכאַפּן אויף אַ שמועס צו אַ חבֿר אין אַ נאָענטן געשעפֿט. צום ליבסטן האָט ער פֿאַרבראַכט אין דער האַרמוזאַקי־גאַס (אַ שפּאַן פֿון זײַן געוועלב) אין אַנגראָ־פֿירמע „בייזער עט שניצער". זלמן בייזער ע"ה איז געווען אונדזער ביידנס יוגנט־פֿרײַנד. נישט איין מאָל פֿלעג אויך איך אַהין אַרײַנפֿאַלן און טרעפֿן דאָרט בנימינען. פֿאַרשטייט זיך, אַז גערעדט האָט מען נישט וועגן געשעפֿט, וועגן די שלעכטע צײַטן, וועגן די פּראָטעסטירטע וועקסלען פֿון די קונים, וועגן די סך באַנקראָטן... ניין, דער שמועס פֿלעגט זיך כּמעט תּמיד דרייען אַרום דער טעמע: ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, ייִדיש, העברעיִש. נישט איין מאָל פֿלעגט מען זיך אַזוי אַרײַנדיסקוטירן, ביז דער שותּף האָט באַמערקט אַז ס'איז שוין צײַט צו פֿאַרמאַכן די קראָם...

בנימין האָט כּמעט תּמיד געפֿירט בײַ דער האַנט אַ קליין, דאַר ייִנגעלע, אַ רויטלעכס, ווי דער טאַטע. ווער האָט דעמאָלט געקענט אײַנפֿאַלן אַז אָט דאָס קליינע דאַרע מאָטעלע, וועט, ווערנדיק שוין אַ גרויסער, אַ באַקאַנטער שפּראַך־וויסנשאַפֿטלער, זיך ווײַטער האַלטן בײַם פֿאָטערס האַנט... אַז ער — אויפֿגעוואַקסן אין אַ דײַטש־רעדנדיקער שטאָט, צווישן דײַטש־רעדנדיקע חבֿרים — וועט נישט נאָר ממשיך זײַן דעם פֿאָטערס וועגן, נאָר זיי נאָך מער אויסברייטערן; אַז ער וועט דעם פֿאָטערס ירושה פֿאַרטאָפּלען, ניין, פֿאַרצענפֿאַכן; אַז ער וועט צו דעם פֿאָטערס ניגון, וואָס ער האָט געזונגען „פֿון געהער", שרײַבן די נאָטן... און ווער האָט געקענט

ווייסן, אַז דאָס טעכטערל, די קליינע ביילצעלע, וועט אַ מאָל ווערן אַ פֿעיִקע מאָלערין, אַ פֿעיִקע ייִדיש־לערערקע און אַז זי וועט שרײַבן לידער אין דעם לשון, אין וועלכן דער פֿאָטער איז אַזוי הייס געווען פֿאַרליבט, דעם לשון, וועלכן ער האָט געדינט ביז זײַן טראַגישן אומקום אין אַ ווײַטן סיבירער לאַגער.

בנימין שעכטערס זון, דאָס קליינע מאַטעלע, איצט פּראָפֿ׳ מרדכי שעכטער, איז דער הויפּט־אינטערוויוער און אַ מיטרעדאַקטאָר פֿונעם „ייִדישן שפּראַך־ און קולטור־אַטלאַס״, אַ ברייט פֿאַרמאַסטענער וויסנ־שאַפֿטלעכער פּראָיעקט, פֿינאַנצירט פֿון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, אַ פּראָיעקט אויסצופֿאָרשן אַלע דיאַלעקטן פֿון דער ייִדישער שפּראַך. ד״ר שעכטער איז דער מחבר פֿונעם אָרטאָגראַפֿישן ווערטערביכל אינעם האַנט־בוך ייִדישער אָרטאָגראַפֿישער וועגווײַזער און פֿון אַ באָטאַניש ווערטער־ביכל, דער צונויפֿשטעלער פֿון דער צווייבענדיקער קריטישער אויסגאַבע אליקום צונזערס ווערק (אַרויסגעגעבן פֿון ייִוואָ), דער אָנפֿירער פֿון דער „קאָמיסיע דורכצופֿירן דעם אײַנהייטלעכן ייִדישן אויסלייג״, אַ מיטגרינדער פֿונעם זשורנאַל און פֿון דער באַוועגונג יוגנטרוף, אַ מיטאַרבעטער אין די זשורנאַלן אויפֿן שוועל, ייִדישע שפּראַך, גאָלדענע קייט א״אַ.

אפֿשר דער דראַמאַטישסטער אויפֿטו „מאַטעלעס״ איז אָבער די קערפּערשאַפֿט וואָס ער האָט פֿאַרטראַכט צו פֿאַראייביקן זײַן טאַטנס נאָמען: די „בנימין שעכטער־פֿונדאַציע פֿאַר ייִדישער שפּראַכקולטור״. דאָס איז אַן אינסטיטוציע וואָס זי דאַרף זאָרגן פֿאַר דער פֿאַרפֿײַנערונג, באַרײַכערונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך. פֿאַרטראַכטן איז דאָך אָבער קיין קונץ נישט, די שענסטע פּלענער און פּראָיעקטן בלײַבן אויפֿן פּאַפּיר, אויב סע געפֿינט זיך נישט קיין משוגע לדבֿר אחד. איז דאָך אָבער „מאַטעלע״ שוין איין מאָל אַן „אומר־ועושׂה״, האָט ער זיך בײַגעשטײַערט מיט דער פֿאַר זײַנע מעגלעכקייטן כּמעט פֿאַנטאַסטישער סומע פֿון 10,000 דאָלאַר — אַ קרבן ווײַט איבער זײַנע כּוחות. חוץ דעם האָט ער זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט צו געפֿינען נאָך ברייטהאַרציקע ייִדן. האָט ער מצליח געווען: צו זײַנע צען טויזנט דאָלאַר זענען צוגעקומען נאָך צען טויזנט, בײַגעשטײַערט פֿון: ש.־ז. יובֿלי, ליפֿשע ווידמאַן, י. זעליטשע, לייבל כּהן, ב. גאָטעסמאַן, קיילע מינקין א״אַ.

די „פֿונדאַציע פֿאַר ייִדישער שפּראַכקולטור א״נ בנימין שעכטער״ אין צוזאַמענאַרבעט מיטן ייִוואָ פֿאַרמעסט זיך איצט אַרויסצוגעבן אַ סעריע טערמינאָלאָגישע האַנטביכלעך, אַ זאַמלונג וועגן דײַטשמעריש, אַ ייִדישע סטיליסטיק אאַז״וו. קיין שענערע מצבֿה האָט דער זון דעם טאַטן נישט געקענט אויפֿשטעלן.

# פערזאָנען־זוכצעטל (אַן אָפּקלײַב)

באָיאַנער רבי, 227
ד״ר י. גאָטעסמאַן, 155, 248, 252, 256, 259־260
ח. גינינגער, 259, 260
האָרעדענקער רבי, 8, 9
וויזשניצער רבי, 230, 252
ד״ר אוריאל ווײַנרײַך, 259, 260
ד״ר מ. ווײַנרײַך, 259
זידעטשוויווער רבי, 273
זנאַזימער רבֿ, 207־208, 273
י. זעליטש, 261, 280
ד״ר ח. זשיטלאָווסקי, 244־245, 273, 277
נ. טוראַק, 261
ד״ר ש.־ז. יובֿלי, 261, 280
וואָלף יונין, 3
לייבל כּהן, 261, 280
מאיר לאָנדאָן, 147
קייליע מינקין, 261, 280
סאַדעגערער רבי, 71
אַדאַ סיגעל, 261
יצחק פּאַנער, 3, 245, 277־280
ד״ר י. פֿורמאַן, 237, 245
ד״ר ל.־מ. פּֿרוכטבוים, 261
הערש־לייב קאַזשבער, 244
ד״ר ברײַנדל קירשנבלאַט, 3
קעפּיטשעניצער רבי, 190
שאָצער רבי, 224־225
שימחה שוואַרץ, 245
איציע־מרדכי שוחט (שעכטער), 274־275
אליעזר שטיינבאַרג, 234, 259
ד״ר י.־נ. שטיינבערג, 4, 260־261
ד״ר לעאָ שטיינבערג, 261
בנימין שעכטער, 194—208, 210—245, 247, 249—252, 260, 273—280
ד״ר מרדכי שעכטער, 4, 6, 230—235, 244, 252—254, 257—260, 275־276, 279־280
ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן, 6, 212—215, 217־218, 221—224, 226—230, 233—235, 244־245, 259־260, 273—276, 279־280

# טעמאַטישער זוכצעטל

אַלמנות און יתומים (פ״גל אויך: משפחה־לעבן), 11־12, 33־34, 40־41, 209־210
אמונה און חסידות (פ״גל אויך: גלייבעניש און מינהגים), 8־9, 65, 71, 86־87, 101, 112, 152, 155, 164, 182־183, 190, 229־230, 241, 274־275
אַמעריקאַנער ייִדן, באַציִונג צו, 149, 153־154
אָרעם און רײַך, 61—63, 92, 113—115, 161־162
בילדונג: טראַדיציאָנעלע און וועלטלעכע, 24, 31—33, 41—44, 56־57, 65—70, 95—99, 241
גוים און ייִדן, 95, 249, 254—258
גלייבעניש און מינהגים (פ״גל אויך חתונות, מאכלים און מלבושים; מעדיצין), 18—20, 29, 79־80, 86, 148, 183, 190־191, 223—226, 230—232
הכנסת־אורחים און צדקה, 13־14, 28—30, 58—60, 175, 178־179, 209־210, 235—239
וועלט־מלחמה, די ערשטע, 156—192
וועלט־מלחמה, די צווייטע, 245—258
חתונות, 55־56, 72־73, 103—105, 108־109, 200—204
טעריטאָריאַליסטן, 260־261, 273, 276־277, 279
טרײַענגל־שׂרפֿה, 139־140
טשערנאָוויץ, 7, 78־79, 83, 87, 93, 115, 161, 185, 191, 206—210, 215—253, 257, 259, 276
טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ, 273—278
יוגנטרוף, 260, 280
ייִדישיסטן, 201־202, 207, 232—235, 245, 273, 275—278
ייִוואָ, 259—260, 280
ליבעס און שידוכים (פ״גל אויך משפחה־לעבן), 55, 70—72, 74—76, 92—94, 101—103, 144—149, 163—165, 169—170, 192—198
לשון, 3, 5־6, 262, 272
מאכלים און מלבושים, 25־26, 42־43, 48, 59, 61־62, 84־85, 96, 113־114, 116, 119
מעדיצין, 7—11, 35־36, 63—65, 91־92, 119, 181־182, 220, 222־223
משפחה־לעבן, 11־14, 20—22, 27—31, 38־39, 49—54, 65־66, 71־72, 80—86, 90—93, 110־111, 115—118, 135־136, 141—143, 149—158, 161־162, 177־178, 199—206, 211—213, 220, 229—235, 239—244
סאָוועטישע אָקופּאַציע זען וועלט־מלחמה, צווייטע
עמיגראַציע און אימיגראַציע, 50—55, 73־74, 118—148, 153־154, 240
עקאָנאָמיש לעבן, 8, 12, 14—16, 20־21, 40, 44—46, 77—79, 87—89, 148־149, 184־185, 188־189, 191, 204, 206—208, 214—223, 227־228
פֿאָלקסלידער זען פֿאַרווײַלונגען
פֿאָלקס־מעדיצין זען מעדיצין
פֿאַרווײַלונגען: געזאַנג, טעאַטער און קערמעשלעך, 27־28, 46, 48־49, 68, 96—100, 129־130, 140־141, 223—226, 274
„פֿונדאַציע פֿאַר ייִדישער שפּראַכקולטור א״נ בנימין שעכטער״, 260, 261, 277, 280
„פֿרײַלאַנד־ליגע״ זען טעריטאָריאַליסטן
ציוניסטן און עליה, 242—244, 259
קולטור־לעבן (זען אויך בילדונג), 244־245
קינדערוועלט, 23—26, 36—38, 122
רוסישע ייִדן, באַציִונג צו, 128
„שולפֿאַראיין״ (טשערנאָוויץ), 244־245

# געאָגראַפֿישער זוכצעטל


אַבעדיווקע, 258
אָ׳בערוויקעוו, 167
אורוגוויַ, זען מאָנטעווידעאָ
אַזיעראַן, 178, 181
באַבין, 22, 45, 256
באַ׳בעניץ, 19
באַיאַ׳ן, 71, 94, 104־105, 233
באָסטאָן, 134
באַרעווע׳ץ, 45, 94־95
באַרשטשעוו, 252
בו׳דאַפּעשט, 37־38, 51
בו׳קאַרעשט, 245־246, 259
דאַכאַו, 259
דאַרנע, 93
דעלעטי׳ן, 194, 198, 273
דרעזדן, 213־214
האַמאַ׳ר, 164—166, 234
האַרעדענקע, 9, 45
וואַ׳דעוויץ, 186־187
וואַ׳לטשעניץ, 150—153, 156־157, 159־160, 217־218, 228־229, 234, 242־243
וואַ׳סעלעוו, 107
וואַרשע, 244
וויזשניץ, 241
וויזשענקע, 275
ווין, 193—206, 211—215, 259 ; זען אויך טעמאַטישער זוכצעטל (אונטער : וועלט־מלחמה, ערשטע)
ווערענטשענקע, 108
זאַדי׳ברעווקע, 74, 90, 94
זאַלוטשע, 167
זאַלישטשיק, 15, 17, 22, 41, 46—48, 54, 59, 63, 78, 84, 88־89, 94, 96־97, 100, 118, 148־149, 151, 166, 168—174, 176, 184—186, 195, 209, 253־254
זאַסטאַוונע, 87, 90, 106, 111
זבאַרעזש, 177
זוויניעטשקע, 7—119, 148, 171, 186 252, 254, 257־258
זשאַ׳דעווע, 274
זשעלי׳ן, 273, 275
חולון, 244
טע׳מעשוואַר, 259
טראַנסניסטער, 258־259
טשאָרטקעוו, 175־176
טשע׳רנאָוויץ זען טעמאַטישער זוכצעטל (אונטער : טשערנאָוויץ ; טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ)
טשערע׳פּקעוויץ, 242־243
יאַזעפּיווקע, 257־258
יד־מרדכי, 244
יגאַ׳לניצע, 10־11, 23, 51, 53־54, 108, 147, 175—179, 182—184, 195, 208—210

כאָטין, 227
כרישטשעטיק, 15—17
לאַשקעוויץ, 175, 178—180
לוזשאַן, 74, 105
לעמבעריק, 54, 119, 121—124, 170, 267
מאַלמע, 258
מאָנטעווידעאָ, 240, 244
מיכאַלטש, 92
מיסלאָוויץ, 119, 124—128
ניו־יאָרק, 259—261 ; זען אויך טעמאַטישער זוכצעטל (אונטער : עמיגראַציע און אימיגראַציע)
סאַדעגערע, 71, 75
סוכעווערכע, 8, 67
סטאַניסלע, 54, 120, 186, 194
סטרי, 121־122, 186
סנעטין, 175
סערעט, 103, 109, 150־151, 154—156, 160, 170, 185, 218, 231, 248
פּראַנצנסבאַד, 190־191
פֿראַנקפֿורט־מײַן, 208
קאַמעניץ־פּאָדאָלסק, 252
קאַראַפּטשיו, 40־41
קאָרעליווקע, 19, 106, 252—254
קיטשערע, 106־107
קיסעלעוו, 45, 95
קיצמאַן, 8
קעלן, 73־74
קראָקע, 119־120, 124
קריפּטש, 12־13, 19, 22
רעפּיזשעניץ, 13־14
שאָץ, 160־161
שובראַנעץ, 93
שוועדן זען מאַלמע
שטעפּאַניווקע, 185

# דאַנקוואָרט

כ׳וויל דאָ האַרציק באַדאַנקען אַלע קרובֿים און גוטע־פֿרײַנד, וואָס זיי האָבן געגיבן צו שטײַער אויף מײַן ביכל. אַזוי אויך מײַנע קינדער פֿאַר דער רעדאַקטיר־אַרבעט, פֿאַרן לייענען די קאָרעקטור און פֿאַר דער אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט אַרום דעם בוך־קאָמיטעט. אין דער אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט האָבן אויך אַ סך מיטגעהאָלפֿן מײַן שנור, טשאַרנע, ווי אויך פּראָפֿ׳ ט. בוירד און פּראָפֿ׳ ברײַנדל קירשנבלאַט.

ליפֿשע שעכטער־ווידמאַן

*

געגעבן צו שטײַער גרעסערע סומעס האָבן: ד״ר ש.־ז. יובֿלי, ליפֿשע שעכטער־ווידמאַן, י. זעליטש, ד״ר יונה און ביילע גאָטעסמאַן, פּראָפֿ׳ מרדכי און טשאַרנע שעכטער, וועלוול און סאָניע פֿישבערג, הערמאַן און העלי לינדנבוים, פּראָפֿ׳ ברײַנדל קירשנבלאַט, פּראָפֿ׳ שיקל און געלע פֿישמאַן, פּראָפֿ. ט. בוירד, דאָבע אינדנבוים, לייבל און אסתּר־מלכּה כּהן, ד״ר י. זיפּין, קיילע מינקין, חיים גאָטעסמאַן, ד״ר ל.־מ. פֿרוכטבוים, לאה אײַזנבערג, סאָניע סטעף, ש. און רעגינע ווײַנינגער.

אַ יישר־כּוח קומט אויך: נ. טוראַק, ראָזע מאַזיע; ב. גאָטעסמאַן; פּראָפֿ׳ נתן רײַך; פּראָפֿ׳ מאָטל פּרץ; משפּחה גאָטעסמאַן אין ישׂראל; איציעלע גאָטעסמאַן; שׂרה־רחלע, דאָבע־גיטעלע, פֿרומעט־איידעלע און יאָסל־בנימין שעכטער; י. ליפֿשיץ (ד״אַ); אַלעקס ראַבין; ד״ר י. ראַפּ; ה.־אַ. אַבראַמסאָן; מינדל רינקעוויטש; ש. סטעדמאַן; א. קאַנטאָר; י. און ר. מאַרגולים; ה. קופּערשטיין א״אַ.

חוץ אַ צאָל טוערס, וואָס זייערע נעמען זענען אויסגערעכנט אין די פֿריִערדיקע צוויי פּאַראַגראַפֿן, געהערן צום בוך־קאָמיטעט אויך: י. אָקרוטני (ב״א), א. גאָלדבערג (נ״י), מ. וואָלדמאַן (פּאַריז), מלכּה חפֿץ־טוזמאַן (ל״אַ), וואָלף יונין (נ״י), פּראָפֿ׳ דבֿ סדן (ירושלים), אַ. סוצקעווער (ת״אָ), פּעסי פּאָמעראַנץ־האָניגבוים (מיאַמי), י. פּאַנער (רמת־גן), אליעזר פֿרענקל (אשקלון), מלך ראַוויטש (מאָנטרעאָל), ב. רעסלער (נ״י), מ. מ. שאַפֿיר (מאָנטרעאָל), אַבֿרהם שולמאַן (נ״י), ד״ר אליהו שולמאַן (נ״י), ד״ר אַהרן שטיינבערג (לאָנדאָן).

ליפֿשע ווידמאַן־בוך־קאָמיטעט

מאַרץ 1973

# תוכן

זײַט

וואָלף יונין, יצחק פּאַנער, ברײַנדל קירשנבלאַט, י.־נ. שטײַנבערג — װעגן ליפּשע שעכטער־װידמאַן און אירע זכרונות — — — — — — — — — — — — — — — 3

בײלע שעכטער־גאָטעסמאַן, מרדכי שעכטער — דין־וחשבון פֿון די רעדאַקטאָרן — — — — — — — — — — 5

ליפּשע שעכטער־װידמאַן — די זכרונות — — — — — — — 7

גלאָסאַר — — — — — — — — — — — — — — — — 262

בײלע שעכטער־גאָטעסמאַן — אַן עלה־רגל צו דער טשערנאָװיצער שפּראַך־קאָנפֿערענץ — — — — — — — 273

יצחק פּאַנער — די שענסטע מצבֿה — — — — — — — — 277

פּערזאָנען־זוכצעטל — — — — — — — — — — — — — 281

טעמאַטישער זוכצעטל — — — — — — — — — — — — 282

געאָגראַפֿישער זוכצעטל — — — — — — — — — — — 283

דאַנקװאָרט — — — — — — — — — — — — — — — 285

# DURKHGELEBT A VELT

## (A FULL LIFE: MEMOIRS)

EDITED BY
BELLA SCHAECHTER - GOTTESMAN
AND
MORDKHE SCHAECHTER


3328 Bainbridge Avenue
Bronx, N. Y. 10467
U. S. A.

(IN YIDDISH)

